זשול ווערן.

# געזאמעלטע ווערק

צוועלפטער באנד.

1922.

היברו פאבלישינג קאמפאני

52-50 עלדרידזש סטריט, ניו יארק.

1טעם קאפיטעל.

# דיא געהיימניספאָלע שיף

עס איז דער 9טער סעפּטעמבער 1831 גאנץ פריה. אויף דעם מעער פאָהרט לאנגזאם א ניט גרויסע, אָבער זעהר שעהנע זעגעל שיף.

דאָס מעער איז גלאט וויא א שפּיגעל. קיין ווינטעלע וועהט, קיין הויך רעגט אויף זיינע וואסערן. דיא זון האָט זיך נור וואָס געוויעזען אין אָסטען און האָט מיט איהרע העל־רויטליכע שטראהלען בעלויכטען דיא גרויסע, ברייטע וואסער וויסטע. וויא ווייט דאָס אויג קען גרייכען, זעהט עס נור הימעל און וואסער. דער הימעל איז ריין, קלאָהר און בלוי, דיא לופט איז שטיל אוןווארעם.

אויך אויף דער שיף איז אלעס שטיל און רוהיג, נור אויף דעם בריקעל שטעהט אן אלטער מאטראָז ביים רודער און דרעהט לאנגזאם דאָס גרויסע ראָד.

א טהיר פון א קאיוטע האָט זיך געעפענט און דער שיפסקאפּיטאן איז ארויסגעקומען. ער איז צוגעגאנגען צו דעם אלטען מאטראָז ביי דעם שטייער־רודער און האָט געזאָגט:

— סאלעם!

— סאלעם! האָט געענטפערט דער אלטער מאטראָז.

— זייט ווען שטעהסט דוא ביים רודער? האָט דער שיפסקאפּיטאן געפרעגט.

— זייט פיער אוהר, איז געווען דיא אנטוואָרט.

— האָסט דוא עפּעס געזעהען?

— מיט א שטונדע צוריק האָט זיך געוויעזען א שיף אין נאָרד־אָסט (צפונית מזרחית), איך האָב אויסגעדרעהט אונזער שיף נאָך זיד־וועסט (דרומית מערבית), איז געווען דיא אנטוואָרט.

— דוא האָסט גוט געטהאָן, האָט געזאָגט דער שיפסקאפּיטאן.

יעצט איז ער ארויפגעגאנגען אויף דעם בריקעל, האָט גענומען זיין גרויסען טעלעסקאָפּ קווינט און האָט אָנגעהויבען צו קוקען אין אלע זייטען. עס איז געווען דייטליך, אז ער זוכט עפּעס, אז ער פאָרשט עפּעס אוים. אזוי וויא ער האָט אָבער גאָר ניט געפונען, האָט ער זיך אָנגעבויגען צו א רעהר און האָט אויסגע־רופען:

— אלע ארויף!

אין איניגע מינוטען זיינען ארויפגעקומען פון אונטען פופצעהן מאטראָזען.

דער שיפסקאפיטאן האָט זיי געהייסען איינציהען דיא זעגעל, זעהן אויב דיא שיף געפינט זיך אין אָרדנונג און געהן עסען פריהשטיק. ער אליין איז גע־בליבען שטעהן ביים רעדעל און האָט פון צייט צו צייט געקוקט אויף דיא וויטע, שטילע גלענצענדע וואסערען פון דעם אונענדליכען מעער.

וואָס איז דאָס פאר א שיף? איז עס א שיף פון מעער רויבער? דאָס קען ניט זיין. עס איז וואהר, אז אין א ווינקעלע זיינען געשטאנען צוויי קליינע קאנאָנען, אָבער מיט פופצעהן מאן קען מען ניט פיהרען א שיף פון מעער רויבער.

זאָל עס זיין א שיף פון שמוגלער? אויך דאָס איז אונמעגליך, ווייל אין דיא קאמערען פון דער שיף האָבען זיך קיינע וואארען ניט געפונען. נור אין איין קאמער זיינען געשטאנען פיער שטארקע פעסלעך מיט אייזערנע רייפען. עס איז וואהר, אז אין דיא שפייז־קאמערען האָט זיך געפונען פראָוויאנט אויף איניגע מאָנאטען, אָבער דאָס איז קיין קאָנטראבאנד.

אלזאָ, וואָס איז דאָס פאר א שיף? קיינער ווייס עס ניט, זאָגאר דיא מאַטראָזען ווייסען ניט, וואוהין דיא שיף געהט און וויא לאנג זיא וועט נאָך ארומפאָהרען אויף דעם אונענדליכען מעער. אלעס איז א געהיימניס אויף דיעזער זאָנדערבארער שיף. און דיעזע געהיימניס ווייסען נור צוויי מענשען: דער שיפסקאפיטאן און א הויכער אלטער מאן, וועלכער איז נור וואָס ארויס־געקומען אויף'ן דעק.

ער איז א מאן פון א יאָהר זעכציג, מיט א שעהנער ווייסער באָרד, מיט א טורבאן אויף'ן קאָפּ, אָנגעטהאָן אין לאנגע קליידער, וויא אן עכטער אראַבער. דאָס איז אָבער קיין נייעס ניט. אויך דער שיפסקאפיטאן טראָגט א פעס אויף'ן קאָפּ און איז אָנגעטהאָן וויא א טערק. ער טראָגט ניט קיין לאנגע ברייטע קליידער, ווייל זיין בעשעפטיגונג ערלויבט עס ניט, אָבער זיין געזיכט צייגט דייטליך, אז ער איז אן עכטער טערק.

— געפונען?

— נאָך ניט, הויכער העררו!

אויף דעם געזיכט פון דעם אלטען מאן האָט זיך געוויזען א פינסטערער וואָלקען. עס איז געוועזן דייטליך, אז ער איז זעהר ניט צופריעדען מיט דעם ענטפער.

לאנגזאם, דעם קאָפּ אראָבגעלאָזען אויף דער ברוסט, פערטראכט און אונצופריעדען, איז ער אראָבגעגאנגען אין זיין קאיוטע, וועלכע איז געוועזן פערציערט און אויסגעפוצט מיט אלע רייכטהימער. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויף א ניעדריגען דיוואן, דיא פיס אונטער זיך, וויא דיא אראבער זיצען, דאן

האָט ער אָנגעשפּארט דעם קאָפּ אָן קישען, האָט פערמאכט דיא אויגען און האָט זיך פערטראכט. מען וואָלט געקענט מיינען, אז ער שלאָפט, ער איז אָבער ניט געשלאָפען, ווייל פון צייט צו צייט פלעגען זיינע פינגער א ציטער טהאָן, גלייך וויא זיי וואָלטען וועלען עפּעס בעשיצען, עפּעס פעסטהאלטען.

געגען א האלבע שטונדע שפּעטער איז ארויפגעקומען אויף דיא שפּיץ פינגער א יונג פון א יאָהר פופצעהן מיט א זילבערנע טאַץ, אויף וועלכער עס איז געשטאנען דער פריהשטיק פאר דעם אלטען מאַן. דאָס געשיער איז געוועזען פון גאָלד און זילבער. דיא געריכטען זיינען בעשטאנען פון דיא טהייערסטע, זעלטענסטע זאכען, וועלכע מען קען נור בעקומען אין דער וועלט. יעדעס גע־ריכט האָט געשמעקט און געדופטעט, אז עס וואָלט געקענט מאכען אפּעטיט א רוימישען קייזער.

דער יונג האָט אנידערגעשטעלט דיא זילבערנע טאַץ מיט דיעזע זעלטענע און טהייערע שפּייזען אויף א קליין טישעלע פאר דעם אלטען מאַן.

דער אלטער האָט געעפענט דיא אויגען אויף איינציגע אויגענבליקע, האָט בעטראכט דיא שפּייזען און האָט ווידער פערמאכט דיא אויגען. ער האָט זיך זאָגאר ניט צוגעריהרט צו דיעזע זעלטענע און אויסגעצייכענטע עסענס.

דער יונג איז ארויסגעגאנגען שטילערהייט און אויף דיא שפּיץ פינגער, וויא ער איז אריינגעקומען.

ערשט שפּעטער, געגען מיטאָג, האָט דער זאָנדערבארער מאַן געעפענט דיא אויגען, זיך אומגעקוקט, גענומען א פּאָאר ביסען פון א זילבערנעם טע־לער, דאַן האָט ער אָנגעקלונגען מיט א זילבערנעם גלעקעלע. דער זעלבער יונג איז אריינגעקומען אויף דיא שפּיץ פינגער, האָט צוגענומען דעם פריהשטיק און האָט אריינגעבראכט א גאַנץ קליינע טאַסע שווארצע, געדיכטע קאפע און א נארגילעה, א טערקישע ליולקע, ריכטיגער גאָך, א רויך מאשין.

דער אלטער האָט אויסגעטרונקען דיא קאפע, האָט פעררויכט דיא נאר־גילעה און האָט ווידער זיך פערטראכט.

ווען ער האָט אויסגערויכט זיין נארגילעה, האָט ער זיך אויפגעהויבען, איז צוגעגאנגען צו א וואַנד פון דער קאיוטע, וועלכע איז געוועזען פערהאנ־גען מיט א זעהר טהייערען פערזישען טעפּיך (קארפּעט), האָט איהם אויפ־געהויבען און האָט געעפענט א טהיר. דורך דיעזער טהיר איז ער ארויסגע־גאנגען אין א שמאָלען, פינסטערען קאָרידאָר און איז ווייטער געגאנגען, ביז ער איז געקומען צו דעם צימער, וואו עס זיינען געשטאנען דיא פיער ניט גרויסע, אָבער זעהר פעסטע, מיט שטארקע אייזערנע רייפען בעשלאָגענע פעס־לעך.

אין דיעזען צימער איז געוועזען גאַנץ ליכטיג. א קייליגעדיג פענסטער פון איין שויב, פון א גאַנץ שטארקען גלאָז, אויף דעם דעק, האָט אריינגעלאָזען אין

דיעזען צימער אזוי פיעל ליכטיגקייט, אז מען האָט אונטען געקענט גאַנץ דייט־ליך זעהן אלעס.

איינינע מינוטען האָט דער אלטער בעטראכט דיא זאַנדערבארע פיער פעס־לעך, דאן האָט ער געזאָגט צו זיך אליין:

— ווען איך וועל ניט געפינען אזא אינזעל, וויא איך וויל, וועל איך מור־זען זיי אריינוואַרפען אין מעער. דאָס איז דאָך א שאדע! פיער מיליאָן פונט סטערלינג, 20 מיליאָן אמעריקאנער דאָלאר, אָדער הונדערט מיליאָן פראנק. אלעס אריינוואַרפען אין מעער!... און דער פראנצויז דאָראן?... און דער באנקיר זאמבוקאָ?... שאדע!... און דאָך מוז איך עס טהאָן!

איינינע מינוטען איז ער נאָך געשטאנען פערטראכט טרויעריג, דאן האָט ער א ציטער געטהאָן, איז ארויסגעגאנגען פון דעם קליינעם צימער, האָט פער־מאכט דיא טהיר, אין צוריקגעגאנגען אין זיין קאיוטע, האָט זיך אומגעקוקט, אויב אלעס איז אין אָרדנונג, און איז לאנגזאם ארויפגעגאנגען אויף'ן דעק.

דער הימעל איז געבליעבען קלאָהר און ריין. דיא לופט שטיל און ווארעם, דאָס מעער רוהיג און גלאט, וויא א שפיעגעל.

ווען דער שיפסקאפּיטאן האָט דערזעהען דעם אלטען, איז ער באלד צוגע־קומען צו איהם און האָט געפרעגט:

— ווינשט עפּעס אייער האָהייט?

— עפּעס אויסגעפונען? האָט דער אלטער געפרעגט.

— דערווייל נאָך גאָר ניט.

דער אלטער מאן איז ארויסגעגאנגען אויף דעם קאפּיטאן'ס בריקעל און א מאטראָז האָט איהם צוגעבראכט א גרויסען, ווייכען שטוהל, אויף וועלכען דער אלטער האָט זיך אנידערגעזעצט און האָט בעטראכט דאָס אונענדליכע מעער ארום איהם.

דער שיפסקאפּיטאן האָט גענומען זיין גרויסען שטארקען טעלעסקאָפּ און האָט אָנגעהויבען צו קוקען אין אלע זייטען.

א צעהן מינוטען האָבען ביידע געשוויגען. אויף דער שיף איז געוואָרען אזוי שטיל, אז יעדער האָט געקענט הערען, וויא זיין הארץ קלאפּט.

דער שיפסקאפּיטאן האָט געקוקט און געזוכט און גאָר ניט אויסגעפונען. ער האָט צונויפגעלעגט דעם טעלעסקאָפּ, האָט איהם אויפגעהאנגען אין א גרויסען לעדערנעם בייטעל לעבען ראָד און האָט א קוק געטהאָן אויף דעם דעק. אלע מאטראָזען זיינען געווען אונטען.

פּלוצלונג האָט זיך דער אלטער אָבגערופען:

— יוסוף, קום אהער.

דער שיפסקאפּיטאן האָט זיך געשטעלט פאר איהם.

— ווייסט דוא, יוסוף, גאנץ גענוי, וואו מיר געפינען זיך יעצט? האָט דער אלטער געפרעגט.

— איך וויים עס, האָהייט, איז געווען דיא אנטוואָרט.

מיט דיעזע ווערטער האָט ער ארויסגענומען פון א גרויסען און שווע־רען קאסטען א מעער־קארטע מיט פראנצויזישע בוכשאבען, האָט זיא צוזאווי־קעלט און געוויזען דעם אלטען, אין וועלכען פונקט דיא שיף געפינט זיך יעצט.

— וויא וויים זיינען מיר יעצט פון יענעם אינזעל?

— אונגעפעהר פופציג מייל.

— און וויא וויים זיינען מיר פון א לאנד?

— אונגעפעהר דריי הונדערט מייל.

— וויים ווער פון דיא מאטראָזען, וואו מיר געפינען זיך יעצט?

— קיינער וויים עס ניט, אויסער אייער האָהייט און איך.

— און דער שטייערמאן?

— ער וויים עס אויך ניט, ווייל איך אליין פיהר דיא שיף יעדע נאכט ביז צוועלף אוהר.

— און דאָך האָב איך מורא, אז דער שטייערמאן קען וויסען, וואו מיר געפינען זיך.

— מיר האָבען אויף דער שיף נור פראנצויזישע מעער און לאנד־קארטען, דער שטייערמאן אָבער קען לעזען נור טירקיש און אראביש, וויא קען ער ווי־סען, וואו מיר געפינען זיך?

— וויים יעמאנד פון דיא מאטראָזען, אויף וועלכען מעער מיר געפי־נען זיך? האָט דער אלטער וויימער געפרעגט.

— זיי קענען עס ניט וויסען, ווייל איך זעלבסט האָב אָפט ארייגעפיהרט דיא שיף פון איין מעער אין דאָס אנדערע ביינאכט. איהר ווייסט דאָך, האָהייט, אז מיר זיינען דורכגעפאָהרען דעם גיבראלטאר ביינאכט.

— איך וויים עס, יוסוף, דוא ביסט מיר געטריי און ערגעבען מיט לייב און זעעלע, האָט דער אלטער געזאָגט פריינדליך, גלייך וויא ער האָט געוואָלט זיך פערענטפערען פאר זיינע פיעלע פראגען.

יוסוף האָט צוגעלעגט דיא האנד צום הארצען, וויא אלע אָריענטאלען טהוען, ווען זיי ווילען איינעם דאנקען.

— און דענקסט דוא, יוסוף, אז מיר וועלען דאָ, אין דיעזער געגענד, געפי־נען אזא אינזעל, וועלכער איז נאָך ניט פערצייכענט אויף קיין מעער־קארטע?

— אללאה איז גרוים!

— אך! פאר וואָס האָט אללאה, אָדער דאָס שיקזאל, ביז אהער ניט בע־האלטען פאר אונז א קליינעם אינזעל אָדער זאָגאר א שטיין אין מעער, וואו איך זאָל קענען בעגראָבען מיינע טאָנען אוצרות? האָט דער אלטער מאן גע־

זיפצט. איך וועל מוזען אלעס אריינוווארפען אין מעער... בעסער אין מעער איידער עס אוועקגעבען צו מיינע פיינד...

ער האט זיך ווידער פערטראכט איינינע מינוט, נור פלוצלונג האט ער זיך געווענדעט צום שיפסקאפיטאן און האט געזאגט:

— יוסוף, איך מוז אריינוווארפען מיינע מיליאנען אין מעער.

— ווען איהר וועט זיי אריינוווארפען אין מעער, וועט איהר זיי דאך קיין מאל ניט קענען צוריק בעקומען.

— זאלען זיי פערלארען געהן! זאלען זיי בעסער ליעגען אויף דעם גרונד פון׳ם מעער איידער מיינע פיינד זאלען זיי ביי מיר צונעהמען.

— אללאה איז גרויס! האט דער שיפסקאפיטאן געענטפערט.

— הער נור, יוסוף, אויב מיר וועלען ניט געפינען אזא אינזעל ביז מארגען מיטאג, וועל איך אריינוווארפען מיינע פעסלעך אין מעער.

— אללאה איז גרויס און מחמד איז זיין פראפעט! האט דער פרומער שיפסקאפיטאן אויסגערופען.

דער אלטער מאן איז לאנגזאם אראבגעגאנגען פון דעם קאפיטאן׳ס ברי־קעל און האט א פאר מאל ארומגעשפאציערט אויף׳ן דעק, דאן איז ער אראב אין זיין קאיוטע.

דער שיפסקאפיטאן האט ווידער גענומען זיין טעלעסקאפ און האט גע־קוקט אין אלע זייטען.

עס איז געווארען שפעט, דיא זון איז געשטאנען אזוי ניעדריג, אז עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז זיא ריהרט אן דאס וואסער. עס האט זיך אויפגע־הויבען א לייכטער ווינד.

— ארויפציהען דעם הויכען זעגעל! האט דער שיפסקאפיטאן קאמאנדירט אויף אראביש.

עטליכע ברוינע הענד האבען ארויפגעצויגען דעם זעגעל, וויא דער שיפס־קאפיטאן האט געהייסען.

— שטעהע ביים ראד, איבראהים, און רודער נאך זיד־וועסט (דרומית־מערבית), האט דער שיפסקאפיטאן געזאגט צו דעם אלטען מאטראז, וועלכען ער האט געטראפען היינט גאנץ פריה ביים ראד.

דיא זון האט אנגעהויבען אונטערצוגעהן. דער שיפסקאפיטאן האט אויס־געדרעהט זיין טעלעסקאפ נאך וועסט (מערב זייט) און האט געקוקט, וויא דיא זון לאזט זיך אראב אין דיא בלויע וואסערען.

— וואס איז דאס? איז עס מעגליך? האט ער געמורמעלט. וואס בע־דייטעט יענער קליינער פלעק, וועלכען איך זעה דארט אין מערב זייט, וואו דיא זון געהט יעצט אונטער? זאל דאס זיין אן אינזעל? אונמעגליך!

ער האט ארויסגענומען זיין מעער־קארטע און האט זיא גוט בעטראכט,

גלייך וויא ער וואָלט פערלאנגט פון איהר אן ענטפער אויף זיינע זאָנדער־בארע פראגען. ווען ער האָט געגוי אויסגעשטודירט זיין מעער־קארטע און האָט דאָרט ניט געפונען א שפור, א צייכען, אז אין דיעזער געגענד געפינט זיך א שטיין, א קליינער אינזעל אָדער א ריף פון קאָראלען, האָט ער געזאָגט צו זיך אליין:

— עס האָט זיך מיר אויסגעוויעזען. ווען עס זאָל זיך דאָרט געפינען אזא אינזעל אָדער אזא שטיין, וואָלט עס געווען פערצייכענט אויף דער מעער־קארטע. דיעזעם מעער איז אם בעסטען בעקאנט. דיא עלטסטע שיפער זיינען געפאָהרען אויף איהם, דיא עלטסטע פעלקער האָבען געפיהרט זייערע שלאַכטען אויף איהם. יעדער פעהיגער מאטראָז האָט עס אויסגעפאָרשט, יעדער שיפסקאפיטאן קען עס, וויא זיין אייגען הויז, און מיין פראנצויזישע מעער־קארטע איז דיא בעסטע און דיא גענויעסטע אין דער וועלט.

דיא זון איז אונטערגעגאנגען. עס איז געוואָרען פינסטער, אויף דיא צוויי העכסטע זעגעל בוימער האָט מען אויפגעצויגען צוויי לאנטערנען. דיא מאטראָזען האָבען אָבגעטהאָן זייער ארבייט און האָבען זיך געזעצט אויף'ן דעק.

וויא עס איז געווען איינגעריכטעט ביז אהער, אזוי האָט מען אויך געטהאָן היינט. דער שיפסקאפיטאן האָט זיך געשטעלט ביים ראָד און א מאטראָז האָט זיך געזעצט אויף דעם באָדען לעבען איהם. ביז האלבע נאכט פלעגט דער שיפסקאפיטאן אליין פיהרען דיא שיף, דאן פלעגט ער געהן שלאָפען און דער שטייערמאן, זיין ערשטער אָפיציער, פלעגט איבערנעהמען דאָס רעדעל.

דיא נאכט איז פערגאנגען שטיל און רוהיג, דיא לבנה האָט ניט געשיינט, אָבער דער הימעל איז געבליעבען קלאָר און ריין, און מיליאָנען שטערען האָבען זיך אָבגעשפיעגעלט אין דיא שטילע וואסערען פון מעער.

גאנץ פריה, ווען עס איז נור וואָס טאָג געוואָרען און דער הימעל אין מזרח איז רויט געוואָרען פון דיא ערשטע שטראהלען פון דער יונגער זון, האָט דער שטייערמאן פלוצלונג אויסגערופען:

— הא! אהאָי!

דער מאטראָז, וועלכער איז געזעסען לעבען איהם, איז באלד אראָבגעלאָפען און האָט אויפגעוועקט דעם שיפסקאפיטאן, וועלכער איז באלד ארויפגעקומען און האָט געפרעגט:

— וואָס איז נייעס, איבראהים?

— לאנד אין נאָרד־וועסט! האָט איבראהים געענטפערט.

דער שיפסקאפיטאן האָט ארויסגענומען זיין טעלעסקאָפ, איז ארויפגעקראָכען אויף דיא שטריק־לייטער און האָט געקוקט אין דעם פונקט, וואו איבראהים האָט איהם געוויעזען.

— ער האָט רעכט, האָט דער שיפסקאפיטאן געזאָגט, עס איז ווירקליך א

גאנץ קליינער אינזעל. זאָל עס זיין דער שווארצער פלעק, וועלכען איך האָב גע־זעהן נעכטען פארנאכט? אָבער וואָס איז דער אונטערשיעד? עס איז אן אינזעל און גראדע אזא אינזעל, וויא מיין הערר קיאמיל פאשא זוכט.

ער איז אראָבגעגאנגען פון דעם שטריק־לייטער און האָט געהייסען דעם שטייערמאן פיהרען דיא שיף גלייך צו יענעם אינזעל. ער אליין איז אראָב־געגאנגען אין דער קאיוטע פון זיין האָהייט און האָט אָנגעהויבען צו קראצען דיא טהיר.

זיין האָהייט איז שוין ניט געשלאָפען און האָט איהם געהייסען אריינ־קומען.

— סאלעם! האָט געזאָגט דער שיפסקאפיטאן.

— סאלעם (שלום)! האָט געענטפערט דער אלטער מאן. וואָס איז נייעס?

— א אינזעל געפינט זיך ניט וויים.

— אין וואָס פאר א זייט?

— אין נאָרד־וועסט.

— געפינט זיך ניט דיעזער אינזעל אויף דיין מעער־קארטע?

— ניין.

— אָבער וויא איז עס מעגליך?

— עס קען זיין א גאנץ נייער אינזעל, האָט דער שיפסקאפיטאן געענט־פערט.

— וואָס מיינסט דוא דערמיט? איך פערשטעה דיך ניט.

— אין דיעזער געגענד ארבייט נאָך א וואולקאנישער פייער אונטער דער ערד און עס מאכט זיך אמאָל, אז גאָר פלוצלונג הויבט זיך אויף פון מעער א שטיין אָדער א קליינער אינזעל.

— איך וואָלט געוועז העכסט צופריעדען, ווען עס וואָלט זיין וואהר וואָס דוא זאָגסט, איך דארף גראדע אזא אינזעל, וועלכער איז נאָך קיינעם ניט בעקאנט.

— איך קען זאָגען פאר זיכער, אז דאָס איז א גאנץ נייער אינזעל.

— אלזאָ געהערט ער נאָך צו קיינעם ניט?

— אויף וויפיעל איך וויים דיא געזעצע פון פעלקער־רעכטע אויף דעם מעער, געהערט אזא אינזעל צו דעם ערשטען מענשען, וועלכער נעהמט איהם אָב.

— אלזאָ קען זיין, אז דיעזער אינזעל וועט געהערען צו מיר?

— געווים, האָהייט!

— דאן פאָהר גלייך צו יענעם אינזעל.

— איך מוז ווארטען, ביז עס וועט ווערען גרויסער טאָג, ווייל עס קען זיין, אז ארום דעם אינזעל געפינען זיך שטיינער אונטער׳ן וואסער. מען מוז זיין זעהר פאָרזיכטיג, ווען מען קומט צו צו א גאנץ אונבעקאנטען אינזעל.

— דאָס איז דיין זאַך, יוסוף.

דער שיפּסקאַפּיטאַן האָט זיך פערנייגט און האָט געוואָלט אוועקגעהן.

— וואַרט א ווײַלע, יוסוף, האָט דער אַלטער מאַן געבעטען.

דער שיפּסקאַפּיטאַן איז געבליבען שטעהן.

— האָסט דוא ביי זיך דיין מעער־קאַרטע? האָט דער אַלטער געפרעגט.

— איך האָב זיא ביי מיר.

— וואָס וועל איך טהאָן, ווען איך וועל דאָ פערגראָבען מיינע מיליאָנען און איך וועל פּילייכט אמאָל וועלען זיי צוריקנעהמען? וויא וועל איך זיי געפינען?

— דאָס איז גאַנץ איינפאַך, האָט יוסוף געענטפערט. איך וועל אויסרעכע־נען גאַנץ גענוי דיא לענג און דיא ברייט, וואו דיעזער אינזעל געפינט זיך, און וועל עס גאַנץ גענוי בעצייכענען אויף מיין מעער־קאַרטע. דיעזע מעער־קאַרטע וועל איך אייך געבען. ווען אייער האָהייט וועט אמאָל דאַרפען צוריק־נעהמען אייערע אוצרות און איך וועל לעבען, וועל איך פאָהרען מיט אייך און וועל אייך ווייזען דעם וועג. זאָל איך אָבער מעהר ניט לעבען דאַמאָלס, איך בין דאָך נור א מענש און מיט א מענשען קען דאָך אַלעס פּאַסירען, דאַן וועט יעדער שיפּסקאַפּיטאַן אייך קענען פיהרען צום אינזעל, ווען איהר וועט איהם ווייזען מיין מעער־קאַרטע.

— דוא האָסט רעכט, מיין גוטער יוסוף, אויף דיר קען איך זיך פערלאָזען, האָט דער אַלטער מאַן געזאָגט טיעף גערירהרט.

דער שיפּסקאַפּיטאַן האָט זיך פערנייגט און איז ארויפגעגאַנגען אויף'ן דעק.

דיא ערשטע שטראַהלען פון דער זון האָבען זיך בעוויזען און האָבען גע־פאַרבט דיא בלויע וואַסערען פון מעער ראָזע־רויט. דער אינזעל איז געווען איינגעוויקעלט אין רויך.

דער שיפּסקאַפּיטאַן האָט זיך געשטעלט ביים געלענדער און האָט געקוקט אויף דעם אינזעל. אין אונזערע צייטען, ווען ריעזען דאַמפּף־שיפען פאָהרען ארום אויף אַלע וואַסערען, וואָלט מען געקענט מיינען, אז דאָס איז דער דיקער רויך פון א גרויסען דאַמפּפער, אָבער דאַמאָלס, אין 1831, פלעגען נאָך זעהר ווייניג גרויסע דאַמפּף־שיפען ארומפאָהרען און דער שיפּסקאַפּיטאַן האָט זיך געוואונדערט, פאַר וואָס דער נייער אינזעל איז ארומגערינגעלט מיט א רויך אָדער מיט א דאַמפּף.

עס איז נאָך ווייט געווען צו דעם אינזעל.

דער שיפּסקאַפּיטאַן האָט געלאָזען דעם ערשטען אָפיציער פיהרען דיא שיף און אַליין האָט ער בעטראַכט דיא געגענד און דעם אינזעל.

לאַנגזאַם און פאָרזיכטיג האָט דער פעהיגער איבראַהים געפיהרט דיא שיף,

אָבער ערשט גענען עלף אוהר האָט דיא זון צוטריבען דיא וואָלקענס און דעם רויך ארום דעם אינזעל. ערשט יעצט האָט מען געקענט זעהן, אז אויף דעם אינזעל געפינט זיך ניט קיין בוים, קיין בלאט און קיין גרעזעלע. דער גאנצער אינזעל בעשטעהט פון דריי בערגעלעך פון שטיינער.

— אראָבלאָזען דעם אנקער! האָט דער שיפסקאפּיטאן קאָמאנדירט.

יעצט איז דער אלטער ארויפגעקומען פון זיין קאיוטע און איז צוגעגאנגען צום שיפסקאפּיטאן. אין דער צייט ווען דיא מאטראָזען האָבען פעראנקערט דיא שיף, האָט דער אלטער געפרעגט:

— נו, האָסט דוא זיך איבערצייגט, אז עס איז א נייער אינזעל?

— איך בין זיכער, אז עס איז א גאנץ נייער אינזעל.

— פון וואנען ווייסט דוא עס?

— ווייל איך זעה אויף איהם ניט קיין בוים און קיין גראָז.

— און ער געהערט נאָך צו קיינעם ניט?

— ער געהערט נאָך צו קיינעם ניט.

— פון וואנען ווייסט דוא עס?

— ווייל איך געפין ניט קיין שפור, קיין צייכען פון א מענשען אויף דעם גאנצען אינזעל.

— דאָס האָב איך געזוכט, האָט דער אלטער געזאָגט וויא צו זיך אליין.

2טעס קאפּיטעל.

## דער בעל־הבית פון דער געהיימניספאָלער שיף

עס איז דער דריטער מערץ 1799. פאר דער שטאָדט יפו אין פּאלעסטינא קאָכט און רוישט א בלוטיגע שלאכט. נאפּאָלעאָן אָדער גענעראל באָנאפּארטע, וויא מען פלעגט איהם דאמאָלס רופען, איז געקומען פון עגיפּטען (מצרים) מיט אן ארמעע פון צוועלף טויזענד מאן און ער נעהמט אָב סיריען און פּאלעסטינא. דיא טירקען פערטהיידיגען זיך פיעל זיי קענען, אָבער עס איז ניט לייכט זיך צו שטעלען גענען דעם גרויסען קריעגס־טאלאנט פון א נאפּאָלעאָן.

דעם 20טען פעברואר 1799 איז פאָרגעקומען א בלוטיגע שלאכט ביי דעם שטעדטעל על אריש. דיא טירקען האָבען געקעמפּפט וויא העלדען, נאפּאָלעאָן אָבער האָט זיי דאָך געשלאָגען, האָט איינגענומען דיא שטאָדט און האָט געפאנגען דעם קליינעם טירקישען גארניזאָן, וועלכער איז בעשטאנען פון פופצעהן הונדערט מאן. צווישען דיא טירקישע אָפיציערען האָט זיך געפונען אן אָבערסט (פּאָלקאָווניק) מיט׳ן נאָמען קיאמיל פאשא. דאָס איז געוועזען א יונגער מאן פון א יאָהר עטליכע און צוואנציג. ווען נאפּאָלעאָן האָט געפאָדערט פון דיא טירקישע געפאנגענע, אז זיי זאָלען שווערען ביים קאָראן (דיא תורה פון דיא

מאחמאדאנער), אז זיי וועלען קיין מאָל ניט פיהרען קריעג געגען איהם אָדער געגען פראנקרייך, איז דער יונגער קיאמיל פּאשא אויפגעשפּרונגען און האָט אויסגערופען:

— גענעראל פון דיא פראנצויזען! איך שווער, אז ווען איך וועל קענען און וואו איך וועל קענען, וועל איך אויפהויבען מיין שווערד געגען דיא פראנ־צויזען.

נאפּאָלעאָן האָט גאָר ניט געענטפּערט, זאָנדערן האָט געהייסען, מען זאָל אָבפיהרען דעם יונגען פרעכען פּאשא אין געפענגניס. ער האָט געוויס געוואָלט הייסען איהם שיסען. דאָס האָט אויך פערשטאנען קיאמיל פּאשא און דארום איז ער דיעזעלבע נאכט אנטלאָפען פון געפענגניס און איז געקומען צו אב־דאללאה פּאשא, דעם אָבער־קאָמאנדיר פון דער טירקישער ארמעע אין סיריען. אבדאללאה פּאשא האָט אויפגענומען דעם אנטלאָפענעם קיאמיל זעהר פריינד־ליך און אזוי וויא ער האָט איהם געקענט און האָט געוואוסט, אז קיאמיל איז א פעהיגער, מוטהיגער און טאפּפערער אָפיציער, האָט ער איהם געשיקט אלס קאָמענדאנט פון דער שטאָדט יפו.

דעם 26טען פעברואר האָט נאפּאָלעאָן אָבגענומען דיא שטאָדט עזה אָדער גאזא, וויא זיא הייסט אויף טירקיש, און דעם 3טען מערץ אין דער פריה איז ער אָנגעקומען אין דער שטאָדט יפו, וואו קיאמיל פּאשא האָט קאָמאנדירט א גארניזאָן פון פיער טויזענד מאן.

קוים האָבען זיך דיא פראנצויזען אָבגערוהט און אָבגעגעסען זייער מיטאָג, האָט נאפּאָלעאָן קאָמאנדירט, אז מען זאָל אטאקירען דיא שטאָדט יפו און מען זאָל זיא איינגעהמען מיט שטורם. קיאמיל פּאשא האָט פערטהיידיגט די שטאָדט מיט אלע מעגליכע מיטעל. פינף שטונדען לאנג האָט ער אויסגעהאלטען דעם פייעריגסטען שטורם פון דער גאנצער פראנצויזישער ארמעע. ענדליך האָט אָבער נאפּאָלעאָן דאָך געזיעגט און האָט איינגענומען דיא שטאָדט. דריי טויזענד פינף הונדערט טירקישע סאָלדאטען און אָפיציערען און אויך דער קאָמענדאנט קיאמיל פּאשא זיינען אריינגעפאלען אין זיינע הענד אלס קריעגס־געפאנגענע.

— וואָס זאָלען מיר טהאָן מיט אזוי פיעל געפאנגענע? האָט געפרעגט נאפּאָלעאָן'ען זיין פריינד און בעסטער גענעראל קלעבער. מיר קענען זיי ניט האל־טען, ווייל מיר האָבען ניט קיין פּראָוויאנט. מיר קענען זיי ניט לאָזען פריי, ווייל דאן וועלען זיי קעמפּפען אלע געגען אונז.

א פינסטערער וואָלקען האָט זיך בעוויזען אויף נאפּאָלעאָן'ס געזיכט. ער האָט געטראכט איניגע מינוטען. דאן האָט ער ארויסגעגעבען דעם אונמענש־ליכען בעפעהל:

— מען זאָל אלע געפאנגענע דערשיסען.

דער בעפעהל איז געוועזן גרויזאם, אונמענשליך און געגען אלע רעגעלען

פון קריעג, ער איז אָבער דאָך אויסגעפיהרט געוואָרען מיט שרעקליכער פּינקט־ליכקייט.

געגען 6 אוהר פאַרנאַכט האָט מען אויסגעשטעלט אַלע געפאַנגענע טירקען אויף דעם ברעג פון מעער ביי דער שטאָדט יפו. פראַנצויזישע סאָלדאטען האָבען זיי ארומגערינגעלט און אויף דעם בעפעהל פון א פראַנצויזישען אָפיציער: "פייער!" האָבען זיי אָנגעהויבען צו שיסען. אין אייניגע מינוטען זיינען פערבלוטיגטע לייכען געבליבען ליעגען אויף'ן זאמד.

געגען אַכט אוהר אבענד איז צוגעקומען צום ברעג א באָאט מיט פיער מענשען. דאָס איז געווען טהאָמאס דאָראַן, דער שיפסקאפּיטאַן פון א פראַנ־צויזישער שיף, וועלכע האָט געפיהרט פּראָוויאַנט פאַר נאַפּאָלעאָן'ס ארמעע, זיין ערשטער אָפיציער און צוויי מאַטראָזען. דיא צוויי מאַטראָזען זיינען גע־בליבען אין באָאט און דער שיפסקאפּיטאַן דאָראַן מיט זיין ערשטען אָפיציער זיינען ארויסגעגאַנגען אויף דעם ברעג און האָבען זיך געלאָזט געהן נאָך יפו.

זייער וועג האָט זיי געפיהרט לעבען דעם הויפען דערשאָסענע טירקישע סאָלדאטען. עס איז געווען א שטילע, העלע מערץ נאַכט. דיא לבנה האָט גע־שיינט אויף א קלאָרען הימעל און האָט בעלויכטען דיא טרויעריגע, בלוטיגע סצענע. דריי טויזענד פינף הונדערט פערבלוטיגטע לייכען זיינען געלעגען אין הויפען אויף דעם ווייסען זאמד.

ניט ווילענדיג האָבען דיא צוויי פראַנצויזען בעטראַכט דיזע שרעקליכע, שוידערהאַפטע סצענע, וועלכע איז קוים גלויבליך, איז אָבער היסטאָריש וואהר.

פּלוצלונג האָט עפּעס א ציטער געטהאָן צווישען דיא ערמאָרדעטע. א ווייסע האַנד האָט זיך אויסגעשטרעקט און פינף לאַנגע, שעהנע פינגער האָבען אָנגעהויבען צו ציטערען און צו ריהרען זיך, גלייך וויא זיי וואָלטען עפּעס געזוכט.

— דער איז נאָך ניט טויט, האָט שיפסקאפּיטאַן דאָראַן געזאָגט צו זיין בעגלייטער.

— לאָמיר זעהען, האָט דער בעגלייטער געענטפערט.

זיי זיינען צוגעגאַנגען צו דעם הויפען טויטע, האָבען אָנגעריהרט דיא ווייסע האַנד און שיפסקאפּיטאַן דאָראַן האָט געזאָגט:

— דיא האַנד איז וואַרעם, ער לעבט נאָך. לאָמיר איהם רעטען!

שטילערהייד און פאָרזיכטיג האָבען זיי ארונטערגענומען דעם הויפען טויטע, ביז זיי זיינען צוגעקומען צו דעם מאַן פון דער ווייסער האַנד. דאָס איז געווען א גאַנץ יונגער מאַן אין דעם מונדיר פון א העכערען טירקישען אָפי־ציער. ער האָט נאָך געלעבט, אָבער ער איז געווען בעוואוסטלאָז.

— שאַדע אזא יונגען מענשען! האָט קאפּיטאַן דאָראַן געזאָגט. איך מוז איהם רעטען.

ער האָט אויפגעהויבען דעם פערוואונדעטען, האָט איהם גענומען אויף זיינע פּלייצעס און האָט איהם צוגעטראָגען צו זיין באָאט. יעצט האָט דער פערוואונדעטער געעפענט דיא אויגען און האָט געזאָגט שטילערהייט:

— וואסער!

ער האָט עס אָבער געזאָגט אויף טירקיש און שיפסקאַפּיטאן דאָראן האָט דיעזע שפּראך ניט פערשטאנען.

— וואָס פערלאנגט איהר? האָט ער געפרעגט דעם פערוואונדעטען אויף פראנצויזיש.

— וואסער! וואסער! האָט דער פערוואונדעטער געענטפערט אויף פראנ־צויזיש.

— רודערט שנעל צו אונזער שיף! האָט דאָראן קאָמאנדירט זיינע מאַט־ראָזען.

א פיערטעל שטונדע שפּעטער האָט שיפסקאַפּיטאן דאָראן מיט זיינע מאַטראָזען ארויפגעטראָגען דעם פערוואונדעטען אויף זיין שיף, האָט איהם אריינגעלעגט אין זיין קאַיוטע און האָט בעטראַכט דיא וואונד. דיא קוגעל האָט געטראָפען דעם יונגען טירקישען אָפיציער אין דער פּלייצע, אָבער זיא איז ניט געווען לעבענס געפעהרליך. אלס אלטער, ערפאהרענער שיפסקאַפּיטאן האָט דאָ־ראן געוואוסט, וויא אזוי ארומצוגעהן ארום אזא וואונד. יעדער גוטער שיפס־קאַפּיטאן אין יענע צייטען האָט געמוזט פערשטעהן אביסעל מעדיצין, בע־זונדערס וויא אזוי צו בעהאנדלען א פערוואונדעטען.

ווען דער פערוואונדעטער איז געקומען צו זיך אזוי ווייט, אז ער האָט געקענט רוהיג רעדען, האָט ער דערצעהלט קאַפּיטאן דאָראן זיין לעבענסגעשיכטע.

ער הייסט קיאמיל פּאשא און ער איז דער געוועזענער קאָמענדאנט פון דער שטאָדט יפו. ער איז אן עכטער טערק, אָבער זיינע עלטערען און זיינע אור־עלטערען האָבען געוואָהנט אין עגיפּטען. זיין פאָטער, קאמליק פּאשא איז א זעהר רייכער מאן און א זעהר אנגעזעהענער מאן אין קאָנסטאנטינאָפּאָל. סולטאן אבדול האמיד דער ערשטער האָט געמאכט זיין פאָטער פאר פּאשא פון עגיפּטען. ער, קיאמיל, איז זיין איינציגער זוהן.

אלס רייכער מאן און אלס פּאשא האָט קאמליק פּאשא געגעבען זיין זוהן דיא בעסטע ערציהונג, וועלכע א טערק קען נור געבען זיין זוהן. ער האָט איהם געלאָזען לערנען טירקיש, אראביש, פּערזיש און איינינע אייראָפּעאישע שפּרא־כען, וויא פראנצויזיש, איטאליעניש און ענגליש. אזוי וויא זיין פאָטער קאמליק פּאשא האָט איהם בעשטימט פאר דער ארמעע, האָט ער איהם געלאָזען לערנען אויך מאטהעמאטיק און דיא קריעגס קונסט.

ווען ער, קיאמיל איז אלט געוואָרען צוויי און צוואנציג יאָהר, האָט ער שוין געהאט דעם ראנג (טשין) פון אן אָבערסט (פּאָלקאָווניק) אין דער טיר־

קישער ארמעע. ער האט זיך געשלאגען געגען דיא פראנצויזען אין עגיפטען, דאן אין דער שטאדט על אריש, דאן אין יפו, וואו מען האט איהם דערשאסען צוזאמען מיט אלע אנדערע טירקישע געפאנגענע.

שיפסקאפיטאן דאראן האט געהאלטען ביי זיך דעם פערוואונדעטען קיא־מיל פאשא צוויי מאנאטען. ווען קיאמיל פאשא איז געזונד געווארען אזוי ווייט, אז ער האט געקענט ארויסגעהן, האט ער געבעטען זיין רעטער, דעם שיפסקאפיטאן דאראן, ער זאל איהם פיהרען נאך קאנסטאנטינאפאל. שיפס־קאפיטאן דאראן האט איהם צוליעב געטהאן און האט איהם געבראכט נאך קאנסטאנטינאפאל.

ווען זיי האבען געדארפט זיך צושיידען, האט קיאמיל פאשא געזאגט צו זיין רעטער:

— דוא האסט מיר גערעטעט דאס לעבען, איך וועל דיר אייביג דאנקבאר זיין. ליידער האב איך ביי זיך גאר ניט, מיט וואס צו צייגען אז יעדער מאח־מאדאנער איז פונקט אזוי דאנקבאר וויא א קריסט. זאג מיר, וואו דוא וואהנסט אין פראנקרייך און וואו איך וועל דיך קענען געפינען, ווען איך וועל דארפען.

שיפסקאפיטאן דאראן האט איהם געזאגט וואו ער וואהנט און וואו מען קען איהם געפינען.

קיאמיל פאשא האט זיך אלעס פערשריבען, האט בעדאנקט דעם קריסט, וועלכער האט איהם גערעטעט דאס לעבען, און איז אוועקגעגאנגען צום סול־טאן.

דאמאלס האט געהערשט אין טירקיי סולטאן סעלים דער דריטער. ער האט אויפגענומען זעהר פריינדליך קיאמיל פאשא, וועמען ער האט געקענט פערזענליך, האט איהם געגעבען א בעזונדער וואהנונג ביי זיך אין הויף און האט איהם געהייסען בלייבען אין קאנסטאנטינאפאל, ביז ער וועט געפינען פאר איהם א פאסענדע שטעלע אלס גענעראל אין דער טירקישער ארמעע.

קיאמיל פאשא איז אין א קורצער צייט פאלקאמען געזונד געווארען און האט געשיקט ברייננגען זיינע צוויי פרויען פון דאמאסקוס (דמשק), וואו ער האט געוואהנט איידער דער קריעג האט זיך אנגעפאנגען.

קיאמיל פאשא האט געהאט צוויי פרויען, וועלכע ער האט געליעבט מיט דער גאנצער קראפט פון א יונגען מאחמעדאנער. ליידער, איז סולטאן סעלים געוואהר געווארען, אז קיאמיל פאשא האט צוויי שעהנע פרויען, און ער האט זיי צוגענומען ביי איהם.

קיאמיל פאשא איז געוועזען פערצווייפעלט און איז אוועקגעפאהרען אהיים נאך עגיפטען, וואו זיין פאטער האט געוואהנט.

אין עגיפטען זיינען אבער פארגעקומען פיעלע ענדערונגען. מחמד אלי פאשא און זיין זוהן איבראהים פאשא האבען זיך אויפגעהויבען געגען דער

טירקישער רעגיערונג און האבען אבגענומען גאנץ סיריען און פאלעסטינא. ווען סולטאן סעלים וואלט ניט געהאנדעלט אזוי שלעכט געגען איהם און וואלט ניט צוגענומען, זיינע פרוינן, וואלט קיאמיל פאשא געווים געפאהרען נאך קאנ־סטאנטינאפאל און וואלט געווים ווידער אריינגעטראטען אין דער ארמעע, אבער יעצט האט ער עס ניט געקענט.

אונטערדעסען איז זיין פאטער קאמליק פאשא געשטארבען און האט איהם איבערגעלאזען זיין גאנצעס פערמעגען.

וויא גרויס איז געווען דיעזעס פערמעגען? דאס האט קיינער ניט גע־וואוסט. מען האט געוואוסט, אז אמאל האט דיעזע פאמיליע געהאט פיעל גיטער און לענדער אין עגיפטען און סיריען. מען האט אויך געוואוסט, אז דער קלוגער און פארזיכטיגער קאמליק האט ביסלעכווייז און ביי יעדער גינ־סטיגער געלעגענהייט פערקויפט זיינע גיטער און זיינע לענדער. אין יענע צייטען זיינען ניט געווען קיין באנק אין עגיפטען און סיריען. וואו האלט אלזא קאמליק פאשא זיין געלד? דאס האט אויך קיינער ניט געוואוסט.

קיאמיל פאשא האט געהאט א שוועסטערקינד מיט'ן נאמען מוראד ביי, וועלכער איז געווען ארים. אזוי וויא קאמליק פאשא איז געווען א לייבליכער אנקעל פון מוראד ביי, האט מוראד ביי גערעכענט, אז דער רייכער אנקעל וועט איהם געווים איבערלאזען א גרויסע סומע געלד נאך זיין טויט. קאמליק פאשא האט עס אבער ניט געטהאן און ער האט געהאט גענוג אורזאכען עס ניט צו טהאן.

קאמליק פאשא איז געווען אן עכטער טערק. ער האט געוואלט אז דאס טירקישע קייזערטהום זאל ווערען אלע מאל שטארקער און מעכטיגער, און דא־רום איז ער געווען געגען מחמד אלי פאשא, וועלכער איז אויפגעשטאנען געגען דעם סולטאן און האט געפיהרט קריעג געגען סולטאן סעלים. מוראד ביי אבער איז געווען א פריינד און א טעלער־לעקער פון מחמד אלי פאשא, וועלכער האט געגרינדעט דאס קעניגרייך עגיפטען און איז געווארען דער ערשטער כעדיוו אין עגיפטען.

קאמליק פאשא האט פיינט געהאט זיין נעפע מוראד ביי פאר זיינע פאליטישע מיינונגען, און דארום האט ער איהם ניט איבערגעלאזען א פיאסטער נאך זיין טויט. דאס האט זעהר געקרייכקט מוראד ביי.

מחמד אלי פאשא האט עטליכע מאל געזיעגט איבער דיא ארמעען פון סולטאן סעלים דעם דריטען, און ווען דער קייזער אלעקסאנדער דער ערשטער פון רוסלאנד וואלט זיך ניט אם ענדע אריינגעמישט, וואלט מחמד אלי געווא־רען הערשער איבער אלע טירקישע לענדער אין אפריקא און אזיען.

„אום צו פיהרען קריעג מוז מען האבען דריי זאכען: געלד, געלד און

געלד", האט געזאגט נאפאלעאן דער ערשטער, און מחמד אלי פאשא האט עס אויך געוואוסט, אבער וואו נעהמט מען געלד?

מוראד ביי האט איהם דערצעהלט, אז קאמליק פאשא האט געלד און מחמד אלי האט געשיקט זיין ערשטען מיניסטער צו קאמליק פאשא מיט דער ביטע, ער זאל איהם אויסבארגען עטליכע מיליאן. קאמליק פאשא האט העפליך, אבער אויך גאנץ פעסט זיך אבגעזאגט פון דער עהרע צו לייהען געלד דעם כעדיוו פון עגיפטען.

ווען קאמליק פאשא איז געשטארבען און זיין איינציגער זוהן קיאמיל פאשא האט איבערגענומען זיין גאנצעס פערמעגען, האט מחמד אלי געשלאסען פריעדען מיט דעם סולטאן און מחמד אלי האט אלץ ניט געהאט קיין געלעגענהייט צו בעטען געלד ביי איהם, אבער ער האט פון איהם ניט אראבגעלאזען קיין אויג.

קיאמיל פאשא האט געוואלט ארויספאהרען פון עגיפטען, ווייל ער איז ניט געווען צופריעדען מיט מחמד אלי'ס הערשאפט, מחמד אלי האט איהם געשיקט א שטרענגען בעפעהל, ער זאל בלייבען אין דער היים. קיאמיל פאשא איז געווען א געפאנגענער אין זיין אייגענער היים. ער האט אפילו געמעגט פאהרען איבער גאנץ עגיפטען, אבער ער האט גוט געוואוסט, אז מוראד ביי שיקט איהם נאך שפיאנען איבעראל.

אונטערדעסען איז געווארען סולטאן מחמד דער צווייטער, וועלכער האט ניט געקענט ניט קאמליק פאשא, ניט קיאמיל פאשא. דאס איז געווען א שטארקער קלאפ פאר קיאמיל, ווייל ביז אהער האט ער וויניגסטענס אין אייסערסטען פאל זיך געקענט ווענדען צום סולטאן און בעטען ביי איהם שוץ און גערעכטיגקייט, יעצט האט ער זיך געפונען אין דיא הענד פון זיינע פיינד מוראד ביי און מחמד אלי.

צום גליק האט ער זיך בעקענט מיט איניגע ענגלענדער און פראנצויזען, וועלכע האבען אין דער לעצטער צייט זיך בעזעצט אין עגיפטען. דורך זיי האט ער געקויפט א שיף און האט איינגעפאקט זיין גאנצעס פערמעגען, פיער מיליאן פונט סטערלינג אדער 20 מיליאן דאלאר, אין פיער שטארקע פעסער.

דאס האט איהם געראטהען א קלוגער פראנצויז, וועלכער האט געהאנדעלט מיט פראנצויזישע וויינען. דיא פראנצויזישע וויינען, וועלכע ווערען געשיקט אין ווייטע לענדער, ווערען געשיקט אין דאפעל פעסער. אונטען איז א גאנץ שטארקע קליינע פאס, און אום זיא צו בעשיצען אויף'ן לאנגען וועג, שטעלט מען אריין דיא קליינע פאס אין א גרעסערער.

דער פראנצויז האט געלאזט מאכען פאר קיאמיל פאשא אזעלכע פעסער און האט אויף זיי אנגעשריבען נעמען פון טהייערע פראנצויזישע וויינען, וויא שאטא לאפיט, שאטא לאראז און דערגלייכען.

אויף דיעזען אופן איז עס לייכט געוועזן פאר קיאמיל פאשא אוועקצושיקען דיעזע פיער פעסער מיט זיין פערמעגען אויף זיין שיף. קיינער האָט ניט געקענט וויסען, אז אין דיעזע פעסער געפינען זיך גאָלד, דימאנטען און בריליאנטען, וועלכע זיינען ווערטה מעהר וויא 20 מיליאָן דאָלאר.

אין יאָהר 1830 האָט מחמד אלי וויעדער ערקלערט קריעג סולטאן מחמד דעם צווייטען און וויל ער האָט געדארפט האָבען געלד, האָט ער געשיקט צו קיאמיל פאשא בעטען ער זאָל איהם לייהען א פּאָאר מיליאָן. קיאמיל פאשא האָט זיך אָבגעזאָגט און מוראד ביי האָט אונטערגעהעצט דעם ווילדען איבראהים פאשא, דעם זוהן פון מחמד אלי, על זאָל ארעסטירען קיאמיל פאשא.

קיאמיל פאשא איז דערפון געוואָהר געוואָרען און איז אנטלאָפען נאָך אלעקסאנדריע. דאָרט האָט ער זיך פערשטעלט פאר א מאטראָז און איז אוועק־געפאָהרען מיט זיין שיף.

דאָס איז אין קורצע ווערטער דיא געשיכטע פון דיא 20 מיליאָן דאָלאר, וועגען וועלכע מיר וועלען דערצעהלען אין דיא פאָלגענדע קאפּיטלעך.

3טעס קאפּיטעל.

## דער אוצר איז גוט בעהאַלטען

דאָס מעער איז געוועזן שטיל, רוהיג און גלאט וויא א שפּיעגעל. דיא זון איז נור וואָס אויפגעגאנגען און האָט בעלויכטען דעם קליינעם אינזעל. מען האָט דייטליך געזעהן, אז דער גאנצער אינזעל בעשטעהט פון גרויסע אָנגעוואָרפע־נע שטיינער.

— זאָל איך אראָבלאָזען דאָס גרויסע באָאט? האָט דער שיפסקאפּיטאן יוסוף געפרעגט.

— ניין, דאָס קליינע באָאט און נור מירביידע וועלען פאָהרען זעהן, וואָס עס טהוט זיך אויף דיעזען אינזעל.

קאפּיטאן יוסוף האָט געהייסען אראָבלאָזען דאָס קליינע באָאט. ער און קיאמיל פאשא האָבען זיך ארייגעזעצט און זיינען צוגעפאָהרען צום אינזעל.

א שטיק צייט האָבען זיי געזוכט א קליינע בוכטע, א פּלאץ, וואו דאָס באָאט זאָל קענען צוקומען צום אינזעל. ביי דיעזער געלעגענהייט זיינען זיי ארומ־געפאָהרען דעם גאנצען אינזעל, וועלכער איז געוועזן ניט גרויס, אין גאנצען ביי א מייל דיא ברייט און דיא לענג. דיא וואסערען פון מעער האָבען זיך אָנגעשלאָ־גען אָן דיא הארטע שטיינער און אין ערטער איז עס שווער געוועזן צוצוקומען צום אינזעל.

— מיר דאכט, אז גאָט אליין האָט בעשאפען דיעזען אינזעל פון מיינעט־וועגען, האָט קיאמיל פאשא געזאָגט ערנסט.

ענדליך האָבען זיי געפונען א קליינע בוכטע, אן איינשניט אין שטיין, וואו א באָאט האָט געקענט צוקומען.

דאָס באָאט איז אריינגעפאָהרען אין דיעזער קליינער בוכטע אוןביידע מענער זיינען ארויפגעגאנגען אויף׳ן לאנד. קאפּיטאן יוסוף האָט צוגעבונדען דאָס באָאט צו א שטיין און קיאמיל פּאשא איז ארויפגעגאנגען אויף א שטיין בעטראכטען דאָס לאנד, וועלכעס געהערט יעצט צו איהם, ווייל ער האָט עס ענטדעקט און עס אָבגענומען. דאָס לאנד איז געווען וויסט און טרויעריג, קיין שפּור פון א מענשען, קיין צייכען, אז דאָ איז אמאָל געווען א מענש, קיין בלעטעלע, קיין גרעזעלע.

— עס איז א זאָנדערבארער אינזעל, האָט קיאמיל פּאשא געזאָגט וויא צו זיך אליין. מיר ווייסען, אז זאָגאר אויף א נאקעטען שטיין בילדעט זיך אביסעל ערד און פויגעל אָדער ווינטען ברענגען זאמען (זריעה) פון פלאנצען, וועל־כע נעהמען זיך אָן און וואקסען. וויא קומט עס, וואָס אויף דיעזען אינזעל גע־פינט מען ניט קיין שפּור פון פלאנצען, פון א גרעזעלע, פון מאָאָס (מאָך)?

— דאָס וואונדערט מיך אויך, האָט קאפּיטאן יוסוף געענטפערט.

— גיב מיר דיין טעלעסקאָפּ, יוסוף, האָט קיאמיל פּאשא געבעטען.

יוסוף האָט איהם דערלאנגט זיין טעלעסקאָפּ. קיאמיל פּאשא האָט אָנגע־הויבען צו קוקען אין אלע זייטען וווייט ארויף דאָס מעער.

וויא ווייט מען האָט געקענט זעהן דורך דעם שטארקען טעלעסקאָפּ, האָט מען ניט געקענט געפינען קיין אינזעל אין דער נאכבארשאפט, קיין לאנד און מען האָט אויך ניט געקענט זעהן א שיף פאָהרען.

— מיר דאכט, אז דאָ בין איך גאנץ זיכער און מיין פערמעגען וועט דאָ זיין גוט פערבאָרגען, האָט קיאמיל פּאשא ענדליך געזאָגט.

— איך געפין, אז דאָס איז דער זיכערסטער פּלאץ אין דער וועלט, האָט קאפּיטאן יוסוף בעשטעטיגט.

— ווייסט דוא גאנץ זיכער, וואו מיר זיינען יעצט?

— איך בין גאנץ זיכער, אָבער אום אייער האָהייט זאָל זיך איבערצייגען, אז איך וועל ריכטיג און גענוי בעצייכענען דעם אָרט, וואו דיעזער אינזעל גע־פינט זיך, האָב איך מיטגעבראכט אונזער מעער־קארטע און מיינע אסטראָנאָ־מישע אינסטרומענטען. איך וועל נאָך אמאָל גאנץ גענוי אויסרעכענען, וואו מיר געפינען זיך יעצט.

— טהו עס, יוסוף.

יוסוף האָט ארויסגענומען זיין מעער־קארטע און האָט געוויעזען קיאמיל פּאשא, וואו דער אינזעל געפינט זיך און וויא מען קען צוקומען צו איהם.

— וויא קומט עס אָבער, וואָס דיעזער אינזעל געפינט זיך ניט אויף קיין מעער־קארטע? האָט קיאמיל פּאשא געפרעגט.

— דער איינציגער ענטפער, וואָס איך קען געבען אויף דיעזער פראגע, איז, אז דיעזער אינזעל האָט זיך ניט לאנג געבילדעט. אין דיעזען מעער קומט פּאָר זעהר אָפט, אז גאָר פּלוצלונג הויבט זיך אויף פון דעם גרונד פון מעער א קליינער אינזעל, ריכטיגער נאָך, א גרויסער שטיין. עס קען זיין, אז דיעזער אינזעל איז אלט נור עטליכע יאָהר, פיליייכט נור א יאָהר.

— פיליייכט איז עס נאָך בעסער פאר מיר, האָט קיאמיל פּאשא געזאָגט צו זיך אליין. דערוויייל וויים נאָך פון איהם קיינער ניט. עס איז זעהר מעגליך, אז ביז דיא איצטיגע טרויעריגע צייטען וועלען פאָריבערגעהן, וועט קיינער ניט קומען אהער, און איך וועל נאָך קענען טהאָן מיט מיין פערמעגען וואָס איך וויל און וואָס איך מוז טהאָן.

— איך גלויב, אז דאָ וועט אייער פערמעגען זיין גאנץ זיכער, האָט יוסוף בעשטעטיגט.

— אהער וועט געוויס ניט קומען ניט דער געלד־זיכטיגער מחמד אלי, ניט זיין ווילדער זוהן איבראהים און ניט מיין שלעכטער קרוב מוראד ביי. אך, דיעזער מוראד ביי! וויא פיעל האָב איך שוין געליטען דורך איהם! דיעזער טויגעניכטס האָט זיך איינגערעדט, אז ער איז מיין איינציגער יורש, וויל איך האָב קיין קינדער ניט. ניין! איך וועל בעסער ארייננווארפען מיינע מי־ליאָנען אין מעער, איידער זיי איבערלאָזען אזא טויגעניכטס...

ער האָט געטראכט איינינע מינוטען. זאָנדערבארע געדאנקען זיינען איהם געקומען אין קאָפּ, בילדער און ערָאינערונגען פון פערגאנגענע צייטען זיינען לעבעדיג געוואָרען און האָבען זיך געשטעלט פאר איהם, האָבען פון איהם עפּעס געפאָדערט, עפּעס פערלאנגט.

האָט ער זיך דערמאָנט אָן דעם פראנצויזישען שיפסקאפּיטאן, וועלכער האָט איהם ארויסגענומען א האלב טויטען פון דעם הויפען לייכען אויף דעם ברעג פון מעער לעבען יפו? האָט ער איהם פערגעסען? האָט ער זיך דער־מאָנט, וואָס ער האָט געזאָגט צו איהם, ווען זיי האָבען אבשיעד גענומען אין קאָנסטאנטינאָפּאָל? ווער וויים עס? ווער קען עס זאָגען?

— קום, יוסוף! האָט ער פּלוצלונג אויסגערופען. קום! לאָמיר זוכען א פּלאץ, וואו צו בעגראָבען מיינע אוצרות.

זיי האָבען ניט געדארפט לאנג זוכען. פּונקט אין דער מיט פון דעם אינ־זעל האָט זיך געפונען א גרויסער שטיין, דער שפּיץ, דער העכסטער פּונקט פון דעם אינזעל. זיי זיינען צוגעקומען צו איהם, האָבען איהם בעטראכט און האָ־בען געפונען אז ער איז לויז, אז ער איז ניט צונויפגעוואקסען מיט די אנדערע שטיינער פון דעם אינזעל.

— דאָס איז דער פּלאץ, האָט קאפּיטאן יוסוף געזאָגט, דאָ קען מען לייכט אויפהויבען דיעזען שטיין און מאכען א הייל פאר דיא פיער פעסלעך.

קיאמיל פאשא האָט בעטראכט דאָס אָרט, וואָס יוסוף האָט איהם אָנגע־וויזען.

— יא, איך גלויב אויך, אז דאָס איז דער בעסטער פּלאַץ, האָט קיאמיל פאשא געזאָגט.

זיי האָבען נאָך אמאָל בעטראכט דאָס אָרט און האָבען געפונען, אז מען קען לייכט אויפהויבען א צווייטען שטיין און מאכען א הייל.

— אלזאָ קום, לאָמיר מאכען אן ענדע! האָט קיאמיל פאשא געבעטען.

— איך בין פערטיג, האָט יוסוף געזאָגט.

— ווייסען אונזערע מאטראָזען וואו מיר געפינען זיך?

— ניין! קיינער וויים זאָגאר ניט, אויב מיר געפינען זיך אין אמעריקא אָדער אין איירָאפּא, אין אזיען אָדער אין אויסטראליען. פערגעסט ניט, אז זייט 15 מאָנאטען רייזען מיר ארום אויף אלע מעערען, אין אלע וועלט טהיילען.

— איך האָב עס ניט פערגעסען, אָבער איך וויל זיין פאָרזיכטיג, ווייל איך האָב פיעלע זאכען צו בעזאָרגען.

— וואָס דענקט אייער האָהייט צו טהאָן, ווען מיר וועלען פערזאָרגען דעם פערמעגען? האָט יוסוף געפרעגט. וועלען מיר צוריק פאָהרען נאָך סי־ריען, נאָך קאָנסטאנטינאָפּאָל, אָדער ערגעץ אין א לאנד אין איירָאפּא?

— דוא ווייסט דאָך, יוסוף, וויא איך האָב פיינט איירָאפּא מיט איהרע ווילדע פילאָזאָפען, מיט איהר ציוויליזאציאָן, מיט איהרע בלוטיגע קריעגע און מיט איהרע שרעקליכע רעוואָלוציאָנען. נאָך סיריען קען איך ניט קומען, דאָרט וועט מיך דער ווילדער איבראהים אריינוואָרפען אין א געפענגניס און מיך פּיי־ניגען און מאטערען, איך זאָל איהם אוועקגעבען מיינע מיליאָנען. נאָך קאָנ־סטאנטינאָפּאָל? ניין! מיין פוס וועט מעהר ניט בעטרעטען דאָס פערדאָרבענע סטאמבול.

— זייט ניט אזוי פערצווייפעלט, האָהייט! האָט יוסוף געטרייסט זיין פריינד. דיא צייטען ענדערען זיך. דאָס הייליגע לאנד פון דיא גלויביגע אין מחמד וועט זיך בערוהיגען. דער סולטאן איז א גוטער מענש.

— אָבער א שוואכער הערשער, האָט איהם קיאמיל פאשא אונטערבראָכען. אללאה איז גרויס און מחמד איז געווען זיין הייליגער פּראָפעט, אָבער דיא מענשען ווילען ניט לעבען, וויא אללאה האָט געבאָטען און וויא דער הייליגער מחמד האָט אָנגעשריבען אין זיין תורה — דעם קאָראן, האָט קיאמיל פאשא געזאָגט טרויעריג.

— אלזאָ, וואו דענקט איהר זיך צו בעזעצען?

— אין ערגעץ ניט, איז געווען דיא אנטוואָרט, מיר וועלען ווייטער ארומ־פאָהרען אויף אלע מעערען און וועלען בעטראכטען גאָט'ס וואונדער אין דיא טיעפע וואסערען.

— וויא איהר וועט מיר בעפעהלען, האהייט! איהר האט מיר גערעטעט דאס לעבען אין סטאמבול, ווען סולטאן סעלים האט געהייסען מיך טויטען. דער הענקער האט שוין אויפגעהויבען זיין האק איבער מיין קאפ, און איהר האט מיך גערעטעט. מיין לעבען געהערט אייך. אייער וואונש איז א בעפעהל פאר מיר און וויא לאנג איך וועל לעבען, וועל איך פאלגען אלעס, וואס איהר וועט מיר הייסען...

זיי זיינען צוריק געגאנגען צו זייער באאט, האבען זיך אויפגעזעצט און זיי־נען צוריק געפאהרען צו דער שיף.

קוים זיינען זיי אנגעקומען אויף דער שיף, האט קאפיטאן יוסוף געהייסען דיא מאטראזען אראבלאזען דאס גרויסע באאט, אריינלייגען אין איהם אלער־ליי אינסטרומענטען, מיט וועלכע מען קען אויפברעכען א שטיין און צעהן שטארקע מאטראזען זאלען זיך אריינזעצען און צופאהרען צום אינזעל.

דאן האט ער געעפענט דיא קאמער, וואו עס האבען זיך געפונען דיא פיער פעסלעך, און האט געהייסען זיי אראבלאזען אין דעם קליינעם באאט.

אין א האלבער שטונדע איז אלעס פערטיג געווען. ביידע באאטע זיינען צוגעפאהרען צום אינזעל. קאפיטאן יוסוף און קיאמיל פאשא זיינען געזעסען אין דעם קליינעם באאט מיט דיא פיער פעסלעך.

ביידע באאטע זיינען אריינגעפאהרען אין דער קליינער בוכטע, וואו מען האט זיי צוגעבונדען צו א שטיין. דאן האט מען ארויסגעקייקעלט דיא פעס־לעך און מען האט זיי ארויפגעבראכט צו דעם גרויסען שטיין, וואו קיאמיל פאשא און קאפיטאן יוסוף האבען געפונען, אז דא איז דער בעסטער פלאץ צו פערגראבען 20 מיליאן.

יעצט ערשט האט זיך אנגעהויבען דיא שווערע ארבייט. עס איז ניט לייכט געווען אויפצוהויבען דעם צווייטען קלענערען שטיין. מען האט געמוזט איהם הא־קען און שפאלטען.

קאפיטאן יוסוף האט קאמאנדירט און געהייסען דיא מאטראזען טהאן זיי־ער ארבייט אזוי און אזוי. קיאמיל פאשא אבער האט זיך אנידערגעזעצט אויף א שטיין ניט ווייט און האט זיך פערטראכט, גלייך וויא דיא גאנצע געשיכטע וואלט איהם גאר ניט אנגעגאנגען.

וואס האט דיעזער מאן געטראכט? האט עס איהם לייד געטהאן, וואס ער האט געמוזט איבערלאזען דאס גרויסע פערמעגען פון זיינע עלטערען דא אויף דיעזען איינזאמען אינזעל? האט ער געטראכט וועגען דער שלעכטיגקייט פון דיא מענשען, וועלכע האבען איהם געצוואונגען צו פערגראבען זיינע מיליא־נען? האט ער געטראכט פון דעם, וואס ער זאל יעצט טהאן? ער איז יעצט צוויי און זעכציג יאהר אלט, וויא לאנג נאך קען ער לעבען? וואס וועט ווערען פון זיינע מיליאנען נאך זיין טויט?

פינף שטונדען נאָכאנאנד האָבען דיא מאטראָזען געארבייט זעהר שווער, ביז זיי האָבען אויסגעהאקט אין שטיין א הייל, וואו עס האָבען געקענט אריינגעהן אלע פיער פעסלעך, און דיא גאנצע צייט איז קיאמיל פּאשא געזעסען פערטראכט גלייך וויא ער וואָלט געווען פערשטיינערט און פערגליווערט.

ענדליך, ווען מען האָט דיא פעסלעך אריינגעקייקעלט אין הייל, האָט ער זיך אויפגעהויבען, האָט אויף זיי א קוק געטהאָן צום לעצטען מאָל און האָט א מאך געטהאָן מיט דער האנד, א צייכען, אז מען זאָל זיי פערשיטען.

מען האָט פערלייגט דיא הייל מיט גרויסע שטיינער און זיי פערשאָטען מיט דיא קליינע שטיינדלעך, וועלכע מען האָט אָבגעהאקט, אז מען זאָל ניט לייכט דערקענען, אז מען האָט דאָ געמאכט א גרוב. דערמיט איז נאָך יוסוף ניט געווען צופריעדען. ער האָט געהייסען דיא מאטראָזען ברייננען זאמד פון ברעג און פערשיטען אלע לעכער און אלע שפּאלטען.

ערשט ווען ער האָט געפונען, אז דיא הייל איז גאנץ זיכער און מען קען ניט דערקענען, אז מען האָט זיא ניט לאנג אויסגעגראָבען, האָט ער געהייסען אוועקלייגען דיא ארבייט.

אום מען זאָל אָבער דערקענען דאָס אָרט, ווען מען וועט קומען צוריק מיט עטליכע יאָהר שפּעטער — און דאן, קען דאך זיין, אז דער אינזעל וועט שוין זיין בעוואקסען מיט גראָזען און מיט בוימער — האָט קיאמיל פּאשא געהייסען, אז אויבען, אויף דעם גרויסען שטיין, וועלכער האָט געבילדעט דעם דאך פון דער הייל, זאָל מען אויסקריצען א דאָפּעל "קיי", דיא ערשטע בוכשטאבען פון דיא נעמען קיאמיל און קאמליק.

דאָס איז געווען א לייכטע ארבייט. אין א קורצער צייט זיינען אויסגעקריצט געוואָרען אין דעם אויבערשטען שטיין צוויי גרויסע בוכשטאבען, דיא דאָפּעל "ק".

מעהר האָט מען ניט געהאט וואָס צו טהאָן אויף׳ן אינזעל. דיא מאטראָזען זיינען געווען מיעד און הונגעריג, מען האָט געמוזט צוריקפאָהרען.

ווען מען איז צוריקגעקומען אויף דער שיף, האָט יוסוף געהייסען דיא מאטראָזען געהן עסען און ער איז ארויפגעגאנגען אויף זיין בריקעל, לעבען ראָד און האָט נאָך אמאָל געקוקט דורך זיין שטארקען טעלעסקאָפּ, אויב מען זעהט ניט ערגעץ א שיף.

קיאמיל פּאשא איז צוגעקומען צו איהם און האָט געפרעגט:

— ביסט דוא זיכער, אז דוא האָסט ריכטיג פערצייכענט אויף דיין מעערקארטע דעם אינזעל?

— גאנץ זיכער.

— און וואו איז דיין טאגעבוך?

— ביי מיר אין דער קאיוטע.

— איז פערשריעבען אין דיין טאגעבוך דער וועג, וועלכען מיר האָבען דורכגעמאכט דיא גאנצע צייט, זייט מיר פאָהרען ארום אויף דיא מעערען?

— געוויס, האָהייט! יעדער שיפסקאפּיטאן מוז פערשרייבען און פערצייכענען גאנץ גענוי דעם וועג, וועלכען ער פאָהרט און אלעס, וואָס עס פּאַסירט מיט זיין שיף.

— דאן גיב מיר דיא מעער־קארטע און דאָס טאגעבוך.

קאפּיטאן יוסוף האָט ניט געענטפערט א וואָרט. ער איז אראָבגעלאָפען אין זיין קאיוטע און האָט ארויפגעבראכט דיא מעער־קארטע און זיין טאגעבוך און האָט זיי איבערגעגעבען קיאמיל פּאשא.

— ברענג מיר ארויף א לאנטערנע מיט א ברענענדען לאָמפּ, האָט געזאָגט קיאמיל פּאשא.

קאפּיטאן יוסוף האָט געבראכט וואָס קיאמיל פּאשא האָט געפאָדערט.

קיאמיל פּאשא האָט גענומען דאָס טאגעבוך, האָט אויסגעריסען איין בלאט נאָך׳ן אנדערען און האָט זיי פערברענט אויף דעם פייער פון דעם לאָמפּ און פון דער לאנטערנע. ווען דאָס לעצטע שטיקעל פּאפּיער איז פערברענט געוואָרען, האָט ער געזאָגט רוהיג:

— פערצייה מיר, יוסוף! איך האָב עס געטהאָן ניט ווייל איך גלויב דיר ניט, זאָנדערן ווייל דוא ביסט דאָך נאָר א מענש. א מענש קען קראנק ווערען, מיט א מענשען קען אלעס פּאסירען. אין א צייט פון אונרוה קען אזא טאגעבוך ארייןפאלען צו מענשען, וועלכע דארפען ניט וויסען פון איהם, דארום האָב איך איהם פערברענט.

— איך וויים, אז איהר געטרויט מיר און איהר דארפט זיך ניט ענטשולדיגען פאר מיר, האָט יוסוף געענטפערט.

— יעצט קום עסען.

ביידע זיינען אראָבגעגאנגען אין קיאמיל פּאשא׳ס קאיוטע און האָבען זיך געזעצט עסען. נאָך׳ן עסען זיינען זיי ווידער ארויפגעקומען אויף׳ן דעק.

עס איז געווען פינף אוהר נאָכמיטאָג. אין וועסטען (מערב זייט) האָבען זיך געוויזען קליינע וואָלקענס און עס האָט זיך אויפגעהויבען א ווינטעל.

— איך דענק, אז מיר וועלען האָבען א שטורם נאָך היינט ביינאכט אָדער מאָרגען אין דער פריה, האָט קאפּיטאן יוסוף געזאָגט.

— דאן לאָמיר פאָהרען.

— איך וועל הייסען אויפהויבען דעם אנקער.

קיאמיל פּאשא האָט זיך האסטיג אומגעקעהרט צו איהם און האָט געפרעגט שארף און אונרוהיג:

— ביזט דוא זיכער, אז דוא האָסט ריכטיג פערצייכענט אויף דער מעער־קארטע, וואו דיעזער אינזעל געפינט זיך?

— אזוי זיכער, וויא איך בין זיכער, אז איך בין מיין מוטער'ס זוהן.

— דאן הייס אויפהויבען דעם אנקער.

קאפיטאן יוסוף האָט געהייסען דיא מאטראָזען ארויפציהען דעם אנקער. ער אליין האָט זיך געשטעלט ביים ראָד און האָט אָנגעהויבען צו פיהרען דיא שיף.

קיאמיל פאשא איז צוגעגאנגען צום געלענדער און האָט זיך געשטעלט קוקען אויף'ן אינזעל, וואו ער האָט פערגראָבען זיינע מיליאָנען, און איז געבליבען שטעהן אזוי לאנג, ביז דער אינזעל האָט אויסגעזעהן נור וויא א דונקעלער פלעק אין וויטען מעער.

4טעם קאפיטעל.

# קאַפּיטאַן דאָראן

אין זיין שעהנעם, ריינעם צימער זיצט קאפיטאן זשאק דאָראן לעבען א גרויסען טיש, אויף וועלכען עס זיינען אָנגעוואָרפען אלערליי לאנד־קארטען און מעער־קארטען. ער רויכט א קליינע, קורצע ליולקע און לאָזט ארויס גאנצע זיילען בלויען רויך.

עס איז רייטליך, אז ער איז אויפגערעגט. יעדעס מאָל, ווען קאפיטאן דאָראן הויבט אָן צו בלעטערען און צו זוכען אין זיינע לאנד־קארטען און מעער־קארטען, ווערט ער בייז און אויפגערעגט.

— צום טייפעל מיט דיעזער ברייט! האָט ער אויסגערופען. אָט איז עס! אָט שטעהט עס גאנץ דייטליך: פיער און צוואנציג גראד, ניין און פופציג מינוט נאָרדליכער ברייט. דאכט זיך, דייטליך גענוג, און דאָך, געה זוך, געה געפין!

ער איז אויפגעשפרונגען פון זיין שטוהל, וויא א וואהנזיניגער, האָט אויפגעריסען א גרויסען קאסטען, האָט פון איהם ארויסגענומען א שטיק פערגאמענט (פארמעט) און האָט אָנגעהויבען צו לעזען: 24 גראד 59 מינוט נאָרד.

— צום טייפעל! דאָס געהט ניט! אזוי קען איך עס ניט געפינען! האָט ער געשריען.

דערמיט איז ער אָבער נאָך ניט צופריעדען געוועזן, ער האָט גענומען אלע ביכער און אלע לאנד־קארטען פון זיין טיש און האָט אָנגעהויבען זיי צו שליידערען צו דער ערד, גלייך וויא זיי וואָלטען איהם עפּעס שלעכטעס געטהאָן.

ער האָט געמאכט אזא ליארם, אז דיא טהיר פון זיין צימער האָט זיך האסטיג געעפענט און צוויי פרויען זיינען אריינגעקומען: אן עלטערע פרוי פון א יאָהר 50 און א יונג מעדכען פון א יאָהר ניינצעהן.

— אהא! איהר זייט דאָ! נאנאָן! זשוליעט! האָט קאפיטאן דאָראן געשריען ניט מיט זיין קול. אָבער וואָס דארפט איהר?

— וואָס איז מיט אייך, ליעבער אָנקעל? האָט זשוליעט, דאָס יונגע מעד־כען געפרעגט.

— וואָס איז שוין עפּעס נייעס? האָט געפרעגט דיא עלטערע פרוי. וואָס ביסט דוא היינט אזוי אויפגערעגט, זשאק?

— וואָס איך בין אויפגערעגט? האָט דאָראן געשריען. איך וויים, וואו דיא ברייט איז, וואו איז אָבער דיא לענג?

וויא עס ווייזט אוים, האָט נאנאָן, דיא עלטערע פרוי, זשאק דאָראן'ם שוועסטער שוין געוואוסט, פון וואָס איהר ברודער רעדט, ווייל זיא האָט גע־ענטפערט פריינדליך און מילד, וויא אן עכטע פרוי:

— נו, דוא ווערסט שוין געפינען דיא לענג.

— אָבער, ליעבער אָנקעל, איך זעה גאָר ניט, פאר וואָס איהר זאָלט צו־ברעכען מיין וואזע מיט בלומען דערפאר, וואָס איהר קענט ניט געפינען דיא לענג.

— דיין וואזע? האָט דאָראן געשריען.

— יא, אָנקעל, עס איז מיין וואזע, האָט זשוליעט געענטפערט.

— און ווער האָט זיא צובראָכען?

— איך.

— נו, האָב איך זיא געוואָלט צוברעכען! האָט דאָראן זיך געקאָכט.

— זשוליעט האָט בעקומען דיעזע וואזע אלס פּרעזענט, האָט נאנאָן, זשו־ליעט'ם מוטער ערקלערט.

— עס האָט געמעגט זיין טויזענד מאָל א פּרעזענט, האָט דאָראן געשריען. איך האָב זיא צובראָכען, ווייל איך האָב זיא צובראָכען.

— וואָס וועט אָבער זאָגען דארויף פראנסוא? האָט דאָס מעדכען גע־פרעגט.

— ער וועט גאָר ניט זאָגען! לאָז ער נור פּרובירען עפּעס זאָגען! האָט דאָראן געשריען און האָט זיך אוועקגעקעהרט גלייך וויא ער וויל מעהר ניט ריידען מיט ווייבער.

ביידע פרויען האָבען אָנגעהויבען צו מאכען אָרדנונג אין צימער. זשוליעט האָט אויפגעקליבען דיא שערבלעך פון דער וואזע און נאנאָן האָט אויפגעהויבען און צונויפגעלייגט אויף'ן טיש דיא ביכער און דיא לאנד־קארטען.

פּלוצלונג האָט זיך דאָראן געווענדעט צו דיא פרויען און האָט א פרעג געטהאָן:

— וואו איז פראנסוא?

— איהר ווייסט דאָך, אָנקעל, אז ער איז געפאָהרען נאָך נאנט.

— ער איז געפאָהרען נאָך נאנט? וואָס איז דאָס? צו וואָס איז ער גע־פאָהרען נאָך נאנט?

— ליעבער אָנקעל! איהר האָט דאָך איהם אליין געשיקט אהין, האָט זשוליעט געזאָגט מיט פערדרוס.

— איך האָב איהם געשיקט? צו וואָס?

— ער זאָל דאָרטען אויסהאַלטען עקזאַמען אויף שיפסקאַפּיטאַן פון לאַנגע רייזען.

— אזוי? ער וויל ווערען א שיפסקאַפּיטאַן אויף א וועלט־מעער־שיף? צו וואָס דאַרף ער עס? קען ער דען ניט זיין א שיפסקאַפּיטאַן אויף א שיף, וועלכע מאַכט קורצע רייזען?

— אָבער, ליעבער זשאַק, דוא אליין האָסט דאָך איהם געראַטהען ער זאָל אויסהאַלטען אזא עקזאַמען, ווייל דאַן קען מען קריגען א העכערע שטעלע.

— איך האָב איהם געראַטהען! איך האָב איהם געהייסען! פאָלגט איהר דען שטענדיג אַלעס וואָס איך היים אייך?

— געוויס, אָנקעל.

— נו, דאַן וועט פראַנסוא ניט אויסהאַלטען זיין עקזאַמען.

— אָה, ניין, אָנקעל! פראַנסוא האָט גוט געלערנט, ער וועט יא אויסהאַלטען זיין עקזאַמען.

— איך זאָג דיר, אז ער וועט דורכפאַלען און לאָז ער נאָר דורכפאַלען, איך וועל איהם דאַן שוין ווייזען, ווער עלטער איז.

פראַנסוא איז געווען א פערוואַנדטער פון זשאַק דאָראַן, ער איז געווען א פעהיגער, טיכטיגער יונגער מאַן, מיט וועמען קאַפּיטאַן דאָראַן פלעגט שטענדיג שטאָלצירען, אָבער היינט איז ער געווען אזוי בייז און אזוי אויפגערעגט, אז ער האָט געוואָלט קרענקען דיא גוטע זשוליעט.

קאַפּיטאַן דאָראַן האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אז פראַנסוא און זשוליעט זיינען פערליעבט און האָבען געשוואָרען צו הייראַטהען. זשוליעט'ס מוטער נאָכאַן ווייס דערפון און איז פאָלקאָמען צופריעדען דערמיט. ער אליין, זשאַק דאָראַן האָט אויך איינגעוויליגט, אז זיי זאָלען הייראַטהען, אָבער נור אונטער דער בעדינגונג, אז פראַנסוא זאָל אויסהאַלטען עקזאַמען אויף א שיפסקאַפּיטאַן פון א וועלט־מעער־שיף, אָדער וויא עס הייסט געוועהנליך, א שיפסקאַפּיטאַן פון לאַנגע רייזען, וועמען מען קען פערטרויען א שיף מיט פּאַסאַזשירען אויף א רייזע פון עטליכע וואָכען. דאָס איז דער שווערסטער עקזאַמען, וועלכען א שיפסקאַפּיטאַן קען אויסהאַלטען.

זשאַק דאָראַן האָט ליעב געהאַט זיין ניכטע זשוליעט און ער האָט געוואָלט, אז זיא זאָל גליקליך זיין. ער האָט אויך ליעב געהאַט זיין פערוואַנדטען פראַנסוא און האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אז פראַנסוא איז פעהיג אויסצוהאַלטען אזא עקזאַמען און וועט איהם געוויס אויסהאַלטען. ער איז אָבער היינט געווען אזוי בייז און אזוי אויפגערעגט, אז ער האָט געוואָלט זיא קרענקען.

— עס איז שוין צעהן אוהר, האָט ער פּלוצלונג אויסגערופען, פּראנסוא וואָלט שוין געדאַרפט זיין צוריק פון גאנט. דער צוג קומט אָן האלב נאָך ניין. נו, וואו איז ער? פאר וואָס איז ער נאָך ניטאָ? ער האָט פערשפּעטיגט דעם צוג! איך קען איהם שוין.

— אָנקעל, עס איז ערשט נאָך ניין, האָט זשוליעט געענטפערט.

— עס איז שוין צעהן!

— אָבער, אָנקעל...

— איך וויים שוין! דוא ווילסט מיך קרענקען! ווען איך זאָג, אז עס איז טאָג, מוזט דוא זאָגען, אז עס איז נאכט.

— ניין, ליעבער אָנקעל...

— זאָג ניט "ניין"! האָט דאָראן געשריען אויסער זיך.

נאנאָן האָט א וואונק געטהאָן צו איהר טאָכטער, זיא זאָל שווייגען. זיא האָט גוט געוואוסט, אז ווען איהר ברודער איז אויפגערעגט, קען מען מיט איהם גאָר ניט רעדען.

ביידע פרויען האָבען געוואָלט ארויסגעהן.

— רופט מיר גילדאס טרעגאָמעין! האָט זשאק דאָראן געזאָגט שטרענג.

אין דער צייט ווען דיא פרויען זיינען געגאנגען רופען גילדאס טרעגאָמעין, ווילען מיר בעשרייבען דיא הויפּט פּערזאָן פון אונזער ראָמאן און וואו מיר געפינען זיך יעצט.

סען מאלאָ איז א קליין שטעדטעל אין פראנקרייך. איהרע איינוואָהנער זיינען אלע מאַטראָזען, שיפסקאַפּיטאנען אָדער פישער. סען מאלאָ ווערט בעטראכט אלס א פּאָרט שטאָדט, אָבער ניט אלס א האנדעלס שטאָדט. ווען מען שטעהט אויף דיא דאקס פון סען מאלאָ, זעהט מען זעהר אָפט גרויסע שיפען פארבייגעהן, אָבער זיי פאָהרען אלע נאָך ענגלאנד און נור זעלטען, ווען עס פּאסירט עפּעס אן אונגליק אויף א שיף, קומט זיא צו צום פּאָרט פון סען מאלאָ.

וויא אין יעדער קליינער שטאָדט, האָט אויך אין סען מאלאָ יעדער איינוואָהנער זיין אייגען הויז. דער פּלאַץ איז ביליג, דיא וואָהנונגען זיינען ביליג און דיא הייזער זיינען ביליג.

קאפּיטאן זשאק דאָראן וואָהנט אין זיין אייגענעם הויז ניט ווייט פון דיא דאקס. זיין פּאָטער טהאָמאס דאָראן איז געווען שיפסקאַפּיטאן פון זיין אייגענער שיף. ער פּלעגט קויפען אלערליי וואארען אין פראנקרייך, פּלעגט מיט זיי ארומפאָהרען אויף דעם מיטעללענדישען מעער און פלעגט זיי פער־קויפען אין דיא שטעדט פון אזיען און אפריקא, וועלכע געפינען זיך ארום דעם מיטעללענדישען מעער.

ווען מיר וואָלטען געווען אמעריקאנער, וואָלטען מיר געקענט זאָגען, אז

קאפיטאן טהאָמאס דאָראן איז געווען א פעדלער, ווייל ער פלעגט ווירקליך פעדלען אָדער הויזירען מיט זיינע וואארען.

אין דיא יאָהרען 1798—1799, ווען נאפאָלעאָן באָנאפארטע האָט געפיהרט קריעג אין עגיפטען און סיריען, האָט טהאָמאס דאָראן צוגעשטעלט פּראָוויאנט, לעבענס־מיטעל, פאר דער פראנצויזישער ארמעע.

דעם 3טען מערץ 1799 איז ער מיט זיין שיף געשטאנען לעבען דער שטאָדט יפו און דאָרט צופעליגערוויזע גערעטעט א יונגען טירקישען אָפיציער, וועלכער האָט געזאָגט, אז ער הייסט קיאמיל פאשא. ער האָט איהם גערעטעט דאָס לעבען און האָט איהם געבראכט נאָך קאָנסטאנטינאָפּאָל.

אלס עכטער מאטראָז האָט ער ליעב געהאט דאָס מעער און האָט זיין איינציגען זוהן זשאק געלאָזען לערנען זיין אייגענע האנדווערק: פיהרען א שיף. זשאק דאָראן האָט געלערענט אין דער מארין שולע אין דער שטאָדט נאנט און האָט ענדליך אויסגעהאלטען עקזאמען אלס שיפסקאפּיטאן פון א שיף, וועלכע מאכט קורצע רייזען.

זשאק דאָראן איז אויך געוואָרען א שיפסקאפּיטאן פון שיפען, וועלכע זיינען געפאָהרען אין דעם ענגלישען קאנאל, נאָך האָלאנד, נאָך דייטשלאנד, נאָך שפאניען און פּאָרטוגאל.

אין דער צייט אָבער ווען ער האָט געדיענט אלס צווייטער און שפּעטער אלס ערשטער אָפיציער, האָט ער ארומגערייזט אלע מעערען און אלע וואסערען. ער איז געווען אין אמעריקא, אין כינא, אין יאפּאן, אין אינדיען און אין אלע גרויסע פּאָרט שטעדט פון אפריקא.

זייט אָנדערהאלבען יאָהר האָט ער זיך אָבגעזאָגט פון זיין בעשעפטיגונג אלס שיפסקאפּיטאן און איז געוואָרען א היים זיצער. ער איז ניט קיין רייכער מאן, אָבער אין א צייט פון עטליכע און צוואנציג יאָהר האָט ער אָבגעשפּאָרט א שעהנעם קאפּיטאל און האָט צוגעלעגט צו דעם קאפּיטאל, וועלכען ער האָט גע'ירשנ'ט פון זיין פאָטער. צוזאמען האָט עס אויסגעמאכט א שעהנע סומע, פון וועלכער ער האָט געקענט לעבען רוהיג אין סען מאלאָ און ניט ארבייטען שווער און זיך אונטערוואָרפען אלע מעגליכע געפאהרען אלס שיפסקאפּיטאן.

ער איז יעצט אכט און פערציג יאָהר אלט. ער האָט ניט געהייראט. אמאָל, שוין גאנץ לאנג, האָט ער אויך געטרוימט פון ליעבע, פון גליק, פון א פאמיליע, פון קינדער. עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אז א שעהנע פּאָר אויגען פון א שעהנעם מיידעלשען געזיכט האָבען אריינגעקוקט טיעף אין זיין הארצען, און ער האָט געטראכט און געטרוימט, אָבער ווען ער איז צוריקגעקומען פון א לענגערער רייזע, האָט ער געפונען, אז יענע אויגען האָבען זיך

געוועגדעט אין אן אנדער זייט, און זייט דאַמאָלס האָט ער אויפגעהערט צו טראַכטען און צו טרוימען פון ליעבע און גליק.

ער איז געוועזן ניט גאַנץ הויך, אָבער שטאַרק געבויט. זיינע שוואַרצע האָר זיינען געוועזן האַרט און שטייף, וויא דיא האָר אויף דעם רוקען פון א געוויסער פיער־פיסיגער חיה, וועלכע אידען און מאַכמעדאַנער ווילען ניט עסען. זיין געזיכט איז געוועזן ברוין, אויסגעגאַרבט פון מעער וואַסער און פון דיא הייסע שטראַהלען פון דער זון פון הייסע געגענדען. א פּאָר קליינע, קלוגע, שוואַרצע אויגען האָבען געלויכטען פון דיעזען ברוין געגאַרבטען געזיכט.

ער איז געוועזן מאַגער, אָבער ווער עס האָט געהאַט דיא געלעגענהייט צו בעטראַכטען דיא מוסקעלען פון זיינע אָרעמס, דער וואָלט געשוואָרען, אז דיעזע הענד זיינען אים שטאַנד איינצוהאַלטען אן אָקס אין זיין ווילדען לויף, און דאָס איז אויך ריכטיג. זשאַק דאַראַן איז געוועזן א שטאַרקער מאַן, וועלכער וואָלט נאָך מיט זיינע אכט און פיערציג יאָהר זיך געקענט שטעלען געגען פינף יונגע לייט פון עטליכע און צוואַנציג.

נאַנאָן איז געוועזן זיין שוועסטער, צוויי יאָהר עלטער פון איהם. איהר מאַן איז געוועזן א בוכהאַלטער אין דער קאָמפּאַניע, ביי וועלכער זשאַק איז געוועזן שיפסקאַפּיטאַן. ער איז אָבער געשטאָרבען יונג און האָט איבערגעלאָזען נור איין קינד, א טאָכטער זשוליעט. אזוי וויא ער איז געשטאָרבען אָרעם, האָט דזשאַק דאַראַן גענומען צו זיך זיין שוועסטער מיט איהר קינד און האָט זיי געהאַלטען ביי זיך אין זיין שעהנעם גערוימיגען הויז, וואָס ער האָט גע'ירש'נט פון זיין פאָטער.

נאַנאָן איז געוועזן א שטילע, רוהיגע, פלייסיגע פרוי. זייט איהר מאַן איז געשטאָרבען, האָט זיא זיך צוריקגעצויגען פון דער וועלט און האָט געלעבט נור פאַר איהר טאָכטער זשוליעט און פאַר איהר ברודער זשאַק. זיא פלעגט אויסשטעהן אלע זיינע שגעונות, אלע זיינע קאַפּריזען און פלעגט קיין מאָל ניט וואַגען צו רעדען א וואָרט געגען איהם.

גאַנץ אנדערש איז געוועזן איהר טאָכטער זשוליעט. זיא פלעגט זיך שוין שטעלען געגען איהר אָנקעל און מאַכען איהם פאָרווירפע, ווען ער פלעגט ארויס־ווייזען צו פיעל קאַפּריזען. זיא פלעגט עס טהאָן, ווייל זיא האָט געוואוסט, אז איהר אָנקעל וועט אויף איהר ניט בייז ווערען, ווייל זיא איז געוועזן דאָס שעהנסטע מעדכען אין סען מאַלאָ און פאַר א שעהנעם מעדכען האָט זאָגאַר אן אַלטער, נערוועזער אָנקעל אביסעל רעספּעקט.

זשוליעט איז געגאַנגען רופען גילדאַס טרעגאַמעין און ער איז אויך באַלד געקומען.

גילדאַס טרעגאַמעין האָט געוואָהנט אין דעם דריטען הויז פון זשאַק דאַראַן. ער איז אויך געוועזן א מאַטראָז, ריכטיגער נאָך, א שיפסקאַפּיטאַן, אָבער א

שיפסקאַפּיטאַן פון א בארקע, וועלכע פלעגט ארומפאָהרען נור אויף דעם טייך ראַנס, א קליינער טייך, וועלכער פאַלט אריין אין מעער לעבען סען מאלאָ. דיא בארקע האָט געהערט צו גילדאס טרעגאַמעין. ער איז אַלזאָ געוועזען אייגענטהי־מער און שיפסקאַפּיטאַן פון זיין אייגענער בארקע, אויף וועלכער ער פלעגט פיהרען קויהלען, וויין און אנדערע פּראָדוקטען פון פראנקרייך צום פּאָרט פון סען מאלאָ, וואו מען פלעגט זיי אָנלאָדען אויף שיפען. אָבוואָהל ער איז געוועזען מאַטראָז און שיפסקאַפּיטאַן, איז ער קיין מאָל ניט ארויסגעפאָהרען אויף'ן מעער ווייטער פון סען מאלאָ. ער איז זאָגאר קיין מאָל ניט געוועזען אין ענגלאנד, דאָס הייסט, ער איז קיין מאָל ניט אריבערגעפאָהרען דעם קאַנאַל צווישען פראנק־רייך און ענגלאנד.

גילדאס טרעגאַמעין איז אַלט געוועזען איין און פופציג יאָהר, אַלזאָ מיט דריי יאָהר עלטער פון זשאק דאָראַן. זיי האָבען זיך געקענט פון קינדרוויז אָן, זיי פלעגען זיך שפּיעלען צוזאמען, געלערנט אין איין שולע און זיך אָפט צו־שלאָגען. עס איז זעהר מעגליך, אז דארום זיינען זיי געוואָרען אזעלכע גוטע פריינד, ווען זיי זיינען עלטער געוואָרען און זיינען געבליבען דיא בעסטע, דיא געטרייעסטע פריינד, וועלכע עס קען נור געבען אויף דער וועלט.

אויך גילדאס טרעגאַמעין איז שוין מעהר ניט געפאָהרען אויף זיין בארקע. אויך ער האָט אָבגעשפּאָרט א קאַפּיטאַל, פון וועלכען ער האָט געקענט אָבלעבען רוהיג זיינע יאָהרען. אויך ער האָט ניט געהייראַטה און האָט געלעבט גאַנץ אַליין. אָן אַלטע פרוי, זיינע א פערוואַנדטע, פלעגט פיהרען זיין ווירטהשאַפט.

אין דיעזע בעציהונגען זיינען דיעזעביידע מענער געוועזען גאַנץ עהנליך, אָבער דערמיט האָט דיא עהנליכקייט אויפגעהערט. אין כאראַקטער זיינען זיי געוועזען גאַנץ פערשיעדען. זשאק דאָראַן פלעגט רעדען, שרייען, לאַרמען, ווערען אויפגערעגט, זיך בייזערען אויף אַלעמען, און ווען ער פלעגט ווערען בייז, פלעגט ער צוברעכען אַלעס, וואָס איז איהם אריינגעפאַלען אין דיא הענד. גילדאס טרעגאַמעין איז געוועזען א שטילער, רוהיגער, קאַלטבלוטיגער, איבערלעגטער מענש. ער פלעגט שטענדיג שמייכלען, איז שטענדיג געוועזען פרעהליך און פריינדליך געגען יעדען. ער האָט קיין מאָל קיינעם ניט געזאָגט קיין גראָב וואָרט און קיינער האָט איהם ניט געהערט זאָגען א הויך וואָרט.

זשאק דאָראַן איז געוועזען מאָגער און פלינק, גילדאס טרעגאַמעין איז גע־וועזען דיק און שטארק וויא אָן אָקס. ער פלעגט רעדען לאַנגזאַם און פלעגט זיך בעוועגען לאַנגזאַם. אַלע האָבען ליעב געהאַט דעם גוטען, שטילען, רוהיגען גילדאס טרעגאַמעין. זשוליעט האָט איהם ליעב געהאַט, וויא א פאָטער. זיא פלעגט אָפט שטעהן שטונדען לאַנג ביים ברעג פון דעם טייך ראַנס און וואַרטען אויף דער בארקע פון אָנקעל טרעגאַמעין, ווייל זיא האָט געוואוסט, אז יעדעס

מאָל, ווען ער פלעגט צוריקקומען פון א רייזע, פלעגט ער איהר עפּעס מיטברייני־
גען. פראנסוא פלעגט איהם שעצען און אכטען אלס א קלוגען אלטען פריינד.

דאָס זיינען געווען דיא צוויי מענער, וועלכע זייגען זיך צונויפגעקומען
זונטאג, דעם 23טען פעברואר 1862 אין הויז פון זשאק דאַראן.

5טעס קאפיטעל.

## דאָס געהיימנים פון דעם בעגראָבענעם אוצר

קוים האָט זיך דיא ברייטע געשטאלט פון גילדאס טרעגאָמעין געווי־
זען אין דער טהיר האָט זשאק דאַראן א געשריי געטהאָן:

— ענדליך ביזט דוא דאָך געקומען!

— איך בין געקומען, אזוי שנעל וויא דוא האָסט מיך געשיקט רופען,
האָט טרעגאָמעין געענטפערט רוהיג.

— און פריהער האָסט דוא ניט געקענט קומען?

— פריהער האָב איך ניט געקענט קומען.

— איך פערשטעה! דוא האָסט געמיינט, אז דוא שלעפסט זיך אויף דיין
בארקע "דיא שעהנע אמאליע".

אזוי האָט געהייסען טרעגאָמעין'ס בארקע און זשאק דאַראן פלעגט אָפט
לאכען פון זיין פריינד, וועלכער איז נור געווען א שיפסקאפיטאן פון א בארקע,
וועלכע פלעגט נור ארומפאָהרען אין א טייך.

גילדאס טרעגאָמעין האָט זיך אָבער ניט בעליידיגט. ער האָט גוט געקענט
זיין פריינד און האָט געזעהען, אז ער איז היינט עפּעס אויפגערעגט.

— נו, וואָס שטעהסט דוא ביי דער טהיר? האָט זשאק דאַראן געשריען.
זעץ זיך! וואָס שטעהסט דוא וויא א קלאָץ?

גילדאס טרעגאָמעין האָט זיך אנידערגעזעצט לעבען דעם גרויסען טיש,
אויף וועלכען עס זיינען געלעגען דיא לאנד־קארטען און מעער־קארטען.

זשאק דאַראן האָט ארויסגענומען פון א שראנק א פלאש קאָניאק און צוויי
גלעזער און האָט זיי אנידערגעשטעלט אויף'ן טיש.

— ווילסט דוא טרינקען א קאָניאק? האָט ער געפרעגט זיין פריינד.

— דוא ווייסט דאָך, זשאק, אז איך טרינק ניט, האָט טרעגאָמעין גע־
ענטפערט.

— איך האָב פערגעסען, אז א שיפסקאפיטאן פון א בארקע און נאָך פון אזא
בארקע וויא דיא "שעהנע אמאליע" טרינקט ניט, וויל ער איז גאָר קיין
מאטראָז ניט.

גילדאס טרעגאַמעין האָט זיך ניט בעליידיגט פון דיעזע שטעכווערטער.

זשאק דאַראַן האָט אָנגעגאָסען צוויי גלעזלעך קאָניאַק און האָט זיי אויסגע־טרונקען איינס נאָך׳ן אנדערען, דאן האָט ער געזאָגט:

— יעצט וועלען מיר רעדען.

— פון וואָס זאָלען מיר רעדען?

— וואָס הייסט, פון וואָס? ווייסט דוא דען ניט פון מיין געשיכטע?

— כ׳לעבען, איך האָב זיא שוין פערגעסען, האָט טרעגאַמעין געענט־פערט.

זשאק דאַראַן האָט געוואָרפען אויף איהם א בייזען בליק, פול מיט שפּאָט און פעראכטונג.

— איך האָב אין גאנצען פערגעסען, אז איך רעד מיט א לאנד מויז, מיט א וואסער פויגעל, מיט א ביבער, מיט א... שיפסקאפּיטאן פון א בארקע, וועלכע אָקסען שלעפּען אין דעם טייך ראנס, האָט זשאק דאַראַן געשריען. אזא מענש קען פערגעסען, וואָס מען האָט איהם דערצעהלט. ער וויים גאָר ניט, וואָס מען רעדט צו איהם, ווייל ער האָט דאָך גאָר ניט וואָס צו טהאָן אויף זיין בארקע.

גילדאס טרעגאַמעין האָט זיך צולאכט מיט זיין איינפאכען, גוטמוטהיגען געלעכטער.

— וואָס זאָל איך טהאָן, מיין פריינד? האָט ער געזאָגט אזוי מילד און אזוי פריעדליך, אז זאָגאר דער אויפגערעגטער זשאק דאַראַן האָט א שמייכעל געטהאָן. וואָס זאָל איך טהאָן, מיין פריינד, ווען איך בין דאָך מיין לעבען לאנג נור ארומגעפאָהרען אויף דעם טייך ראנס? איך האָב אלעס פערגעסען.

— דאן מוז איך דיר דערצעהלען נאָך אמאָל, איך מוז דערצעהלען אלעס פון אָנפאנג.

— דערצעהל, מיין פריינד, האָט גילדאס טרעגאַמעין געזאָגט גאנץ רוהיג.

— האָסט דוא געקענט מיין פאָטער, טהאָמאס דאַראַן?

— געוויס האָב איך איהם געקענט, דעם גוטען, אלטען טהאָמאס!

— ווייסט דוא, ווען מיין פאָטער איז געשטאָרבען?

— געוויס וויים איך עס: עס איז געוועזען דער 3טער יוני 1854.

— דאן הער אוים זיין געשיכטע.

— איך הער, מיין פריינד, האָט גילדאס טרעגאַמעין געענטפערט.

עס איז שווער צו זאָגען, אויב גילדאס טרעגאַמעין האָט געוואָלט מאכען שפּאס מיט זיין פריינד, אָדער ער האָט אבזיכטליך פערלאנגט, אז זיין פריינד זשאק דאַראַן זאָל זיך אביסעל בערוהיגען דורך זיין ערצעהלונג פון זאכען, וועל־כע ער האָט איהם שוין דערצעהלט צוואנציג מאָל.

זשאק דאַראַן האָט אָנגעהויבען צו דערצעהלען:

— אין 1799 האָט מיין פאָטער צוגעשטעלט פּראָוויאַנט פאר דער פראַנ־צויזישער ארמעע אין סיריען און פּאַלעסטינא. אם 3טען מערץ נאָך דער שלאכט ביי דער שטאָדט יאפא (יפו) האָט מיין פאָטער גערעטעט א פערוואונדעטען טיר־קישען אָפיציער. מיין פאָטער האָט איהם אויסגעהיילט און געבראכט נאָך קאָנ־סטאנטינאָפּאָל. דאָרט האָט דער טערק איהם געזאָגט, אז ער הייסט קיאמיל פּא־שא און וועט קיין מאָל ניט פערגעסען וואָס מיין פאָטער האָט געטהאָן פאר איהם.

זייט דאמאָלס זיינען פערגאנגען פיעלע יאָהרען און מיין פאָטער האָט אין גאנצען פערגעסען דיא געשיכטע. ער איז אלט געוואָרען און האָט אָנגעזאָ־מעלט אזוי פיעל געלד, אז ער האָט שוין געקענט רוהיג אָבלעבען דיא יאָהרען, וואָס עס איז איהם נאָך געבליבען צו לעבען, ביי זיך אין דער היים, אין סען מאלאָ.

דעם 5טען יוני 1842 איז איהם גאָר פּלוצלונג אָנגעקומען א בריעף מיט א טירקישער פּאָסט מארקע, מיט א שטעמפּעל "עגיפּטען". אין בריעף איז געשטאנען:

"שיפסקאפּיטאן טהאָמאס דאָראן ווערט געבעטען, ער זאָל זיך פערצייכע־נען אין זיין טאשענבוך: דיברייט פון דער וועלט 24 גראד 59 מינוטען נאָרד. דיא לענג פון דער וועלט וועט מען איהם שפּעטער מעלדען. ער וועט טהאָן זעהר גוט ניט צו פערגעסען און ניט צו פערליערען דיעזען בריעף און דיעזע נאָטיץ. דיא סומע געלד, וועלכע ער וועט בעקומען, וועט זיין דיא בעלוינונג דערפאר וואָס ער האָט גערעטעט דאָס לעבען פון דעם פערוואונדעטען אָפיציער אין יפו".

— איז דיעזער בריעף געווען אונטערשריעבען? האָט גילדאס טרעגאָ־מעין געפרעגט.

— יא, ער איז געווען אונטערשריעבען מיט א דאָפּעל "ק".

— ווייטער, האָט גילדאס טרעגאמעין געבעטען.

זשאק דאָראן האָט ווייטער דערצעהלט:

— מיין פאָטער האָט דאן אָנגעהויבען צו טראכטען: "עס איז צוואר שוין אביסעל צו שפּעט. דריי און פיערציג יאָהר זיינען פערגאנגען, זייט איך האָב גערעטעט דאָס לעבען פון דעם פערוואונדעטען טירקישען אָפיציער; דריי און פערציג יאָהר זיינען פערגאנגען, זייט דיעזער אָפיציער האָט געזאָגט צו מיר: איך וועל דיך ניט פערגעסען. ער האָט געהאלטען וואָרט: ער האָט מיך ניט פערגעסען, אָבער וויא אזוי? ער האָט מיר אָנגעצייגט דיא ברייט פון דער ערד, וואו ער האָט בעהאלטען פאר מיר א גרויס פערמעגען. וואָס האָב איך אָבער דערפון ווען איך וויים ניט דיא לענג?"

אז דער טירקישער אָפיציער האָט איהם איבערגעלאָזען א גרויס פערמעגען, פיליייכט פיעלע, פיעלע מיליאָנען, איז זעלבסט פערשטענדליך, אלא ניט, וואָלט

ער איהם דאָך ניט געשיקט אַזאַ בריעף. וואו געפינען זיך אָבער דיעזע מיליאָנען? דאָס איז דיא פראַגע.

מיין פאָטער האָט געוואוסט, אַז עס זאָל ווער קומען און איהם אָנצייגען דיא לעגע. צוועלף לאַנגע יאָהר האָט מיין פאָטער געוואַרט. ענדליך, אין 1854, ווען מיין פאָטער איז קראַנק געוואָרען און האָט געפיהלט, אַז זיין ענדע איז נאָהענט, האָט ער מיך צוגערופען צו זיין בעט, האָט מיר איבערגעגעבען דעם בריעף, וועלכען ער האָט ערהאַלטען אין 1842 פון קיאמיל פּאַשאַ און האָט גע־זאָגט צו מיר:

"מיין ליעבער זוהן, איך בין קיין רייכער מאַן. איך פערמאָג נור דיעזעס הויז און צעהן טויזענד פראַנק, וועלכע איך האָב אָבגעשפּאָרט און וועלכע איך האַלט אין אַ באַנק אין נאַנט. דאָס איז ניט פיעל. מיט צעהן טויזענד פראַנק איז אַ מענש ניט פערזאָרגט אויף זיין גאַנצען לעבען, אָבער איך האָב דיעזען בריעף, וועלכער איז געוויס ווערטה מיליאָנען. וויא פיעל מיליאָנען? דאָס ווייס איך ניט, איך קען מיר אָבער פאָרשטעלען, אַז אַ רייכער פּאַשאַ; ווען איך האָב געריכטעט דאָס לעבען, האָט געוויס מיר איבערגעלאָזען אַן אוצר פון מיליאָנען. אַלזאָ, מיין זוהן, פערגעס ניט דיא ברייט: 24 גראַד 59 מינוטען נאָרד".

איך האָב עס ניט פערגעסען. איך געדענק עס גאַנץ גוט און האָב שטענדיג געטראַכט דערפון.

מיין פאָטער איז באַלד געשטאָרבען און מיר האָבען איהם בעערדיגט און בעטרויערט. אַלע, וועלכע האָבען איהם געקענט, האָבען איהם בעדויערט און בעטרויערט.

ווען איך האָב מיך אביסעל בערוהיגט נאָך דעם טויט פון מיין פאָטער, האָב איך אָנגעהויבען צו טראַכטען פון דיא מיליאָנען, וועלכע קיאמיל פּאַשאַ האָט איבערגעלאָזען מיין פאָטער. איך בין געפאָהרען נאָך אַלעקסאַנדריע, עגיפּ־טען און האָב אָנגעהויבען נאָכצופרעגען, אויב עס האָט אמאָל געלעבט אין עגיפּטען אַ מאַן, וועלכער האָט געהייסען קיאמיל פּאַשאַ, אויב דיעזער קיאמיל פּאַשאַ איז געוועזען רייך, אויב ער האָט געהאַט קינדער, ווען ער איז געשטאָר־בען און וואו זיין פערמעגען איז אהינגעקומען. מען האָט מיר געענטפערט, אַז קיאמיל פּאַשאַ איז געוועזען איינער פון דיא רייכסטע מענער אין עגיפּטען, ער איז געשטאָרבען אָהן קינדער, אָדער וועניגסטענס אָהן יורשים. וואו זיין פער־מעגען איז אהינגעקומען, ווייס קיינער ניט. מחמד אלי פּאַשאַ, דער כעדיוו פון עגיפּטען, האָט געוואָלט צונעהמען זיין פערמעגען און האָט עס געזוכט איבעראַל, אָבער ער האָט עס ניט געקענט געפינען.

איך ווייס אַלזאָ, אַז איך בין אַ רייכער מאַן, אַז קיאמיל פּאַשאַ האָט אי־בערגעלאָזען זיין פערמעגען צו מיין פאָטער, אַלזאָ צו מיר, אָבער וואו געפינט

זיך דיעזעם פערמעגען? וואו ליעגט דיעזער אוצר, וועלכען קיאמיל פּאשא האָט פערגראָבען אין דער ברייט פון דער וועלט 24 גראד 59 מינוטען צו נאָרד פון׳ם עקוואטאָר? וואו איז עס אָבער? וויא איז דיא לענג?

זשאק דאָראן האָט געדעדט נאָך א לאנגע צייט און האָט ערקלערט, וואָס ער האָט געטהאָן, וואָס ער האָט איבערגעטראכט און וואָס ער האָט איבערגעלי־טען, זייט ער איז געוואָהר געוואָרען, אז ער איז א מיליאָנער, אז ער איז פּי־לייכט רייכער פון דיא ראָטהשילדס, ווען ער זאָל נור קענען וויסען, וואו עס געפינט זיך דער אוצר, וועלכען קיאמיל פּאשא האָט בעהאלטען פון זיינעט־וועגען.

ער האָט זיך אָבגעזאָגט פון זיין שטעלע אלס שיפסקאפּיטאן פון א גרויסער שיף, וועלכע האָט געהערט צו דער אפריקא טראנספּאָרט קאָמפּאניע, און ער טראכט, קלערט, ברעכט זיך דעם קאָפּ און זוכט אויסצוגעפינען, וואו עס ליעגען ערגעץ זיינע מיליאָנען. עס איז אלזאָ גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס ער איז געוואָרען אזוי אויפגערעגט, וואָס ער ברעכט און ווארפט אלעס אין זיין צימער, ווען ער הויבט אָן צו טראכטען און צו בעטראכטען דיא לאנד און מעער־קארטען, אום אויסצוגעפינען וואו עס קענען ערגעץ זיין בעהאלטען דיעזע מיליאָנען.

גילדאס טרעגאָמעין האָט געוואוסט פון דיעזער געשיכטע, ניט גאנץ גענוי, וויא זיין פריינד זשאק דאָראן האָט עס איהם היינט דערצעהלט, אָבער ער האָט עס געוואוסט. זשאק׳ם פּאָטער, טהאָמאס דאָראן האָט איהם געגעבען א וואונק, אז ער וועט אמאָל ווערען זעהר רייך, אָבער אלס רוהיגער, איבער־לעגטער מענש האָט גילדאס טרעגאָמעין וועניג געגלויבט אין אזעלכע וואונדער.

ער אליין האָט זיין גאנצעס לעבען לאנג געארבייט שווער און ביטער און האָט זיך אויפגעלעגט פראנק צו פראנק, ביז ער האָט אָבגעשפּאָרט, אָבגעקארגט, זיך אָבגעריסען פון מויל אזוי פיעל, אז ער זאָל קענען פערברענגען זיינע עלטע־רע יאָהרען אין זיין היים צווישען זיינע גוטע פריינד און פערוואנדטע, שטיל און רוהיג, אָרים, אָבער זיכער, אז ער וועט ניט דארפען ליידען מאנגעל און נויט.

— דוא הערסט מיך ניט? האָט זשאק דאָראן אויסגערופען אויסער זיך.

— איך הער דיך גאנץ גוט, מיין פריינד, איז געוועזען דיא אנטוואָרט.

— ווייסט דוא, וואָס עס הייסט דער עקוואטאָר?

— יא, עפּעס ווייס איך.

זשאק דאָראן האָט גענומען א גלאָבוס (א פאָרשטעלונג פון דעם ערד־קוגעל) און האָט איהם אנידערגעשטעלט אויף דעם טיש מיט פאָלגענדע ווער־טער:

— ווייסט דוא וואָס דאָס איז?

— א גלאָבוס, א בילד פון דער ערד, אויף וועלכער מיר לעבען, האָט גילדאס טרעגאָמעין געענטפערט.

— זעהסט דוא ליניען, פאסען אויף דיעזען גלאָבוס?

— יא.

— וויא געהן דיעזע ליניען?

— אייניגע ליניען געהן פון נאָרד נאָך זיד, פון צפון נאָך דרום, מיט אנ־דערע ווערטער, זיי שניידען איבער דעם גאנצען גלאָבוס, דעם גאנצען קוגעל, אויף צוויי גלייכע העלפט.

— דאָס איז גאנץ ריכטיג. ווייסט דוא אָבער, אז אויף יעדער פון דיעזע ליניען מוז אויסקומען איין מאָל אין טאָג פונקט מיטאָג, דאָס הייסט, דיא זון שטעהט פונקט אויף דיעזער ליניע און דאָרט איז פונקט האלבער טאָג, און ווען א מענש אָדער א בוים זאָל שטעהען אויף א פרייען פעלד וואָלט פון איהם ניט געפאלען קיין שאָטען ניט רעכטס, ניט לינקס, זאָנדערן אונטער איהם?

— יא, דאָס ווייס איך.

— אום גענוי איינצוטהיילען דיא ערד און צו וויסען גענוי, וואו עס געפינט זיך א לאנד, א שטאָדט אָדער א אינזעל, האָט מען איינגעטהיילט דעם גאנצען גלאָבוס, דאָס הייסט, דיא גאנצע ערד אין 360 אזעלכע ליניען. יעדע ליניע הייסט א מערידיאן, דאָס הייסט א פונקט, ווען דיא זון געפינט זיך אויף איהם איין מאָל אין פיער און צוואנציג שטונדען.

— יא, דאָס האָב איך אמאָל געלערנט אין שולע.

— אזוי וויא אָבער דיא ערד איז קיילעכדיג און מען קען ניט זאָגען, וועל־כער איז דער ערשטער פונקט אָדער דער ערשטער מערידיאן, האָט יעדעס פאָלק זיך אויסגעקליבען א פונקט, א מערידיאן, און האָט איהם גערופען דער ערש־טער. מיר, פראנצויזען, האָבען זיך אויסגעקליבען דעם פונקט, ווען דיא זון שטעהט פונקט איבער פאריז און האָבען איהם א נאָמען געגעבען: דער ערשטער מערידיאן. פון יענעם פונקט און ווייטער געהט דיא זון אלץ נאָך וועסט, צו מערב זייט, ביז זיא קומט צו דעם 180טען מערידיאן, דאָס הייסט, פונקט דיא העלפט פון דער ערד. ווען אין פאריז איז פונקט 12 אוהר, דאָס הייסט, ווען דיא זון גע־פינט זיך פונקט איבער פאריז, דאן איז אויף דעם 180טען מערידיאן האלבע נאכט. ווען דיא זון קומט צו דעם 180טען מערידיאן, איז דאָרט פונקט האלבער טאָג, 12 אוהר ביי טאָג און איז פאריז איז עס פונקט האלבע נאכט.

— דאָס ווייס איך אויך.

— ווייסט דוא אָבער, אז אום לייכטער צו מאכען פאר מענשען אויס־צוגעפינען א געגענד, האָט מען איינגעטהיילט דיא וועלט אויף צוויי גרויסע טהיילען: אָסט און וועסט, מזרח און מערב. יעדער טהייל איז איינגעטהיילט אין 180 גראד, דאָס הייסט, 180 מערידיאנען. דער האלבער טהייל, אין וועלכען

דיא זון געהט פון פאריז נאָך וועסט, צו מערב, הייסט דיא וועסטליכע לענג, דאָס איז דיא לענג צו מערב־צו. דער טהייל אָבער, פון וואנען דיא זון קומט אָן, הייסט דיא אָסטליכע לענג, דער מזרח.

— עפעס געדענק איך, אָבער איך פערשטעה עס ניט גאנץ גוט, האָט גיל־דאס טרעגאָמעין געזאָגט.

— נו, בעטראכט דעם גלאָבוס, וועסט דוא באלד פערשטעהן, האָט זשאק דאָראן געענטפערט. דוא פאָהרסט פון פאריז נאָך אמעריקא. וואו גע־פינט זיך אמעריקא?

— אין אָסט, מזרח פון פאריז.

— וויא פיעל מערידיאנען אָדער וויא פיעל גראד אין אָסטליכער לענג גע־פינט זיך אמעריקא פון פאריז?

גילדאס טרעגאָמעין האָט געצעהלט און האָט געענטפערט:

— עפעס מעהר פון 41.

— אלזאָ ניו יאָרק געפינט זיך געגען פאריז 41 גראד ווייט אין אָסטליכער לענג. דערמיט אָבער קענען מיר נאָך אלץ ניט וויסען גענוי, וואו א לאנד געפינט זיך. דארום האָט מען געמאכט נאָך אן אנדער איינטהיילונג.

דיא ערד איז א קוגעל, א קייקעכדיגע זאך. אין דער מיט איז זיא העכער. פון דיא זייטען ווערט זיא אלץ קלענער און קלענער. דעם העכסטען פונקט פון דער וועלט האָט מען א נאָמען געגעבען עקוואטאָר, דער גלייכער, ווייל ער צו־טהיילט דיא ערד אויף צוויי גלייכע טהיילען: איין טהייל נאָך נאָרד (צפון) און דעם אנדערען טהייל נאָך זיד (דרום).

— דאָס וויים איך אויך.

— אום אָבער נאָך גענויער צו בעשטימען, וואו עס געפינט זיך א לאנד, א אינזעל אָדער א שטאָדט, האָט מען איינגעטהיילט דיא ערד אין 180 פאראַ־לעלען, גלייכע ליניען, 90 ליניען געהען פון דעם עקוואטאָר צו דעם נאָרד פאָל און זיי הייסען דיא גראדען פון נאָרדליכער ברייט, און 90 ליניען אָדער פאראַ־לעלען געהען פון דעם עקוואטאָר נאָך זיד (דרום זייט) און זיי הייסען דיא זידליכע ברייט.

— וויא גרוים איז אָבער א גראד?

— אום צו בעשטימען גענוי, וואו עס געפינט זיך א געגענד, האָט מען איינגעטהיילט יעדען גראד אין 60 טהיילען. דיעזע 60 טהיילען הייסען מינוטען, יעדע מינוט אָדער יעדע פון דיעזע 60 טהיילען ווערט ווידער צוטהיילט אויף 60 טהיילען אָדער 60 סעקונדען. יעדע סעקונדע ווערט ווידער איינגעטהיילט אויף 60 טהיילען, וועלכע הייסען 60 טערצען. פערשטעהסט דוא?

— גאנץ גענוי פערשטעה איך עס ניט, אָבער איך הויב אָן צו פערשטעהן, וויא אזוי א שיפסקאפיטאן קען אויסגעפינען זיין וועג.

— דוא פערשטעהסט גאר ניט! האט זשאק דאראן געשריען, דוא פער־שטעהסט ניט און וועסט ניט פערשטעהן.

— נו, וואס קען איך מיר העלפען? האט גילדאס טרעגאמעין געזאגט גאנץ רוהיג.

— אבער ווייסט דוא ווייניגסטענס, אז אין יעדער שטונדע געהט דיא זון איבער פופצעהן גראד פון דיא 360 לענג גראדען אדער מערידיאנען? פער־שטעהסט דוא, אז אין יעדער מינוט מאכט דיא זון א וועג פון פופצעהן טהיילען פון א גראד אדער 15 מינוט פון א גראד?

גילדאס טרעגאמעין האט מעהר ניט געענטפערט.

זשאק דאראן האט איהם אנגעוויזען אויף א פאראלעל ליניע אויף דעם גלאָ־בוס און האט ווייטער געזאגט:

— נו, בעטראכט דיעזע ליניע, דאס איז דיא פאראלעל ליניע, וועלכע איז ווייט פון דעם עקוואטאר 24 גראד 59 מינוט. זיא רינגעלט ארום דעם גאנצען ערד קוגעל, און שניידט איבער אלע דריי הונדערט און זעכציג גראדען פון דער לענג, אבער נור אין איין פונקט געפינען זיך דיא מיליאנען פון קיאמיל פאשא. דוא לאכסט?

— איך לאך גאר ניט.

— איך זאג דיר נאך אמאל, אז דא ליעגען מיינע מיליאנען. וויא אזוי געפינט מען זיי אבער? איך וויים גענוי גאנץ געגוי דיא ברייט, דעם פאראלעל, וואו זיי געפינען זיך, וויא אזוי געפינט מען אבער דיא לענג?

— געדולד! מען מוז האבען געדולד, האט גילדאס טרעגאמעין געענט־פערט.

— געדולד? דוא קענסט האבען געדולד, ווייל דוא ביסט אן עקס־שיפס־קאפיטאן פון א בארקע, וועלכע מען פלעגט שלעפען מיט אקסען ארויף וואַ־סער, דארום האסט דוא זיך אויסגעלערענט צו האבען געדולד, איך קען אבער ניט האבען קיין געדולד. עס קאכט אין מיר וויא אין א קעסעל. איך מוז אויסגע־פינען דיא לענג, דעם מערידיאן.

— אין דיין דאקומענט, אדער בריעף, שטעהט, דאכט זיך, גאנץ דייט־ליך, אז מען וועט קומען דיר מעלדען דיא לענג, האט טרעגאמעין בעמערקט.

— יא, יא! אזוי שטעהט אין בריעף, דוא פערגעסט אבער, אז היינט צעה־לען מיר 1862, מיין פאטער איז געשטארבען אין 1854, דיעזען בריעף האט ער ערהאלטען אין 1842, צוואנציג יאהר אלזא זיינען שוין פערגאנגען, זייט מיין פאטער און איך ווארטען אויף א צווייטען בריעף אדער אויף א מענשען, וועלכער זאל קומען און אונז מעלדען, וואו דיעזער אינזעל געפינט זיך. צוואנציג יאהר זייט מיר זוכען צו טרעפען דיעזע זאנדערבארע רעטעניש.

**— צוואנציג יאהר! האט גילדאס טרעגאמעין געזאגט וויא צו זיך אליין,**

אך, וויא שנעל דיא צייט לויפט אוועק! מיט צוואנציג יאהר צוריק בין איך נאך געוועזן קאפיטאן אויף דער "שעהנער אמאליע" און איך מוז זאגען, אז זיא איז געוועזן א גוטע בארקע. אראב וואסער פלעגט זיא געהן גאנץ שנעל, בעזאנדערס ווען עס איז געוועזן געגנוג וואסער אין טייך ראנס.

זשאק דאראן איז אויפגעשפרונגען וויא אן אבגעבריהטער און האט אנגע־הויבען צו שרייען:

— ווער רעדט דען פון דער "שעהנער אמאליע"? וועמען קימערט דיין בארקע? דער בריעף! ערקלעהר מיר דעם בריעף פון קיאמיל פאשא! ער־קלעהר מיר דאס רעטעניש, אדער איך וועל בייז ווערען און וועל אין גאנצען צורייסען דעם בריעף.

— מיר דאכט, אז דאס וואלט געוועזן דאס בעסטע, האט גילדאס טרעגא־מעין געזאגט שטילערהייד.

זשאק דאראן האט אנגעכאפט זיין פריינד ביים האלז, גלייך וויא ער וואלט געוואלט איהם דערווערגען, און האט אויסגערופען:

— הערסט דוא, גילדאס! ווען דוא וועסט מיר זאגען נאך אמאל, אז איך זאל צורייסען מיין בריעף, וועל איך דיך דערווערגען! דוא ביסט מיין פריינד און דארום דארפסט דוא ניט דערלאזען, איך זאל פערניכטען אזא וויכטיגען דאקומענט, וועלכער קען מיר איינברייגנגען מיליאנען.

— איך וועל עס אויך טהאן, ווען דוא וועסט זיך בערוהיגען און וועסט רע־דען, וויא א מענש, האט גילדאס טרעגאמעין געענטפערט. צו וואס קאכסט דוא זיך? פאר וואס ווערסט דוא אזוי אויפגערעגט? וואס קען דיר העלפען דיין קאכען זיך?

זשאק דאראן האט זיךווירקליך אביסעל בערוהיגט. ער האט אנגעגאסען צוויי גלעזער קאניאק, האט גענומען איין גלאז צום מויל און האט אויסגערופען:

— פאר דיין געזונדהייט, קאפיטאן!

— פאר דיין געזונדהייט! האט גילדאס געענטפערט.

נאכדעם האט זשאק דאראן זיך געווענדעט צו זיין פריינד און האט געזאגט גאנץ רוהיג:

— בעטראכט דעם גלאבוס.

גילדאס האט בעטראכט דעם גלאבוס.

— ווייסט דוא, דורך וועלכע לענדער דיא פאראלעל ליניע 24 גראד 59 מינוט געהט?

— פון וואנען זאל איך עס וויסען?

— דאן מוז איך עס דיר ווייזען. זעה! אט איז סען מאלא, דיא שטאדט וואו מיר געפינען זיך יעצט.

— און אָט איז דער טייך ראנס, אויף וועלכען איך פלעג ארומפאָהרען מיט מיין "שעהנער אמאליע".

— איך בעט דיך, לאָז מיך צורוה מיט דיין "שעהנער אמאליע", האָט זשאק דאָראן אויסגערופען.

— נו, גוט! איך וועל שוין מעהר ניט דערמאָהנען ניט דעם טייך ראנס, ניט דיא "שעהנע אמאליע", וועלכע איז דאָך געווען א גאנץ גוטע בארקע.

— נו, זעה. דאָרט איז פאריז, וואו עס געפינט זיך דער ערשטער מערידיאן, דער ערשטער גראד פון דער לענג פון דער וועלט. פון דיעזען מערידיאן געה אראָב צו דיא פאראלעלען אָדער דיא גראדען פון דער ברייט, ביז דוא וועסט קו־מען צו דעם 24טען גראד. זעהסט דוא? אָט איז ער!

— איך זעה איהם גאנץ גוט.

— ער געהט איבער פראנקרייך, שפאניען, פון דאָרט געהט ער אריבער נאָך אפריקא, איבער אלזשיר, דאן ווייטער העכער פון דער שטאָדט טימבוק־טו. זעהסט דוא?

— געוויס זעה איך.

— מיר געהען ווייטער. מיר מוזען אריבערפאָהרען דאָס רויטע מעער, דורכ־פאָהרען אראביען, דאן מוזען מיר מאכען א בעזוך דעם סולטאן פון מוסקאט און פון דאָרט אריבערשפרינגען נאָך אינדיען, לאָזען באָמביי און קאלקוטא אין אונזער רעכטער האנד און אריבערשפרינגען נאָך כינא, דורכוואנדערען דעם גרויסען אינזעל פאָרמאָזא און פאָהרען אויף דעם שטילען וועלט־מעער, מאכען א בעזוך אויף דיא אינזלען פון האוואי... זעהסט דוא? קוקסט דוא זיך גוט צו, וויא דער 24טער פאראלעל געהט?

— געוויס זעה איך און קוק מיך צו...

— נו, פון האוואי מוזען מיר פאָהרען נאָך אמעריקא, דורכפאָהרען מעק־סיקאָ, דורכשפאציערען פלאָרידא, פארבייפאָהרען דעם גרויסען אינזעל קובא און אלע קליינע אינזלען ארום, דאן מוזען מיר פאָהרען אויף דעם אטלאנטי־שען וועלט־מעער, פארבייפאָהרען דיא קאנאריען אינזלען, וויעדער קומען ניט ווייט פון אפריקא, צופאָהרען צו פראנקרייך, צוקומען צו פאריז און נעהמען דעם ערשטען בעסטען צוג נאָך סען מאלאָ. אויף דיעזער ארט מוזען מיר ארומפאָה־רען דעם גאנצען ערד־קוגעל און אלץ אויף דיעזען פערדאמטען 24טען פארא־לעל.

— יא, האָט גילדאס טרעגאָמעין געזאָגט פערטראכט. יא, עס איז א ווייטע רייזע.

— דאָס אארט מיך ניט! פאר אזוי פיעל מיליאָנען מעג מען שוין מאכען א רייזע אין עק וועלט. דיא פראגע איז אָבער פאָלגענדע: אויף דעם 24טען פאראלעל געפינען זיך טויזענדער, צעהן טויזענדער אינזלען, גרויסע און קליינע.

אלזאָ אויף וועלכען פון דיעזע אינזלען האָט קיאמיל פּאשא פערגראָבען זיינע מיליאָנען? ווען איך זאָל קענען וויסען דיא לענג, דעם מערידיאן, וואָלט איך עס שוין לייכט אויסגעפונען, אָבער יעצט...

— ליידער, ווייסען מיר דאָך דאָס ניט, האָט דער עקס־קאפּיטאן פון דער "שעהנער אמאליע" געזאָגט טרויעריג.

— אָבער דאָס מוז איך געפינען!

— וויא אזוי אָבער? האָט דער גוטער גילדאס געוואָלט פרעגען.

אין דיעזער מינוט אָבער האָט מען אָנגעקלאפּט אין דער טהיר.

— פיליכט קומט יעצט דער שליח פון קיאמיל פּאשא, וועלכער וועט אונז זאָגען דעם מערידיאן, האָט גילדאס געזאָגט שטילערהייט.

— איך ערווארט איהם יעדע מינוט, זייט מיין פאָטער איז געשטאָרבען.

הויכע פרויען שטימען האָבען זיך געלאָזט הערען אין פאָרצימער.

— ער איז עס! ער איז געקומען! האָט געשריען פול פרייד דיא לוסטיגע זשוליעט.

— ער איז געקומען פּינקטליך, האָט אויסגערופען דיא ערנסטע נאנאָן.

דיא טהיר האָט זיך געעפענט און א שעהנער יונגער מאן איז אריינגע־קומען און האָט געזאָגט גאנץ העפליך:

— גוטען אבענד, אָנקעל! גוטען אבענד, העררר טרעגאָמעין!

— נו, זעהסט דוא, ליעבער אָנקעל, פראנסוא איז געקומען פּונקט צו דער מינוט, ער האָט אויסגעהאלטען זיין עקזאמען מיט אן אויסצייכנונג און האָט ניט פערשפּעטיגט דעם צוג, האָט זשוליעט אויסגערופען פול פרייד.

— יא, ליעבער אָנקעל, איך האָב אויסגעהאלטען.

— וואָס האָסט דוא אויסגעהאלטען?

— איך האָב אויסגעהאלטען מיין עקזאמען אויף א שיפסקאפּיטאן פון לאנגע רייזען, האָט פראנסוא געענטפערט.

גילדאס טרעגאָמעין האָט ארומגענומען דעם יונגען מאן און האָט אָנגע־הויבען איהם צו קושען.

— איך האָב געוואוסט, אז פראנסוא וועט אויסהאלטען זיין עקזאמען, האָט זשוליעט אויסגערופען. פראנסוא האָט גוט געלערענט.

זשאק דאָראן איז געזעסען, וויא א פערשטיינערטער. ער האָט געקוקט אויף דעם גלאָבוס און האָט אליין געזוכט זיין מערידיאן.

ווען אלע האָבען זיך אביסעל בערוהיגט, האָט נאנאָן געזאָגט צו איהר ברודער:

— נו, ליעבער זשאק, יעצט דארפען מיר אָבריידען, ווען עס זאָל זיין דיא האָכצייט.

— דיא האָכצייט? וואָס פאר א האָכצייט?

— מיר האָבען דאָך אָבגערעדט, אז ווען פראנסוא וועט אויסהאלטען זיין עקזאמען, זאָל ער הייראטהען זשוליעט, האָט נאנאָן ערקלערט.

— געווים, אָנקעל! אזוי האָבען מיר דאָך אָבגערעדט, האָט פראנסוא בעשטעטיגט. איך בין יעצט שיפסקאפּיטאן און קען קריגען א שטעלע אויף דעם גרעסטען דאמפּפער.

זשאק דאָראן האָט ניט געענטפערט.

— אָבער, זשאק, זיי האָבען דאָך רעכט, האָט זיך גילדאס טרעגאָמעין אריינגעמישט. דיא יונגע לייט האָבען דאָך רעכט. איהר האָט אזוי אָבגערעדט און דוא דארפסט האלטען דיין וואָרט.

— ווען זאָל אלזאָ זיין דיא האָכצייט? האָט ענדליך געפרעגט זשאק דאָראן.

— אין אכט וואָכען ארום, האָט געענטפערט נאנאָן.

— אין אכט וואָכען? פאר וואָס ניט אין אכט טעג ארום? פאר וואָס ניט אין אכט שטונדען ארום? האָט זשאק דאָראן געשריען.

פראנסוא האָט געוואָלט ענטפערען, אז ער איז פאָלקאָמען איינפערשטאנען צו הייראטהען זאָגאר אין אכט מינוטען שפּעטער, אָבער ער האָט עס ניט געזאָגט, וועיל נאנאָן האָט געענטפערט פאר איהם:

— איך האָב אָבגעלייגט דיא האָכצייט אויף אכט וואָכען, וועיל מיר מוזען מאכען געוויסע פאָרבערייטונגען. זשוליעט דארף נאָך האָבען איינינע קליידער.

— איך מוז זיך אויך מאכען א שפּאָגעל נייעם ראָק אויף דער האָכצייט, האָט גילדאס טרעגאָמעין זיך אריינגעמישט.

זשאק דאָראן האָט געטראכט איינינע מינוט, דאן האָט ער געזאָגט:

— איך וויליג איין, אז דיא האָכצייט זאָל זיין, ווען איהר ווילט, אָבער אונטער איין בעדינגונג.

— אך, איך וויל ניט וויסען פון בעדינגונגען! האָט פראנסוא געזאָגט ערנסט.

— ניין! איך בעשטעהע דארויף, האָט זשאק דאָראן געזאָגט שטרענג. איך פאָדער מיין בעדינגונג.

— וואָס פאר א בעדינגונג? האָט גילדאס טרעגאָמעין געפרעגט.

— מיין בעדינגונג בעשטעהט דארין: ווען איך וועל ביז יענער צייט ניט אויסגעפינען מיין מערידיאן, זאָלען זיי הייראטהען; וועל איך אָבער ביז יענער צייט אויסגעפינען מיין מערידיאן, דאן וועלען זיי ניט הייראטהען.

אלע האָבען אויפגעאָטהעמט פרייער. אלע האָבען געוואוסט דיא געשיכטע פון קיאמיל פּאשא מיט זיינע בעהאלטענע מיליאָנען, אָבער אלע האָבען אויך געוואוסט, אז דיעזע מיליאָנען קען מען ניט געפינען, און דארום האָבען אלע אויסגערופען פרעהליך:

— יא, יא! מיר נעהמען אַן דיעזע בעדינגונג!

יעדער האָט געוואוסט ביי זיך, אז דיעזע בעדינגונג איז לייכט אויסצופיה־רען, ווייל קיאמיל פאשא איז שוין געשטאָרבען און זיינע מיליאָנען ליעגען ער־גענץ בעגראָבען אויף דעם 24טען פאראלעל. גענה זוך זיי!

6טעם קאפיטעל.

# דער שליח פון קיאַמיל פאַשאַ

א וואָך איז פערגאנגען זייט יענעם אבענד. נאנאָן און זשוליעט זיינען זעהר בעשעפטיגט. זיי דארפען זיך פאָרבערייטען אויף דער האָכצייט. זיי האָבען זאָ־גאר אָבגערעדט, אז זיי זאָלען פאָהרען נאָך נאנט איינקויפען אלע נויטהיגע זאכען פאר זשוליעט'ס קליידער; פראנסוא זאָל פאָהרען מיט זיי, ווייל ער איז בעסער בעקאנט מיט אלע מאגאזינען אין נאנט.

זשאק דאָראן אָבער איז אין דיעזער צייט געוואָרען נאָך אונרוהיגער, נאָך אויפגערעגטער. ער האָט מיט קיינעם ניט געוואָלט ריידען, פלעגט זיך איינשליסען אין זיין צימער, וואו ער פלעגט שטודירען אלערליי לאנד און מעער־קארטען אום אויסצוגעפינען זיין לענגען־גראד אָדער מערידיאן.

ער איז געוועזען א שטיק אריסטאָקראט און האָט זיך פעסט איינגערעדט, אז ווען ער זאָל קריגען קיאמיל פאשא'ס מיליאָנען, וואָלט ער פערהייראטה זיין זשוליעט, זיין איינציגע פערוואנדטע, וועלכע ער האָט ווירקליך געליעבט, מיט א פרינץ.

— עס איז היינט אריין אין דער מאָדע, אז פאר געלד הייראטה מען א פירסט אָדער א פרינץ, פלעגט ער אָפט זאָגען צו זיך אליין, פאר וואָס זאָל מיין שעהנע און גוטע זשוליעט ניט הייראטהען א דייטשען אָדער אן ענגלי־שען פרינץ? זיא מעג זיין א פרינצעסין. זיא איז ווערטה צו טראָגען א קרוין אויף'ן קאָפּ. פראנסוא איז טאקע א גוטער יונג, וואָס איז ער אָבער? א שיפס־קאפיטאן! א גרויסע זאך א שיפסקאפיטאן! וואָס איז דען א שיפסקאפיטאן? א בעל עגלה! אמאָל פלעגען פוהרלייט פיהרען פאסאזשירען אויף זייערע גרויסע וואָגענס, היינט טהון עס דיא אייזענבאהנען און דיא שיפען. א שיפס־קאפיטאן איז נור אן אָבער־קאָנדוקטאָר פון אן אייזענבאהן־צוג, ניט מעהר.

ווען ער פלעגט מיעד ווערען זוכענדיג אין דיא ביכער און אין דיא מעער־קארטען, פלעגט ער ארויסגעהן שפאצירען לעבען פאָרט, אויף דיא דאקס, אין דער האָפנונג, פיליייכט וועט ער בריינגען דעם געשיקטען פון קיאמיל פאשא, וועלכער וועט איהם ענדליך זאָגען דעם מערידיאן, וואו דיא מיליאָנען ליעגען פערגראָבען.

דעם 19טען מערץ איז זשאק דאַראַן אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה, האָט אָבגעגעסען זיין פריהשטיק און איז ארויסגעגאַנגען אויף דיא ראַקס פון סען מאלאָ. ער איז ארומגעגאַנגען א לאַנגע צייט און האָט זיך צוגעקוקט צו אַלע שי־פען, וועלכע זיינען געשטאַנען אין פּאָרט. ער האָט געפונען ענגלישע, דייַ־טשע, שוועדישע און בעלגישע שיפען, אָבער קיינע טירקישע.

אַזוי וויא ער האָט קיין נייעס ניט געפונען אויף דיא דאַקס, איז ער געגאַנגען צו דער אייזענבאַהן סטאַציאָן, וואו עס האָט געדאַרפט אָנקומען דער שנעל־צוג פון פּאַריז.

ווען ער וואָלט ניט געווען אַזוי פערטראַכט, וואָלט ער געוויס געווען בע־מערקט, אַז זייט א שטונדע געהט איהם נאָך א מאַן מיט א רויטען פעס אויף'ן קאָפּ, מיט א ברייטען מאַנטעל און ברייטע הויזען און אין א פּאָאַר גרויסע טירקישע שיך.

דיעזער מאַן איז נאָכגעגאַנגען קאַפּיטאַן זשאק דאַראַן, וויא זיין שאָטען, אָבער ער האָט ניט געוואָלט אָדער האָט מורא געהאַט צוצוגעהן צו איהם.

ענדליך, ווען דער שנעלצוג איז אָנגעקומען און זשאק דאַראַן האָט ניט געטראָפען וועמען ער האָט געזוכט, האָט ער זיך האַסטיג אויסגעדרעהט און האָט זיך אָנגעשטויסען אָן דעם מאַן מיט דעם רויטען פעס.

— צום טייפעל מיט דיר! האָט זשאק דאַראַן געשריען. ביסט דוא א בלינדער? זעהסט דוא ניט, אַז מענשען געהען?

דער פרעמדער האָט זיך טיעף פערנייגט און האָט געבעטען אום ענטשול־דיגונג. ערשט יעצט האָט זשאק דאַראַן דערזעהען, אַז פאַר איהם שטעהט א טערק, אַן עגיפּטער, א גרעק אָדער א סיריער, און איהם איז באַלד איינגעפאַ־לען דער געדאַנק:

— פיליייכט?... פיעלייכט איז דאָס דער שליח פון קיאַמיל פּאַשאַ?

ער איז געוואָרען העפליכער און האָט געזאָגט:

— איך זעה, אַז איהר זייט א פרעמדער.

— יא, איך בין א פרעמדער אין דיעזער שטאָדט, און איך וויל האָבען דיא עהרע צו זעהען דעם שיפסקאַפּיטאַן זשאק דאַראַן.

— איך בין זשאק דאַראַן.

— דאָס פרעהט מיך זעהר, האָט דער פרעמדער געזאָגט און האָט זיך פערנייגט.

— און וויא הייסט איהר?

— איך הייס בן אַמאַר.

— אָבער פון וואַנען זייט איהר?

— איך בין פון עגיפּטען.

— פון עגיפּטען? עגיפּטען איז גרויס!

— איך בין אן אדוואָקאט אין אלעקסאנדריע, דיא גרעסטע פּאָרט־שטאָדט פון עגיפּטען, האָט דער פרעמדער גענטפערט.

זשאק דאָראן האָט קיין מאָל ניט געזעהען אן אדוואָקאט מיט א רויטען פעס אויף'ן קאָפּ. ער איז געוואָהנט געווען מיט פראנצויזישע אדוואָקאטען מיט שווארצע רעק און מיט א הויכען שווארצען צילינדער הוט.

— קענט איהר מיר זאָגען, צו וואָס איהר ווילט מיך זעהען? האָט זשאק דאָראן געפרעגט.

— איך וואָלט מיך געשעצט זעהר גליקליך ווען איך זאָל קענען ריידען מיט אייך איינינע מינוטען.

— ווילט איהר פּילייכט געהן מיט מיר אהיים, הערר בן אמאר?

דער עגיפּטיאנער אדוואָקאט האָט געטראכט איינינע אויגענבליקע, דאן האָט ער גענטפערט:

— עס וואָלט מיר פיליכט ליעבער געווען, ווען מיר זאָלען קענען רעדען אין א פּלאַץ, וואו קיינער זאָל ניט קענען זיך אונטערהערען.

— אלזאָ האָט איהר מיר איבערצוגעבען א סעקרעט?

— עס איז יא א סעקרעט און ניט א סעקרעט, האָט דער עגיפּטיאנער אד־וואָקאט גענטפערט. אייגענטליך וויל איך מיט אייך מאכען א געשעפט.

זשאק דאָראן איז שיער ניט אויפגעשפּרונגען. עס איז דייטליך, אז דיע־זער מאן ווייס פון דעם מערידיאן און ער וויל עס איהם פערקויפען. דער עגיפּ־טיאנער וויל געלד. זאָל ער איהם אָבער געבען געלד? וויא אזוי קען ער וויסען, אז ער וועט איהם ניט אָבנארען?

— איך מוז זיין זעהר פאָרזיכטיג מיט דיעזען אדוואָקאט פון פּרעה'ס לאנד, האָט זשאק דאָראן געזאָגט צו זיך אליין.

ער האָט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און האָט געזאָגט צו דעם עגיפּ־טיאנער:

— ווען איהר ווילט מיט מיר ריידען וועגען א וויכטיגער אנגעלעגענהייט, דאן קענען מיר צוגעהן דאָרט הינטער יענעם הויז און קענען דאָרט רעדען, דאָרט וועט זיך געוויס קיינער ניט אונטערהערען, וואָס מיר רעדען.

דער עגיפּטיאנער האָט זיך צוגעקוקט צו דעם אָרט, וואו זשאק דאָראן האָט איהם אָנגעוויזען, און האָט געפונען, אז עס איז ווירקליך א גאנץ פרייער פּלאַץ, וואו מענשען קענען גאנץ רוהיג און גאנץ זיכער אָברעדען און אָבמאכען דיא גרעסטע און בעסטע געשעפטען.

— נו, גוט! לאָמיר צוגעהן, האָט ער ענדליך געזאָגט.

עס איז געווען ניט ווייט צו געהן, אין גאנצען הונדערט שריט. דער פּלאַץ איז געווען פערלעגט מיט קלעצער און מיט שטיינער, ווייל מען האָט דאָרט געוואָלט בויען א נייעם צאָלל אמט.

ביידע מענער זיינען צוגעגאנגען צו דעם אָרט, האָבען זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און אזוי וויא זיי האָבען קיינעם ניט געזעהען, האָבען זיי זיך אני־דערגעזעצט אויף א הויפען קלעצער.

— נו, וויא געפעלט אייך דיעזער פּלאַץ? האָט זשאק דאַראן געפרעגט.

— ער געפעלט מיר גאנץ גוט, האָט בן אַמאר געענטפערט.

— דאן זאָגט מיר, וואָס איהר פערלאנגט, זאָגט עס קורץ, שארף און דייטליך.

— איך דיינק גאָר ניט צו ריידען מיט אייך אין רעטעניזשען, איך וועל אייך ערקלעהרען קלאָר און דייטליך, וואָס איך וויל אייך זאָגען.

בן אַמאר האָט זיך אויסגעהוסט, גלייך וויא עס וואָלט איהם געקראצט אין האלז, דאן האָט ער געפרעגט:

— איהר האָט געהאט א פּאַטער?

— געוויס! אין אונזער לאנד איז עס א מאָדע, אז יעדער מענש זאָל האָבען א פּאַטער.

— און ער איז געשטאָרבען?

— יא, ליידער איז ער געשטאָרבען.

— אייער פּאַטער האָט געמאכט פיעלע רייזען?

— געוויס! ער איז געוועזען א שיפסקאפּיטאן און איז ארומגעפאָהרען אויף אלע מעערען.

— אזוי? האָט בן אַמאר געפרעגט פערוואונדערט. אזוי? אויף אלע מעע־רען פלעגט ער ארומפאָהרען?

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אז ער איז געוועזען א שיפסקאפּיטאן! האָט זשאק דאַראן אויסגערופען בייז.

— איהר דארפט דאָך ניט בייז זיין, האָט דער עגיפּטיאנער געזאָגט פריינד־ליך, איך פרעג עס, ווייל איך דארף עס וויסען.

— נו, ווייסט איהר עס!

— איז ער אמאָל געוועזען אין סיריען און פּאלעסטינא?

— געוויס! ער פלעגט האנדלען מיט סיריען.

— אויף איינע פון זיינע רייזען נאָך סיריען... דאָס איז געוועזען... נו, לאָמיר זאָגען, דאָס איז געוועזען... מיט זעכציג יאָהר צוריק...

— נו? ווייטער!

— איך ווייס ניט גענוי, אָבער עס איז געוועזען מיט זעכציג אָדער מיט פינף און זעכציג יאָהר צוריק...

— נו, רעדט שוין ארויס! האָט זשאק דאַראן געשריען.

— פערשטעהט איהר מיך, איך מוז מיך אליין דערמאָהנען... איך האָב שוין אויך פערגעסען, האָט בן אַמאר געענטפערט.

— קענט איהר זיך טאקע ניט דערמאָהנען?
— נו, ווייסט איהר ניט... קענט איהר זיך ניט עראינערען, אויב אייער פאָטער האָט א מאָל געטהאָן א טובה, אן אויסעראָרדענטליכע געפעליגקייט פאר איינעם אין סיריען...
— איך ווייס ניט. איך געדענק ניט, האָט זשאק דאָראן געענטפערט בייז. איהם איז שטארק ניט געפעלען, וואָס דער עגיפּטיאנער וויל עפּעס אויספאָרשען, עפּעס ארויסציהען פון איהם.
דער אדוואָקאט פון מצרים האָט עס פערשטאנען און ער האָט זיך אויסגעדריקט דייטליכער.
— ווייסט איהר ניט, אויב אייער פאָטער האָט אמאָל ערהאַלטען א בריעף פון א געוויסען מאן מיט׳ן נאָמען קיאמיל פּאשא?
— ווער איז געוועזען דער קיאמיל פּאשא?
— הערר זשאק דאָראן, עס האנדעלט זיך ניט, ווער קיאמיל פּאשא איז געוועזען און וואָס ער איז געוועזען, האָט בן אָמאר געענטפערט, איך פרעג אייך נור, אויב אייער פאָטער האָט אמאָל ערהאַלטען א בריעף פון איהם?
— איך ווייס ניט. איך געדענק ניט.
— האָט איהר גאָר ניט איבערגעקוקט זיינע פּאפּיערען נאָך זיין טויט? האָט בן אָמאר געפרעגט. עס איז אונמעגליך, אז אייער פאָטער זאָל פערברענען אָדער צורייסען אזא בריעף, אין וועלכען עס האָט זיך געפונען א זעהר וויכטיגע אנגעלעגענהייט, דאָס הייסט, דיא אנגעלעגענהייט אליין איז גאָר ניט, עס האָט גאָר קיין ווערטה, אָבער עס געפינט זיך אין יענעם בריעף א פונקט, וועלכער קען זיין זעהר וויכטיג.
— פאר אייך, הערר בן אָמאר?
— אויך פאר אייך, הערר זשאק דאָראן.
— פאר מיר? וואָס פאר א ווערטה קען דיעזער בריעף האָבען פאר מיר?
— איך וועל איהם קויפען ביי אייך.
זשאק דאָראן האָט יעצט גוט פערשטאנען, וואָס דיעזער דורכגעטריבענער מצרים אדוואָקאט וויל פון איהם.
— טויגעניכטס! האָט זשאק דאָראן געקלערט. ער וויל עס מיך אָבנארען! ער וויל עס ביי מיר אויסנארען דעם בריעף אום ער זאָל עס געהן אויסגראָבען דיא מיליאָנען פון קיאמיל פּאשא!... נו, דוא האָסט דאָ ניט געטראָפען, דוא אדוואָקאט פון פּרעה׳ס לאנד! דוא דורכגעטריבענער, אויסגעדארטער מצרים אדוואָקאט! יעצט ערשט מוז איך זיין פאָרזיכטיג און ארויסשלעפּען פון איהם אלעס, וואָס מיר איז נויטיג צו וויסען. איך וועל שוין שלעפּען א צונג ביי דיעזען מצרים אדוואָקאט.
אין דיעזער מינוט האָט זשאק דאָראן געזעהען, וויא א מאן מיט א רויטען

פעם אויף'ן קאפ איז פארבייגעגאנגען גאר ניט ווייט פון זיי. אז דאס איז געווען א פרעמדער און אויך א טערק, האט מען לייכט געקענט דערקענען אן זיינע קליידער, בעזאנדערס אבער אן דעם רויטען פעס. דאס איז געווען א יונגער מאן פון א יאהר עטליכע און דרייסיג מיט שווארצע האר, מיט א גלאט ראזירטען געזיכט, מיט א פאר פייערדיגע אויגען פון א הונגעריגען וואלף.

אויב בן אמאר האט אויך געזעהן דעם פרעמדען, איז געווען שווער צו זאגען, ווייל גראדע אין דיעזער מינוט האט זיך בן אמאר אזוי שטארק צוהוסט, אז עס איז קוים מעגליך געווען צו זעהן זיין געזיכט.

זשאק דאראן האט אבער גאנץ גוט בעמערקט, אז דער פרעמדער האט זיך גוט צוגעקוקט צו איהם און צו בן אמאר'ען. ניט ווילענדיג האט ער זיך אליין געפרעגט:

— קענען זיך דיעזע מענשען? געהערען זיי ביידע צו איין באנדע, וועלכע וויל פון מיר אויסנארען מיין געהיימניס? ווער וויים?... איך מוז זיין זעהר פארזיכטיג.

וויא פארזיכטיג זשאק דאראן איז געווען, האט ער דאך ניט בעמערקט, וויא דער דורכגעטריבענער אדוואקאט פון פרעה'ס לאנד האט געגעבען א צייכען, א וואונק מיט דיא אויגען צו דעם יונגען טערק, וועלכער איז יעצט פארבייגעגאנגען און איז זיך אוועקגעגאנגען זיין וועג.

ווען בן אמאר האט זיך ענדליך אויסגעהוסט, האט זשאק דאראן געזאגט צו איהם:

— וויא איך זעה, זוכט איהר, הערר בן אמאר, צו בעקומען דעם בריעף, וועלכען מיין פאטער האט בעקומען פון קיאמיל פאשא. ווילט איהר מיר ניט ערקלעהרען, צו וועלכען צוועק דארפט איהר דיעזען בריעף? עס איז וואהר, אז איך וויים נאך ניט, אויב איך האב דיעזען בריעף. אבער לאמיר זיך פארשטעלען, אז איך וועל זוכען צווישען מיין פאטער'ס פאפיערען און וועל איהם געפינען, דאן ווילט איהר איהם אבקויפען; צו וואס? צו וועלכען צוועק?

— מיין גוטער, ליעבער קאפיטאן דאראן! האט בן אמאר אויסגערופען, איך בין אן אדוואקאט און קיאמיל פאשא איז געווען איינער פון מיינע קליענטען.

— ער איז געווען? אלזא יעצט איז ער ניט אייער קליענט?

— ער איז געשטארבען.

— נו, ווען ער איז געשטארבען, דארף ער דאך אייך ניט מעהר ניט קימערען.

— איך בין אבער אויך דער אדוואקאט פון זיינע יורשים, האט בן אמאר ערקלעהרט.

— אזוי? ער איז געשטארבען און האט געלאזען יורשים, האט זשאק דאראן געזאגט גאנץ שטילערהייט צו זיך אליין, דאס מוז איך וויסען.

בן אָמאר האָט איהם ניט געלאָזען פיעל טראכטען.

— אלזאָ איהר האָט דעם בריעף? האָט ער געפרעגט.

— ניין, איך האָב איהם ניט.

— דאָס איז א שאָד! האָט בן אָמאר אויסגערופען. דאָס איז צו בע־דויערען.

— וואָס איז צו בעדויערען? האָט זשאק דאָראן געפרעגט.

— פערשטעהט איהר מיך, הערר זשאק דאָראן, האָט דער מצרים אדוואָ־קאט געזאָגט מיט א רחמנות פּנים, פערשטעהט איהר מיך, דיא יורשים פון קיאמיל פּאשא, וועלכע האָבען איהם זעהר ליעב געהאט, זוכען יעצט צו זאמ־לען אלע שריפטען, אלע פּאפּיערען און אלע בריעף, וועלכע זיי קענען בעקומען פון איהם. זיי ווילען האלטען דיעזע שריפטען און דיעזע בריעף אלס הייליגעם אנדענקען פון אזא גרויסען און בעריהמטען מאן.

— אזוי? האָט זשאק דאָראן אויסגערופען, דיעזע בריעף האָבען א ווערטה נור אלס אנדענקען! נור אלס עראינערונג! דאָס איז שוין גאנץ וואָס אנדערש! יעצט פערשטעה איך וויא פערוואנדעטע ווייסען וויא אזוי צו שעצען דאָס אנדענקען פון א פערשטאָרבענעם.

— נו יא! האָט בן אָמאר אויסגערופען. עס האנדעלט זיך ניט מעהר וויא צו האָבען דיעזע בריעף אלס אנדענקען.

— וויא פיעל אלזאָ וואָלטען זיי געגעבען פאר יענעם בריעף? האָט זשאק דאָראן געפרעגט.

— וואָס מאכט עס אייך אויס, ווען איהר האָט גאָר ניט יענעם בריעף?

— איהר מעגט דאָך אָבער זאָגען, פיעלייכט וועל איך איהם דאָך געפינען.

— וואָס קען ווערטה זיין א בריעף, וועלכען מען וויל קויפען נור אום איהם צו האלטען אלס עראינערונג פון א טויטען?

— אָבער דאָך?

— נו, לאָמיר זאָגען, זיי וועלען געבען פאר איהם צוויי הונדערט פראנק.

— דאן איז עס ניט ווערטה דיא מיה איהם צו זוכען, האָט זשאק דאָ־ראן געזאָגט און האָט א מאך געטהאָן מיט דער האנד.

— פיליייכט וואָלטען זיי זיך ענטשלאָסען צו געבען פינף הונדערט פראנק, האָט בן אָמאר געזאָגט לאנגזאם.

זשאק דאָראן האָט פערצויגען דיא אקסלען.

בן אָמאר האָט געטראכט איינינע אויגענבליקע, דאן האָט ער געזאָגט:

— איך ווייס עס ניט פאר געוויס, איך מוז שרייבען צו זיי, פיליייכט וועלען זיי זיך זאָגאר ענטשליסען צו געבען פאר דיעזען בריעף א פּאָר טויזענד פראנק. איך זאָג עס ניט פאר געוויס, איך דענק נור, אז עס קען זיין.

זשאק דאָראן האָט שוין מעהר ניט געקענט אויסהאלטען. ער איז אויפגע־

שפּרונגען, האָט אָנגעכאַפּט בן אָמאר'ען ביים האלז, האָט איהם צוגערריקט צו זיך און האָט געזאָגט אין זיין אויער:

— יא! איך האָב דעם בריעף!

— אזוי? איהר האָט איהם יא?

— איך האָב איהם יא! ער איז אונטערגעשריעבען מיט א דאָפּעל קיי.

— א דאָפּעל קיי? ריכטיג! אזוי פּלעגט זיך אמאָל אונטערשרייבען מיין קליענט.

— ניט נור האָב איך דיעזען בריעף, זאָנדערן איך האָב איהם אויך געלע־זען ניט איין מאָל, נאָר הונדערט מאָל, טויזענד מאָל! איך וויס, וואָס עס שטעהט אין איהם און איך פערשטעהע גאנץ גוט, אז איהר דארפט איהם ניט נור אלס עראינערונג, זאָנדערן...

— וואָס רעדט איהר? גוטער, ליעבער קאפּיטאן דאָראן!

— וואָס איך רייד? איך וויל אייך זאָגען, אז איהר וועט איהם ניט אויס־נארען ביי מיר.

— ווער רעדט דען פון אויסנארען? האָט געפרעגט בן אָמאר מיט א זויערער מיענע, גלייך וויא ער וואָלט זיך געפיהלט שטארק בעליידיגט, וואָס מען קען גאָר דענקען, אז ער, אן אדוואָקאט פון פּרעה'ס לאנד, וויל גאָר אויסנארען א דאָ־קומענט.

— רעדט ניט קיין דומהייטען! מאכט אייך ניט נאריש! האָט זשאק דאָ־ראן געשריען אין דער הויך, איהר וועט ביי מיר ניט אויסנארען דעם בריעף, אָבער איך וויל אייך איהם פערקויפען.

— וויפיעל פערלאנגט איהר פאר איהם? האָט בן אָמאר געפרעגט און האָט אריינגעשטעקט זיין האנד אין איינער פון זיינע טיעפע קעשענעס, גלייך וויא ער וואָלט געוואָלט ארויסנעהמען געלד און בעצאָהלען.

— פופציג מיליאָן, האָט זשאק דאָראן געזאָגט גאנץ רוהיג.

יעצט איז דער אדוואָקאט פון מצרים אויפגעשפּרונגען, וויא אן אָבגעב־בריהטער, האָט געעפענט דאָס מויל, האָט אויסגעגלאָצט דיא אויגען און האָט ניט געקענט ארויסזאָגען א וואָרט פאר שרעק און שטוינען.

— בערוהיגט אייך, הערר בן אָמאר! האָט זשאק דאָראן געבעטען, איהר מעגט קויפען דעם בריעף אָדער ניט. דאָס איז מיין פּרייז.

— פופציג מיליאָן? האָט קוים ארויסגעקייכט דער אדוואָקאט פון מצרים.

— אייער דינגען זיך וועט זיין גאנץ אומזיסט, האָט זשאק דאָראן גע־זאָגט רוהיג, איהר וועט ביי מיר ניט אָבדינגען א האלבען פראנק; נאָך מעהר, איך וועל אייך ניט געבען א האלבען פראנק קאָמיסיאָן.

— פופציג מיליאָן! האָט בן אָמאר ווידערהאָלט. אללאה! אללאה! פופציג מיליאָן?

— אזוי פיעל פערלאנג איך פאר מיין בריעף. איהר קענט מיר אויסצאָה־לען באארעס געלד אָדער מיר געבען א טשעק פון ראָטשהשילד אָדער פון דער באנק פון פראנקרייך.

בן אָמאר האָט זיך צוריקגעזעצט אויף א קלאָץ און האָט זיך פערטראכט. ער האָט יעצט גוט פערשטאנען, אז דיעזער שיפסקאפּיטאן וויים גאנץ גוט, וואָס פאר א ווערטה דיעזער בריעף האָט, אז ווען איינער וויים, אין וואָס פאר א לענג, א מערידיאן, דיא מיליאָנען פון קיאמיל פּאשא ליעגען פערגראָבען, קען ער זיי דאָך ניט געפינען, ווען ער וויים ניט דיא ברייט אָדער דעם פּארא־לעל. ווען דיעזער שיפסקאפּיטאן פערלאנגט פופציג מיליאָן, ווייס ער געוויס, אז קיאמיל פּאשא'ס אוצרות זיינען פיעל מעהר ווערטה. דאן וועט עס אונמעגליך זיין איהם אָבצונארען און ארויסצוקריגען פון איהם דעם בריעף פאר א קלייניג־קייט. אלזאָ, וואָס טהוט מען?

דער דורכגעטריבענער עגיפּטיאנער האָט געטראכט א לאנגע צייט, ענדליך האָט ער געזאָגט מיט א פריינדליכער, בעטענדער שטימע:

— איהר פערלאנגט פופציג מיליאָן פאר א בריעף? דאָס איז אזוי קינ־דיש און אזוי לעכערליך, אז איך קען מיר גאָר ניט פאָרשטעלען, אז איהר מיינט עס ערנסט.

— אזוי? איהר געפינט אז דאָס איז לעכערליך? ווילט איהר הערען נאָך א מעהר לעכערליכע און נאָך א מעהר זאָנדערבארע געשיכטע?

— געוויס, הערר זשאק דאָראַן!

— דאן מוז איך אייך זאָגען, אז איהר זייט דער גרעסטער שווינדלער און דער ערגסטער בעטריגער פון גאנץ עגיפּטען. איהר זייט אן עכטער קראָקאָדיל פון דעם טייך נילוס. איהר זייט ניט אן אדוואָקאט, זאָנדערן א באנדיט, א...

— מיין הערר! איך בין ניט געקומען אהער אום צו הערען פון אייך גראָבהייטען.

— ווען איהר ווילט ניט, וועל איך אייך מעהר ניט זאָגען, האָט זשאק דאָ־ראן געענטפערט. איך וויל אייך נור זאָגען קורץ און שארף. איהר מיינט, אז איהר וועט קענען גאנץ לייכט כאפּען פיש אין דעם טריבען וואסער פון סען מאלאָ און איהר האָט א טעות. איהר ווילט ארויסקריגען פון מיר מיין געהיימנים און איהר ווילט מיר ניט זאָגען אייער געהיימנים.

— וויא איך זעה, האָט איהר זיך איינגערעדט, אז איך האָב א געהיימנים. פון וואנען ווייסט איהר עס?

— איך וויים עס, ווייל איך וויים עס.

— איהר ווייסט גאָר ניט, איהר האָט זיך נור איינגערעדט, האָט בן אָמאר געזאָגט ערנסט.

— געגוג ריידען נאַרישקייטען! דוא אַלטער נאר! האָט זשאק דאַראַן געשריען.

— שוין ווידער גראָבהייטען?

— ענטשולדיגט מיר, הערר אדוואָקאט פון דעם טייך נילוס! עס האָט זיך ביי מיר ארויסגעכאַפּט אן איבריג וואָרט. איהר זייט געוויס קיין נאַר. איהר דאַרפט גאָר ניט אזוי נויטהיג דעם בריעף, איהר ווילט נור וויסען דיא פיער ווערטער, וועלכע געפינען זיך אין איהם.

— פיער ווערטער? פון וועלכע פיער ווערטער רעדט איהר?

— איהר ווייסט גאַנץ גוט פון וועלכע פיער ווערטער איך רייד. דיעזע פיער ווערטער וועל איך ניט פערקויפען ביליגער פון צוועלף און א האַלב מי־ליאָן פיר יעדעס וואָרט. אזוי פיעל פערלאַנג איך און דאָס איז אַלעס! מעהר האָב איך ניט צו ריידען מיט אייך.

מיט דיעזע ווערטער האָט ער זיך אויפגעהויבען און האָט געזאָגט צום עגיפּטיאַנער:

— א גוטען טאָג, הערר אדוואָקאט!

דאַן האָט ער אריינגעשטעקט זיינע ביידע הענד אין דיא קעשענעס און איז זיך אוועקגעגאַנגען.

בן אָמאר איז געבליבען זיצען וויא פערשטיינערט. ער, דער קלוגער, דער דורכגעטריבענער אדוואָקאַט, וועלכער איז געווען העכסט איבערצייגט, אז ער וועט ארייננאַרען אין זאק דעם פראַנצויזישען מאטראָז וויא ער פלעגט אריינ־נאַרען און בעשווינדלען דיא פעלאַכען פון עגיפּטען, — ער האָט ניט געקענט ארויסקריגען א קליין שטיקעל פּאַפּיער פון אזא קליין שטעדטעלדיגען פראַנ־צויזישען מאטראָז! דאָס וואָלט זיך איהם קיין מאָל ניט גע'חלום'ט.

פּלוצלונג איז זשאק דאַראַן געבליבען שטעהן. א נייער געדאַנק איז איהם געקומען אין קאָפּ. ער האָט זיך האַסטיג אומגעקעהרט און האָט געזאָגט אין דער הויך:

— הערר בן אָמאר!

— וואָס ווילט איהר זאָגען, הערר דאַראַן?

— איך האָב עפּעס פערגעסען.

— וואָס האָט איהר פערגעסען?

— איך האָב אייך פערגעסען צו זאָגען דעם נומער.

— וועלכען נומער?

— דעם נומער פון מיין הויז. איך וואָהן נומער 3 דעסאַלל שטראַסע. איך דענק, אז איהר ווילט געוויס וויסען, וואו מיך צו געפינען, ווען איהר וועט קומען צו מיר מיט...

— מיט וואָס?

— מיט דיא פופציג מיליאָן, האָט זשאק דאָראן געענטפערט גאנץ רוהיג.
מיט דיעזע ווערטער האָט ער זיך אויסגעדרעהט און איז זיך גאנץ רוהיג ווייטער געגאנגען.
— אללאה איז גרויס! האָט בן אָמאר אויסגערופען.

7טעם קאפּיטעל.

# קיאַמיל פּאַשאַ׳ם צואה און זיינע יורשים

דיא געסט פון דעם האָטעל דע פּאריז וואָלטען געווים ניט געקענט שלאָפען דיעזע נאכט, ווען דיא טהירען פון דעם צימער נומער 14 וואָלטען ניט געווען פערשלאָסען און פון אינעווייניג פערהאנגען מיט שווערע פאָרהענגע.
אין דיעזען צימער זיינען געזעסען נור צוויי מענער און האָבען גערעדט, ריכטיגער נאָך, איינער האָט געשוויגען, דער אנדערער האָט אָבער זיך געקאָכט, האָט זיך געבייזערט, האָט געשאָלטען און געדראָהעט און איז שיער ניט געשפּרונגען פון דער הויט. דער צווייטער דאגעגען האָט נור פון צייט צו צייט עפּעס געענטפערט און האָט געזוכט צו בערוהיגען דעם ערשטען.
וויא פערהאנגען דיא טהיר איז געווען און וויא פערשלאָסען זיא איז געווען, האָבען דאָך דיא לאקייען און דיא קעלנער פון דעם האָטעל פּאריז געהערט, וויא איינער בייזערט זיך און קאָכט זיך, און אזוי וויא אלע קעלנער זיינען זעהר נייגעריג, האָבען אויך דיא קעלנער פון האָטעל דע פּאריז זיך צוגעהערט אין נומער 14, אָבער זיי האָבען ניט פערשטאנען א וואָרט, ווייל מען האָט דאָרטען גערעדט און זיך געבייזערט אויף אראביש אָדער אויף טירקיש, שפּראכען, וועלכע זאָגאר קעלנער פון א האָטעל אין סען מאלאָ האָבען ניט פערשטאנען.
אין קאמין האָט געברענט א פייער און אויף א קליינעם טישעלע פאר דעם קאמין האָט געברענט א סטעארין ליכט.
פון א זייט טישעלע לעבען פייער איז געזעסען אונזער בעקאנטער בן אָמאר. אזוי וויא ער איז געווען א מאן פון א יאָהר עטליכע און פופציג ביז זעכציג און עס איז געווען א קאלטער טאָג, איז ער געזעסען איינגעהויקערט און איינגעבויגען מיט׳ן רוקען צום פייער, וואו עס האָט זיך איהם וועניגסטענס געקענט אויסווייזען, אז ער געפינט זיך אין דעם ווארעמען עגיפּטען.
פון דער אנדערער זייט טישעלע איז געזעסען, ריכטיגער נאָך, געשטאנען דער יונגער טערק, וועמען מיר האָבען געזעהן פארבייגעהן, ווען בן אָמאר האָט גערעדט מיט זשאק דאָראן אויף דיא קלעצער, ניט ווייט פון דער אייזענבאהן־סטאציאָן.

— אזוי? האט דער יונגער מאן געשריען, אזוי? דו ביסט דורכגע־פאלען? מיאוס דורכגעפאלען?

— יא, גנעדיגער הערר! אללאה איז גרויס! אללאה איז מיין עדות, אז איך...

— איך פערלאנג יעצט ניט, אז אללאה זאל געהן עדות זאגען פאר דיר! האט זיך געקאכט דער יונגער מאן. איך פרעג דיך נור: ביזט דו דורכגע־פאלען?

— ליידער! ליידער! האט בן אמאר געזיפצט.

— דיעזער לומפ, דיעזער טויגעניכטס, דיעזער נארישער פראנצויז זשאק דאראן וויל ניט אוועקגעבען דעם בריעף?

— ער וויל ניט און וויל ניט.

— וויל ער איהם ניט פערקויפען?

— פערקויפען? יא... ער וויל איהם פערקויפען —

— אבער דו האסט איהם ניט געקויפט? דו אלטער נאר! דו האסט געוואלט מאכען דערביי עטליכע ביימעל פיאסטער? דו...

— ווייסט איהר אבער, גנעדיגער הערר, וויא פיעל ער פערלאנגט פאר איהם?

— ווער פרעגט דיך? וואס מאכט עס מיר אויס, וויא פיעל ער פערלאנגט? דו האסט איהם געדארפט געבען, וויא פיעל...

— ער פערלאנגט פופציג מיליאן פראנק.

— פופציג מיליאן, האט דער יונגער מאן אויסגערופען, דיעזער דשאור (ווער עס גלויבט ניט אין מחמד)! דיעזער הינזשור (חזיר)! דיעזער טויגע־ניכטס! דיעזער גראבער קאפ!

דער יונגער טערק האט אויסגעשאטען א גאנצען זאק טירקישע און אראַ־בישע שימפפווערטער, בעליידיגונגען און קללות, וועלכע עס איז אונמעגליך איבערצוגעבען אויף אן אייראפעאישער שפראך.

בן אמאר האט אלעס אויסגעהערט גאנץ רוהיג און האט געשוויגען.

ענדליך, ווען דער יונגער מאן האט שוין אויסגעגאסען זיין גאנצען צאַרן און האט אויסגעשאטען זיין גאנצען באגאזש שימפפווערטער, קללות און חרמות, האט ער געפרעגט אביסעל רוהיגער:

— אלזא דענקסט דו, אז דיעזער לומפיגער מאטראז וויים, וואס פאר א ווערטה דיעזער בריעף האט?

— ליידער! ער ווייס עס זעהר גוט, האט בן אמאר געזיפצט.

— מחמד און אלע זיינע ענגעל זאלען איהם דערווערגען און דיך אויך! האט זיך געבייזערט דער יונגער טערק. דיך פריהער, וויל דו ביסט שולדיג.

— איך זעה ניט איין, פאר וואס איך בין שולדיג, גנעדיגער פאשא! האט בן אמאר זיך פערטהיידיגט, איך קען דאך ניט דיא געהיימניסע פון קיאמיל פאשא. איהר ווייסט דאך, אז ער איז געוועזן א פערשלאסענער, פערביסענער מענש.

— דוא האסט געמוזט וויסען אלע זיינע געהיימניסע, ווייל דוא ביסט געוועזן זיין אדוואקאט, זיין נאטאריוס. דוא פלעגסט שרייבען פאר איהם אלע געזעצליכע דאקומענטען.

און דער יונגער מאן האט ווידער אנגעהויבען צו שימפפען און שילטען.

אין דער צייט, וואס ער זידעלט זיך, קאכט זיך און שילט אלעמען, ווילען מיר בעקאנט מאכען דיא לעזער מיט דיעזער פערזאן, וועלכע שפיעלט אויך א וויכטיגע ראלע אין אונזער ערצעהלונג.

דיעזער יונגער מאן איז סואד פאשא. ער איז דער זוהן פון מוראד ביי, קיאמיל פאשא'ס נעפע. ער איז יעצט איין און דרייסיג יאהר אלט און ער האט א זעהר הויכען ראנג (משין) אין עגיפטען.

אזוי וויא קיאמיל פאשא איז געשטארבען אהן קינדער, איז מוראד ביי געבליעבען זיין איינציגער יורש, און אזוי וויא מוראד ביי איז אויך געשטארבען און האט איבערגעלאזען איין איינציגען זוהן, סואד, איז דיעזער סואד דער איינ־ציגער יורש פון דעם גרויסען פערמעגען פון קיאמיל פאשא.

מיר מוזען אייך דערצעהלען, וואס עס האט ווייטער פאסירט מיט קיאמיל פאשא און ווידער אויפהויבען א בלעטעל פון דער וועלט געשיכטע.

אין 1831 האט איבראהים פאשא, דער זוהן פון מחמד אלי פאשא, קעניג פון עגיפטען, ערקלעהרט קריעג סולטאן מחמד דעם צווייטען און איז ארויסגע־גאנגען געגען איהם מיט צוויי און צוואנציג קריעגס שיפען און אן ארמעע פון דרייסיג טויזענד מאן.

אין א קורצער צייט האט ער אבגענומען דיא שטעדט עזה (גאזא), יפו, חיפה און אקר אדער עכו. דעם 27טען מערץ 1832 איז מחמד אלי פאשא געוועזן הער־שער איבער גאנץ סיריען און פאלעסטינא און ער איז געוועזן בערייט צו שיקען זיין פעהיגען זוהן, איבראהים פאשא, דער גרעסטער און פעהיגסטער גענעראל און אדמיראל, וועלכען טירקיי האט געהאט, זייט זיא עקזיסטירט, אבצונעהמען קאנסטאנטינאפאל.

ווען קייזער ניקאלאי דער ערשטע פון רוסלאנד וואלט זיך דאמאלס ניט אריינגעמישט און וואלט ניט געהייסען איבראהים פאשא בלייבען אין סיריען און ניט געהן נאך קאנסטאנטינאפאל, וואלט טירקיי געווארען איינע פון דיא גרעסטע מעכטע אין איירא פא, ווייל איבראהים פאשא איז געוועזן א צווייטער נאפאלעאן אלס קריעגס העלד, עס האבען איהם נור געפעהלט דיא ארמעען פון פראנקרייך און דאס געלד פון פראנקרייך. מענער, וועלכע קענען דיא

קריעגס קונסט, בעהויפּטען זאָגאר, אז איבראהים פּאשא איז געווען פיעל פּער־היגער פון נאפּאָלעאָן דעם ערשטען.

וויא מיר האָבען שוין פריהער דערצעהלט, האָט קיאמיל פּאשא פערגראָ־בען זיינע רייכטהימער אויף א קליינעם ניט בעוואָהנטען אינזעל, דאן איז ער ארומגעפאָהרען אויף זיין שיף אויף אלערליי מעערע.

מיר ווייסען ניט גענוי, אין וועלכע געגענדען ער איז געפאָהרען און וואָס ער האָט געטהאָן דיא גאנצע צייט פון סעפּטעמבער 1831 ביז דעם 3טען יולי 1834. מיר ווייסען נור, אז דעם 3טען יולי 1834 איז קיאמיל פּאשא מיט זיין שיף געפאָהרען אויף דעם מיטעללענדישען מעער און איז צופעליגערווייזע צו־געקומען צו דעם קליינעם פּאָרט חיפה אָדער האיפא אין פּאלעסטינא אום צו פערזאָרגען זיין שיף מיט וואסער.

צום אונגליק זיינען אָנגעקומען איבראהים פּאשא׳ס צוויי קריעגס־שיפען, וועלכע האָבען אויפגעהאלטען קיאמיל פּאשא׳ס שיף און געפאָדערט פון דעם שיפסקאפּיטאן א פּאספּאָרט. יעדע שיף מוז האָבען א פּאספּאָרט פון א רע־גיערונג, אין וועלכען עס שטעהט דייטליך, וועד זיא איז, צו וועמען זיא געהערט, ווער עס איז איהר שיפסקאפּיטאן, פון וואנען זיא קומט און וואוהין זיא געהט.

אזא פּאספּאָרט האָט דיא שיף ניט געהאט.

צום אונגליק נאָך האָט זיך אויף איינער פון איבראהים פּאשא׳ס קריעגס־שיפען געפונען מוראד ביי, קיאמיל פּאשא׳ס פערוואנדטער.

קוים האָט מוראד ביי דערקענט קיאמיל פּאשא און זיין שיפסקאפּיטאן יוסוף, האָט ער געהייסען זיי ארעסטירען. אזוי וויא מוראד ביי איז געווען פּריוואט סעקרעטער ביי איבראהים פּאשא, האָט ער לייכט אויסגעווירקט ביי איהם א בעפעהל, אז קיאמיל פּאשא זאָל מען אוועקשיקען אין א געפענגניס אין קאאירא, דיא הויפּט שטאָדט פון עגיפּטען און דעם אָרימען יוסוף זאָל מען אוועקשיקען אין א געפענגניס אין דמשק.

מוראד ביי איז געווען זיכער, אז יעצט וועט ער שוין בעקומען דיא רייכ־טהימער פון קיאמיל פּאשא. אין א געפענגניס אין טירקיי אָדער אין עגיפּטען מעג מען זיך שוין ערלויבען ארויסצוזיסען און ארויסצומאטערען א געהיימניס פון א געפאנגענעם.

וואָס עס איז פּאָרגעקומען מיט קיאמיל פּאשא אין זיין געפענגניס, ווייס קיינער ניט. מען ווייס נור, אז מען האָט איהם געהאלטען געפאנגען גאנצע אכט יאָהר, פון 1834 ביז 1842. אין דיעזער צייט איז איהם געלונגען אָנצושרייבען עטליכע בריעף. ער האָט אונטערגעקויפט איינעם פון זיינע וועכטער, וועלכער האָט בעזאָרגט דיא בריעף, דאָס הייסט, זיי אוועקגעשיקט מיט דער פּאָסט.

איינער פון דיעזע בריעף איז געווען געשריבען אין 1842 און אדרעסירט צו קאפּיטאן טהאָמאס דאָראן אין סען מאלאָ, פראנקרייך. **דיא פּינקטליכע**

פראנצויזישע פּאָסט, האָט געטהאָן איהר פּפליכט און האָט ריכטיג צוגע־שטעלט דעם בריעף צו קאפּיטאן טהאָמאס דאָראן.

אין יענער צייט האָט יעדע גרויסמאכט, וויא רוסלאנד, ענגלאנד און פראנק־רייך, געהאט איהר אייגענע פּאָסט אין עגיפּטען און ווען איינער האָט געוואָלט שיקען א בריעף נאָך פראנקרייך, האָט ער איהם געשיקט מיט דער פראנצויזישער פּאָסט. האָט איינער געוואָלט שיקען א בריעף נאָך ענגלאנד, האָט ער איהם גע־שיקט מיט דער ענגלישער פּאָסט, ווייל נור אויף אזא ארט האָט מען געקענט זיין זיכער, אז דער בריעף וועט ריכטיג אָנקומען, און וויא מיר האָבען געזעהען, האָט טהאָמאס דאָראן אויך גאנץ ריכטיג בעקומען דעם בריעף פון קיאמיל פּאשא.

קאפּיטאן יוסוף איז געשטאָרבען אין 1838. ער איז געשטאָרבען אין גע־פענגניס. וויא מען האָט איהם געמאטערט און וויא מען האָט איהם געפּלאגט, האָט ער דאָך ניט ארויסגעגעבען דאָס געהיימניס פון זיין הערר און פריינד קיאמיל פּאשא.

מוראד ביי איז נעשפּרונגען פון דער הויט. ער האָט געוואָלט ארויסקריי־גען פון דעם געטרייען יוסוף, וואו קיאמיל פּאשא האָט פערבאָרגען אָדער אהינגעטהאָן זיינע רייכטהימער, אָבער יוסוף האָט עס ניט אויסגעזאָגט און פיליייכט האָט ער עס אויך ניט געקענט זאָגען, ווייל ער האָט איבערגעגעבען קיאמיל פּאשא דיא מעער־קארטע, אויף וועלכער עס איז געוועזען פערצייכענט דער קליינער אינזעל, וואו קיאמיל פּאשא האָט פערבאָרגען זיינע מיליאָנען.

קיאמיל פּאשא האָט אויסגעהאלטען לענגער. ער איז אויך געשטאָרבען אין געפענגניס אין קאאירא, אָבער ערשט אין 1852.

דער איינציגער מענש, וועלכער פלעגט קומען איהם בעזוכען אין גע־פענגניס, איז געוועזען מוראד ביי. וואָס צווישען דיעזע ביידע מענשען איז פאָר־געקומען ווייס מען ניט. דיא מויערען פון געפענגניס אין עגיפּטען זיינען שטיל וויא דער טוידט.

א יאָהר שפּעטער, אין 1853, איז אויך מוראד ביי געשטאָרבען און האָט איבערגעלאָזען איין איינציגען זוהן, סואד פּאשא. זיין פּאָטער האָט פאר איהם אויסגעווירקט דעם טיטול פּאשא און א הויכע שטעלע אין דעם הויף פון דעם כעדיוו פון עגיפּטען.

סואד פּאשא האָט געלעבט ברייט, פיעל העכער פון זיינע מיטעל. אזוי וויא עס האָבען זיך דאן בעזעצט פיעלע אייראָפּעער אין עגיפּטען און דערצו נאָך אלערליי סאָרטען מענשען, האָט זיך סואד פּאשא מיט זיי בעקאנט און האָט אָנגעהויבען צו פיהרען א לוסטיגען לעבען. ער האָט זיך אויסגעלערענט צו שפּיעלען אין קאָרטען און צו בעזוכען גאנץ אָפט דאָס פרעהליכע פּאריז.

אום צו פיהרען אזא לעבען, מוז מען האָבען געלד און פיעל געלד. אלס

הויכער בעאמטער אין עגיפּטען האָט ער צוואר געמאכט גענוג געלד. אין אנדע־רער אויף זיין פּלאַץ וואָלט רייך געוואָרען און וואָלט זיך געקויפט לאנד און שלעסער, סואד פאשא אָבער האָט פערשווענדעט זיין געלד אין קאָרטען שפּיע־לען און אויף אנדערע פאריזער פערגעניגען.

עס איז אלזאָ ניט קיין וואונדער וואָס ער פלעגט שטענדיג דארפען געלד, און אזוי וויא ער האָט עס ניט געהאט, האָט ער געמוזט לייהען און באָרגען. ענדליך איז ער אָבער געווען אזוי פיעל שולדיג, אז קיינער האָט איהם מעהר ניט געוואָלט לייהען א פיאסטער.

אין דיעזער טרויעריגער לאגע האָט ער זיך דערמאָנט אָן זיין גרויס־אָנקעל קיאמיל פאשא און אָן זיין גרויסעס פערמעגען. וואו נעהמט מען אָבער דיע־זעס פערמעגען? וויא אזוי געפינט מען אוים וואו דיעזעס פערמעגען געפינט זיך?

סואד פאשא האָט געטראכט, געקלערט, זיך געבראָכען דעם קאָפּ און האָט ניט געקענט מעהר אויסגעפינען, וויא זיין פאָטער מוראד ביי.

אין א שעהנעם פריהמאָרגען אין 1862 האָט ער בעקומען מיט דער פּאָסט א קליין בריוועלע, אין וועלכען עס איז געשטאנען פאָלגענדעס:

"דער אדוואָקאט בן אָמאר פון אלעקסאנדריע ווינשט צו זעהען זיין גנאדען סואד פאשא וועגען א זעהר וויכטיגער אנגעלעגענהייט".

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא איבערראָשט סואד פאשא איז געוואָרען, ווען ער האָט ערהאלטען דיעזעס בריוועלע. ער איז באלד אוועקגעפאָהרען נאָך אלעקסאנדריע און איז געקומען צום אדוואָקאט בן אָמאר.

— וואָס פערלאנגסט דוא פון מיר? צו וואָס דארפסט דוא מיך? האָט ער געפרעגט.

בן אָמאר האָט זיך טויזענד מאָל ענטשולדיגט, וואָס ער האָט געוואגט צו רופען צו זיך אזא גרויסען פאשא און האָט גאנץ אונטערטהעניג געבעטען סואד פאשא זיך זעצען און איהם רוהיג אויסהערען.

סואד פאשא האָט זיך אנידערגעזעצט און האָט אויסגעהערט.

— גנעדיגער הערר און פאשא! האָט בן אָמאר אָנגעהויבען, קענט איהר מיר ניט זאָגען, אויב איהר זייט דער איינציגער יורש פון קיאמיל פאשא?

— וואָס פרעגט איהר? ווייסט איהר דען ניט, אז קיאמיל פאשא האָט קיין קינדער ניט געלאָזען און מיין פאָטער מוראד ביי איז געוואָרען דער איינ־ציגער יורש פון זיין גאנצען פערמעגען?

— דאָס ווייס איך, איך וויל אָבער וויסען, אויב עס געפינט זיך ניט נאָך א יורש, עס קען זיין א פרעמדער, קיין פערוואנדטער פון קיאמיל פאשא, אָבער דאָך א יורש, ווייל קיאמיל פאשא האָט דאָך געמעגט איבערלאָזען א טעס־

טאמענט (א צואה), אז ער שענקט אוועק אָדער לאָזט איבער זיין פערמעגען צו א פרעמדען.

— דאָס קען ניט זיין! דאָס איז אונמעגליך! האָט סואד פאשא גע־שריען און זיך געבייזערט.

— בערוהיגט אייך, גנעדיגער הערר און פאשא! האָט בן אָמאר געבעטען. אויף דער וועלט קומען אָפט פאָר רעכט זעלטענע זאכען. עס קען זיין, אז קיאמיל פאשא האָט איבערגעלאָזען נאָך אנדערע יורשים.

סואד פאשא איז אויפגעשפרונגען און האָט אנגעהויבען צו שרייען און צו שילטען.

בן אָמאר האָט געעפענט א געהיימען שופלאָד פון זיין גרויסען אלט־מאָ־דישען שרייב־טיש, האָט פון דאָרט ארויסגענומען א פערזיגעלטען בריעף און האָט איהם דערלאנגט סואד פאשא.

— וואָס איז דאָס? האָט סואד פאשא געפרעגט.

— דאָס טעסטאמענט פון קיאמיל פאשא, איז געווען דיא אנטוואָרט.

— וויא קומט עס צו אייך? קיאמיל פאשא איז דאָך געשטאָרבען אין געפענגנים.

— א וועכטער פון געפענגנים האָט מיר געבראכט דיעזען דאָקומענט מיט א בריעף פון קיאמיל פאשא.

— ווען איז עס געווען?

— אין 1842.

— אלזאָ, שוין זייט צוואנציג יאָהר? און איהר האָט דיא גאנצע צייט געשוויגען? איהר האָט עס קיינעם ניט געזאָגט?

— לעזט איבער דיעזע פאפירען, וועט איהר מעהר ניט שטעלען אזעלכע פראגען, האָט בן אָמאר געענטפערט.

סואד פאשא האָט אויפגעריסען דעם איבערשטען קאָנווערט פון דעם בריעף און האָט דערזעהען, אז אונטען געפינט זיך א צווייטער קאָנווערט. אויף דיעזען צווייטען קאָנווערט איז געשטאנען אויף אראביש, אז דער טעסטאטאָר, דער מאן, וועלכער האָט געלאָזען דיעזע צואה, בעשווערט יעדען ביים היילינגען קבר פון דעם פראָפעט מחמד, אז ער זאָל ניט עפענען דיעזען בריעף פאר צעהן יאָהר נאָך זיין טויט.

— נו, זעהט איהר, גנעדיגער הערר און פאשא, אז ביז היינט האָב איך ניט געקענט און ניט געטאָרט ארויסגעבען דיעזען דאָקומענט. קיאמיל פאשא איז געשטאָרבען אין 1852, היינט האָבען מיר 1862, אלזאָ פונקט צעהן יאָהר נאָך זיין טויט. ערשט יעצט אלזאָ קען מען עפענען דיעזען בריעף און לעזען קיאמיל פאשא׳ס טעסטאמענט.

— פערדאמטער אדוואָקאט! פאר וואָס האָסט דוא מיר עס ניט געמעל־

דעט באלד נאך מיין פאטער'ס טויט? איך וואלט דאך שוין ביז יעצט גע־קענט זיין א גאנץ רייכער מאן.

— ווייסט איהר דען פאר געוויס, אז קיאמיל פאשא האט אייך איבערגע־לאזען זיין פערמעגען?

— וועמען דען, עזעל? איך בין זיין איינציגער יורש.

מיט דיעזע ווערטער האט ער געוואלט אויפרייסען דעם צווייטען קאנ־ווערט און לעזען דאס טעסטאמענט.

— ענטשולדיגט מיר, גנעדיגער העדר און פאשא! האט בן אמאר גע־בעטען. דאס געזעץ זאגט, אז א טעסטאמענט דארף געלעזען ווערען פאר עדות. איך מוז אלזא שיקען אריינרופען צוויי עדות, וועלכע זאלען זיך איבערצייגען, אז דער קאנווערט איז געבליבען גאנץ, אז קיינער האט איהם פריהער ניט געלעזען און דארום האט איהם קיינער ניט געקענט פעלשען.

סואד פאשא האט אנגעהויבען זיך צו קאכען און האט ניט געוואלט הערען פון עדות, בן אמאר אבער האט איהם געגעבען צו פערשטעהן, אז ווען עס ווע־לען זיך געפינען עדות ביים עפענען פון דעם טעסטאמענט, קען מען שפעטער, אין פאל ווען מען מוז פיהרען א פראצעס, בעווייזען דורך דיא עדות, אז דאס איז ווירקליך דער ריכטיגער, אריגינעלער טעסטאמענט.

— דאן ברענג מיר עדות! האט סואד פאשא געשריען.

בן אמאר האט געשיקט אריינרופען צוויי קויפלייטע, וועלכע האבען גע־וואהנט ניט ווייט.

ווען זיי זיינען אריינגעקומען, האט בן אמאר זיי געוויזען דעם בריעף, אז ער איז גאנץ, אז דיא אויפשריפט איז ריכטיג און אז ער איז ניט געענדערט.

ווען דיעזע צערעמאניע האט זיך געענדיגט, האט סואד פאשא געעפענט דעם בריעף.

עס איז געווען א ניט לאנגער בריעף. געשריעבען אויף פראנצויזיש, און אין איהם איז געשטאנען פאלגענדעס:

"איך בעשטים בן אמאר, דער זוהן פון מחמד, אדוואקאט און נאטאריוס אין אלעקסאנדריע, אלס עקזעקוטאר פון מיין צוואה. איך האב א פערמעגען פון פיער מיליאן פונט סטערלינג, דיעזעס פערמעגען בעשטעהט אין גאלדענע מינ־צען, ענגלישע און טירקישע, דיאמאנטען און אנדערע טהייערע שטיינער.

"אין סעפטעמבער 1831 האב איך געהאלטען מיין גאנצעס פערמעגען אין פיער קליינע, שטארקע פעסלעך, וועלכע איך האב פערגראבען אויף א קליינעם אינזעל אין א געוויסען מעער, דיעזען אינזעל קען מען לייכט אויס־געפינען, ווען מען ווייסט דיא לייננ און דיא ברייט, דעם מערידיאן און דעם פאראלעל פון דער וועלט קארטע. דער מערידיאן איז 54 גראד 57 מינוט

אָסטליכער לענג. דיא ברייט אָבער, דעם פּאראלעל, האָב איך געשיקט צום שיפס־קאפּיטאן טהאָמאס דאָראן אין סען מאלאָ, פראנקרייך.

"איך בעט דעם אדוואָקאט בן אָמאר, ער זאָל אליין פאָהרען נאָך פראנקרייך און זאָל דאָרט אויסגעפינען טהאָמאס'ען אָדער זיין יורש. אזוי וויא בן אָמאר ווייס דיא לענג און טהאָמאס דאָראן ווייס דיא ברייט, וועלען זייביידע לייכט אויסגעפינען דעם אינזעל, וואו מיין פערמעגען ליעגט פערגראָבען.

"בן אָמאר זאָל בעקומען פאר זיין מיה איינס פּראָצענט פון דעם גאנ־צען פערמעגען. דעם רעסט זאָל בעקומען טהאָמאס דאָראן אָדער זיין יורש לויט דעם דאָקומענט, וועלכען איך האָב איבערגעלאָזען אין אן אנדער אָרט.

"איך בעט און בעפעהל, אז מיין נעפע מוראד ביי און זיין פערדאָר־בענער זוהן סואד זאָלען ניט בעקומען א פּיאסטער פון מיין פערמעגען. איך ערקלער, אז דיעזע מענשען האָבען מיך פערפאָלגט, געפּייניגט און געמאטערט און דארום בעט איך און בעפעהל אלע גוטע מענשען און אלע ריכטער און געריכטע, אז זיי זאָלען ניט געבען קיין איין־איינציגען פּיאסטער פון מיין פער־מעגען ניט צו מוראד ביי און ניט צו זיין זוהן סואד.

"דאָס איז מיין לעצטער ווילען, מיין טעסטאמענט. איך בין קראנק און איך ווייס, אז איך וועל שוין לאנג ניט לעבען.

"געשריבען מיט מיין אייגענער האנדשריפט אין געפענגניס פון קאאירא, דעם 9טען פעברואר, 1842.

"קיאמיל פּאשא, זוהן פון קאמליק פּאשא, זוהן פון אבדול רחמן פּאשא".

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען, וויא סואד פּאשא האָט געטאנצט און געשפּרונגען, ווען ער האָט איבערגעלעזען דיעזען זאָנדערבארען דאָקומענט. מען קען זיך לייכט דענקען וואָס דער קארגער בן אָמאר האָט געפיהלט, ווען ער האָט דערהערט, אז ער וועט בעקומען דיא אויפזיכט איבער פיער מיליאָן פונט סטערלינג אָדער 20 מיליאָן אמעריקאנער דאָלאר.

אייניגע מינוטען האָבען אלע אנוועזענדע געשוויגען. קיינער האָט ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען און וואָס צו רעדען פון אזא זאָנדערבארען טעסטא־מענט.

ענדליך, ווען אלע האָבען זיך אביסעל בערוהיגט, האָט בן אָמאר געזאָגט:

— וואָס ווערט דען דערפון? ווען דיא מיליאָנען זאָלען שוין זיין דאָ אין אלעקסאנדריע, וואָלט איך צופריעדען געווען. זיי זיינען דאָך אָבער ניטאָ, מען דארף זיי ערשט זוכען. מען מוז פריהער אויסגעפינען דעם אינזעל, וואו דיעזע מיליאָנען ליעגען בעגראָבען. איך מוז צוערשט פאָהרען נאָך פראנקרייך אויסזוכען דיעזען טהאָמאס דאָראן, און ווען איך וועל איהם שוין געפינען, וועלען מיר ערשט מוזען פאָהרען זוכען דעם אינזעל. דאָס איז א לאנגע געשיכטע.

בן אָמאר איז שוין באלד געווען בערייט זיך אָבצוזאָגען פון זיין קאָמי־

סיאַן אום ניט ארומצופאָהרען זוכען א פראנצויז מיט׳ן נאָמען דאָראן, דאן ערשט פאָהרען מיט איהם ערגעץ אויף אן אינזעל. דאָס איז געווען צו פיעל ארבייט פאר אזא מאן, וויא בן אָמאר, וועלכער האָט זעהר ניט ליעב געהאט צו פאָהרען אויף׳ן מעער, ווייל ער פלעגט שרעקליך ליידען פון דער זעע־קראנקהייט.

גאנץ אנדערש האָט אָבער געטראכט פון דיעזער אנגעלעגענהייט סואד פאַ־שא. קוים האָט ער זיך אביסעל בערוהיגט פון דעם ערשטען שרעק נאָך דעם איבערלעזען פון דעם טעסטאמענט, האָט ער אויסגערופען:

— ניין! דאָס וועל איך ניט דערלאָזען! דאָס וועט דער כעדיוו ניט דערלאָזען און דאָס וועט דער סולטאן ניט דערלאָזען! א פראנצויז, א דזשאור, זאָל ירשן׳ען אזא פערמעגען פון א מאָסלים, פון א פרומען מאחמאדאנער? איך מוז בעקומען קיאמיל פאשא׳ס מיליאָנען, ווייל איך בין זיין איינציגער געזעצליכער יורש.

ער האָט געטראכט און געקלערט און האָט אויך אויסגעקלערט א פּלאן, וויא אזוי צו בעקומען קיאמיל פאשא׳ס מיליאָנען. ער האָט דערצעהלט זיין פּלאן בן אָמאר׳ען און האָט געזאָגט צו איהם:

— וועסט דוא מיך פאָלגען און מיר וועלען בעקומען דיא מיליאָנען, וועסט דוא בעקומען צעהן פּראָצענט פון דעם גאנצען פערמעגען, וועסט דוא עס אָבער ניט טהאָן, וועל איך דיך דענאנסירען (פער׳מסר׳ן) ביים כעדיוו און דוא וועסט ענדיגען דיין לעבען אין געפענגנים, וויא קיאמיל פאשא.

נאָך לאנגען רעדען און איינרעדען האָט בן אָמאר איינגעוויליגט צו אר־בייטען צוזאמען מיט סואד פאשא.

דורך דעם פראנצויזישען קאָנסול זיינען זיי געוואָהר געוואָרען, אז טהאָ־מאס דאָראן איז געשטאָרבען אין 1854 און האָט איבערגעלאָזען א זוהן מיט׳ן נאָמען זשאק, וועלכער וואָהנט אין סען מאלאָ, אין זיין פאָטער׳ס הויז. מען האַלט איהם פאר א רייכען מאן און ער האָט ניט קיין קינדער, ווייל ער האָט קיין מאָל ניט געהייראטה.

קוים זיינען דערפון געוואָהר געוואָרען סואד פאשא און בן אָמאר, האָבען זיי זיך באלד ענטשלאָסען צו פאָהרען נאָך פראנקרייך, זיך צו זעהען מיט זשאק דאָראן און אויסצופרעגן ביי איהם זיין בריעף, אין וועלכען עס גע־פינט זיך דיא ברייט פון דעם אינזעל מיט דיא מיליאָנען.

סואד פאשא און בן אָמאר זיינען געווען פעסט איבערצייגט, אז זשאק דאָראן וועט זיי פערקויפען זיין בריעף פאר א קלייניגקייט, ווייל וואָס פאר א ווערטה האָט דיעזער בריעף? וואָס קען ער טהאָן מיט דיעזען בריעף? וויא קען ער אויסגעפינען דעם אינזעל מיט דיא מיליאָנען, ווען אין בריעף שטעהט

נור דיא ברייט, נים דיא לענג? וואָס קען איהם העלפען, וואָס ער ווייס דעם פּאראלעל, ווען ער ווייס נים אויף וועלכען מערידיאן דער אינזעל ליעגט?

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען, וויא איבערראשט בן אָמאר איז געוואָרען, ווען זשאק דאָראן האָט איהם ערקלערט, אז ער פערלאנגט גאָר פאר דעם בריעף פופציג מיליאָן פראנק!

יעצט זיינען זיי ביידע אין צימער נומער 17 האָטעל דע פּאריז און סואד פּאשא קאָכט זיך, בייזערט זיך, שימפּפט, זידעלט און שילט זיך, וויא א גאסען יונג.

— דוא ביזט שולדיג! האָט זיך סואד פּאשא געקאָכט, א גוטער פעהיגער אדוואָקאט וואָלט אין דריי ווערטער אויסגענארט דעם בריעף פון אזא נאַרישען פראנצויז. איך זאָג דיר נאָך אמאָל: וועה דיר, בן אָמאר, ווען איך וועל ניט בעקומען קיאמיל פּאשא'ס מיליאָנען! עס וועט דיך טהייער קאָסטען! דוא ווייסט, וואָס איך קען טהאָן ביים כעדיוו!

— אָבער, גנעדיגער הערר און פּאשא! וואָס בין איך שולדיג?

— דוא ביזט שולדיג! דוא ביזט שולדיג! האָט געשריען ניט מיט זיין קול סואד פּאשא, פאר וואָס האָסט דוא ניט אויסגענארט דעם בריעף ביי דיעזען פראנצויזישען מאטראָז?

— אָבער, גנעדיגער הערר און פּאשא, דיעזער פראנצויז איז גאָר ניט אזא נאר וויא אונזערע פעלאכען. מען קען איהם ניט אָבנארען און מען קען איהם ניט איבערשרעקען.

— נארישקייטען!

— עס איז גאָר ניט קיין נארישקייטען. זשאק דאָראן איז א שטארקער, קרעפטיגער מאן, וועלכער ווערט צוקאָכט פון יעדען וואָרט און איז גרייט צו זאָגען אלערליי גראָבהייטען, צו זידלען זיך און זאָגאר צו שלאָגען, וויא...

ער האָט געוואָלט ענדיגען: "וויא איהר, הערר סואד פּאשא", אָבער ער האָט זיך פערכאַפּט און האָט געשוויגען.

אייניגע אויגענבליקע האָבען ביידע געשוויגען, ענדליך האָט בן אָמאר געזאָגט:

— מיר דאכט, אז מיר מוזען זיך אָבזאָגען פון דער גאנצער געשיכטע.

— זיך אָבזאָגען? אויפגעבען אזוי פיעל מיליאָנען? אויף קיין פאל! עס ליעגען פאר מיר מיליאָנען; איך קען זיי דערגרייכען מיט דער האנד און איך זאָל זיך אָבזאָגען פון זיי? דאָס וועט סואד פּאשא ניט טהאָן!

— וויא אזוי קומט מען אָבער צו דיעזע מיליאָנען?

— מען מוז טראכטען און קלערען און אויסגעפינען א מיטעל וויא אזוי ארויסצוקריגען דעם בריעף פון זשאק דאָראן.

— פיליכט וואָלט גלייך געווען, אז מיר זאָלען איהם אָנבאָטען, ער זאָל

ביי אונז אָבקויפען דיא לענג, האָט בן אָמאר געקלערט. מיר קענען גאָר ניט מאכען מיט אונזער מערידיאן, ער קען גאָר ניט מאכען מיט זיין פּאראלעל. ער פערלאנגט פאר זיין פּאראלעל פופציג מיליאָן פראנק. לאָמיר פערלאנגען פאר אונזער מערידיאן פופציג מיליאָן פראנק.

— עזעל! האָט א געשריי געטהאָן סואד פּאשא, וואו וועט דער לומפּי־גער פראנצויז דיר געהמען פופציג מיליאָן פראנק?

בן אָמאר האָט פּרובירט מאכען אנדערע פּלענער, סואד פּאשא האָט זיי אָבער ניט אָנגענומען, ווייל עס איז געווען דייטליך, אז בן אָמאר וואָלט גע־ווען צופריעדען מיט עטליכע טויזענד פראנק אום לויז צו ווערען פון דער גאנצער געשיכטע.

ענדליך האָט סואד פּאשא אויסגעטראכט א פּלאן און האָט געהייסען דעם אדוואָקאט איהם אויספיהרען מאָרגען אין דער פריה.

דער פּלאן איז בעשטאנען אין פאָלגענדען: ערשטענס, בן אָמאר זאָל געהן מאָרגען אין דער פריה צו זשאק דאָראן און זאָל איהם מאכען א פאָרשלאג, אז זיי זאָלען זיך טהיילען מיט קיאמיל פּאשא'ס מיליאָנען. דאן זאָל זשאק דאָראן איבערגעבען בן אָמאר'ען דעם פּאראלעל און בן אָמאר וועט איהם איבערגעבען דעם מערידיאן.

סואד פּאשא האָט דערביי גאנץ ריכטיג אויסגערעכענט, אז קוים וועט ער וויסען גענוי, וואו עס געפינט זיך דער אינזעל מיט דיא מיליאָנען, וועט ער טהאָן אלעס מעגליכע, אז ער זאָל אָנקומען אהין פריהער פון זשאק דאָראן און וועט אלעס צונעהמען פאר זיך אליין.

צווייטענס, אין פאל זשאק דאָראן וועט ניט איינשטימען דארויף, זאָל מען איהם אָנבאָטען, אז ביידע צוזאמען זאָלען פאָהרען זוכען דעם אינזעל מיט דיא מיליאָנען, דאָס הייסט, יעדער זאָל האלטען ביי זיך זיין געהיימניס, ביז מען וועט צוקומען צום אינזעל. ווען מען וועט געפינען דעם אינזעל מיט דיא מיליאָנען, וועט מען שוין מוזען זיך צוטהיילען גלייך אויף גלייך.

— און מיינע פּראָצענטען? האָט בן אָמאר געפרעגט.

— דאן בעקומסט דוא פינף פּראָצענט פון אלע מיליאָנען, האָט סואד פּאשא געענטפערט.

— ווען זשאק דאָראן וועט דארויף איינשטימען, בין איך צופריעדען, האָט בן אָמאר ערקלערט.

מען האָט זיך נאָך איבערלעגט אייניגע צייט און ענדליך האָט מען אָנ־גענומען דיעזען פּלאן. אויב ער איז גוט אָדער שלעכט, קען מען ניט זאָגען; אויב ער וועט געלינגען, איז ער גוט.

סואד פּאשא האָט נאָך געהאט א געהיימען פּלאן און דאָס איז: אויב דער אינזעל מיט דיא מיליאָנען געפינען זיך ערגעץ לעבען א לאנד פון מאחמאדאנער,

וועט ער שוין געפינען מיטעל, וויא אזוי לויז צו ווערען פון דעם פראנצויז, דעם דזשאור, דעם לומפ, וועלכער גלויבט ניט אין מחמד׳ען.

עס איז אן אלטע געשיכטע, אז ווען עס האנדעלט זיך וועגען געלד, ווערט מען פרום און מען ערלויבט זיך זאגאר א קליינעם מארד אום צו צונעה־מען יענעם׳ס געלד: „ער גלויבט דאך ניט אין דעם גרויסען גאט בראהאמא״, זאגט דער פרומער בראהמין. „ער גלויבט דאך ניט אין דעם הייליגען קאנפו־ציוס״, זאגט דער כינעזער, „און ווען ער גלויבט ניט, וויא איך וויל, און ער וויל ניט אוועקגעבען זיין געלד, מעג מען דאך שטילערהייט איהם אריינשטעכען א מעסער צווישען דיא ריפען אדער איהם פערברענגען אויף דעם שייטער הוי־פען״.

סואד פאשא האט אלזא געהאט פאלקאמען רעכט צו דענקען, אז ביי א געלעגענהייט קען מען לויז ווערען פון זשאק דאראן, ווייל ער איז א דזשאור, ער גלויבט ניט אין מחמד׳ען.

— דיא הויפטזאך איז, אז מיר טארען ניט לאזען דעם פערדאמטען פראנצויז אליין אפילו אויף איין איינציגע מינוט, האט סואד פאשא גענדיגט זיין פלאן.

— דאס איז גאנץ ריכטיג, האט בן אמאר בעשטעטיגט. וויא אזוי אבער קענט איהר מיטפאהרען מיט אונז? וויא אזוי קען איך אייך פארשטעלען פאר׳ן פראנצויז און איהם ערקלערען, אז איהר מוזט פאהרען מיט אונז?

— דאס איז גאנץ לייכט.

— אבער וויא אזוי?

— איך וועל פאהרען אלס דיין שרייבער, האט סואד פאשא ערקלערט.

— דאס איז א גוטער איינפאל! האט בן אמאר אויסגערופען, אבער דאן קען איך דאך ניט אייך פארשטעלען אלס סואד פאשא?

— דאס איז גאר ניט נויטהיג! שטעל מיך פאר אלס דיין שרייבער, פריוואט סעקרעטער נאזים, גאר אהן א טיטול.

— אייך? אייך, גנעדיגער הערר און פאשא?

— וואס געהט עס דיך אן? איך וויל זיין דיין שרייבער נאזים בן אב־דאלאה! פערשטעהסט דוא מיך?

— יא, איך פערשטעה אייך.

שפעט ביי נאכט זיינען דיעזע צוויי מענשען געגאנגען שלאפען, סואד פאשא אין נומער 17 און בן אמאר אין נומער 16 פון האטעל דע פאריז.

8טעם קאַפּיטעל.

# דער פּלאַן ווערט אויסגעפיהרט

זשאק דאַראַן איז געקומען אהיים גאַנץ שטיל און רוהיג. ער האָט ניט גע־זעהן אָדער האָט ניט געוואָלט זעהן, אז לעבען פענסטער זיינען געזעסען פראַנ־סוא און זשוליעט און זיינען געווען אזוי פערטיעפט אין זייער געשפּרעך, אז זיי האָבען איהם ניט בעמערקט.

נאַנאָן איז געווען בעשעפטיגט אין קיך. זיא האָט היינט געקאָכט א בע־זונדערס גוטען מיטאָג, ווייל זיא איז נעכטען געווען אין דער שטאָדט נאַנט און האָט איינגעקויפט פיעלע זאכען פאַר איהר איינציגער טאָכטער זשוליעט.

געוועהנליך, ווען זשאק דאַראַן פלעגט קומען אהיים פון א שפּאַציער פאַר מיטאָג, פלעגט ער באלד פרעגען, אויב דאָס עסען איז שוין פאַרטיג און ווען נאַנאָן פלעגט איהם ענטפערען, אז עס וועט באלד פערטיג ווערען, פלעגט ער שרייען, זיך בייזערען, מאכען געוואַלדען און פערביטערען דער אָרימער נאַ־נאָן דאָס לעבען, היינט אָבער איז ער געווען גאַנץ שטיל. ער האָט זיך אויף קיינעם ניט אומגעקוקט און האָט קיינעם ניט געפרעגט, אויב דער מיטאָג איז שוין פאַרטיג.

פראַנסוא האָט פּרובירט עטליכע מאָל רעדען צו איהם, אָבער ער האָט זיך געמאכט ניט הערענדיג, פיללייכט האָט ער אויך ניט געהערט, און האָט ניט געענטפערט.

זשוליעט איז צוגעקומען צו איהם און האָט איהם געזאָגט: גוט מאָרגען! ער האָט איהר ניט געענטפערט.

— וואָס איז מיט אייך, אָנקעל? האָט זיא איהם געפרעגט פריינדליך.

ער האָט איהר ניט געענטפערט און זיא האָט עס דערצעהלט איהר מוטער.

דאָס עסען איז באלד פאַרטיג געוואָרען און מען האָט זיך געזעצט צום טיש, נאַנאָן האָט איהם גערופען. ער איז געגאַנגען עסען. ער האָט שטענדיג געהאט א גוטען אַפּעטיט. דאָס מאָל אָבער האָט ער געגעסען זעהר וועניג און אין דער גאַנצער צייט פון דעם מיטאָג־עסען האָט ער ניט ארויסגעזאָגט א וואָרט.

דיא גוטע נאַנאָן איז געוואָרען אונרוהיג. זיא האָט גוט געקענט איהר ברו־דער און האָט געוואוסט, אז דאָס איז געגען זיין כאראקטער. זיא האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען און האָט איהם ענדליך געפרעגט:

— וואָס איז מיט דיר, זשאק? פעהלט דיר עפּעס?

— עס איז מיר גאָר ניט, איז געווען דיא אַנטוואָרט.

מעהר האָט מען פון איהם ניט געקענט ארויסקריגען א וואָרט. נאָך'ן עסען האָט ער זאָגאר פערגעסען צו פעררויכען זיין ליולקע. ער פלעגט שטענדיג רויכען זעהר שטארק.

ער האָט זיך אויפגעהויבען, האָט זיך אויף קיינעם ניט אומגעקוקט און איז ארויפגעגאנגען אין זיין צימער אויף'ן צווייטען שטאָק.

— עפּעס איז נייעס מיט'ן אָנקעל, האָט דיא שעהנע זשוליעט געזאָגט צו איהר מוטער און צו איהר געליבטען, ווען זשאק דאָראן איז ארויסגעגאנגען פון צימער.

— עפּעס איז ער מיר צו שטארק פערטראכט, האָט נאנאָן בעשטעטיגט.

— איך מיין, אז מיר זאָלען רופען טרעגאָמעין, מיט איהם וועט ער רעדען, איהם וועט ער אלעם דערצעהלען.

און אין דער צייט איז זשאק דאָראן ארומגעגאנגען אין זיין צימער און האָט געזעדט צו זיך אליין:

— איך האָב פּיליכט ניט גלייך געטהאָן, וואָס איך האָב אזוי אָבגעזי־דעלט דעם עגיפּטער. עס איז דאָך דייטליך, אז ער איז דער איינציגער מענש, וועלכער ווייס פון מיין געהיימניס. ער ווייס דיא לענג פון דער וועלט, וואו עס געפינען זיך מיינע מיליאָנען. פאר וואָס בין איך ניט געווען פריינדליך צו איהם? פאר וואָס האָב איך איהם געזידעלט און גערופען "לומפּ", "קראָקאָדיל" און נאָך אזעלכע שעהנע נעמען? פאר וואָס האָב איך ניט געזוכט צו מאכען מיט איהם א געשעפט, אויסצונארען ביי איהם דעם מערידיאַן, וויא ער האָט געוואָלט אויסנארען ביי מיר דעם פּאראלעל? וואָס וועט זיין, ווען דיעזער מצרים־אדוואָקאט וועט איינפּאקען זיינע זיעבען זאכען און וועט אוועקפאָה־רען? דאן וועל איך מוז פאָהרען נאָך עגיפּטען איהם זוכען, דאן אָבער וועט ער שוין וועלען ארויסקוועטשען פון מיר דיא נשמה.

מיט דיעזע געדאנקען איז ער ארומגעגאנגען דעם גאנצען טאָג.

נאנאָן האָט עטליכע מאָל געוואָלט שיקען רופען טרעגאָמעין, ער זאָל ארויפגעהן צו איהר ברודער און איהם פרעגען, וואָס עס פעהלט איהם, זיא האָט אָבער מורא געהאט פאר זשאק'ען.

ענדליך איז נאכט געוואָרען און זשאק דאָראן איז ניט ארויפגעקומען צום אבענד־עסען. פראנסוא האָט זיך שוין ניט געקענט איינהאלטען. ער איז אוועקגעלאָפען צו טרעגאָמעין, איהם בעטען ער זאָל קומען אויסרעדען אָדער איבעררעדען מיט זשאק דאָראן, אָבער טרעגאָמעין איז גראדע ניט געווען אין דער היים. ער איז געווען איינגעלאדען אויף א האָכצייט און האָט געדארפט קומען אהיים גאנץ שפּעט.

דער אבענד איז פערגאנגען לאנגווייליג און טרויעריג. נאנאָן וואָלט שוין געווען מעהר צופריעדען, איהר ברודער זאָל זיך בייזערען און זאָל שרייען אויף

איהר. זיא איז עטליכע מאָל ארויפגעגאנגען און האָט איהם געבעטען, ער זאָל געהן עסען, ער האָט אָבער איהר געענטפערט קורץ און שארף:

— געה שלאָפען! ווען איך וועל וועלען עסען, וועל איך דיך אויפוועקען.

מען האָט געמוזט זיך לעגען שלאָפען גאנץ פריה, אָבער דיא גוטע נאנאָן האָט ניט געקענט שלאָפען. זיא איז עטליכע מאָל אויפגעשטאנען פון איהר גע־לעגער און האָט זיך צוגעהערט: איהר ברודער איז א גאנצע נאכט ארומגעגאנגען אין זיין צימער. ער האָט אויך ניט געשלאָפען.

זיא האָט קוים דערלעבט דעם טאָג. קוים איז עס ליכטיג געוואָרען, האָט זיא אויפגעוועקט פראנסוא און האָט איהם געשיקט רופען גילדאס טרעגאָמעין.

— וועק איהם אויף! שלעפּ איהם ארויס פון בעט! ער מוז באלד קומען! האָט זיא געזאָגט צו איהר צוקינפטיגען איידעם.

פראנסוא האָט אויך אזוי געטהאָן. טרעגאָמעין איז געקומען שפּעט פון א האָכצייט און האָט געוואָלט זיך אויסשלאָפען. פראנסוא האָט געמוזט איהם ארויסשלעפּען פון בעט.

ער האָט איהם דערצעהלט, וואָס עס האָט פּאסירט מיט זשאק דאָראן און וויא ער וויל מיט קיינעם ניט רעדען.

לאנגזאם האָט זיך דער עקס־קאפּיטאן פון דער בארקע "דיא שעהנע אמאליע" אָנגעטהאָן און האלב פערשלאָפען איז ער ארויסגעגאנגען פון זיין שטוב. דיא פרישע קיהלע מאָרגען לופט האָט איהם אָבער אין גאנצען אויסגע־ניכטערט און דערפרישט.

דיא זון איז שוין געשטאנען הויך אין הימעל, ווען גילדאס טרעגאָמעין איז ארויפגעקומען צו זשאק דאָראן. ער האָט אָנגעקלאפּט אין דער טהיר און זשאק דאָראן האָט איהם אויך באלד געעפענט.

— דוא ביסט עס? האָט זשאק דאָראן אויסגערופען. ווער האָט דיך גע־בראכט צו מיר?

— דער ווינד, האָט טרעגאָמעין געענטפערט.

— און דיעזער ווינד וועט, דאכט זיך, מיך ארויסטרייבען.

— דוא ווילסט אוועקפאָהרען?

— ווען איך וועל דארפען, וועל איך מיך ביי דיר ניט אָנפרעגען, האָט זשאק דאָראן געענטפערט גראָב.

— דוא מעגסט דאָך אָבער מיר זאָגען וואוהין דוא ווילסט פאָהרען.

— איך וועל פאָהרען, וואוהין איך דארף.

— איך גלויב, אז ווען דוא וועסט ערגעץ פאָהרען, וועסט דוא מיך מיטנעה־מען.

— פאר וואָס גלויבסט דוא אזוי?

— ווייל איך קען דיך!

דאָס איז געווען א ריכטיגער ענטפער. גילדאס טרעגאַמעין האָט גאנץ גוט געקענט זיין פריינד און האָט גאנץ גוט געוואוסט, אז ווען ער זאָל ווירקליך וועלען ערגעץ פאָהרען, וועט ער זיך געווים פריהער בעראטהען מיט איהם.

ער האָט אזוי לאנג געגרעדט איבער איהם, ביז זשאק דאָראן האָט איהם דערצעהלט אלעס, וואָס מיט איהם האָט נעכטען פאסירט מיט בן אָמאר׳ען, וויא דיעזער טערק האָט געוואָלט אויסנארען ביי איהם זיין פּאראלעל און אז ער האָט פערלאנגט פאר איהם פופציג מיליאָן פראנק.

— דוא האָסט זיך אביסעל איבעראיילט, מיין פריינד, האָט טרעגאַמעין געזאָגט, דוא האָסט געדארפט אויספאָרשען ביי איהם, וויא פיעל ער וועט דיר אָנבאָטען.

— איך האָב עס שפּעטער בערייהעט, האָט זשאק דאָראן געזאָגט, עס איז ווירקליך געווען א נארישקייט פון מיר צו אנטלויפען פון איהם. איך בין אָבער געווען בייז, עס האָט מיך פערדראָסען פאר וואָס ער האָט מיך געוואָלט אָבנארען. איך ווארט שוין אזוי לאנג אויף א שליח פון קיאמיל פּאשא, אז דיא אויגען זיינען מיר שיער ארויסגעקראָכען ווארטענדיג, און ענדליך, ווען ער איז שוין יא געקומען, וויל ער גאָר מיך אָבנארען.

— זאָל עס ווירקליך זיין וואהר? האָט טרעגאַמעין געזאָגט צו זיך אליין. זאָל דיא געשיכטע מיט דיא מיליאָנען ניט זיין א טרוים, אן איינבילדונג?

ער האָט עס אפילו געזאָגט גאנץ שטיל, אָבער זשאק דאָראן האָט עס דאָך דערהערט און האָט אויפגעהויבען ביידע הענד, גלייך וויא ער וואָלט געוואָלט שלאָגען זיין פריינד. אָבער אין דיעזער מינוט איז נאנאָן אריינגעקומען אין צימער.

זשאק דאָראן איז אויפגעשפּרונגען און האָט א געשריי געטהאָן אויף זיין שוועסטער:

— נו, וואָס ווילסט דוא? וואָס קריכסט דוא צו מיר? פאר וואָס שטערסט דוא מיר?

— עס איז געקומען א פרעמדער, וועלכער וויל עפּעס ריידען מיט דיר, האָט נאנאָן זיך פערענטפערט.

— א פרעמדער? ווער איז ער? וואָס וויל ער?

— ער האָט מיר געגעבען זיין קארטע.

מיט דיעזע ווערטער האָט זיא דערלאנגט איהר ברודער א קליינע קארטע.

זשאק דאָראן האָט איבערגעלעזען:

— בן אָמאר, אדוואָקאט, אלעקסאנדריע.

— דאָס איז ער! דאָס איז מיין מאַן! האָט זשאק דאָראן געשריען.

— ווער איז ער? האָט טרעגאַמעין געפרעגט.

— בן אָמאר! דער שליח פון קיאמיל פּאשא!

— אזוי? ווען ער איז געקומען צו דיר, איז עס דאָך א בעוויז, אז ער דארף דיך, האָט טרעגאָמעין געזאָגט.

זשאק דאָראן האָט זיך געמאכט ניט הערענדיג.

— רוף איהם ארויף אהער! האָט ער געזאָגט צו זיין שוועסטער.

— ער איז אָבער ניט אליין, האָט נאנאָן בעמערקט.

— ניט אליין? ווער איז דען דאָ מיט איהם?

— א יונגער מאן, וועלכער ווייזט אוים אויך צו זיין א פרעמדער.

— אזוי? זיי זיינען צוויי? נו, גוט! מיר זיינען אויך צוויי, אלזאָ צוויי געגען צוויי! האָט זשאק דאָראן אויסגערופען.

ער האָט זיך דאן געווענדעט צו זיין שוועסטער און האָט געזאָגט צו איהר:

— שיק זיי ביידען ארויף! און דוא, טרעגאָמעין, בלייב ביי מיר. איך וויל, אז דוא זאָלסט הערען, וואָס איך וועל מיט זיי ריידען.

— ווען דוא ווילסט, וועל איך בלייבען ביי דיר, האָט טרעגאָמעין געזאָגט רוהיג.

איניגע מינוטען שפּעטער האָט נאנאָן אריינגעפיהרט אין צימער בן אָמאר'ען מיט זיין בעגלייטער.

זשאק דאָראן האָט איהר געהייסען ארויסגעהן און האָט פערשלאָסען דיא טהיר הינטער איהר.

קוים זיינען זיי געבליעבען אליין, האָט זשאק דאָראן אויסגערופען:

— איהר זייט עס, הערר בן אָמאר?

דאָס מאָל האָט ער שוין גערעדט פיעל פריינדליכער מיט דעם עגיפּ־טיאנער.

— יא, איך בין עס, הערר דאָראן.

—און ווער איז דיעזער הערר?

— דאָס איז מיין הויפּט שרייבער, מיין געשעפטס־פיהרער, האָט בן אָמאר געענטפערט.

אלס העפליכער מענש האָט ער געפונען פאר נויטהיג פאָרצושטעלען זיין שרייבער:

— הערר שיפסקאפּיטאן זשאק דאָראן! הערר נאזים בן אבדאלאה!

סואר פאשא און זשאק דאָראן האָבען זיך פערנייגט איינער פאר דעם אנדערען.

— איז אייער שרייבער בעקאנט מיט אונזער אנגעלעגענהייט? האָט זשאק דאָראן געפרעגט.

— ער איז בעקאנט מיט אלע מיינע געשעפטען און ער פערזאָרגט אויך אלע מיינע געשעפטען.

— זאָל זיין אזוי, האָט זשאק דאָראן געזאָגט, ווען איהר פערשטעהט, אז איהר מוזט האָבען אייער שרייבער ביי זיך, בין איך אויך צופריעדען.

— מעג איך וויסען, ווער איז דיעזער הערר? האָט בן אָמאר געפרעגט און געוויזען אויף טרעגאָמעין.

— דאָס איז מיין פריינד, גילדאס טרעגאָמעין! און דאָס איז דער אדוואָקאט פון עגיפּטען, הערר בן אָמאר! האָט יעצט זשאק דאָראן פאָרגעשטעלט.

— איך האָב אָבער געוואָלט רעדען מיט אייך אליין, האָט בן אָמאר בעמערקט.

— מיין פריינד טרעגאָמעין איז אויך גוט בעקאנט מיט אונזער אנגעלעגענהייט און איך האלט עס פאר נויטהיג ער זאָל זיין דערביי, ווען מיר וועלען רעדען, אזוי וויא איהר געפינט פאר נויטהיג, אז אייער שרייבער זאָל זיין דערביי.

בן אָמאר איז געווען שטארק אונצופריעדען, ווען ער האָט דערזעהען טרעגאָמעין׳ס ברייטע פּלייצעס און זיינע שטארקע פאָר הענד, אָבער ער האָט זיך ניט געקענט העלפען: ווען ער האָט מיטגעבראכט זיין שרייבער, מעג דאָך זשאק דאָראן לאָזען ביי זיך זיין פריינד.

אייניגע מינוטען האָבען אלע געשוויגען. יעדער האָט פערשטאנען, אז אזא געשעפט וויא זשאק דאָראן און בן אָמאר הויבען אָן צו פערהאנדלען, ווערט געוועהנליך אָבגעמאכט אונטער פיער אויגען, און דאָך האָט יעדער געוואוסט, אז דאָס מאָל מוז עס אָבגעמאכט ווערען אונטער אכט אויגען. דאָס איז אונאנגענעהם, אָבער עס קען דאָך ניט אנדערש זיין.

ענדליך האָט זשאק דאָראן אונטערבראָכען דאָס אונאנגענעהמע שווייגען. ער האָט זיך געווענדעט צו בן אָמאר׳ען און האָט געפרעגט:

— אייער שרייבער רעדט געוויס פראנצויזיש?

— ניין, הערר דאָראן, ער רעדט נור טירקיש און אראביש.

— אָבער ער פערשטעהט פראנצויזיש?

— ער פערשטעהט נור עטליכע ווערטער.

דאָס איז געווען א ליגען. סואד פאשא האָט גערעדט פראנצויזיש וויא אן עכטער פאריזער, אָבער ער האָט נעכטען ביינאכט אָבגערעדט מיט בן אָמאר׳ען אז ער וועט זיך פערשטעלען, אז ער פערשטעהט ניט קיין פראנצויזיש און וויים גאָר ניט וואָס מען רעדט צו איהם אין דיעזער שפּראך.

— נו, ליעבער הערר בן אָמאר, האָט זשאק דאָראן געזאָגט, איך דענק, אז איהר זייט געקומען צו מיר אום פאָרטצוזעצען דעם געשפּרעך, וועלכען מיר האָבען נעכטען אָנגעפאנגען.

— גאנץ ריכטיג, הערר דאָראן.

— דאן האָט איהר געווים מיטגעבראכט א טשעק אויף צעהן מיליאָן, איך מיין פופציג מיליאָן פראנק.

— לאָמיר רעדען ערנסט, האָט בן אָמאר געענטפערט.

— גאנץ ריכטיג, הערר בן אָמאר! לאָמיר רעדען ערנסט. מיין פריינד טרע־גאָמעין האָט פיינד צו פערברענגען זיין צייט אומזיסט. ניט וואהר, הערר טרעגאָמעין?

טרעגאָמעין האָט זיך פערשעהמט און האָט אראָבגעלאָזען דיא אויגען.

— הערר בן אָמאר, לאָמיר פערשטעהען איינער דעם אנדערען, האָט זשאק דאָראן ווייטער געזאָגט. צו וואָס זאָלען מיר זיך פערשטעלען און צו וואָס זאָלען מיר וועלען אָבנארען איינער דעם אנדערען? איהר ווייסט, ווער איך בין און איך וויים ווער איהר זייט...

— איך בין אן אדוואָקאט.

— איהר זייט אָבער דאָך אויך געשיקט צו מיר פון קיאמיל פאשא, האָט איהם זשאק דאָראן אונטערבראָכען, מיין פאָטער און איך האָבען אייך ערוואר־טעט זייט צוואנציג יאָהר.

— איהר מוזט מיר ענטשולדיגען, הערר זשאק דאָראן, פאר וואָס איך בין ניט געקומען פריהער, איך האָב ניט געקענט קומען פריהער...

— ווארום?

— וויל ערשט גאָר ניט לאנג, ערשט מיט א מאָנאט צוריק, האָב איך געקענט עפענען קיאמיל פאשא׳ם טעסטאמענט, פון וועלכען איך בין געוואָהר געוואָרען, אז אייער פאָטער האָט ערהאלטען אזא בריעף פון קיאמיל פאשא.

— אָה! איהר מיינט דעם בריעף, וועלכער איז אונטערשריעבען מיט א דאָפעל "קיי"? נו, גוט! יעצט קומען מיר צום ריכטיגען פונקט. איהר זייט געקומען אויסשליסליך אום צו בעקומען דיעזען בריעף?

— יא, איך בין געקומען אהער אום אייך צו זעהען און צו ערפאהרען אויב איהר האָט ווירקליך ערהאלטען דיעזען בריעף.

— נור וועגען דעם?

— נור וועגען דעם.

אין דער צייט ווען דאָראן האָט גערעדט מיט בן אָמאר׳ען, האָט טרעגאָמעין ניט אראָבגעלאָזען קיין אויג פון נאזים בן אבדאלאה, בן אָמאר׳ס שרייבער. ער האָט אויף איהם אכטונג געגעבען אום צו זעהען, פיליייכט גיט ער א ווונק אָדער מאכט עפעס א צייכען צו בן אָמאר׳ען. נאזים איז אָבער געזעסען, וויא אן אָבגעמאָלטער און טרעגאָמעין וואָלט געקענט שווערען, אז דער שרייבער פערשטעהט גאָר ניט, וואָס מען רעדט און פון וואָס מען רעדט.

— אויב עס איז אזוי, האָט זשאק דאָראן געזאָגט, אויב איהר זייט געקו־מען נור אום מיר איבערצוגעבען דעם לעצטען ווילען, דיא צוואה פון קיאמיל

פּאשא, דאן האָב איך פאר אייך דעם גרעסטען רעספּעקט און וועל מיר מעהר ניט ערלויבען אייך צו זאָגען א גראָב וואָרט. איך בעדויער זעהר, וואָס איך האָב אייך נעכטען גערופען "קראָקאָדיל", "טויגעניכטס" און נאָך אזעלכע ניט שעהנע נעמען. אָבער איך מוז אייך דאָך זאָגען, אז איהר האָט נור וואָס געזאָגט א ליגען.

— א ליגען? וואָס רעדט איהר? ווען האָב איך אייך געזאָגט א ליגען?

— נור וואָס, האָט זשאק דאָראן אויסגערופען. איהר האָט נור וואָס געזאָגט, אז איהר זייט געקומען אהער אום מיר איבערצוגעבען דעם לעצטען ווילען פון קיאמיל פּאשא, און דאָס איז א ליגען.

— אָבער איך קען אייך שווערען, אז...

— שווערט ניט, מיין קלוגער אדוואָקאט! איהר זייט ניט געקומען אהער פון דעם אלטען עגיפּטען אום מיר איבערצוגעבען קיאמיל פּאשאָ'ס צוואה, זאָנדערן אום געוואָהר צו ווערען, וואָס עס שטעהט אין מיין בריעף.

— גלויבט מיר, הערר דאָראן!...

— איך גלויב אייך ניט, הערר בן אָמאר, איך וויים, אז איהר זייט געקומען וועגען א געוויסען צוועק.

— וואָס פאר א צוועק קען איך דען האָבען?

— דאָס וויים איך ניט גענוי, אָבער איך וויים, אז ווען איהר זאָלט געווען קומען נור אום מיר איבערצוגעבען דעם אינהאלט פון קיאמיל פּאשאָ'ס טעסטאמענט, וואָלט איהר מיר געדארפט איבערגעבען מינדליך אָדער שריפטליך געוויסע ציפערען.

— ציפערען? האָט בן אָמאר געפרעגט פערוואונדערט. וועלכע ציפערען? וואָס פאר א ציפערען קען איך אייך איבערגעבען?

זשאק דאָראן האָט זיך לענגער ניט געקענט איינהאלטען.

— איהר דארפט מיר איבערגעבען דיא גענויע ציפערען פון א מערידיאן! האָט ער ענדליך ארויסגעפּלאצט. קיאמיל פּאשא האָט געשריעבען צו מיין פאָטער, אז עס וועט קומען צו איהם א מאן, וועלכער וועט איהם איבערגעבען דיא לענג פון דער וועלט, וואו...

— בראוואָ! האָט אויסגערופען טרעגאָמעין. דאָס הייסט, גערעדט צו דער זאַך!

— איך וויל נאָך ווייטער געהן, הערר בן אָמאר, האָט זשאק דאָראן אויסגערופען, איהר וואָלט געדארפט מיר איבערגעבען דעם מערידיאן, איהר זייט אָבער געקומען אום אויסצונארען ביי מיר מיין פּאראלעל, מיט אנדערע ווערטער, אום מיך צו בערויבען.

— בערויבען! האָט וויא פּראָטעסטירט בן אָמאר.

— נו, זאָל זיין אויסנאַרען, איהר ווילט ביי מיר אויסנאַרען מיין פּאראַ־לעל אום צו בעקומען דיא מיליאָנען פון קיאַמיל פּאשאַ.

בן אָמאר האָט יעצט גוט פערשטאַנען, אז ער איז אריינגעפאַלען, אז דער פּראַנצויז פערשטעהט מעהר, וויא איהם האָט זיך אויסגעוויעזען. ער האָט אַלזאָ געזוכט זיך אויסצודרעהען און האָט געזאָגט:

— גלויבט מיר, הערר דאַראַן, אז איך מיין עס גאָר ניט. גיט מיר אייער בריעף און איך וועל אייך איבערגעבען דעם מערידיאַן, וועלכען איהר ווינשט.

— אַלזאָ זייט איהר זיך מודה, אז איהר ווייסט, וואָס עס שטעהט אין מיין בריעף? איך האָב דעם פּאַראַלעל פון דעם אינזעל, וואו עס געפינען זיך קיאַמיל פּאשאַ׳ס מיליאָנען, און איהר האָט דעם מערידיאַן. מיט אנדערע ווער־טער, איך ווייס דיא ברייט פון דער וועלט, וואו יענער אינזעל געפינט זיך, און איהר ווייסט דיא לענג.

בן אָמאר האָט אראָבגעלאָזען דיא אויגען, וויא א שוהל אינגעל, ועמען מען האָט נור וואָס געכאַפּט ביי א גנבה און ער קען זיך ניט ארויסדרעהען. וויא קלוג, וויא דורכגעטריבען ער איז געווען, וויא געוואָהנט ער איז געווען צו אַלע מעגלי־כע אדוואָקאַטען דריידלעך, האָט ער דאָך דיעזעס מאָל ניט געוואוסט, וויא אזוי זיך אויסצודרעהען פון דיעזען איינפאַכען פראַנצויז.

זשאַק דאַראַן האָט איהם אויסגעהאָלפען.

— לאָמיר זיין אָפענהערציג, הערר בן אָמאר, האָט ער געזאָגט, מיר האָ־בען גענוג געשפּיעלט זיך אין בעהעלטעניש, לאָמיר אמאָל רעדען ערנסט און אָפענהערציג.

— לאָמיר רעדען ערנסט, האָט בן אָמאר געזאָגט שטילערהייד.

אלס אדוואָקאַט איז ער אפילו ניט געוואָהנט געווען צו רעדען עהרליך און אָפענהערציג. אָבער ״נויט ברעכט אייזען״, און נויט קען אויך ברעכען דאָס פערשטעלען זיך און בלאָפען פון אַן אדוואָקאַט. ער האָט ענדליך געמוזט ארויסטרעטען מיט זיין פּארב און ער האָט עס אויך געטהאָן.

ער האָט געעפענט זיין גרויסען פּאָרטפעל און האָט פון איהם ארויסגענו־מען אַן אַלטע, געל געוואָרענע שריפט. דאָס איז געווען דאָס טעסטאַמענט פון קיאַמיל פּאשאַ, דאָס זעלבע, וואָס סואד פּאשאַ האָט געלעזען אין אלעקסאַנדריע אין דער געגענוואַרט פון עדות.

אזוי וויא דיעזער דאָקומענט איז געווען געשריבען אין פראַנצויזיש, האָט זשאַק דאַראַן איהם געקענט לעזען. ער האָט איהם געלעזען אזוי הויך, אז טרע־גאָמעין האָט געקענט הערען יעדעס וואָרט, און ווען ער איז געקומען צו דעם פּונקט, וואו קיאַמיל פּאשאַ גיט אָן דעם מערידיאַן, האָט טרעגאָמעין גענומען א שטיק פּאַפּיער און האָט זיך נאָטירט: לענג 54 גראד 57 מינוטען אָסט.

זשאַק דאַראַן האָט צוריקגעגעבען דעם דאָקומענט דעם אדוואָקאַט, וועל־

כער האָט איהם צוגענומען, אריינגעלייגט אין זיין פּאָרטפעל און דערלאנגט דעם פּאָרטפעל זיין הויפּט שרייבער נאזים. מען וואָלט געקענט מיינען, אז נאזים איז געבליבען גלייכגילטיג ביי דער גאנצער געשיכטע, אז עס האָט איהם ווייניג גע־קימערט, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. וויא אַן עכטער טערק איז ער געזעסען מיט אראָבגעלאָזענע אויגען, פערטראַכט און פערטיעפט אין זיינע געדאנקען.

דאגעגען אָבער איז זשאַק דאָראַן געוואָרען אונגעדולדיג. יעצט, ווען ער האָט שוין דיא לענג און דיא ברייט, דעם מערידיאַן און דעם פאראלעל פון דעם אינזעל, וואו עס געפינען זיך קיאמיל פּאשא׳ס מיליאָנען, דארף ער שוין ניט דיא טערקען. ער האָט זיך אויפגעהויבען און האָט זיך פערנייגט פאר זיי, דאָס הייסט, ער האָט זיי געגעבען א וואונק, אז זיי מעגען זיך געהן.

בן אָמאר און זיין שרייבער זיינען אָבער געבליבען זיצען, גלייך וויא זיי וואָלטען ניט געזעהען אָדער ניט פערשטאנען דעם וואונק, וואָס מען האָט זיי געגעבען. גאנץ אונבעמערקט האָט נאזים געגעבען א וואונק דעם אדוואָקאט, ער זאָל עפּעס זאָגען.

— איך האָב אַלזאָ אויסגעפאָלגט דעם וואונש פון קיאמיל פּאשא . . .

— און יעצט דארפען מיר נעהמען אבשיעד איינער פון דעם אנדערען, האָט איהם זשאַק דאָראַן אונטערבראָכען, איך קען אייך אזוי פיעל זאָגען, אז דער ערשטער בעסטער צוג געהט אָב פונקט 10 אוהר 37 מינוט.

— זייט נעכטען געהט ער אָב פונקט 10 אוהר 25 מינוט, האָט איהם טרעגאָמעין אויסגעבעסערט.

— נאָך בעסער, האָט זשאַק דאָראַן אויסגערופען, ווען ער געהט אָב אום 10 אוהר 25 מינוט, מוזט איהר זיך איילען. איהר קענט זאָגאר לאָזען אייער באַ־גאַזש אין האָטעל, איך וועל עס שוין פערזאָרגען.

נאזים האָט אָנגעהויבען צו שארען מיט דיא פיס, גלייך וויא עס וואָלט זיך עפּעס געפונען אונטער איהם.

בן אָמאר איז געזעסען, וויא אויף דערנער. דאָס האָט ער ניט ערוואַר־טעט. עס איז איהם גאָר ניט איינגעפאלען, אז דער פראנצויז זאָל זיין אונ־העפליך.

— ענטשולדיגט מיר, הערר דאָראַן, האָט ער געזאָגט, איך האָב נאָך ניט געזאָגט אַלעס, וואָס איך האָב אייך צו זאָגען.

— איהר האָט א גרויסען טעות, הערר בן אָמאר, איך בין גאנץ צופריעדען מיט דעם, וואָס איהר האָט מיר געזאָגט און איך פערלאנג ניט מעהר צו וויסען.

— און דאָך מוז איז אייך נאָך עפּעס פרעגען . . .

— איך זעה ניט איין, וואָס איהר האָט מיך נאָך צו פרעגען, אָבער ווען איהר פערלאנגט עס, וועל איך אייך צוליעב טהאָן. וואָס ווילט איהר מיך פרעגען?

— איך האָב אייך איבערגעגעבען דיא לענג, דעם מערידיאַן...

— גאַנץ ריכטיג! האָט זשאַק דאַראַן געזאָגט, איך און מיין פריינד טרע־גאָמעין האָבען עס שוין נאָטירט.

— דאַן אָבער דארפט איהר מיר געבען דיא ברייט אָדער דעם פּאַראַלעל, וויא עס שטעהט אין דעם בריעף, וועלכען אייער פאָטער האָט ערהאַלטען פון קיאמיל פּאשאַ.

— אין דעם בריעף צו מיין פאָטער?

— געוויס.

— ענטשולדיגט מיר, הערר בן אָמאַר! האָט זשאַק דאַראַן אויסגערופען, זאָגט מיר דיא ווארהייט, האָט איהר ניט געהאַט א בעפעהל פון קיאמיל פּאשאַ צו קומען אהער און מיר איבערגעבען דיא לענג?

— יאַ, און איך האָב עס געטהאָן.

— געוויס! איהר האָט עס געטהאָן, וויא אַן עהרליכער און געטרייער אדוואָקאַט. דאָס איז זעהר שעהן און זעהר בראַוו פון אייך, אָבער איך וויים ניט, פון וואַנען האָט איהר עס גענומען, אז איך דארף אייך איבערגעבען דיא ברייט? איך זעה עס ניט, ניט אין דעם בריעף צו מיין פאָטער, ניט אין דעם טעסטאַמענט פון קיאמיל פּאשאַ.

— און דאָך... האָט בן אָמאַר אָנגעהויבען.

זשאַק דאַראַן האָט איהם אונטערבראָכען און האָט אויסגערופען:

— און דאָך?... ווען איהר האָט א בעפעהל פון קיאמיל פּאשאַ וועגען דיעזער אַנגעלעגענהייט, בין איך בערייט אייך אויסצוהערען.

— ווען מיר ריידען אָפּענהערציג און ווילען האַנדלען איינער געגען אַנ־דערען, וויא דזשענטעלמען, מוז מען אַלעם גענוי איבערערדען און אָבערעדען.

— איך פערשטעה ניט, וואָס איהר מיינט, הערר בן אָמאַר! וואָס נאָך האָ־בען מיר דען צו רעדען?

זשאַק דאַראַן איז שוין בייז געוואָרען און איז שוין בערייט געוועזען ארויס־צופּלאַצען און זאָגען עפּעס א גראָבהייט.

טרעגאָמעין האָט עס פערשטאַנען און אום אויסצומיידען א קריעג און גע־שרייען, האָט ער געעפענט דיא טהיר, גלייך וויא ער וואָלט דערמיט געבעטען דיא הערען טערקען ארויסצוגעהן.

בן אָמאַר און זיין שרייבער נאַזים זיינען אָבער געבליבען זיצען, גלייך וויא זיי וואָלטען געוועזען צוגעשמידט.

— איך זעה מיט פערדרוס און בעדויערען, אז איהר האָט ניט קיין צוטרויען צו מיר, הערר דאַראַן, האָט בן אָמאַר געזאָגט מיט א פריינדליכער, בעטענדער שטימע.

— פערגעסט ניט, הערר בן אָמאַר, אז אין דעם בריעף, וועלכען קיאמיל

פאשא האט געשיקט צו מיין פאטער, שרייבט ער אויסדריקליך, אז ער זאל עס האלטען פאר א געהיימניס, און מיין פאטער האט עס מיר אויך איבערגעגעבען אלס א געהיימניס, וויא קען איך אלזא פיעל ריידען דערפון?

— ווילט איהר אננעהמען פון מיר א גוטען ראטה? האט בן אמאר גע־פרעגט.

— א גוטען ראטה וועל איך געוויס אננעהמען, האט דאראן געענטפערט.

— דאן ראטה איך אייך, איהר זאלט גאר ניט טהאן אין דיעזער אנגע־לעגענהייט.

— וואס מיינט איהר דערמיט?

— איך מיין דערמיט, אז איהר זאלט ניט פאהרען זוכען דיא מיליאנען.

— פאר וואס?

— וייל איהר קענט זיך צוזאמענקומען מיט א מענשען, וועלכער וועט מאכען, אז איהר וועט עס בערייהען.

— מעג איך וויסען, ווער דיעזער מענש איז?

— דיעזער מענש הייסט סואד פאשא. ער איז דער איינציגער געזעצלי־כער יורש פון קיאמיל פאשא, אבער קיאמיל פאשא האט ביי איהם אוועקגענו־מען זיין געזעצליכע ירושה און האט זיא אייך איבערגעגעבען. דאס איז ניט רעכט נאך דיא געזעצע פון עגיפטען, און סואד פאשא איז א מאן, וועלכער וועט שוין וויסען זיך צו פערשאפען זיין רעכט. מיט איהם טאר מען ניט שפאסען.

— קענט איהר דיעזען סואד פאשא?

— איך קען איהם ניט, אבער איך האב געהערט פון איהם; מען האט מיר געזאגט, אז ער איז א געפעהרליכער מענש.

— דאן ווען איהר וועט איהם בעגעגענען אין אייער עגיפטען, זאגט איהם, אז איך הער איהם, וויא דאס פערפלאסענע וואסער פון דעם טייך נילוס, און איך האב קיין מורא ניט פאר א גאנצער ארמעע סואדס און עגיפטישע פאשאס. וויא עס ווייזט אויס, איז אין עגיפטען דא מעהר פאשאס, וויא מענשען.

בן אמאר איז געבליעבען זיצען, וויא א דערשלאגענער. נאזים האט זיך גע־מאכט, אז ער פערשטעהט ניט וואס מען רעדט.

— נאנאן! האט פלוצלונג זשאק דאראן א געשריי געטהאן.

בן אמאר האט זיך אויפגעהויבען. זיין שרייבער איז געווארען אזוי לעפיש, אז ווען ער איז אויפגעשטאנען האט ער איבערגעקעהרט דעם שטוהל, אויף וועלכען ער איז געזעסען.

— נאנאן! האט געשריען זשאק דאראן צום צווייטען מאל.

בן אמאר איז צוגעגאנגען ביז צו דער טהיר, איז דארט געבליבען שטעהן און האט זיך אומגעקעהרט צו זשאק דאראן.

— נו, פאהרט געזונד! האט דאראן אויסגערופען.

— הערר דאראן, איהר האט געוויס פערגעסען, אז אין טעסטאמענט פון קיאמיל פאשא געפינט זיך א געוויסער פונקט.

— וואס נאך פאר א פונקט?

— אז איך זאל פאהרען מיט אייך און שטעהן דערביי, ווען מען וועט אויסגראבען דיא פעסלעך מיט דיא מיליאנען, ווייל מיר קומט מיין קאמיסיאן.

— איך וועל האלטען דיעזען פונקט, איהר מעגט פאהרען מיט מיר, אבער אויף אייערע הוצאות.

— דאן מוז איך דאך וויסען, ווען און אויף וואס פאר א וועג איהר פאהרט.

— איהר מעגט עס וויסען.

— דאן זאגט עס מיר.

— איך וועל אייך שוין לאזען וויסען.

— ווען?

— ווען איך וועל עס געפינען פאר נויטהיג.

— פערגעסט אבער ניט, אז איך קען ניט פאהרען אליין, איך מוז מיטנעהמען מיין שרייבער.

— נעהמט מיט, וויא פיעל שרייבער איהר ווילט.

אין דיעזער מינוט איז נאנאן ארויפגעקומען פון דער קיך.

— נאנאן! צינד אן א ליכט און וויז דיעזע הערערן דעם וועג, האט זשאק דאראן אויסגערופען.

— א ליכט? האט נאנאן געפרעגט פערוואונדערט און ערשטוינט. א ליכט? יעצט איז האלבער טאג.

— איך הייס דיר וויזען דיעזע הערערן דעם וועג, וויא אזוי אראבצוגעהן פון דיא טרעפ.

בן אמאר און סואד פאשא האבען געמוזט ארויסגעהן פון צימער. זשאק דאראן האט א קלאפ געטהאן מיט דער טהיר און האט זיא פערמאכט מיט אזא ליארם, אז דיא ווענט האבען געציטערט.

יעצט, ווען דאראן האט געזעהען, אז ער איז לויז געווארען פון זיינע געסט, האט ער אנגעהויבען צו לאכען אזוי הויך, אז מען האט געוויס געהערט זיין געלעכטער אויף דער גאס און ביידע טערקען האבען געוויס געהערט איהם לאכען.

יעצט האט ער שוין זיין מערידיאן! יעצט איז ער שוין זיכער, אז ער וועט אויך געפינען דיא מיליאנען פון קיאמיל פאשא. יעצט וועלען שוין זיינע גוטע פריינד מעהר ניט לאכען פון איהם און טרעגאמעין וועט שוין ניט וואגען צו זאגען, ער זאל זיך ארויסשלאגען פון קאפ דיעזע נארישע געדאנקען.

—פיער מיליאן פונט סטערלינג! צוואנציג מיליאן דאלאר! הונדערט מיליאן פראנק! האט ער אויסגערופען איין מאל נאך דעם אנדערען. יעצט בין איך איינער פון דיא רייכסטע מענער אין פראנקרייך!

— יא... דאָס איז א גרויסע סומע געלד, האָט דער עקס־קאַפּיטאַן פון דער בארקע געזאָגט צו זיך אליין. אָבער מען מוז עס פריהער האָבען אין קעשע־נע, דערוויייל איז עס נאָך אויף'ן פאפיער.

— דוא האָסט א טעות, פריינד טרעגאָמעין! האָט זשאַק דאַראַן אויסגערו־פען, עס זיינען עכטע גוטע צוואנציג מיליאָן! איך בין א מיליאָנער!

מיט דיעזע ווערטער האָט ער ארומגענומען דעם גוטען, שטילען גילדאס טרעגאָמעין און האָט אָנגעהויבען צו טאנצען און צו זינגען:

— איך בין א מיליאָנער!

9טעם קאפיטעל.

# דיא יאָגעניש נאָך דעם אוצר

אין דער צייט, ווען זשאַק דאַראַן האָט אונטערהאנדעלט מיט בן אָמאר'ען, זיינען פראנסוא און זשוליעט געגאנגען מאכען פאָרבערייטונגען פאר זייער האָכ־צייט. ניט פראנסוא און ניט זשוליעט האָט געוואוסט, אז גאָר פּלוצלונג איז ארויפגעקומען פון עגיפּטען א וואָלקען אויף זייער גליקס הימעל און אז דיעזער וואָלקען וועט ברענגען א שרעקליכען שטורם אין זייער לעבען.

זיי האָבען געליעבט איינער דעם אנדערען מיט דעם גאנצען פייער פון זייער יונגער ליעבע און זיי האָבען זיך געפיהלט איבערגליקליך. פראנסוא האָט ערשט מיט א טאָג פריהער בעקומען א בריעף פון א גרויסער שיפסקאָמפּאניע אז ער וועט באלד האָבען א שטעלע פון א שיפסקאפיטאן אויף א דאמפף־שיף, וועלכע מאכט רייזען צווישען מארסעל און מעלבורן, אויסטראליען. דאָס איז געווען א וויכטיגע שטעלע, וועלכע האָט זיך דערצו נאָך זעהר גוט בעצאָהלט.

פראנסוא איז אלזאָ געווען דאָפּעלט גליקליך. ער האָט דערגרייכט זיין ציעל: ער איז שוין שיפסקאפיטאן פון א שיף, וועלכע מאכט וויטע רייזען, און באלד וועט ער זיך פעראייניגען מיט זיין היים געליעבטער זשוליעט.

זשוליעט איז אפילו געווען ניט אזוי שטארק צופריעדען דערפון, וואָס איהר חתן האָט שוין בעקומען א שטעלע און וועט מוזען א קורצע צייט נאָך דער האָכצייט אוועקפאָהרען אויף איניגע מאָנאטען. זיא וואָלט געווען פיעל מעהר צופריעדען, ווען איהר פראנסוא וואָלט געבליבען אין דער היים וויינינגסטענס א גאנץ יאָהר נאָך דער האָכצייט. אין סען מאלאָ אָבער, וואו כמעט אלע איינ־וואָהנער זיינען געוועזען מאטראָזען און פישער, זיינען דיא פרויען שוין געוואָהנט דערצו, אז זייערע מענער זאָלען אוועקפאָהרען אויף וואָכען און מאָנאטען.

פראנסוא און זשוליעט פלעגען דארום פערברייננגען דיא צייט צוזאמען. זיי פלעגען א גאנצען טאָג ארומגעהן צוזאמען, פלעגען פערזאָרגען אלעס, וואָס אין

נויטהיג געווען צו דער האַכצייט, בעזאָנדערס אָבער זייער נייע וואָהנונג. דאָ פלעגען זיי ביידע ווירטהשאַפטען. זשוליעט פלעגט מאכען א פלאַן, אז אין דיעזען צימער זאָלען זיך געפינען פראנסוא'ס ביכער, אינסטרומענטען און סאָווענירס, עראָינערונגען, זעלטענע זאכען, וועלכע ער וועט ברענגען פון זיינע ווייטע רייזען; פראנסוא אָבער פלעגט געפינען, אז דיעזעס צימער פּאסט בעסער פאר אן עס־צימער און אן אנדער צימער פּאסט גאָר פאר זיין שטודיר־צימער.

גילדאס טרעגאָמעין פלעגט קומען זעהר אָפט זעהן און הערען, וויא דיא יונגע לייט קריעגען זיך און ליעבען זיך. פאר איהם פלעגען זיי אלעס דערצעהלען און ער פלעגט זיי ראטהען, וויא אזוי צו טהאָן און וואָס צו טהאָן. זיי האָבען איהם געליעבט וויא א פאָטער און ער האָט זיי געליעבט וויא זיינע איינענע קינדער.

אלעס וואָס פראנסוא האָט ניט געקענט זאָגען און ארויסזאָגען פאר זיין אָנקעל, זשאק דאָראן, פלעגט ער ארויסזאָגען און דערצעהלען גילדאס טרעגאָמעין, און דער אלטער טרעגאָמעין פלעגט אָפט זאָגען:

— אך! איך וואָלט זעהר געוואָלט, איהר זאָלט שוין זיין פערהייראטה.

— פאר וואָס ווילט איהר עס, פאָטער גילדאס? פלעגט זשוליעט פרעגען.

— אייער אָנקעל איז אין דער לעצטער צייט עפּעס אזוי זאָנדערבאר, אז איך ווייס שוין ניט וואָס צו דענקען פון איהם. ער האָט זיך ארייננענומען אין קאָפּ א שגעון, א מאניע, אז ער האָט ערגעץ מיליאָנען, און ווען ער הויבט אָן צו רעדען פון זיינע מיליאָנען, קען מען שוין גאָר ניט אויסקומען מיט איהם.

פראנסוא האָט אויך אזוי געדענקט. ער האָט געהאלטען זשאק דאָראן פאר א גאנץ גוטען און א גאנץ קלוגען מענשען, אָבער ווען איינער רעדט זיך איין, אז ער האָט מיליאָנען און ער וועט באלד בעקומען מיליאָנען, איז עס א בעוויז, אז ביי איהם אין אויבערשטיבעל איז עפּעס ניט אין אָרדנונג.

— איך וואָלט שוין גערן דערלעבען דעם 5טען אפּריל, דעם טאָג פון מיין האָכצייט, פלעגט פראנסוא זאָגען זעהר אָפט.

עס האָט איהם אָבער ווענינ געהאָלפען. דיא האָכצייט האָט געדארפט זיין דעם 5טען אפּריל און היינט איז ערשט געווען דער 20טער מערץ.

גאנץ פריה איז ער מיט זשוליעט געגאנגען צו זייער גייסטליכען ארויסנעהמען דיא נויטהיגע דאָקומענטען, ווען זיי זיינען געבאָרען געוואָרען. ביידע זיינען זיי היינט געווען בעזאָנדערס גליקליך און בעזאָנדערס פרעהליך, ווייל זיי זיינען יעצט געווען זיכער, אז קיין זאך וועט שוין ניט שטערען זייער האָכצייט.

נעגען צעהן אוהר זיינען זיי געקומען אהיים. זיי זיינען אָנגעקומען פּונקט אין דער מינוט, ווען בן אָמאר און סואד פאשא זיינען ארויסגעגאנגען פון דאָראן'ס הויז.

פראנסוא האָט צוערשט דערזעהן די צוויי מענשען מיט רויטע פעסעס אויף'ן

קאָפּ ארויסגעהן פון דעם הויז,ביידע האָבען גערעדט אין דער הויך א פרעמדע שפּראַך, טירקיש אָדער אראביש און האָבען דערביי שטארק געמאכט מיט דיא הענד.

עס האָט איהם פערקלעמט ביים הארצען, גלייך וויא ער וואָלט דערזעהען זיין שיקזאַל. אמת, ער האָט ניט געוואוסט, ווער דיעזע פרעמדע זיינען, וואָס זיי ריידען און צו וואָס זיי זיינען געוועזען ביי זשאק דאָראן, אָבער דאָס הארץ האָט איהם געזאָגט, אז דיעזע מענשען מיט דיא רויטע היטלען אויף'ן קאָפּ האָבען געבראכט ניט גוטעס פאר איהם און פאר זיין געליעבטער זשוליעט.

ווען פראנסוא און זשוליעט זיינען אריינגעגאנגען אין פאָרהויז, האָבען זיי דערהערט, וויא זייער אָנקעל טאנצט און זינגט ביי זיך אין צימער.

— אום גאָטעס ווילען! וואָס איז דאָס? האָט פראנסוא אויסגערופען. איז אונזער אָנקעל אראָב פון זינען?

נאנאָן האָט דערהערט פראנסוא'ס שטימע אין קיך און זיא איז ארויסגעקומען.

— וואָס איז דאָס, ליעבע טאנטע? האָט פראנסוא געפרעגט. וואָס טהוט זיך דאָ ביי אונז?

— אייער אָנקעל טאנצט, האָט דיא שטילע נאנאָן געענטפערט.

— דאָס איז אָבער אונמעגליך!

— נו, דאן טאנצט עס טרעגאָמעין, האָט נאנאָן געענטפערט.

— טרעגאָמעין טאנצט? וואָס רעדט איהר, טאנטע? דאָס קען ניט זיין!

— פיללייכט טאנצט ער אבזיכטליך אום צו קרענקען דעם אָנקעל, האָט זשוליעט בעמערקט.

— לאָמיר זעהען, וואָס דאָרטען טהוט זיך, האָט פראנסוא געבעטען.

אלע דריי זיינען אריינגעגאנגען אין זשאק דאָראן'ס צימער.

פאר זיי האָט זיך פאָרגעשטעלט א זאָנדערבארעס בילד. דער ערנסטער, בייזער, אויפגערעגטער זשאק דאָראן האָט געטאנצט, געשפּרונגען און געזונגען וויא א וואהנזיניגער. און זאָנדערבאר, אויך דער רוהיגער, איבערלעגטער, געלאסענער טרעגאָמעין האָט פון צייט צו צייט א שפּרונג געטהאָן פאר פרייד.

פראנסוא האָט אין ערשטען אויגענבליק געמיינט, אז זשאק דאָראן איז ווירקליך אראָב פון זינען, ווען ער האָט אָבער איהם געהערט שרייען: "איך האָב מיין לענג!" און דער רוהיגער טרעגאָמעין האָט אויך וויעדערהאָלט: "ער האָט זיין מערידאן!" דאן איז פראנסוא געוואָרען בלייך און האָט זיך דערמאָנט אָן דיא צוויי פרעמדע, וועלכע ער האָט נור וואָס בעגעגענט, ווען ער איז צוגעקומען צו זיין אָנקעל'ס הויז.

ער איז צוגעקומען צו זשאק דאָראן און האָט געפרעגט מיט א ציטערענדער שטימע:

— וואָס איז געשעהען, ליעבער אָנקעל?

— איך האָב מיין לענג!

— ער האָט זיין מערידיאַן! האָט טרעגאָמעין צוגעשטימט.

— וואָס רעדט איהר? וויא איז דאָס מעגליך? האָט פּראַנסוא געפּרעגט זיין גוטען פריינד טרעגאָמעין.

טרעגאָמעין האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף א שטוהל אזוי פעסט, אז דער שטוהל איז צובראָכען געוואָרען אונטער איהם. דאָס האָט איהם בערוהיגט, און ער האָט דערצעהלט פראַנסוא און זשוליעט אלעס, וואָס עס האָט פּאסירט מיט זשאק דאַראַן זייט נעכטען, וויא אזוי ער האָט בעגעגענט דעם אדוואָקאט בן אָמאר פון עגיפּטען און וויא בן אָמאר האָט ביי איהם געוואָלט אויסנארען דעם בריעף פון קיאמיל פּאשא און וויא ענדליך זשאק דאַראַן האָט אָבגענארט דעם טערק.

— יעצט, ווען זשאק דאַראַן ווייס שוין דעם מערידיאַן און דעם פּאראַלעל פון דעם אינזעל, וואו קיאמיל פּאשא האָט פערגראָבען זיינע מיליאָנען, קען ער גאנץ לייכט פּאָהרען און זיי נעהמען, האָט טרעגאָמעין געענדיגט זיין ערצעהלונג.

— אָבער, אָנקעל, ווען דיא צוויי עגיפּטיאַנער וויסען, וואו דיעזע מיליאָנען געפינען זיך, וועלען זיי קומען און אויסגראָבען דיעזע מיליאָנען פריהער פון אייך, האָט פראַנסוא בעמערקט.

— אזוי מיינסט דוא? האָט זשאק דאַראַן אויסגערופען, דענקסט דוא ווירקליך אז איך בין אזא נאר און האָב זיי געגעבען מיין פּאראלעל? מיינסט דוא ווירקליך, אז זשאק דאַראַן איז שוין אזא פערד, אז ער האָט זיי געגעבען דעם שליסעל צו זיין קאסע?

— און נאָך וואָס פאר א קאסע! צוואנציג מיליאָן! האָט טרעגאָמעין צוגעשטימט.

דער גוטער טרעגאָמעין האָט געוויס גערעכענט, אז ער וועט דערמיט פערשאפען פרייד פראַנסוא און זשוליעט; זיי וועלען אויך אָנהויבען צו טאַנצען, ווייל זייער אָנקעל איז יעצט א מיליאָנער. דיא יונגע לייט אָבער האָבען גוט געפיהלט, אז דיעזע מיליאָנען זיינען אן אונגליק פאר זיי. דיא יונגע לייט האָבען גוט פערשטאנען, אז יעצט וועלען זיי שוין ניט קענען הייראטהען דעם 5טען אפּריל און גאָט ווייס ווען זיי וועלען קענען הייראטהען. און צו וואָס דארפען זיי דיעזע מיליאָנען? זיי קענען גליקליך זיין אָהן דיא מיליאָנען. עס איז שוין א בעקאנטע זאך, אז ווען מען בעקומט מיט אמאָל פיעל געלד, ברענגט דיעזעס געלד קיין גליק. געלד מוז מען פערדיענען, אויף געלד מוז מען ארבייטען. פראַנסוא און זשוליעט האָבען אראָבגעלאָזען דיא קעפּ און האָבען זיך פערטראכט.

זשאק דאַראַן האָט אויפגעהערט צו טאַנצען און צו שפּרינגען. ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף זיין שוועסטער, אויף זיין ניכטע און אויף זיין פערוואַנדטען פראַנסוא און האָט אויסגערופען שטאָלץ:

— יעצט בין איך אַ מיליאָנער! אַ ראָטהשילד! ווער איז יעצט גלייך צו מיר? איך פערמאָג צוואַנציג מיליאָן דאָלאַר! הונדערט מיליאָן פראַנק! איהר האָט אַמאָל געזעהען אַ מיליאָן אין איין האַנד? אַ מיליאָן גאָלד שטיקע, ניט נאַפּאָלעאָנס, זאָנדערן ענגלישע פונט סטערלינג.

קיינער האָט איהם ניט געענטפערט. אַלע האָבען אַראָבגעלאָזען דיא אויגען און האָבען געשוויגען.

ענדליך האָט זיך זשאק דאַראַן געווענדעט צו זיין שוועסטער און האָט געפרעגט:

— נו, וואָס זאָגסט דוא עפּעס דערצו, נאַנאָן?

— וואָס זאָל איך זאָגען? האָט נאַנאָן געענטפערט. עס איז געוויס אַ גרויסעס פערמעגען, אַ רייכטהום.

— אַ רייכטהום? עס איז מעהר וויא אַ רייכטהום! האָט זשאק דאַראַן געשריען. עס איז לייכט ארויסצוזאָגען: הונדערט מיליאָן פראַנק! פּראָבירט אָבער איבערצעהלען הונדערט מיליאָן!... נו, וואָס זאָגסט דוא דערצו, מיין ליעבע זשוליעט? וויא געפעהלט דיר אזא פערמעגען?

— ליעבער אָנקעל, איך דענק, אַז מען דאַרף גאָר ניט זיין אַזוי רייך אום צו זיין גליקליך, האָט זשוליעט געענטפערט טרויעריג.

— אַה, איך וויים עס! האָט זשאק דאַראַן אויסגערופען. איך קען שוין אייער ביכער־מאָראַל: "געלד איז נאָך ניט קיין גליק", "מען קען עסען אַ טרוקען שטיקעל ברויט און דאָך זיין גליקליך". דאָס אַלעס שטעהט אין קינדער ביכ־לעך און איז גוט פאַר קליינע קינדער. מיר מענער, ווייסען אָבער גאַנץ גוט, אַז אַ מיליאָן איז אַ מיליאָן און צוואַנציג מיליאָן זיינען בעסער פון איין מי־ליאָן, און טאַקע: "ווער עס האָט געלד, דער האָט דיא וועלט", ווער עס האָט געלד, דער האָט אַלעס, אָהן געלד האָט מען גאָר קיין ווערטה ניט... נו, וואָס זאָגט איהר דערצו, מיין הערר שיפּסקאַפּיטאַן פון לאַנגע רייזען?

— איך דענק, אַז קיאַמיל פּאַשאַ האָט ניט שעהן געהאַנדעלט געגען אייך, האָט פראַנסוא געענטפערט.

— פאַר וואָס מיינסט דוא עס אַזוי, הערר שיפּסקאַפּיטאַן?

— קיאַמיל פּאַשאַ האָט נאָך געדאַרפט צולעגען דעם טיטול פּאַשאַ צו זיינע מיליאָנען, האָט פראַנסוא געזאָגט גאַנץ ערנסט. מיליאָנען אָהן אַ טיטול האָבען גאָר קיין ווערטה ניט. זאָגאַר דער נאָמען ראָטהשילד קלינגט נור דאַן גאַנץ גוט, ווען פאַר איהם שטעהט דער טיטול באַראָן אָדער לאָרד.

— אלזאָ, זשאק דאָראן פאשא! האָט אויסגערופען טרעגאָמעין און האָט ארויסגעלאָזען א געלעכטער, אז דאָס גאנצע הויז האָט געציטערט.

— רוהיג דאָך! האָט זשאק דאָראן אויסגערופען. בלייבט דאָך רוהיג, איהר עקס־קאפּיטאן פון דער בארקע דיא "שעהנע אמאליע". מיין נעפע, הערר פראנסוא, מעג פערלאנגען פאר מיר א טיטול, אָבער איהר, הערר עקס־קאפּי־טאן, זאָלט ניט וואגען צו לאכען פון מיר.

— איך לאך ניט פון דיר, מיין ליעבער גוטער, אלטער פריינד! האָט טרע־גאָמעין געענטפערט ערנסט. דוא ביסט יעצט א מיליאָנער און מעגסט זיך זאָגאר שעהמען מיט דעם אלטען עקס־קאפּיטאן פון אן אָרימער בארקע.

— איך שעהם מיך ניט מיט דיר, מיין אלטער פריינד! האָט זשאק דאָ־ראן אויסגערופען.

— נו, גוט! אויב אזוי קענען מיר רעדען.

— רעד! זאָג, וואָס דוא ווילסט.

— לאָמיר זיך פאָרשטעלען, אז דוא האָסט שוין דיעזע מיליאָנען, האָט טרעגאָמעין געזאָגט ערנסט.

— וואָס הייסט, לאָמיר זיך פאָרשטעלען! האָב איך דען שוין ניט דיעזע מיליאָנען? האָט דאָראן געפרעגט.

— נו, גוט! דוא האָסט דיעזע מיליאָנען, האָט טרעגאָמעין געזאָגט. דוא ביסט געוואָהנט צו וואָהנען אין א קליין שטעדטעל וויא סען מאלאָ און צו לעבען איינפאך. דוא עסט, ווען דוא ווילסט און וואָס דוא ווילסט; דוא טרינקסט ווען דוא ווילסט און וואָס דוא ווילסט; דוא געהסט אָנגעטהאָן וויא אלע איינוואָהנער פון סען מאלאָ. און דוא האָסט מיט אמאָל, גאָר פּלוצלונג, בעקומען אזוי פיעל מיליאָנען, וואָס וועסט דוא מאכען מיט אזוי פיעל געלד?

— איך וועל טהאָן מיט מיין געלד, וואָס איך וועל נור וועלען! האָט דאָראן געענטפערט שטאָלץ.

— דאָס גיב איך צו, אָבער דוא וועסט דאָך געוויס ניט וועלען אויסקוי־פען גאנץ סען מאלאָ?

— פאר וואָס ניט? איך וועל אָבקויפען גאנץ סען מאלאָ, גאנץ סען סער־וואן און גאנץ דינאר (צוויי דערפער לעבען סען מאלאָ). נאָך מעהר, איך וועל אָבקויפען דעם טייך ראנס מיט אלע בארקעס, וועלכע געהן אויף איהם.

זשאק דאָראן האָט געוואָלט א שטאָך טהאָן זיין פריינד טרעגאָמעין און דא־רום האָט ער געזאָגט, אז ער וויל אָבקויפען דעם טייך ראנס מיט אלע בארקעס אויף איהם.

— נו, גוט! האָט טרעגאָמעין געזאָגט. איך גיב צו, אז דוא וועסט אָב־קויפען דיעזע אלע זאכען, אָבער וואָס ווערט דערפון? וועסט דוא דען קענען אויפעסען איין ביסען ברויט מעהר, וויא פיעל דוא עסט יעצט? וועסט דוא דען

קענען אויסטרינקען איין גלאָז וויין מעהר, וויא פיעל דוא טרינקסט יעצט? דוא מוזט דיר דאן קויפען נאָך א מאָגען, אן איבריגען מאָגען, דאָס איז דאָך אָבער אונמעגליך.

— איך וועל קויפען, וואָס איך וועל נור פערלאנגען! האָט זשאק דאָראן געשריען, און דוא, עקס־קאפיטאן פון א בארקע אויף דעם טייך ראנס, דארפסט מיר ניט דערצעהלען, וואָס איך זאָל קויפען. איך וויל ניט, אז מען זאָל מיר שוין זאָגען, וואָס איך וועל טהאָן און וואָס איך זאָל טהאָן מיט מיינע מי־ליאָנען.

דערביי האָט ער א קוק געטהאָן אויף דיא צוויי פערליעבטע, גלייך וויא ער האָט זיי געגעבען א וואונק, אז זיי זאָלען זיך ניט אריינמישען אין זיינע אנגעלעגענהייטען.

— וואָס געהט עס אייך אָן, וואָס איך וועל טהאָן מיט מיינע מיליאָנען? האָט ער ווידער געפרעגט. איך וועל זיי אויפעסען! איך וועל זיי פערברע־נען! איך וועל זיי ארויסווארפען אויף דער גאס! איך וועל איבערלאָזען א מיליאָן פאר זשוליעט און א מיליאָן פאר פראנסוא.

— זאָג בעסער צוויי מיליאָן פאר ביידע.

— פאר וואָס זאָל איך אזוי זאָגען?

— ווייל זיי וועלען דאָך באלד הייראטהען, האָט טרעגאָמעין ארויסגע־פלאצט.

ער האָט דערמיט אויסגעשטאָכען דעם בלאָטער. ער האָט בעריהרט דיא וויכטיגסטע פראגע.

— רוהיג זיין, הערר עקס־קאפיטאן פון א בארקע! רעד קיין וואָרט מעהר דערפון! געה בעסער אויף דיין בארקע דיא "שעהנע אמאליע" און פאָהר ארום אויף דעם טייך ראנס!

פראנסוא און זשוליעט האָבען אראָבגעלאָזען דיא אויגען. זיי האָבען גוט געוואוסט, אז יעצט האנדעלט עס זיך וועגען זייער גליק.

טרעגאָמעין האָט זיך אָבער ווענינ איבערגעשראָקען פאר זיין פריינד, וועל־כער איז פלוצלונג געוואָרען א מיליאָנער. ער האָט זיך געווענדעט צו איהם פריי און אָפען און האָט געזאָגט:

— פערגעס ניט, זשאק, אז דוא האָסט געגעבען דיין וואָרט, אז דיא יונגע לייט זאָלען הייראטהען דעם 5טען אפריל.

— האָב איך דען ניט געשטעלט א בעדינגונג?

— וואָס פאר א בעדינגונג?

— זיי זאָלען הייראטהען, ווען ביז דעם 5טען אפריל וועט קיינער ניט קומען און מיר מעלדען מיין מערידיאן. עס איז אָבער דאָך געקומען איינער און איך האָב שוין מיין מערידיאן.

— דעסטאָ בעסער! גראָדע יעצט, ווען דוא ביסט געוואָרען א מיליאָנער, דארפסט דוא זעהן, אז דיעזע יונגע לייט, דיינע פערוואנדטע, דיין בלוט און פלייש, זאָלען הייראטהען און זאָלען גליקליך זיין.

— איך וויל אויך, אז זיי זאָלען גליקליך זיין און דארום וועל איך זוכען פאר מיין טהייערער זשוליעט א פרינץ פאר א מאן. זשוליעט איז ווערטה צו זיין א פרינצעסין.

— מען מוז דאָך צוערשט זוכען אזא פרינץ.

— איך וועל שוין געפינען, האָט זשאק דאָראן אויסגערופען, פאר געלד קען מען היינט קויפען גאנץ לייכט דעם בעסטען פרינץ, אויך פראנסוא זאָל הייראטהען א פרינצעסין.

— איך ווייס גאָר ניט, אויב עס וואָלגערען זיך אין דיא גאסען פרינצען און פרינצעסינען, האָט טרעגאָמעין בעמערקט.

— וואָס ווייס א קאפיטאן פון א בארקע? האָט דאָראן אויסגערופען מיט פעראכטונג. "געלד איז דיא וועלט", פאר געלד קען מען זאָגאר קויפען א קעניג. היינטיגע צייטען זיינען קעניגע גאָר ניט אזוי טהייער, וויא זיי פלעגען אמאָל זיין. מען קען היינט קויפען א קרוין פיעל לייכטער, וויא בעקומען מיליאָנען.

— אָבער מען מוז דאָך פריהער זוכען, האָט זיך טרעגאָמעין שוין געבייזערט.

— מען קען זיי געפינען אין צייטונגען און אין אלמאנאכען, האָט זשאק דאָראן געענטפערט, עס איז היינט א מאָדע, מען זאָל אלעס אָנצייגען אין צייטונגען... אָבער גענוג פאר היינט! לאָזט מיך אליין!

אלע האָבען געמוזט ארויסגעהן. פראנסוא איז געווען טרויעריג, זשוליעט האָט אָנגעהויבען צו וויינען. דאָס האָט ניט געקענט אויסהאלטען דער אלטער עקס־קאפיטאן פון א בארקע.

— איך קען ניט ליידען, ווען מען וויינט, האָט ער אויסגערופען, איך בעט דיך, ליעבע זשוליעט, וויין ניט, האָט ער געזאָגט, ווען זיי זיינען אריינגעקומען אונטען אין פראָנט צימער.

— אך! יעצט איז אלעס פערלאָרען! האָט זשוליעט געוויינט, איך קען מיין אָנקעל גאנץ גוט. ווען ער האָט זיך איינגעשפארט, אז איך מוז הייראטהען א פרינץ, וועט ער ניט נאָכגעבען. דיא מיליאָנען האָבען איהם פערדרעהט דעם קאָפּ.

— ליידער, איז עס וואהר, האָט נאָנאָן געזאָגט טרויעריג, מיין ברודער איז א גרויסער עקשן. ווען ער שפארט זיך עפּעס איין, קען מען איהם ניט אָבּרייסען מיט אָקסען.

— איך דארף איהם ניט! האָט פראנסוא אויסגערופען, איך קען הייראטהען אָהן זיין איינווילליגונג!

— דאָס איז וואהר, האָט טרעגאָמעין געענטפערט. איהר מעגט הייראטהען אָהן זיין איינווילּיגונג, ווייל איהר זייט פאָליעהריג, זשוליעט אָבער קען עס ניט, ווייל זיא איז נאָך ניט אלט צוואנציג יאָהר. אויסער דעם איז ער איהר אַפּעקון און זיא טאָר ניט הייראטהען אָהן זיין איינווילּיגונג.

— פערגעס ניט, ליעבער פראנסוא, אז ער איז דער הויפּט פון אונזער פאַמיליע, האָט נאנאָן געזאָגט, מיר מוזען טהאָן, וואס ער הייסט אונז.

— הערט מיך אויס, מיינע פריינד, האָט טרעגאָמעין געבעטען, מיין מיינונג איז, אז מיר זאָלען זיך דערווייל ניט שטעלען געגען איהם. היינט איז איהם דער קאָפּ אזוי פערדרעהט פון זיינע מיליאָנען, אז ער ווייס ניט, וואָס ער רעדט. לאָמיר איהם לאָזען לויפען א געוויסע צייט; זאָל ער זיך אביסעל אויסניכטערען. איך דענק, אז זיין שגעון וועט באלד אריבערגעהן. ער וועט זיך בערוהיגען, ער וועט זיך איבערלעגען, דאן וועט ער אליין פערשטעהן, אז עס איז א גרויסער אונזין צו וועלען פערהייראטהען זשוליעט מיט א פרינץ, ווען זיא ליעבט אזוי היים און אזוי שטארק איהר פערוואנדעטען פראנסוא.

— איהר האָט רעכט, אונזער גוטער אלטער פריינד! האָט זשוליעט אויסגערופען, איך דענק אויך, אז מיט גוטען וועלען מיר מיט איהם בעסער מאכען, וויא מיט בייזען.

— פערגעסט אויך ניט, אז דערווייל האָט ער נאָך ניט זיינע מיליאָנען, האָט דער עקס־קאפּיטאן פון דער בארקע בעמערקט.

— איך פערגעס גאָר ניט, האָט פראנסוא געזאָגט ערנסט. מיט זיין מערידיאן וועט ער נאָך האָבען פיעלע שוועריגקייטען אויסצוגעפינען דעם אינזעל. איך ווייס גאנץ גוט, אז אויסגעפינען דיא לענג און דיא ברייט פון א געוויסען פונקט איז ניט אזוי לייכט. א קליינער פעהלער, א האלבע סעקונדע, איז שוין אן אונטערשיעד אין עטליכע מייל, און ווען עס זאָל שוין אלעס זיין גאָר אזוי גענוי, גאָר אזוי ריכטיג, וויא עס שטעהט איןביידע דאָקומענטען, וועט עס נאָך אויך נעהמען פיעל צייט, ביז ער וועט בעקומען דיעזע מיליאָנען.

— מוז עס ווירקליך נעהמען אזוי פיעל צייט, ביז מען קומט אהין? האָט זשוליעט געפרעגט.

— יא, ליעבע זשוליעט, האָט פראנסוא געענטפערט, עס מוז נעהמען זעהר פיעל צייט... אך! דיעזער אָנקעל און זיינע פערדאמטע מיליאָנען!

— פערדאם בעסער דיא צוויי טערקען, וועלכע זיינען היינט געקומען צו אונז, האָט נאנאָן געבעטען. ווען איך זאָל געוועז ווויסען, אז זיי קומען פערדרעהען מיין ברודער דעם קאָפּ מיט זייער לענג און ברייט, וואָלט איך זיי ארויסגעטריבען מיט א בעזים.

— דאָס וואָלט ווענינ געהאָלפען, ליעבע טאנטע, האָט פראנסוא געזאָגט, בן אָמאר וואָלט געשיקט רופען דעם אָנקעל צו זיך אין האָטעל. וויא איך פער־

שטעה, האָט ער דערביי א גרויסע אינטערעסע. ווען ער איז געקומען פון עגיפּטען נאָך סען מאלאָ אום איבערצוגעבען דעם אָנקעל עטליכע ווערטער, האָט ער עס דאָך ניט געטהאָן אומזיסט.

— אלזאָ וועט דער אָנקעל באלד אוועקפאָהרען? האָט זשוליעט געפרעגט.

— געוויס, האָט טרעגאָמעין געענטפערט. יעצט, ווען ער ווייס שוין גאנץ גענוי, וואו עס געפינען זיך זיינע מיליאָנען, וועט ער געוויס פאָהרען זיי זוכען.

— איך וועל פאָהרען מיט איהם, האָט פראנסוא געזאָגט.

— דוא, פראנסוא? דוא ווילסט פאָהרען מיט איהם? האָט זשוליעט גע־פרעגט פערוואונדערט.

— איך מוז עס טהאָן, ליעבע זשוליעט, איך מוז פאָהרען מיט איהם אום צו וואכען איבער איהם; ער קען נאָך בעגעהן א פעהלער; עס וועט איהם אויך ניט לייכט זיין אויסצוגעפינען דיעזען אינזעל, וויייל ער האָט ניט אויס־געהאלטען אן עקזאמען פון קאָסמאָגראפיע. ער איז געוועזן א שיפסקאפּיטאן פון קורצע רייזען, אָבער ניט פון לאנגע וועלט־רייזען און יעצט מוז ער מאכען א וועלט־רייזע.

— פראנסוא האָט רעכט, האָט טרעגאָמעין צוגעשטימט, אייער אָנקעל איז אזוי אויפגערעגט, אז מען קען איהם ניט לאָזען אליין. ווער ווייס, מיט וועלכע מענשען ער וועט מוזען זיך צוזאמענקומען, און פיהרען ביי זיך צוואנציג מי־ליאָן איז אויך ניט קיין קלייניגקייט.

— פערדאמט זאָלען ווערען דיעזע מיליאָנען! האָט דיא גוטע נאנאָן גע־זיפצט. מיר וואָלטען אלע געקענט לעבען רוהיג און גליקליך, ווען ניט דיעזע צוואנציג מיליאָן.

זשוליעט האָט אָנגעהויבען צו וויינען. ערשט יעצט האָט זיא פערשטאנען, אז זיא מוז זיך צושיידען מיט איהר געליעבטען אויף א לאנגע צייט. אלע איה־רע פאָרבערייטונגען פאר דער האָכצייט זיינען געוועזן אומזיסט.

פראנסוא האָט געפּרובט זיא צו טרייסטען, וויא ער האָט געקענט. ער האָט איהר צוגעזאָגט, אז ער וועט איהר שרייבען בריעף זעהר אָפט, ער וועט איהר דערצעהלען אלעס, וואָס מיט זיי וועט פּאסירען און ער וועט זיך געבען אלערליי מיה איבערצורעדען דעם אָנקעל, ער זאָל ענדליך דאָך איינוויליגען צו זייער הייראטה.

— און איך וועל בלייבען דאָ און וועל דיך זעהן יעדען טאָג, האָט דער גוטער אלטער טרעגאָמעין געזאָגט, איך וועל דיר דערצעהלען וועגען מיינע רייזען אויף מיין בארקע. מענשען מיינען, אז פאָהרען אויף א בארקע איז לאנג־וויילינג. דאָס איז א טעות. דוא וועסט הערען, וואָס מיר האָט פּאסירט און דוא וועסט ווייסען, אז פאָהרען אויף'ן וואסער איז שטענדיג אינטערעסאנט.

זשוליעט האָט גוט געוואוסט, אז דיא רייזע פון דעם אלטען טרעגאָמעין

אויף זיין בארקע קען זיא ווענינ אינטערעסירען, אָבער זיא האָט דאָך איינגעזע־הען, אז עס מוז אַלעס אזוי זיין. פראַנסוא מוז פאָהרען מיט איהר אָנקעל און זיא מוז אָבלעגען איהר חתונה אויף אַן אונבעשטימטע צייט.

אזוי וויא אַלע פיער האָבען אזוי גערעדט, האָט מען דערהערט פון אויבען זשאק דאָראַן'ס שטימע:

— קאַפּיטאַן פון דער בארקע, קום נור ארויף!

— וואָס איז דאָס? וואָס וויל ער פון מיר?

— זיין שטימע איז רוהיג, האָט נאַנאָן געזאָגט, ער איז שוין ניט בייז.

— דוא קומסט ארויף, טרעגאַמעין? האָט זשאק דאָראַן געפרעגט צום צווייטען מאָל.

— איך קום באַלד, האָט טרעגאַמעין געענטפערט.

ער איז אויך באַלד ארויפגעגאַנגען צו זיין פריינד.

קוים איז ער אריינגעקומען אין צימער, האָט איהם זשאק דאָראַן אַנידערגעזעצט אויף א שטוהל און האָט פערריגעלט דיא טהיר הינטער איהם.

דאַן האָט ער ארויסגענומען לאַנד און מעער־קארטען, א קאָמפּאַס, א צירקעל און צוויי בליישטיפטען און האָט אַלעס אויסגעלעגט אויף'ן טיש.

— נעהם דוא דעם קאָמפּאַס אין דיא הענד, האָט ער געזאָגט.

— פאר וואָס איך? האָט טרעגאַמעין געפרעגט.

— ווייל מיינע הענד ציטערען און דיא נאָדעל פון דעם קאָמפּאַס שטעהט ניט אויף איין אָרט, איז געוועזן דיא אנטוואָרט.

טרעגאַמעין האָט גענומען דעם קאָמפּאַס.

זשאק דאָראַן האָט אויסגעשפּרייט אויף'ן טיש א גרויסע מעער־קארטע און האָט אָנגעהויבען ארומצוזוכען מיט א פינגער.

— וואו זאָל זיין דיעזער אינזעל? האָט ער געזאָגט, וויא צו זיך אליין, איך האָב אַליין געזוכט דיעזען אינזעל און קען איהם ניט געפינען.

— איך זעה איהם אויך ניט, האָט טרעגאַמעין געברומט.

— ער מוז אָבער דאָך זיין!

— איך פערשטעה, אז ער מוז זיין, אָבער...

— ער איז דאָ! מיר וועלען איהם געפינען! זוך נור, פריינד טרעגאַמעין!

— וואו זאָל איך זוכען?

— צוערשט זוך אויס דעם 54טען מערידיאַן פון פאריז, ריכטיגער נאָך דעם פינף און פופציגסטען, ווייל דיעזער אינזעל געפינט זיך 54 גראד 57 מינוט.

טרעגאַמעין האָט געשטעלט דעם קאָמפּאַס אזוי, אז דער מאגנעט האָט געוויזען נאָך נאָרד (צפון זייט). ווען מען וייס, וואו נאָרד איז, קען מען לייכט אויסגעפינען דיא אנדערע דריי זייטען פון דער וועלט: אָסט, וועסט און זיד.

ער האָט דאַן געזוכט איניגע צייט און האָט געזאָגט פערוואונדערט:

— איך זעה דאָ גאָר קיין אינזעל ניט.

זשאק דאַראַן האָט זיך צוגעקוקט צו דער געגענד, וואו זיין פריינד האָט געזוכט, און האָט אויסגערופען:

— וואו זוכסט דוא? פערד! עזעל!

— איך זוך אויף דעם 55טען מערידיאַן, האָט טרעגאַמעין געענטפערט.

— עס זיינען דאָך אָבער דאָ צוויי 55סטע מערידיאַנען: איינער אָסטליך (איז מזרח זייט) און דער אַנדערער וועסטליך (אין מערב זייט), האָט זשאק דאַראַן אויסגערופען. דוא זוכסט אויף דעם 55סטען מערידיאַן וועסט, מיין אינזעל אָבער דאַרף זיך געפינען אויף דעם 55סטען מערידיאַן אָסט.

דער עקס־קאַפּיטאַן פון דער בארקע דיא "שעהנע אמאַליע", וועלכע פלעגט ארומפאָהרען נור אויף דעם טייך ראַנס, פלעגט ניט דאַרפען וויסען פון א מערידיאַן און פלעגט זיך ניט קימערען אויב זיין בארקע פאָהרט אָסט אָדער וועסט.

— עזעל! פערשטעהסט דוא דען ניט, אז עס איז א גרויסער אונטערשיעד צווישען אָסט און וועסט? האָט זשאק דאַראַן געשריען.

דער עקס־קאַפּיטאַן פון דער בארקע האָט פערצויגען מיט דיא אקסלען.

— וויים אלזאָ, הערר עקס־קאַפּיטאַן פון דער "שעהנער אמאַליע", אז אום בעסער און גענויער צו בעשטימען דיא לאַגע פון א לאַנד אָדער פון א שטאָדט, האָט מען איינגעטהיילט דעם גאַנצען ערד־קוגעל אין דריי הונדערט און זעכ־ציג טהייל: יעדער טהייל הייסט מערידיאַן, ווייל איין מאָל אין פיער און צוואַנציג שטונדען שטעהט דיא זון גראַדע איבער דיעזען פּונקט און עס איז דאָרט גענוי מיטאָג, גענוי צוועלף אוהר ביי טאָג. אום אָבער צו מאכען נאָך לייכטער אויסצוגעפינען א געוויסען פּונקט, האָט מען איינגעטהיילט דיא מער־רידיאַנען אויף אָסט און וועסט, ריכטיגער נאָך, מען האָט זיך פאַרגעשטעלט, אז דער גאַנצער ערד־קוגעל איז צושניטען אויף צוויי טהייל: אָסטליך און וועסטליך, מזרח און מערב, און מען צעהלט הונדערט און אכציג מערידיאַנען אָסטליך און הונדערט און אכציג מערידיאַנען וועסטליך... פערשטעהסט דוא, בארקע־קאַפּיטאַן?

טרעגאַמעין האָט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

— נו, מיין מערידיאַן ליעגט קנאַפּע 55 גראַד אָסט און דוא זוכסט 55 גראַד וועסט!... פערשטעהסט דוא מיך?

דער עקס־קאַפּיטאַן פון דער בארקע דיא "שעהנע אמאַליע" האָט זיך אזוי פערשעהמט און איז אזוי צומישט געוואָרען, אז ער האָט שוין גאָר ניט גע־וואוסט, וואָס עס טהוט זיך מיט איהם. אזוי פיעל געאָגראַפיע און קאָסמאָגראַ־פיע מיט אמאָל האָט ער ניט געקענט פערשטעהן.

זיין גאנץ געזיכט איז בעדעקט געוואָרען מיט גרויסע טראָפּען שוויים, און זיין גרויסעס, רויטעס טאשענטוך איז באלד נאס געוואָרען און ער האָט זאָגאר ניט געהאט, מיט וואָס זיך אָבצואווישען דאָס געזיכט.

— לעג ארויף דעם קאָמפּאס אויף דעם 55טען מערידיאַן אָסט! האָט זשאק דאָראן געשריען!

טרעגאַמעין האָט גענומען דעם צירקעל און האָט איין עק פון איהם געשטעלט אויף א פּונקט פון דער קארטע, דערביי האָט ער געזאָגט:

— דאָס איז דער 24סטער פּאראלעל.

— אָקס! בהמה! האָט זשאק דאָראן געשריען. איך דארף דעם מערידיאַן! זוך אויס דעם מערידיאַן 55 אָסט, וואו ער קרייצט איבער דעם 24סטען פּאראלעל!

— צו וואָס זאָל איך עס טהאָן?

— דאָרט געפינט זיך דער אינזעל מיט מיינע מיליאָנען! האָט זשאק דאָראן געשריען אויסער זיך פאר צאָרן און פערדרוס.

— נו, גוט! האָט ענדליך טרעגאָמעין געזאָגט, אָט איז דיין מערידיאַן...

— ווייטער!

— ווייטער? וואו ווייטער?

— ארויף! העכער!

טרעגאָמעין האָט אָנגעהויבען צו ווייזען ניעדריגער און איז באלד געקומען צום נאָרד פּאָל.

— עזעל! אידיאָט! מיט דיר איז גאָר ניט צו מאכען! האָט זיך געקאָכט זשאק דאָראן.

ער איז אויפגעשפּרונגען, איז צוגעלאָפען צו דער טהיר און האָט אָנגעהויבען צו שרייען:

— פראנסוא! פראנסוא! קום נור אהער, שיפסקאפּיטאַן פון לאנגע רייזען!

פראנסוא, וועלכער איז געזעסען אונטען אין עס־צימער מיט זיין כלה און איהר מוטער, האָט דערהערט דעם ווילדען געשריי פון זיין פערוואנדעטען און איז באלד ארויפגעלאָפען זעהן, וואָס דאָרט טהוט זיך.

— וואָס ווינשט איהר, ליעבער אָנקעל? האָט ער געפרעגט פריינדליך.

— זאָג מיר, וואו געפינט זיך דער אינזעל מיט מיינע מיליאָנען? האָט זשאק דאָראן אויסגערופען.

— איך מוז וויסען גענוי דעם מערידיאַן און דעם פּאראלעל, איז געווען דיא אנטוואָרט.

וויא פריי און אָפענהערציג זשאק דאָראן איז געווען געגען זיין פריינד טרעגאָמעין, אזוי צוריקגעהאלטען און געהיימניספאָל האָט ער געוואָלט זיין

געגען זיין פערוואנדעטען. ער האָט ניט געוואָלט ארויסזאָגען פראנסוא דיא גאנצע ווארהייט. ער האָט גוט געוואוסט, אז קויט וועט ער זאָגען פראנסוא גאנץ גענוי דיא לענג און דיא ברייט, וועט עס פראנסוא באלד אויסגעפינען. אלס געלערענטער שיפסקאפיטאן פון ווייטע רייזען, מוז פראנסוא קענען אלע אינזעלען אין אלע מעערען.

— הויב אָן פון דעם נאָרד פאָל, האָט זשאק דאָראן געזאָגט, ערקלעהר מיר אלע לענדער, וועלכער דער 55טער מערידיאן געהט דורך.

— גאנץ גוט, ליעבער אָנקעל.

— קיינע קאמפלימענטען! זאָג וואָס איז דאָס ערשטע לאנד, אָדער דער ערשטער אינזעל, וואָס דער 55טער מערידיאן געהט דורך.

— פראנץ יאָזעף'ס לאנד.

— גוט... ווייטער!

— בארענטס מעער.

— ריכטיג... ווייטער!

— נאָוואיא זעמליא.

— ווייטער!

— דאָס קארא מעער. דיא רוסען רופען עס קארסקאָיע מאָריע און עס געהערט צו רוסלאנד.

— דאָס דארף איך ניט וויסען!... ווייטער!

— אזיאטישעם רוסלאנד.

— וועלכע שטעדט?

— יעקאטערינענבורג.

— ווייטער!

— דער אוראל אָדער, וויא דיא רוסען רופען איהם, אוראלסקאָיע מאָריע.

— ווייטער! ווייטער!

— דיא שטאָדט כיווא אין טורקעסטאן.

— יעצט קומען מיר שוין נעהנטער... ווייטער!

— דיא שטאָדט הערואט אין פערזיען.

— ווייטער!

— מאָסקאט, דיא הויפט שטאָדט פון דעם קעניגרייך מאָסקאט אין זיד־אָסט פון אראביען.

יעצט האָט זיך זשאק דאָראן צוגעבויגען צו דעם גלאָבוס און האָט א קוק געטהאָן, וואו דיא שטאָדט מאָסקאט געפינט זיך.

— ריכטיג! האָט ער אויסגערופען. דאָס קעניגרייך מאָסקאט געפינט

זיך אויף דעם פונקט, וואו דער 55טער מערידיאן אָסט קרייצט דורך דעם 24טען פּאראלעל נאָרד.

— אָט איז עס, ליעבער אָנקעל.

— עס איז אָבער ניט גאנץ גענוי, האָט זשאק דאָראן געזאָגט פערטראכט. קיאמיל פאשא שרייבט, אז ער האָט פערגראָבען זיינע מיליאָנען אויף אן אינזעל און דאָס קעניגרייך מאָסקאט איז ניט קיין אינזעל.

— דאן געפינט זיך דער אינזעל אין דער בוכטע אָמאן, וועלכע טהיילט אָב פערזיען פון אראביען, האָט פראנסוא געזאָגט. אין יענער גרויסער בוכטע געפינען זיך פיעלע קליינע אינזלען.

— דוא האָסט רעכט, פראנסוא! עס איז אין מאָסקאט.

— מאסקאָט? א זאָנדערבארער נאָמען! האָט טרעגאָמעין געזאָגט וויא צו זיך אליין. מאסקאָט הייסט א זאך, וועלכע ברענגט גליק.

— עזעל! עקס־קאפּיטאן פון א בארקע! ניט מאסקאָט, זאָנדערן מאָסקאט! האָט זשאק דאָראן געשריען. ווייסט דוא דען ניט, אז עס איז דאָ אויף דער וועלט א לאנד, וועלכעס הייסט מאָסקאט און וואו עס הערשט א גרויסער סולטאן?

— לאָז זיין מאָסקאט, האָט טרעגאָמעין געזאָגט שטילערהייד. וואָס מאכט עס מיר אויס, אויב מאסקאָט אָדער מאָסקאט?

— דאן ביסט דוא זיכער, אז דער 55טער מערידיאן אָסט שניידט איבער אָדער קרייצט זיך מיט דעם 24טען פּאראלעל נאָרד ניט ווייט פון מאָסקאט?

— גאנץ געוויס, אָנקעל!

— איך מוז דיר אלזאָ זאָגען גאנץ גענוי. מיין אינזעל געפינט זיך אין דעם אָרט, וואו עס קומט זיך צונויף דער מערידיאן 55 גראד 57 מינוט אָסט מיט דעם פּאראלעל, 24 גראד און 59 מינוט נאָרד.

פראנסוא האָט זיך גאנץ גענוי צוגעקוקט, האָט גענומען א בליישטיפט און האָט גערעכענט איינציגע אויגענבליקע.

— האָסט דוא עס געפונען?

— יא, ליעבער אָנקעל.

— וואו איז אלזאָ דיעזער אינזעל?

— אין דער בוכטע פון אָמאן, 70 מייל פון דער שטאָדט מאָסקאט.

— ביסט דוא זיכער, אז עס איז אזוי?

— אזוי זיכער, אזוי וויא איך בין זיכער, אז מיר געפינען זיך יעצט אין דער שטאָדט סען מאלאָ, האָט פראנסוא געענטפערט.

— צו וועמען געהערט דיעזער אינזעל?

— צו טערקיי.

— און וויא אזוי קען מען צוקומען צו דיעזען אינזעל?

— מען מוז פאָהרען נאָך דער שטאָדט מאָסקאט און דאָרט דינגען א באָאט אָדער א קליינע שיף, ווייל גרויסע שיפען קענען ניט געהן אין יענער בוכטע אזוי וויט.

— דאן וועלען מיר מאָרגען שוין מאכען אונזערע פאָרבערייטונגען פאר דער רייזע נאָך מאָסקאט, האָט זשאק דאַראן געזאָגט פעסט ענטשלאָסען.

— איהר האָט גאנץ רעכט, אָנקעל, האָט פראנסוא געזאָגט.

ער האָט גאנץ גוט פערשטאנען, אז ער קען גאר ניט מאכען מיט זיין אָנקעל און האָט זיך פעסט ענטשלאָסען איהם נאָכצוגעבען אלע זיינע שגעונות אום צו זעהן, וואָס דיא ענדע וועט זיין.

— מיר מוזען פאָהרען נאָך פּאָרט סאאיד אין עגיפּטען, האָט זשאק דאַראן ווייטער געזאָגט, פון דאָרט וועלען מיר פאָהרען איבער דאָס רויטע מעער, דאן איבער דאָס אינדישע וועלט-מעער ביז צו דער שטאָדט מאָסקאט.

— גאנץ ריכטיג, אָנקעל.

— דאָס מוזען מיר טהאָן אזוי שנעל, וויא מעגליך. איך וועל ניט דערלאָזען, אז דיא פערדאמטע טערקען זאָלען ביי מיר אוועקרויבען מיינע מיליאָנען.

— נו, איך גלויב, אז אזוי לייכט קען מען דיעזע מיליאָנען ניט אוועקרויבען, האָט טרעגאָמעין געזאָגט מיט א שמייכעל.

זשאק דאַראן האָט ניט געפונען פאר נויטהיג איהם צו ענטפערען. ער האָט זיך געווענדעט צו פראנסוא און האָט איהם געפרעגט:

— ווילסט דוא פאָהרען מיט מיר?

— געוויס, אָנקעל!

— און דוא, טרעגאָמעין? ווילסט דוא פאָהרען מיט מיר?

— איך? צו וואָס דארפט איהר מיך, אַן עקס-קאפּיטאַן פון א בארקע?

— איך דארף דיך האָבען מיט מיר, בארקע-קאפּיטאַן! האָט זשאק דאַראן געזאָגט מיט א בעפעהלענדען טאָן.

— ווען דוא פערלאנגסט עס, וועל איך פאָהרען מיט דיר, האָט טרעגאָמעין געענטפערט ניט ווילענדיג.

ער האָט זעהר ניט געוואָלט פאָהרען. ער איז ניט געוואָהנט געווען צו פאָהרען אויף׳ן מעער, ער האָט זאָגאר מורא געהאט פאר א לאנגע רייזע, ער האָט אָבער פערשטאנען, אז ער קען ניצליך זיין דעם אונרוהיגען אויפגערעגטען זשאק דאַראָן און דארום האָט ער זיך בעשלאָסען מיטצופאָהרען.

— אלזאָ לאָמיר אָנהויבען זיך פאָרצובערייטען צו אונזער לאנגער רייזע, האָט זשאק דאַראָן געזאָגט. ווען עס וועט נור מעגליך זיין, וועלען מיר שוין מאָרגען אוועקפאָהרען.

10טעם קאפיטעל.

# אויף דער רייזע נאָך פּאָרט סאאיד

אונזערע רייזענדע האָבען ניט געדארפט פיעל צייט אום זיך פּאָרצובעּ־רייטען. זשאק דאָראן האָט מיטגענומען א קליינעם רייזע קאסטען. ער האָט ארויסגענומען פון דער באנק צוואנציג טויזענד פראנק אויף רייזע קאָסטען און האָט מיטגענומען וועש און זעהר וועניג נייע קליידער. פראנסוא אלס יונגער שיפסקאפּיטאן האָט געדארפט זעהר וועניג און זשוליעט האָט איהם שוין פער־זאָרגט מיט אלע זאכען, וועלכע זיא האָט געפונען פאר נויטהיג פאר דער רייזע.

טרעגאָמעין האָט מיטגענומען נור וועש און א פּאָר טויזענד פראנק.

דיא פראגע איז נור געווען, וואו נעהמט מען א שיף, וועלכע זאָל געהן נאָך עגיפּטען? אָנפאנגס האָבען זיי גערעכענט, זיי זאָלען פאָהרען נאָך ענג־לאנד, וואו מען קען שטענדיג געפינען שיפען נאָך עגיפּטען. דער צופאל האָט אָבער אזוי איינגעריכטעט, אז אין סען מאלאָ האָט זיך דאמאָלס געפונען א דאמפף־שיף, דער "סטירסמאן" וועלכער האָט געפיהרט ערד קויהלען נאָך פּאָרט סאאיד. דאָס איז אלזאָ געווען א קויהלען שיף, ניט קיין פּאסאזשיר שיף און מען האָט גאָר ניט געוואָלט אויפנעהמען פּאסאזשירען, אָבער זשאק דאָראן האָט זיך בעקענט מיט דעם שיפסקאפּיטאן און האָט זיך ביי איהם איינגעבעטען, ער זאָל איהם מיט זיינע פריינד אויפנעהמען אלס פּאסאזשירען.

דער "סטירסמאן" איז געווען א גאנץ געוועהנליכער קויהלען דאמפּפער. אויף אזא שיף קוקט מען זיך זעהר וועניג אום, ווייל ענגלאנד שיקט ארויס איהרע קויהלען אויף אלע וואסערען און אין אלע עקען און ענדען פון דער וועלט. עס זיינען דאָ ענגלישע קויהלען שיפען, וועלכע זיינען בעקאנט נור דעם האנדעלס מיניסטער און דער האנדעלס קאמער פון ענגלאנד. דיעזע שיפען זיינען כמעט טויט פאר דער גאנצער וועלט, אויסער פאר דיא קויפלייטע צו וועמען זיי געהערען.

דער "סטירסמאן" איז אויך געווען אזא שיף, און ווען זשאק דאָראן וואָלט ניט געווען פּערזענליך בעקאנט מיט דעם שיפסקאפּיטאן, וואָלטען אויף איהם געוויס קיין מאָל ניט געפאָהרען פּאסאזשירען, און דער נאָמען "סטירסמאן" וואָלט געוויס געבליבען נור אין דיא ביכער פון דער ענגלישער האנדעלס קאַ־מער. מיסטער טשיפּ, דער שיפסקאפּיטאן פון דעם "סטירסמאן", איז אָבער געווען אן אלטער בעקאנטער פון זשאק דאָראן, און ער האָט ניט געקענט איהם אָבזאָגען, ווען דאָראן האָט געבעטען ער זאָל איהם מיטנעהמען נאָך פּאָרט סאאיד.

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא שווער עס איז געווען דעם יונגען פראנ־סוא זיך צו שיידען פון זיין יונגער כלה זשוליעט, וועלכע ער האָט געדארפט

הייראטהען אין צוויי וואָכען ארום. דיא אָרימע זשוליעט האָט געוויינט, וויא א ביבער, ווען מען וויל צושטערען זיין נעסט. נאנאָן האָט געוויינט שטילערהייד. זיא האָט געוואָלט ווייזען פאר מענשען, אז זיא איז שטארק און קען אלעס איבערטראָגען, אָבער קוים האָט זיא זיך געפונען אליין, האָט זיא אָנגעהויבען צו וויינען.

ענדליך איז מען אוועקגעפאָהרען.

דער "סטירסמאן" איז טאקע ניט געווען קיין שנעל־שיף, אָבער דאָך א גוטע, זיכערע שיף. אלס פריינד און בעקאנטער פון זשאק דאָראן, האָט קאַ־פּיטאן טשיפּ געטהאָן אלעס מעגליכע אום צו מאכען דיא רייזע אזוי אנגענעהם, וויא נור מעגליך.

קיינער האָט זיך ניט געשטעלט דיא פראגע: וואו איז אהינגעקומען בן אָמאר און זיין שרייבער נאזים?

זשאק דאָראן איז געווען אזוי פערטיעפט אין זיינע געדאנקען, אז אזא פראגע איז איהם גאָר ניט פאָרגעקומען. גילדאס טרעגאָמעין האָט גאָר פער־געסען אָן דיא צוויי טערקען, נור פראנסוא האָט פערשטאנען, אז עפּעס איז דאָ ניט גלאט. ווען עס זאָל שוין זיין וואהר אלעס, וויא זיין אָנקעל האָט זיך איינגערעדט, איז עס דאָך אונמעגליך, אז דער אדוואָקאט בן אָמאר זאָל זיך אזוי לייכט ענטזאגען פון זיין קאָמיסיאָן. איינס פראָצענט פון צוואנציג מיליאָן איז אויך א שעהנע סומע.

דיא ווארהייט איז אָבער געווען, אז בן אָמאר און סואד פּאשא האָבען ניט אראָבגעלאָזען קיין אויג פון זשאק דאָראן. ווען זיי זיינען געוואָהר געוואָ־רען, אז דאָראן פאָהרט אויף דעם "סטירסמאן", האָבען זיי אויך געוואָלט זיך איינבעטען ביים שיפסקאפּיטאן, ער זאָל זיי מיטנעהמען, אָבער בן אָמאר איז געווען א זאָנדערבארער מענש. ער האָט מורא געהאט פאר א לאנגע רייזע אויף'ן מעער, ווייל ער האָט שרעקליך געליטען פון דער ים־קראנקהייט אויף זיין רייזע פון קאאירא נאָך מארסעל. ער איז קיין מאָל ניט געפאָהרען אויף א מעער. דאָס איז געווען זיין ערשטע רייזע אין זיין לעבען. ער האָט דארום געבעטען, זיי זאָלען בעסער פאָהרען מיט דער אייזענבאהן, וויא ווייט עס וועט נור מעגליך זיין.

דאָס איז געווען זעהר לייכט. זיי זיינען געפאָהרען מיט דער באהן ביז ברינדיזי אין איטאליען, דאָרט האָבען זיי זיך ארויפגעזעצט אויף א שנעל־דאמפּפער נאָך אַלעקסאנדריע. נאָך סועז האָבען זיי ווידער געקענט פאָהרען מיט דער באהן.

אין 1862 איז דער סועז קאנאל נאָך ניט געווען פארטיג. מען האָט איהם ערשט געבויט. ווען מען פלעגט אלזאָ דאמאלס פאָהרען פון אייראָפּא נאָך אזיען, דאָס הייסט, נאָך אראביען, האָט מען געמוזט פאָהרען נאָך אלעק־

פּאַנדריע, אין עגיפּטען, פון דאָרט פאָהרען מיט דער באהן נאָך סועז און דאָרט זיך אויפזעצען אויף א שיף, וועלכע געהט אין רויטען מעער נאָך אינדיען.

דאַראן, פּראנסוא און טרעגאָמעין זיינען אונטערדעסען געפאָהרען אויף דעם "סטירסמאן", וועלכער איז געפאָהרען גאנץ לאנגזאם. א קויהלען דאמפּפער האָט זיך ניט וואָס צו איילען.

דאַראן און פּראנסוא זיינען געווען געוואָהנט צום מעער און דיא רייזע אויף א קויהלען שיף האָט אויף זיי קיין איינדרוק ניט געמאכט. ביי טרעגאָמעין'ען אָבער איז עס געווען א נייעס. ער איז צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען געפאָהרען אויף דעם מעער און אויף אן אונרוהיגען מעער. ער האָט זיך ערשט געמוזט געוואָהנען צו שטעהען אויף דעם דעק פון א שיף, וועלכע ווערט געשליידערט פון דיא שטארקע וועללען. דאָס איז ניט אזוי לייכט, וויא מען דענקט. פיעלע פּאסאזשירען בעקומען דיא זעע־קראנקהייט נור דארום, ווייל זיי קענען ניט אויסשטעהען אויף דעם דעק פון דער שיף.

טרעגאָמעין האָט, אמת, ניט געליטען פון דער זעע־קראנקהייט, אָבער ער האָט דאָך ניט געקענט אזוי לייכט ארומשפּאצירען אויף'ן דעק פון דעם "סטירסמאן", וויא זשאק דאַראן און פּראנסוא. ער פלעגט זיך אנידערזעצען אין א ווינקעלע אין פראָנט פון דער שיף און פלעגט בעטראכטען דאָס גרויסע, ווייטע מעער.

— נו, וואָס מאכסט דוא, עקס־קאפּיטאן פון א בארקע? האָט איהם איין מאָל זשאק דאַראן געפרעגט. וויא געפעלט דיר דאָס מעער?

— דערווייל פיהל איך גאנץ גוט, איז געווען דיא אנטוואָרט.

— דערווייל פאָהרען מיר נאָך ניט ווייט פון לאנד, האָט זשאק דאַראן געשפּאסט. דערווייל קענסט דוא נאָך מיינען, אז דוא פאָהרסט אויף דיין בארקע, באלד אָבער וועלען מיר קומען אויף דאָס גרויסע אטלאנטישע וועלט מעער, דאן וועט עס ערשט אָנהויבען צו ווארפען און צו שליידערען, אז דוא וועסט מיינען דוא ביסט נאָך א קינד און וויעגסט זיך אין א וויעגעל.

— וואָס דאן וועט זיין, ווייס איך ניט.

— דאן וועסט דוא בעקומען דיא זעע־קראנקהייט.

דאָס האָט פערדראָסען דעם יונגען פּראנסוא.

— אָה, ניין! האָט ער אויסגערופען, מיין אָנקעל האָט שוין פערגעסען וועלכע פּאסאזשירען עס ליידען אם מייסטען פון דער זעע־קראנקהייט. נור מענשען, וועלכע זיינען ניט געוואָהנט צו פאָהרען אויף'ן מעער, ליידען פון דיעזער קראנקהייט, איהר אָבער, פריינד טרעגאָמעין, זייט געוואָהנט צו וואַסער, אייך וועט עס ניט שאדען.

דער "סטירסמאן" איז ענדליך ארויסגעפאָהרען פון דעם ענגלישען קאנאל

און איז אַריינגעפאָהרען אין דאָס גרויסע מעער, עס האָט זיך אויפגעהויבען א ווינטעל, דאָס מעער איז געוואָרען אונרוהיג און האָט אָנגעהויבען צו וויעגען און צו שליידערען דעם "סטירסמאַן" ניט גאַנץ אַנגענעהם.

— וואָס איז דאָס? האָט זשאַק דאַראַן געפרעגט זיך אַליין. עס ווערט מיר ניט גוט. איך פיהל מיך שלעכט. איז דאָס מעגליך, אַז אין דיא צעהן יאָהר, וואָס איך בין אויף קיין שיף ניט געפאָהרען, בין איך געוואָרען אַזוי שוואַך, אַזוי ווייבעריש, אַז איך הויב אָן צו פיהלען דיא זעע־קראַנקהייט? דאָס איז אונמעגליך!

יעצט ערשט האָט עס זיך אַרויסגעוויזען, אַז טרעגאָמעין איז שטאַרקער און קען לייכטער איבערטראָגען דאָס שליידערען און וואַרפען פון דער שיף, וויא דער אַלטער שיפסקאַפּיטאַן זשאַק דאַראַן.

עס האָט זיך בעשטעטיגט דיא אַלטע וואַרהייט, אַז מענשען מיט שטאַרקע נערוועזן ליידען גאָר ניט, אָדער זעהר זעלטען, פון דער זעע־קראַנקהייט.

דיא זעע־קראַנקהייט איז א נערווען־קראַנקהייט. ווער עס האָט שוואַכע נערווען, דער ליידעט דערפון, וואָס דיא נערווען פון זיינע אויגען און דיא נערווען פון זיין מאָגען ווערען צושאָקעלט און צוטרייסעלט פון דער שטאַרקער בעוועגונג פון דער שיף. דערפון קומט עס, וואָס מענשען ברעכען פון דער זעע־קראַנקהייט. דיא נערווען פון דעם מאָגען ווערען אַזוי שוואַך, אַז ער קען ניט איינהאַלטען דאָס וואָס עס געפינט זיך אין איהם.

עס איז דאַרום קיין וואונדער ניט, וואָס אַזא אַלטער שיפסקאַפּיטאַן וויא זשאַק דאַראַן האָט אין דער ערשטער צייט פון זייער רייזע זיך געפיהלט זעהר שלעכט. דאָס האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט. קוים איז דער "סטירסמאַן" אַרויסגעפאָהרען אין גרויסען וועלט־מעער, האָט זשאַק דאַראַן וויעדער אָנגעהויבען צו פיהלען, אַז ער איז א מאַטראָז, און ער האָט זאָגאַר זעהר אָפט געבעטען דעם שיפסקאַפּיטאַן, ער זאָל איהם לאָזען פיהרען דיא שיף.

מען איז פאַרבייגעפאָהרען שפּאַניען און פּאָרטוגאַל. זשאַק דאַראַן האָט דערקענט דיעזע געגענד, וואו ער פלעגט אָפט פאָהרען מיט זיינע שיפען. ער האָט דערקענט דיא בערלינגס, א לאַנגע קייט קליינע אינזלען ביי דיא ברעגעס פון פּאָרטוגאַל. אמאָל, אין דיא אַלטע צייטען פלעגט מען מורא האָבען פאַר זיי, ווייל ווען א שיפסקאַפּיטאַן איז ניט געווען גענוג פאָרזיכטיג, פלעגט זיין שיף צור־שלאָגען ווערען אויף דיא שטיינער פון דיעזע אינזלען, וועלכע מען פלעגט בעטראַכטען אַלס דאָס אונגליק פון יענע געגענדען. היינט האָט מען אויסגעבויט אויף יעדען פון דיעזע אינזלען א לייכט־טהורם, א וועגווייזער פאַר דיא שיפען. א גוטער שיפסקאַפּיטאַן דערקענט יעדען לייכט־טהורם מיט זיין נומער און וויים גאַנץ גענוי וויא אַזוי צו פאָהרען אין יענע געפעהרליכע וואַסערען.

ווען דאָס וועטער פלעגט זיין שעהן, פלעגט מען רעדען פון זייער רייזע.

— מיר געפעלט ניט דער אדוואָקאט פון עגיפּטען, האָט אמאָל געזאָגט טרעגאָמעין.

— ער איז א שווינדלער! א טויגעניכטס! א רויבער! האָט זשאק דאָראן זיך געקאָכט.

— אָבער וואו איז ער? האָט פראנסוא געפרעגט, איז עס צו גלויבען, אז ער פאָהרט אונז ניט נאָך?

— אָה, דיעזער קראָקאָדיל פון טייך נילוס וועט קומען פריהער פון אונז אין סועז! האָט זשאק דאָראן אויסגערופען. אזא קראָקאָדיל וועט ניט אוועקוואר־פען זיין איינס פּראָצענט קאָמיסיאָן.

— מיר געפעלט אויך ניט דיעזער אדוואָקאט פון מצרים, אָבער זיין שריי־בער איז נאָך ערגער פון איהם, האָט טרעגאָמעין ווייטער געזאָגט. איך האָב מיך גוט צוגעקוקט צו איהם און מיר דאכט, אז ער איז גאָר ניט זיין שרייבער.

— שאדע, וואָס ער פערשטעהט ניט קיין פראנצויזיש, האָט דאָראן בע־מערקט, מיר וואָלטען פיליכט געקענט שלעפּען ביי איהם א צונג.

— ווער ווייס, אויב ער רעדט ניט אזוי גוט פראנצויזיש וויא מיר, האָט פראנסוא בעמערקט, עס איז לייכט זיך צו פערשטעלען, אז מען פערשטעהט ניט א פרעמדע שפּראך, ווען מען רעדט זיא גאנץ גוט.

— איך דענק אויך, אז דיעזער נאזים איז א שפּיאָן, האָט טרעגאָמעין בעמערקט.

— א שפּיאָן פון ועמען?

— פון סואד פּאשא, דעם זוהן פון מוראד ביי, דעם איינציגען פערוואנדע־טען פון קיאמיל פּאשא.

— גאָט אין הימעל! אזוי פיעל פּאשאס! האָט פראנסוא אויסגערופען.

— וואָס קימערען מיך אלע דיעזע פּאשאס? האָט זשאק דאָראן געזאָגט גאנץ ערנסט. לאָמיר נור קומען אויף מיין אינזעל, דאן האָב איך קיין מורא ניט פאר אלע מעגליכע און אונמעגליכע פּאשאס פון טירקיי און פון עגיפּטען. דיא מיליאָנען געהערען מיר, אזוי שטעהט עס געשריעבען קלאָר און דייטליך אין דעם טעסטאמענט פון קיאמיל פּאשא. פון אלע דיעזע מיליאָנען דארף איך גע־בען נור איינס פּראָצענט, דאָס הייסט פיערציג טויזענד פונט אָדער צוויי הונ־דערט טויזענד דאָלאר אָדער א מיליאָן פראנק צו דיעזען בן אָמאר. דאָס קומט איהם און דאָס וועל איך איהם געבען.

אונטערדעסען איז דער "סמירסמאן" פארבייגעפאָהרען דיא שטאָדט קאַ־דיז, א בעריהמטע פּאָרט־שטאָדט אין שפּאניען, דאן זיינען זיי פארבייגעפאָה־רען דיא בעריהמטע בוכטע פון טראפאלגאר, אין וועלכער דער ענגלישער אד־מיראל נעלסאָן האָט פערניכטעט דיא פראנצויזישע פלאָטע דעם 21טען אָקטאָ־בער 1805; דערביי אָבער איז נעלסאָן געפאלען.

דער שיפסקאפּיטאן פון דעם "סטירסמאן", אן עכטער ענגלענדער, האָט בע־טראכט דיעזע בוכטע מיט שטאָלץ און פרייד. דיא ענגלענדער האָבען א נאָמען געגעבען א גרויסען פּלאץ אין לאָנדאָן טראפאלגאר סקווער און האָבען דאָרט אויפגעשטעלט א מאָנומענט צור עהרע פון זייער גרויסען אדמיראל.

דיא פראנצויזען אָבער האָבען אראָבגעלאָזען דיא קעפּ, ווען זיי האָבען דערזעהען דיעזע בוכטע, וואו זייער פלאָטע האָט געליטען אזא גרויסע נידער־לאגע. א גאנצע שטיק פון דער עהרע פון פראנקרייך ליעגט בעגראָבען אין דער בוכטע פון טראפאלגאר.

עס איז געווען ענדע מערץ. דאָס וועטער איז געווען שעהן און ווארעם. מען האָט ניט געקענט ליעגען אונטען אין דיא דומפּיגע קאיוטען. מען האָט געמוזט פערברייינגען דעם טאָג אויף'ן דעק.

דעם אנדערען טאָג אין דער פריה איז דער "סטירסמאן" ארייינגעפאָהרען אין דיא מעער־ענגע פון גיבראלטאר, א שמאָלער פּאס וואסער, וועלכער פעראיי־ניגט דאָס אטלאנטישע וועלט־מעער מיט דעם מיטעללענדישען מעער.

דאָ בעגעגנען זיך אפריקא מיט אייראָפּא. פון איין זייט זעהט מען דעם הויכען פעלזען, אויף וועלכען עס געפינט זיך דיא פעסטונג גיבראלטאר, א שטי־קעלע ענגלאנד אין שפּאניען. מיט אנדערע ווערטער, ענגלאנד האָט אָבגע־נומען דיעזען שטיין פון שפּאניען, האָט אויסגעבויט אויף איהם א פעסטונג און האלט דאָרט שטענדיג עטליכע קריעגס־שיפען. פון דער אנדערער זייט זעהט מען דיא נאקעטע בערג פון אפריקא.

זשאק דאָראן און פראנסוא זיינען שוין עטליכע מאָל דורכגעפאָהרען דעם גיבראלטאר און עס איז פאר זיי קיין נייעס ניט געווען; טרעגאָמעין אָבער, וועל־כער האָט זיין גאנצעס לעבען פערבראכט אין פראנקרייך, האָט זיך ניט געקענט אָברייסען פון דיא שעהנע בילדער, וועלכע מען האָט געזעהען פון דעם דעק פון דעם "סטירסמאן".

— עס איז שעהן צו רייזען אויף'ן מעער, האָט ער געזאָגט צו זיך אליין, ערשט אויף'ן מעער בעקענט מען זיך מיט דער וועלט, ערשט אויף דעם מעער לערנען מיר וויא שעהן דיעזע וועלט איז און וויא רייך זיא איז.

ער האָט רעכט געהאט, דער גוטער טרעגאָמעין! דער "סטירסמאן" איז יעצט פאָרבייגעפאָהרען פערשיעדענע אינזלען און מען האָט געקענט דייטליך זעהען זייערע בערג, זייערע טהאָלען, זייערע וועלדער און זייערע בליהענדע פעלדער.

— וואָס זייט איהר אזוי פערטראכט, פריינד טרעגאָמעין? האָט אמאָל פראנסוא איהם געפרעגט.

— איך זעה דאָ הונדערטע קליינע אינזלען, האָט דער קאפּיטאן פון א באר־קע געענטפערט. איך זעה הונדערטע קליינע אינזלען צוואָרפען, צווישען און

צושפּרייט אין דיעזען מעער און איך טראכט: פאר וואָס האָט קיאמיל פּאשא ניט פערגראָבען זיינע מיליאָנען אויף איינעם פון דיעזע אינזלען?

— איהר ווייסט געוויס ניט, גוטער אַלטער פריינד, אז אין דיעזען מעער אר־בייטען זאָנדערבארע קרעפטע. עס ענטשטעהען גאָר פּלוצלונג אינזלען און עס פערשווינדען גאָר פּלוצלונג אינזלען. עס איז שוין פּאָרגעקומען פיעל מאָל, אז גאָר פּלוצלונג איבער נאכט האָט זיך אויפגעהויבען א שטיין פון מעער, עס האָט זיך געבילדעט אן אינזעל, וועלכער איז געבליעבען שטעהן א געוויסע צייט און איז שפּעטער זאָגאר בעוואקסען געוואָרען מיט גראָז, דאן איז ער גאָר פּלוצלונג פערשוואונדען געוואָרען און עס איז קיין שפּור פון איהם ניט גע־בליעבען.

— דאן איז עס א גליק פאר אונזער פריינד, וואָס קיאמיל פּאשא האָט ניט פערגראָבען זיינע מיליאָנען אויף איינעם פון דיעזע אינזלען?

— געוויס!

— קען דען ניט זיין, אז אין דער בוכטע פון אָמאן קומט פאָר דאָסזעלבע און מיר פאָהרען אומזיסט? האָט טרעגאָמעין געפרעגט.

— אין דער בוכטע פון אָמאן קומען ניט פאָר אזעלכע נאטור־וואונדער, האָט פראנסוא געענטפערט.

דער "סטירסמאן" איז דערווייל פארבייגעפאָהרען דיא אינזלען מאלטא און גאָצא און האָט זיך געווענדעט נאָך עגיפּטען.

טרעגאָמעין האָט צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען געזעהען, וויא דער בעריהמטער טייך נילוס גיסט זיך אריין אין מיטעללענדישען מעער. דאָס איז איינע פון דיא זעלטענסטע שעהנהייטען פון דער נאטור. ווען דער טייך נילוס קומט צו נאָהענט צום מעער, צולאָזט ער זיך וויא א פאָכער און בילדעט פיעלע קליינע טייכלעך אָדער ארמס, וויא מען רופט זיי געוועהנליך. ביים לעצטען רעכטען ארם, דאָס לעצטע ענדע פון דעם פאָכער, געפינט זיך דיא שטאָדט דאמיעטא, ביי דעם לעצטען לינקען ארם, אָדער ביי דעם לעצטען ענדע פון דעם פאָכער געפינט זיך דיא שטאָדט ראָזעטא.

דער "סטירסמאן" איז אָבער ניט צוגעפאָהרען ניט צו ראָזעטא און ניט צו דאמיעטא. ער איז געפאָהרען גלייך נאָך פאָרט סאאיד. דאָרט האָט ער גע־דארפט אויסלאדען זיינע קויהלען.

זשאק דאָראן און זיינע קאמעראדען האָבען בעדאנקט דעם שיפסקאפּיטאן פאר זיין פריינדליכקייט און זיינען אָבגעשטיגען אין פּאָרט סאאיד. טרעגאָמעין האָט געוואָלט זיך אָברוהען און בעטראכטען דיעזע ערשטע אָריענטאלישע שטאָדט, וועלכע ער האָט געזעהען אין זיין לעבען, זשאק דאָראן האָט זיך אָבער געאיילט. נאָך דעמזעלבען טאָג האָט ער מיט זיינע קאמעראדען זיך אויפגע־

זעצט אויף דער אייזענבאהן און זיי זיינען געפאָהרען נאָך סועז, דעם הויפּט פּאָרט אויף דעם רויטען מעער.

סועז איז א וויכטיגער פּאָרט אין עגיפּטען. אין 1862 איז סועז געווען איינע פון דיא לעבעדיגסטע פּלעצער אויף דער וועלט, ווייל פערדינאנד לע־סעפּס האָט דאמאָלס געבויט דעם סועז־קאנאל און עס האָבען זיך געפונען אין סועז עטליכע הונדערט אייראָפּעאישע ארבייטער, אויסער צעהן טויזענד אראַ־בישע ארבייטער.

עס האָט דאמאָלס געקאָכט און געזאָטען אין סועז, וויא אין א קעסעל. פראנצויזען, ענגלענדער, גריכען, אראבער און טערקען האָבען געהאלטען אין סועז רעסטאָראנען, קאפעען, שפּיעל הייזער, מאגאזינען. מען האָט געארבייט, מען האָט פערדיענט גאָלד און מען האָט געקויפט, פערקויפט, געגעסען, געטרונ־קען, געשפּיעלט און געזוכט אלע מעגליכע פערגעניגען.

סועז איז געוואָרען אויף א געוויסע צייט א מארק, א וועלט מארק. פראנסוא האָט זעהר געוואָלט זעהען און בעטראכטען סועז. אָבער זאָנדערבאר! קוים זיינען זיי ארויסגעגאנגען פון זייער וואגאָן אויף דער סטאציאָן פון סועז, זיי־נען זיי באלד אנטקעגען געקומען צוויי מענער — בן אָמאר און זיין שרייבער נאזים בן אבדאלאה.

### 11טעס קאַפּיטעל.

## אויף דעם רויטען מעער

ווען פראנסוא וואָלט דערזעהען א גיפטיגע שלאנג פאר זיך, וואָלט עס איהם ניט אזוי געעקעלט, וויא דער אנבליק פון בן אָמאר און זיין שרייבער.

בן אָמאר איז צוגעקומען צו זיי, האָט זיך טיעף פערנייגט פאר זשאק דאָ־ראן און האָט געזאָגט מיט א צוקער־זיסער שטימע:

— עס פרעהט מיך זעהר, וואָס מיר האָבען זיך ווידער געטראָפען אין סועז.

זשאק דאָראן איז געווען אזוי פערטיעפט אין זיינע געדאנקען, אז ער האָט קוים דערקענט דעם אדוואָקאט פון דעם קראָקאָדילען לאנד.

— איך... איך בין עס, האָט בן אָמאר געשטאמעלט.

— איהר? ווער זייט איהר דען? האָט זשאק דאָראן געפרעגט מיט אזא טאָן, אז יעדער אנדערער, ניט אן ארדוואָקאט און נאָך אן אדוואָקאט פון פּרעה'ס לאנד, וואָלט געוויס פערשטאנען, אז מען וויל איהם ניט קענען און מען וויל פון איהם ניט וויסען.

בן אָמאר האָט זיך אָבער געמאכט, אז ער פערשטעהט גאָר ניט, וואָס דאָ קומט פאָר, און האָט געפרעגט:

— קענט איהר מיך שוין גאָר ניט? איך בין בן אמאר, אַן אדוואָקאט פון אלעקסאנדריע.

— קענט איהר פיליכט דיעזען הערר? האָט זשאק דאַראן געפרעגט פראנסוא און טרעגאַמעין.

— איך דענק, אַז איך קען איהם, האָט טרעגאַמעין געענטפערט, מיר דאכט, אַז מיר האָבען שוין אמאָל געהאט דאָס פערגניגען צו זעהען דיעזען הערר אין סען מאלאָ.

— אזוי?... יא, גאַנץ ריכטיג! האָט זשאק דאַראן ענדליך געזאָגט. איהר זייט עס דער אדוואָקאט בן אמאר?

— יא, איך בין עס, האָט דער אדוואָקאט געענטפערט רוהיג.

— אלזאָ וואָס מאכט איהר דאָ? האָט דאַראן געפרעגט.

— וואָס איך מאך דאָ? איך וואַרט אויף אייך, הערר דאַראן.

— איהר וואַרט אויף מיר?

— געוויס! האָט איהר דען פערגעסען, אַז מיר האָבען אָבגערעדט, מיר זאָלען זיך בעגעגענען אין סועז?

— מיר האָבען אזוי אָבגערעדט? דאָס איז א נייעס! צו וואָס זאָלען מיר זיך בעגעגענען?

— וועגען דעם טעסטאמענט פון קיאמיל פאשא... וועגען זיינע מיליאָ־נען... וועלכע ער האָט פערגראָבען אויף אַן אינזעל.

— איהר מיינט געוויס, אַז מיר דאַרפען זיך זעהען וועגען מיין אינזעל און וועגען מיינע מיליאָנען? אָ, יא! איהר האָט רעכט! איך קומט א פראָ־צענט, האָט זשאק דאַראן געזאָגט רוהיג. נו, גוט מאָרגען, הערר בן אמאר.

מיט דיעזע ווערטער האָט ער זיך געווענדעט צו פראנסוא און טרעגאַמעין און האָט געוואָלט אוועקגעהן אין שטאָדט.

— וואו ווילט איהר דען אָבשטייגען, הערר דאַראן? האָט בן אמאר געפרעגט.

— אין א האָטעל, איז געוועזען דיא אנטוואָרט.

— ווילט איהר פיליכט קומען אין דעם האָטעל, וואו איך מיט מיין שרייבער שטעהען?

— דאָס מאכט מיר ניט אויס. וויא לאנג מוזען מיר בלייבען דאָ?

— אכט און פערציג שטונדען, האָט בן אמאר געענטפערט, ערשט נאָך אכט און פערציג שטונדען וועט אָבגעהן א שיף נאָך אינדיען.

— ווייסט איהר עס פאר געוויס?

— איך וויים ניט גענוי, וואוהין איהר ווילט ווייטער פאָהרען פון דאנען, האָט בן אמאר געזאָגט רוהיג.

— וויא מען האָט מיר געזאָגט אין פאָרט סאאיד, געהט דער פאסאזשיר־דאמפפער "אָקסוס" גלייך נאָך באָמביי.

— באָמביי? אלזאָ פאָהרט איהר נאָך באָמביי? האָט בן אָמאר איבער־געפרעגט.

— יא, הערר אדוואָקאט פון קראָקאָדילען לאנד! האָט זשאק דאָראן גע־ענטפערט בייז.

— דאן קען איך מיט מיין שרייבער פאָהרען צוזאמען מיט אייך אויף דעם "אָקסוס"?

— איהר מעגט פאָהרען אויף דערזעלבער שיף, האָט דאָראן געענטפערט, איך קען עס אייך ניט פערוועהרען.

— דאן געפינט זיך אייער אינזעל ניט ווייט פון באָמביי? האָט בן אָמאר געפרעגט גאנץ אונשולדיג.

— איך וויים שוין וואו מיין אינזעל געפינט זיך, האָט דאָראן געענט־פערט קורץ און שארף.

מיט דיעזע ווערטער האָט ער זיך אָבגעווענדעט פון דעם עגיפּטישען אד־וואָקאט און איז געגאנגען גלייך צו דעם ערשטען בעסטען האָטעל, וועלכער האָט זיך געפונען לעבען דער באהן סטאציאָן. אן אראבער האָט נאָכגעטראָגען זייער באגאזש.

בן אָמאר איז געבליבען שטעהן אויף דער גאס. זיין שרייבער האָט איהם צוגעוואָרפען א בייזען, ווילדען בליק.

זשאק דאָראן איז אריינגעגאנגען אין האָטעל. פראנסוא און טרעגאָמעין זיינען געבליבען שטעהן אין דרויסען. אלס יונגער מאן האָט זיך פראנסוא שטארק אינטערעסירט מיט דעם סועז קאנאל. ער האָט זיך זאָגאר ניט געשעהמט צו פרעגען דעם שרייבער פון האָטעל, וויא אזוי דיעזע שטאָדט הייסט אויף אראַ־ביש. דער שרייבער פון האָטעל האָט איהם ערקלעהרט:

— דיא אראבער פלעגען רופען דיעזע שטאָדט סועאים, דיא אלטע עגיפּ־טיאנער פלעגען זיא רופען קלעאָפּאטרים, ווייל דיא קעניגין קלעאָפּאטרא האָט דאָ געוואָהנט צוויי יאָהר פאר קריסטוס'עס געבורט.

— מיר האָבען גענוג צייט צו זעהן און צו בעטראכטען דיעזע זאָנדער־בארע שטאָדט, האָט פראנסוא געזאָגט צו טרעגאָמעין.

— דוא האָסט רעכט, ליעבער פראנסוא, האָט טרעגאָמעין געענטפערט. וואָס וועלען מיר דען טהאָן דיעזע צוויי טעג?

— פיליייכט וועט דער אָנקעל אויך געהען מיט אונז?

— לאָמיר איהם פרעגען.

זיי זיינען אריינגעגאנגען אין האָטעל און א דיענער האָט זיי געוויזען דיא צימערען, וועלכע זשאק דאָראן האָט אָבגענומען פאר זיי.

זיי האָבען געבעטען זשאק דאָראן, ער זאָל מיטגעהן מיט זיי און צוזאמען מיט זיי בעטראכטען דיעזע מערקווירדיגע שטאָדט, וועלכע איז אויסגעוואקסען אין אזא קורצער צייט.

— וואָס געהט מיך אָן אייער סועז? האָט זשאק דאָראן אויסגערופען. איך בין ניט געקומען אהער אום ארומצושלעפּעלנדערען אין דיא גאסען.

פראנסוא און טרעגאָמעין האָבען זיך ענטשלאָסען צו געהן אליין און צו בעטראכטען דיא שטאָדט.

סועז איז ווירקליך א מערקווירדיגע שטאָדט. זיא איז אן עכט אראבישע שטאָדט, אָבער אין דער זעלבער צייט געפינען זיך אין סועז מעהר אייראָפּעער אלס אראבער. אין יענער צייט איז סועז געווען און איז אויך יעצט א וויכטיגע האנדעלס שטאָדט אין אפריקא. צוויי אייזענבאהנען קומען זיך צונויף אין סועז און אלע שיפען אויף דעם רויטען מעער בלייבען שטעהן אין סועז אום אויפצונעהמען און אראָבצולאָזען פּאסאזשירען.

אין סועז ווייזט מען נאָך דאָס הויז וואו נאפּאָלעאָן דער ערשטער האָט גע־האלטען קווארטיר אין 1799.

פראנסוא איז געווען העכסט צופריעדען ארומצושפּאציערען אין דיא גאסען און געסלעך פון סועז, וואו מען זעהט נייע מענשען, נייע זיטען, נייע מאניע־רען און א נייעם לעבען.

זשאק דאָראן דאגעגען פלעגט זעלטען אוועקגעהן ווייט פון האָטעל. ער האָט בעמערקט, אז מען שפּיאָנירט איהם נאָך, אז מען היט איהם אָב און ער האָט ניט געוואָלט געבען אָמאר'ען און זיין שרייבער דיא געלעגענהייט, זיי זאָלען איהם נאָכשפּיאָנירען. ער איז דארום ליעבער געבליעבען אין זיין האָ־טעל און האָט געטראכט וועגען זיין אינזעל און וועגען זיינע מיליאָנען.

אזוי זיינען פערגאנגען דיא צוויי טעג אין סועז.

אויף'ן דריטען טאָג אום ניין אוהר אין דער פריה האָט דער "אָקסוס", א גרויסער פּאָסט און פּאסאזשיר דאמפּפער געדארפט אָבפאָהרען פון סועז נאָך באָמביי און נאָך אלע גרויסע סטאציאָנען אויף'ן וועג, וואו ער פלעגט אויפ־נעהמען דיא פּאָסט און פּאסאזשירען.

גאנץ פריה איז זשאק דאָראן מיט זיינע בעגלייטער שוין געווען אויף דער שיף. איינינע מינוטען שפּעטער איז אָנגעקומען בן אָמאר מיט זיין שרייבער. זשאק דאָראן האָט זיך גענומען א קאיוטע מיט דריי בעטען. בן אָמאר און זיין שרייבער האָבען גענומען א קאיוטע ניט ווייט.

פּונקט ניין אוהר איז דיא גרויסע שיף אָבגעפאָהרען פון סועז. ווען דיא פּאסאזשירען האָבען זיך אביסעל איינגעאָרדענט, האָט זשאק דאָראן אויסגע־זוכט דעם עגיפּטישען אדוואָקאט און האָט געזאָגט צו איהם:

— הערר בן אָמאר, איהר פאָהרט אייך אייער וועג און איך פאָהר מיר

מיין וועג. ביז מיר וועלען קומען אויף אונזער בעשטימונגס אָרט, קענען מיר זיך ניט און ווייסען ניט, אז מיר זיינען בעקאנט. איך האָף, אז מיר וועלען זיך זעהען אזוי זעלטען וויא נור מעגליך.

בן אָמאר האָט זיך פערנייגט און האָט גאָר ניט געענטפערט.

ער האָט אויך ניט געדארפט ענטפערען, ווייל קוים איז דיא שיף אָבגע־פאָהרען איניגע מייל פון ברעג, האָט בן אָמאר בעקומען דיא זעע־קראנקהייט און ער האָט געליטען פון איהר אזוי שטארק, אז ער איז געלעגען אין זיין קאיוטע וויא א קלאָץ. זיין שרייבער אָבער האָט ניט געליטען פון דיעזער קראנק־הייט זאָגאר שפעטער, ווען דאָס רויטע מעער האָט בעוויזען, אז עס קען זיין אזוי שטירמיש און אזוי אונרוהיג וויא דאָס גרויסע וועלט־מעער.

דער גוטער טרעגאָמעין האָט זיך ניט געקענט איינהאלטען און איז גע־גאנגען בעזוכען דעם קראנקען בן אָמאר.

— נו, הערר בארקע־מאן, וואָס מאכט אונזער אדוואָקאט פון קראָקאָדי־לען לאנד ? האָט זשאק דאָראן געפרעגט.

— ער איז גוט קראנק, האָט טרעגאָמעין געענטפערט, ער איז ווירק־ליך צום בעדויערען, דוא מעגסט אויך געהן איהם בעזוכען, עס איז דאָך א רחמנות אויף איהם.

— יא, איך וועל געהן איהם בעזוכען, ווען ער וועט האלטען ביים שטארבען.

דערביי האָט ער א לאַך געטהאָן. זיין אייגענער וויץ איז איהם געפעלען.

טרעגאָמעין און פראנסוא האָבען פּרובירט רעדען מיט בן אָמאר׳ס שריי־בער און איהם געבען א ראטה, וואָס ער זאָל טהאָן פאר דעם קראנקען, אָבער נא־זים בן אבדאלאה האָט ניט פערשטאנען א וואָרט פראנצויזיש און זיי האָבען ניט פערשטאנען א וואָרט אראביש.

דיא רייזע אויף דעם רויטען מעער אין פריהלינג איז נאָך רעכט אנגע־נעהם, שפעטער אין זומער צייט איז דיא היץ אונערטרעגליך. אייראָפּעער קענען ניט הייצען אונטער דיא קעסלען פון דער שיף, דאָס מוזען טהאָן אראבער. נור זיי קענען אויסהאלטען דיא שרעקליכע היץ לעבען קעסעל. דיא היץ איז דאן אזוי גרויס, אז ווען מען ברײנגט אריין אייער אין דעם הייץ־צימער, ווערען זיי אָבגעקאָכט אין איניגע מינוטען.

דער ״אָקסוס״ איז ענדליך אריינגעפאָהרען אין דעם שמאָלסטען קאנאל, באב על מאנדעב, ״דער טויער פון טרעהרען״, וועלכער פעראייניגט דאָס רויטע מעער מיט דעם אינדישען וועלט־מעער. דיא אראבער רופען דיעזען שמאָלען פּאס וואסער ״דער טויער פון טרעהרען״, ווייל אמאָל פלעגט זיין זעהר גע־פעהרליך דורכצופאָהרען דיעזען קאנאל.

**יעצט איז דער ״אָקסוס״ צוגעקומען צו דער שטאָדט אדען, א פעסטונג, וועל־**

בע געהערט צו ענגלאנד זייט 1823. דיא ענגלענדער האבען פערכאפט יעדען וויכ־טיגען פונקט אויף דער וועלט און האבען זיך דארט בעפעסטיגט.

דער "אקסוס" איז געשטאנען א גאנצען טאג אין אדען. בן אמאר האט זיך געפיהלט בעסער און איז ארויסגעקומען אויף'ן דעק, ער איז אבער געוועזן אזוי בלייך, אזוי שוואך און אזוי אבגעצעהרט, אז ער האט זיך קוים געקענט האלטען אויף דיא פיס.

דאס מאל איז זשאק דאראן צוגעגאנגען צו איהם און האט געזאגט מיט א שמייכעל:

— אה! איהר זייט עס, הערר בן אמאר? איך האב אייך קוים דערקענט. ווען איך וואלט געוועזן אויף אייער פלאץ, וואלט איך מיך אבגעזאגט ווייטער צו רייזען און וואלט בעסער געבליבען אין אדען.

— איך וואלט עס אויך געטהאן, ווען איהר זאלט וועלען בלייבען אין אדען ביז עס וועט קומען דיא צווייטע שיף. אין א פאר טעג אויף דעם לאנד וואלט איך אין גאנצען געזונד געווארען.

— עס טהוט מיר זעהר לייד, וואס איך קען עס אייך ניט צוליעב טהאן, האט דאראן געענטפערט, איהר פערשטעהט דאך, אז איך אייל מיך אייך ארויסצוצאהלען אייער קאמיסיאן.

— האבען מיר נאך וויט צו פאהרען?

— נאך זעהר וויט, איז געוועזן דיא אנטווארט.

אזוי וויא דיא שיף איז געשטאנען א גאנצען טאג אין אדען, האט בן אמאר דאך געקענט עפעס עסען און זיך קרעפטיגען פאר דער לאנגער רייזע.

דעם אנדערען טאג איז דער "אקסוס" אריינגעפאהרען אין דאס אינדי־שע וועלט־מעער. דאס מאל איז דאס מעער געוועזן בעזאנדערס ניט פריינדליך צו בן אמאר'ען. עס האט זיך אויפגעהויבען א שטארקער ווינד, וועלכער האט געשליידערט דיא שיף אין אלע זייטען גאנצע דריי טעג. ערשט אויף דעם דריטען טאג איז דיא שיף צוגעפאהרען צו דער אראבישער שטאדט האדרא־מאוט אום אבצוגעבען און אויפצונעהמען דיא פאסט און אייניגע פא־סאזשירען.

סואד פאשא האט ניט געליטען פון דער זעע־קראנקהייט. אבער יעדעם מאל, ווען ער פלעגט דערזעהען זשאק דאראן אדער איינעם פון זיינע בעגליי־טער, פלעגט ער אויפקאכען וויא א קעסעל. ער, סואד פאשא, דער איינציגער פערוואנדטער פון דעם רייכען קיאמיל פאשא, זאל מוזען נאכפאהרען און נאכשפיאנירען א פראנצויז, וועלכער בעהויפטעט, אז קיאמיל פאשא'ס מיליא־נען געהערען צו איהם!

דאס האט דער פאשא פון'ם קראקאדילען לאנד ניט געקענט אריבערטרא־גען. וואס האט ער אבער געקענט בעסער מאכען?

אין האדרא־מאוט איז דיא שיף געשטאנען נור א פּאָר שטונדען און בן אַמאר האָט ניט געקענט זאָגאר זיך אויפהויבען פון בעט. דאן איז דיא שיף ווייטער געפאָהרען צוויי טעג און איז צוגעקומען צו דער שטאָדט בירבאט, וואו זיא איז געבליבען גאנצע צוועלף שטונדען, ווייל בירבאט איז א וויכטיגער פּאָרט אין אינדישען וועלט־מעער. אראבער, טערקען און פערזער פיהרען דאָ א גרויסען האנדעל מיט אַלע וועלט טהיילען.

פון בירבאט איז דיא שיף געפאָהרען צוויי טעג און האָט ארומגערינגעלט דעם קאפּ ראז על האד, א בארג, וועלכער קומט אריין ווייט אין מעער. דאן איז דיא שיף אריינגעפאָהרען אין דיא גרויסע בוכטע פון אָמאן און צוויי טעג שפּע־טער איז זיא צוגעקומען צו דער שטאָדט מאָסקאט, דיא הויפּט שטאָדט פון דעם סולטאן פון אָמאן.

וואָס נעהענטער דיא שיף איז געקומען צו אָמאן, אַלץ אונרוהיגער און אויפגערעגטער איז געוואָרען זשאק דאַראן. יעצט האָט ער שוין געזעהען פאר זיך מיליאָנען. אָט האָט ער זיי שוין, אָט כאפּט ער זיי שוין, אָט פּאָהרט ער שוין צוריק מיט אזוי פיעל מיליאָנען.

איין מאָל האָט ער זיך געווענדעט צו זיינע בעגלייטער און האָט געזאָגט:

— ווען קיאמיל פּאשא׳ס מיליאָנען בעשטעהען אין שטיקער גאָלד, וויא אזוי וועלען מיר זיי מיטנעהמען? וויא אזוי קען מען פיהרען אזוי פיעל גאָלד אזא לאנגע שטרעקע?

— איך האָב אויך געטראכט דערפון, האָט פראנסוא געזאָגט.

— נו, מיר וועלען אָנלעגען אונזערע קעשענעס און אונזערע טאשענטיכער פול מיט גאָלד, האָט טרעגאָמעין געענטפערט.

— דוא ביסט געוועזען א מאטראָז אויף א בארקע און ביסט געבליבען א בארקע־מאטראָז! האָט זשאק דאַראן אויסגערופען. דענקסט דוא ווירקליך, אז דוא וועסט קענען אריינגעהמען א מיליאָן גאָלד אין דיינע קעשענעס?

— פאר וואָס ניט?

— האָסט דוא שוין אמאָל געזעהן א מיליאָן אין גאָלד?

— ניין. עס האָט זיך מיר זאָגאר קיין מאָל ניט גע׳חלום׳ט, אז איך זעה א מיליאָן.

— ווייסט דוא וועניגסטענס, וויא פיעל עס וועגט א מיליאָן פונט סטער־לינג?

— איך האָב קיין מאָל ניט געטראכט דערפון.

— נו, דאן וועל איך עס דיר זאָגען: א מיליאָן פונט סטערלינג דארף וועגען אונגעפעהר 17,775 פונט פון 12 אונץ א פונט. א מיליאָן אמעריקאנער דאָלאר דארף אלזאָ וועגען אונגעפעהר 3,555 פונט און א מיליאָן פראנק, אונ־זער קליינעס געלד, דארף אויך וועגען אונגעפעהר 711 פונט. איך וועל אָבער

בעקומען פיער מיליאָן פונט סטערלינג, אָדער 20 מיליאָן דאָלאר, אָדער הונדערט מיליאָן פראנק, דאָס הייסט אַלזאָ מעהר אַלס זיעבציג טויזענד פונט.

— אך! האָט אויסגערופען דער רוהיגער טרעגאָמעין.

מעהר האָט ער ניט געקענט זאָגען. עס איז איהם קיין מאָל ניט איינגעפאַלען אין זיין איינפאכען, ניט איבערגעשפּיצטען קאָפּ, אז א מיליאָן גאָלד איז אזוי שווער.

— ווייסט דוא, בארקע־מאטראָז, וויא פיעל מענשען מען מוז האָבען אום צו טראָגען אזוי פיעל גאָלד?

טרעגאָמעין האָט געשוויגען.

— וויא פיעל מענשען דאַרף מען האָבען? האָט פראנסוא געפרעגט.

— דריי הונדערט דריי און צוואנציג מענשען, האָט זשאק דאָראן גענטפערט, פערשטעהסט דוא שוין?

— איך פערשטעה שוין, האָט פראנסוא געזאָגט, איך פערשטעה אָבער ניט, וויא אזוי וועלען מיר דריי קענען אויפהויבען אזוי פיעל גאָלד.

— צום גליק, געפינען זיך אין דעם אוצר פון קיאמיל פּאשא זעהר פיעל דימאנטען און בריליאנטען, לייכטע זאכען, וועלכע האָבען א גרויסען ווערטה.

— אלזאָ, וועלען מיר דריי שוין קענען אויפהויבען אלע מיליאָנען, האָט פראנסוא געזאָגט פערטראכט.

ער האָט ניט פיעל געגלויבט אין דיזע מיליאָנען, אָבער ער האָט דאָך געזעהען, וויא בן אָמאר פּאָהרט מיט און זיין שרייבער לאָזט פון זיי קיין אויג ניט אראָב, און דארום האָט ער געמוזט גלויבען, אז עפּעס איז עס דאָך.

— וויא איך זעה, איז דיין קיאמיל פּאשא געווען א גאנץ קלוגער מאן, וואָס ער האָט אריינגעלייגט זיין גאנצעס געלד אין בריליאנטען, האָט טרעגאָמעין בעמערקט, איך ווייס אָבער ניט, וואָס קענסט דוא טהאָן מיט אזוי פיעל בריליאנטען.

— נארישער בארקע־מאטראָז! ווייסט דוא דען ניט, אז בריליאנטען קען מען זעהר לייכט פערקויפען אין לאָנדאָן, אין פּאריז און אין פּעטערבורג?

— וועסט דוא דען פערקויפען אלע בריליאנטען?

— אָה, ניין! איך וועל צוערשט פערקויפען נור אביסעל, נור פאר איין מיליאָן. איך וועל אויסקלייבען דעם גרעסטען בריליאנט פאר זיך.

— פאר זיך? האָט טרעגאָמעין געפרעגט, וואו וועסט דוא איהם דען טראָגען?

— אין מיין העמד.

— דאן וועלען אלע קוקען אויף דיר און וועלען דיך בעוואונדערען.

— א צווייטען גרויסען בריליאנט וועל איך שענקען מיין זשוליעט, האָט דאָראן ווייטער פאנטאזירט, א דריטען וועל איך שענקען מיין שוועסטער, א

פּיערטען וועל איך שענקען מיין ליעבען נעפּע פראנסוא, און א פינפטען דיר, מיין אלטער בארקע־מאטראַז.

— מיר? וואָס קען איך מאכען מיט א ברילִיאנט? האָט טרעגאַמעין געפרעגט. איך דאַרף ניט קיין ברילִיאנטען.

אזוי האָט זשאק דאַראַן גערעדט און פאנטאזירט וואָס ער וועט טהאָן מיט דיא ברילִיאנטען, וועלכע ער וועט געפינען אויף דעם אינזעל.

אונטערדעססען איז דיא שיף אריינגעפאָהרען אין פּאָרט פון מאָסקאט.

12טעם קאפּיטעל.

# מאָסקאט

**אויף דער זיד־אָסט זייט** (דרומית־מזרחית) פון דעם גרויסען האלב־אינזעל אראביען געפינט זיך דאָס קעניגרייך, ריכטיגער געזאָגט, דאָס סולטאנאט אָמאַן. עס איז א סולטאנאט, ווייל דער הערשער רופט זיך ניט קעניג, זאָנדערן סולטאן פון אָמאַן. דיא הויפּט שטאָדט פון דיעזען סולטאנאט הייסט מאָסקאט.

דאָס לאנד איז אונגעפעהר 350 מייל דיא לענג און 180 מייל דיא ברייט. עס האָט אונגעפעהר צעהן מיליאָן איינוואָהנער. איך זאָג אונגעפעהר, ווייל גאנץ גענוי וויים מען עס ניט און מען קען עס ניט וויסען. אין לענדער וואו עס הערשט דער מאחמאדאנישער גלויבען, איז עס שווער צו וויסען וויא פיעל איינוואָהנער עס געפינען זיך אין א דאָרף, א שטאָדט אָדער א לאנד, ווייל דער מאחמאדאנער האלט עס פאר א גרויסע זינד צו צעהלען מענשען. א מאחמאדאנער וועט קיין מאָל ניט ערלויבען מען זאָל צעהלען און פערשרייבען, וויא פיעל פרויען ער האָט און וויא פיעל קינדער ער האָט.

דיא איינוואָהנער פון דיעזען סולטאנאט זיינען אראבער, פּערזיער, אינדיער, אידען און נעגער, ריכטיגער נאָך, האלב־נעגער פון פערשיעדענע געגענדען.

ווען מען קומט אין דיעזען לאנד אויף א שיף פון דעם אינדישען וועלט־מעער, פאָהרט מען אריין צוערשט אין א ברייטע און לאנגע בוכטע, וועלכע הייסט דיא בוכטע פון אָמאַן. דיעזע בוכטע ווערט אלע מאָל שמעלער, ביז זיא ענדיגט זיך מיט א גאנץ שמאָלען פּאס וואסער, דיא מעער־ענגע פון אָרמוז, וועלכע פעראייניגט דיא בוכטע פון אָמאַן מיט דער גרויסער פּערזישער בוכטע אָדער גאָלף. ביידע בוכטען, אָדער ביידע גרויסע שטרעקען וואסער, טהיילען אָב דאָס סולטאנאט אָמאַן פון פּערזיען. אין אָסטען (מזרח) פון דיעזע וואסערען געפינט זיך דאָס קעניגרייך פּערזיען און אין וועסטען (מערב) געפינט זיך דער גרויסער האלב־אינזעל אראביען.

דער גאנצער האלב־אינזעל אראביען געהערט צו טערקיי, נור דער שמאָ־

לער פאס לאנד ביי דעם גאלף פון אמאן און ביי דעם גאלף פון פערזיען געהערט צום סולטאן פון אמאן. דיעזער סולטאן איז ניט נור דער הערשער פון דעם לאנד, ער איז אויך דער העכסטער גייסטליכער און דער גרעסטער געלערנ־טער אין דער רעליגיאן פון מחמד, אין דער זעלבער צייט איז ער אויך דער ערשטער און גרעסטער קויפמאן פון דעם גאנצען לאנד.

דאס לאנד איז רייך און פרוכטבאר. עס וואקסען דארט אלערליי פריכטע פון דיא הייסע לענדער: פייגען, גראנאטען (מילגרוימען), וויינטרויבען, אראנ־זשען, לימענעס און אלע אנדערע זעלטענע פריכטע וואקסען איבעראל. דיא הויפט פרוכט אבער זיינען טייטלען. דאס רייכטהום פון אן איינוואהנער ווערט אבגעשאצט נאך דער צאהל פון טייטעל בוימער, וועלכע ער בעזיצט. אזוי, צום ביישפיעל, ווען מען רעדט פון א רייכען מאן, זאגט מען: ער פערמאגט פינף הונדערט טייטעל בוימער אדער טויזענד טייטעל בוימער.

אזוי וויא דער סולטאן איז דער גרעסטער קויפמאן פון דעם גאנצען לאנד, האט ער אייגענע צוויי טויזענד זעגעל שיפען, וועלכע פיהרען אוועק אין אנדערע לענדער דיא פראדוקטען פון אמאן און ברייגנען צוריק דיא פראדוקטען פון יענע לענדער. ער האט אויך א פלאטע פון הונדערט זעגעל שיפען, בעוואַ־פענט מיט קאנאנען. ער האט אויך א לאנד־ארמעע פון פינף און צוואנציג טויזענד מאן.

עס איז אן אפענעס געהיימניס, אז ענגלאנד שטיצט דעם סולטאן מיט געלד און דער סולטאן ערלויבט דארום, אז ענגלישע קריעגס־שיפען זאלען שטענדיג זיך געפינען אין דער בוכטע פון אמאן. מען וויים עס גאנץ גוט, אז דער סולטאן געפינט זיך אונטער דעם איינפלוס פון ענגלאנד און ער וועט שטענדיג טהאן אלעס, וואס ענגלאנד וועט איהם הייסען.

ענגלאנד פיהרט אזא זאנדערבארע פאליטיק אין אלע לענדער פון אזיען, וועלכע געפינען זיך ביים מעער, און אין יעדען וויכטיגען פארט געפינען זיך ענגלישע קריעגס־שיפען.

אמאן איז א זאנדערבאר לאנד. עס איז איינע פון דיא וויכטיגסטע האנ־דעלס לענדער פון דער וועלט, און דאך איז עס אם ווענינסטען בעקאנט אין דער וועלט. פאר אידען איז אמאן פון בעזאנדערער וויכטיגקייט, ווייל אידען האבען זיך דארט בעזעצט נאך דעם חורבן בית ראשון, אלזא מיט 2,500 יאהר צוריק. זעהר ווענינ אידישע פארשער און רייזענדע האבען בעזוכט אמאן, און דיא איינציגע גענויערע נאכריכטען, וועלכע מיר האבען איבער דיא אידען פון אמאן, האבען מיר בעקומען פון ענגלישע מיסיאנערען, וועלכע האבען בערייזט אמאן און זיך געגעבען אלע מעגליכע מיה צו בעקעהרען דיא אידען צום קריסטענ־טהום. אז דאס איז זיי ניט געלונגען, איז זעלבסטפערשטענדליך, דערפאר אבער האבען זיי גוט בעשריבען דיא לאגע פון דיא אידען אין יענע געגענדען.

זשאק דאַראן, טרעגאַמעין און פראנסואַ זיינען געשטאַנען אויף דעם דעק פון דער שיף, ווען זיא איז צוגעפאָהרען צו דעם פּאָרט פון מאַסקאַט. פראנסואַ האַט זעהר געוואָלט זיך בעקענען מיט דעם לאַנד, מיט דיא איינוואָהנער און מיט דיא פּאָליטישע און רעליגיעזע איינריכטונגען פון דיעזען זאָנדערבארען לאַנד, אָבער זשאק דאַראן האַט געטראַכט נור פון זיינע מיליאָנען און וואו עס געפינט זיך דער גליקליכער אינזעל, וואו דיעזע מיליאָנען ליעגען פערגראָבען. זעלבסטפערשטענדליך, אז ער האָט איבערגעלאָזען דיא ארבייט אויסצוגעפינען דיעזען אינזעל צו פראנסואַ, אלס צו א שטודירטען שיפסקאַפּיטאַן פון לאַנגע רייזען. נור אזא געלערענטער שיפסקאפּיטאַן קען לייכט אויסגעפינען, וואו דיעזער אינזעל געפינט זיך.

קוים איז דיא שיף געבליבען שטעהן ביי איהר דאק, איז זשאק דאַראן מיט זיינע בעגלייטער אראָבגעגאַנגען פון שיף. אַן אגענט פון א האָטעל, וועל־כער האַט גוט גערעדט פראנצויזיש, האָט זיי געפיהרט אין דעם גרעסטען האָטעל פון דער שטאָדט מאַסקאַט. דיעזער האָטעל האָט געהערט צו אַן ענגלענדער. אַלע דיענער האָבען גערעדט ענגליש, פראנצויזיש און איטאַליעניש, דיא הויפּט שפּראכען פון אייראָפּא, וועלכע ווערען געברויכט אין יענע לענדער.

ניט זשאק דאַראן און ניט זיינע בעגלייטער האָבען זיך אומגעקוקט אויף בן אמאר'ען מיט זיין שרייבער און האָבען זיך ניט געקימערט צו וויסען, וואו זיי זיינען און וואָס זיי טהון.

קוים זיינען זיי אָנגעקומען אין האָטעל און האָבען אָבגעלעגט זייערע זאַ־כען אין זייערע צימערען, האָבען זיי זיך אָנגעפרעגט וואו עס וואָהנט דער פראַנ־צויזישער קאָנסול אין מאַסקאַט. מען האָט זיי געוויזען און זיי זיינען גלייך געגאַנגען צו איהם.

דער פראנצויזישער קאָנסול איז געווען העכסט איבערראשט צו זעהען מיט אמאָל דריי פראנצויזען אריינקומען אין זיין קאנצעליי. עס קומען אזוי זעלטען און אזוי ווייניג פראנצויזען נאָך מאַסקאַט, אז דיא פראנצויזישע רעגיערונג האָט זאָגאַר ניט געפונען פאר נויטהיג צו האַלטען א גענעראַל קאָנסול אין דעם גאַנצען סולטאַנאַט.

דער פראנצויזישער קאָנסול איז דארום געווען העכסט דערפרעהט צו זע־חען ביי זיך דריי פראנצויזען מיט איין מאָל און ער האָט אויסגערופען:

— עס פרעהט מיך זעהר צו בעגריסען מיינע לאַנדסלייט! איך וועל געוויס טהאָן פאר אייך אַלעס, וואָס איך וועל נור קענען.

— מיר דאַנקען אייך זעהר פאר אייער פריינדליכקייט, הערר קאָנסול, האָט זשאק דאַראן געענטפערט, איהר קענט טהאָן פאר אונז זעהר פיעל, ווען איהר זאָלט אונז געבען אייניגע אויסקינפטע וועגען דיעזען לאַנד.

— מיט פערגניגען! האָט דער קאָנסול אויסגערופען. זאָגט מיר נור, וועלכע אויסקינפטע איהר פערלאנגט פון מיר.

— מיר זיינען פון סען מאלאָ, א פּאָרט, וועלכער איז אייך געווים בעקאנט, האָט זשאק דאָראן געענטפערט, א גרויס געשעפט אין סען מאלאָ האָט אונז געשיקט אהער, מיר זאָלען אויסזוכען א פּלאץ, וואו צו עפענען א ברענטש, א פיליאַלע, אן אָבטהיילונג פון יענעם געשעפט.

— דאָס פרעהט מיך זעהר, האָט דער קאָנסול געזאָגט, און איהר קענט זיין זיכער, אז איך וועל געווים טהאָן אלעס, וואָס איך וועל נור קענען אום צו שטיצען מיינע לאנדסלייט.

— דאן קענט איהר אונז ניט זאָגען, וואו עס איז בעסער צו עפענען א געשעפט: אין דער שטאָדט מאָסקאט אָדער אין אן אנדער שטאָדט אין אָמאן? האָט פראנסוא געפרעגט.

— איך געפין, אז מאָסקאט איז דער בעסטער פּלאץ פאר א געשעפט. דער האנדעל פון דיעזער שטאָדט וואקסט פון טאָג צו טאָג. דיא פערדאמטע ענגלענ־דער פיהלען עס און פערשטעהען עס גאנץ גוט און דארום זוכט יעדעס גרויסעס געשעפט אין לאָנדאָן צו עפענען אן אבטהיילונג, א ברענטש אין מאָסקאט, וואָס איז געוואָרען דער מיטעלפּונקט פון האנדעל פון פערזיען, אראביען, אינדיען, זאנזיבאר און אפריקא.

— וועלכע זיינען דיא הויפּט עקספּאָרט פּראָדוקטען פון מאָסקאט? האָט טרעגאָמעין געפרעגט.

— דיא הויפּט פּראָדוקטען פון דעם לאנד אָמאן, וועלכע ווערען געוועהנליך עקספּאָרטירט (ארויסגעפיהרט) פון דאנען נאָך אייראָפּא און אמעריקא, זיינען: טייטלען, ראָזשינקעס, שוועפעל, פיש, גומי אראביקום, קאָנכיליען (אלערליי שעהנע מושעלען, זשאבע שיסעלעך, מויערקעפּ), דיא הערנער פון דעם רהינ־אָצעראָס, וועלכע ווערען געברויכט אלס עלפאנט ביין, בוימעהל, קאָקאָ־ניס, רייז, הירזש, קאפע און צוקערוועוק, האָט דער קאָנסול געענטפערט.

— צוקערוועוק? האָט טרעגאָמעין איבערגעפרעגט. צוקערוועוק ווערט עקספּאָרטירט פון דאנען?

טרעגאָמעין האָט רעכט געהאט: ער האָט געוואוסט, אז דיא בעסטע און טהייערסטע צוקערוועוק ווערען געמאכט אין פראנקרייך. פראנצויזישע קאנדיר־טע פריכטע זיינען בעריהמט אין דער גאנצער וועלט. וויא איז עס אלזאָ מעג־ליך, אז מען זאָל עקספּאָרטירען צוקערוועוק פון מאָסקאט?

— יא, מיין הערר, האָט דער פראנצויזישער קאָנסול געענטפערט, אין מאָס־קאט און אין אנדערע שטעדט פון אָמאן מאכט מען א סאָרט צוקערוועוק, וועל־כעס הייסט האללאוואה. עס ווערט געמאכט פון צוקער, האָניג, גומי, מאנדלען

און אייניגע געווירצע. דיעזעס צוקערוועדק איז שטארק בעליעבט אין אזיען און אפריקא.

— דאָס מוזען מיר פערזוכען! האָט טרעגאָמעין אויסגערופען.

— מיין ליעבער, גוטער טרעגאָמעין! האָט זשאק דאַראַן געזאָגט מיט א פאָרוואורף, מיר זיינען ניט געקומען אהער אום צו פערזוכען דעם צוקער־ווערק פון אָמאַן, מיר זיינען געקומען אום צו מאכען א געשעפט, אלזאָ מוזען מיר וויסען, וועלכע זיינען דיא הויפט עקספּאָרט ארטיקעל פאר אייראָפּא. וואָס דענקט איהר דערפון, הערר קאָנסול?

— איך האָב אייך אויסגערעכענט אלע הויפט פּראָדוקטען פון דיעזען לאנד, וועלכע ווערען ארויסגעפיהרט אין פערשיעדענע געגענדען פון דער וועלט, האָט דער פראנצויזישער קאָנסול געענטפערט, איך האָב נאָך פערגעסען אייך צו זאָגען, אז אין דעם פערזישען גאָלף ווערען אויסגעפישט פּערל אויף אונגעפעהר דריי מיליאָן פראנק א יאָהר. מען טרעפט אָפט דאָ דיא בעסטע און שעהנסטע פּערל אין דער וועלט.

— פּערל פאר דריי מיליאָן פראנק א יאָהר? האָט זשאק דאַראַן בע־מערקט מיט א שמייכעל, דריי מיליאָן פראנק א יאָהר?

פאר א מענשען, וועלכער איז געקומען אָבנעהמען א ירושה פון הונדערט מיליאָן פראנק, איז דריי מיליאָן געווען א קלייניגקייט, א גאָרנישט.

— איך מוז אייך אָבער בעמערקען, אז דער גאנצער האנדעל פון פּערל גע־פינט זיך אין דיא הענד פון אינדיער אָדער הינדוסען, וועלכע ווילען קיינעם ניט צולאָזען צו דיעזען האנדעל.

— זאָגאר ניט דיא קויפלייטע פון מאָסקאַט? האָט פראנסוא געפרעגט.

— זאָגאר ניט דיא קויפלייטע פון מאָסקאַט, איז געווען דיא אנטוואָרט פון דעם קאָנסול. איך מוז אייך נאָך בעמערקען, אז עס איז זעהר שווער פאר א פרעמדען צו עפענען א געשעפט אין דיעזען לאנד.

פראנסוא האָט גוט געוואוסט, אז דער אינזעל, וועלכען זיי זוכען, געפינט זיך ניט ארום מאָסקאַט, זאָנדערן ווייטער ערגעץ אין דעם פערזישען גאָלף, און דארום האָט ער ווייטער געפרעגט:

— וועלכע נאָך גרויסע שטעדט געפינען זיך אין דיעזען לאנד, וואו מען קען עפענען א געשעפט?

— אָמאַן איז אויך א גרויסע שטאָדט און א האנדעלס שטאָדט, האָט דער קאָנסול געענטפערט.

— אָמאַן? וואו ליגט דען אָמאַן? אין נאָרדען (צפון זייט) פון מאָסקאַט?

— ניין, אָמאַן געפינט זיך אין זיד־אָסט (דרומית־מזרחית) פון מאָסקאַט.

— און וועלכע שטעדט געפינען זיך נאָרדליך, אין צפון זייט פון מאָסקאַט?

— דיא וויכטיגסטע האנדעלס שטאָדט איז ראַסקאַט.

— געפינט זיך ראסקאט ביים מעער ?

— ניין, ראסקאט געפינט זיך פון יענער זייט פון דיא בערג.

— און וועלכע גרויסע און וויכטיגע האנדעלס שטעדט געפינען זיך ביים פערזישען גאָלף ? האָט פראנסוא ווייטער געפרעגט.

— דיא שטאָדט סאהאר.

— וויא ווייט איז סאהאר פון מאָסקאט ?

— אונגעפעהר הונדערט פינף און צוואנציג מייל.

פראנסוא האָט א וואונק געטהאָן צו זיין אָנקעל, אז דאָס איז דיא שטאָדט, וועלכע זיי דארפען.

— איז סאהאר א וויכטיגע האנדעלס שטאָדט ? האָט פראנסוא געפרעגט.

— יא, האָט דער קאָנסול געענטפערט, זיין האָהייט דער סולטאן, וואָהנט אָפט אין סאהאר, זעלבסטפערשטענדליך, ווען עס פאלט איהם איין אין קאָפּ אריבערצופאָהרען אין דיעזער פּאָרט שטאָדט.

— זיין האָהייט ? האָט טרעגאָמעין איבערגעפרעגט. וואָס איז דאָס פאר א טיטול ?

טרעגאָמעין איז געווען אן איינפאכער מענש. ער האָט געוואוסט, אז דער הערשער פון א רעפּובליק הייסט פּרעזידענט און זיין טיטול איז : "זיין עקסע־לענץ", דער טיטול פון א קעניג איז "זיין קעניגליכע מאיעסטעט", דער טיטול פון א קייזער איז "זיין קייזערליכע מאיעסטעט", אָבער א טיטול "זיין האָ־הייט" איז איהם פאָרגעקומען עטוואָס זאָנדערבאר. אזא טיטול האָט ער נאָך קיין מאָל ניט געהערט.

דער פראנצויזישער קאָנסול האָט פערשטאנען, וואָס טרעגאָמעין מיינט, און ער האָט געפונען פאר נויטהיג צו געבען זיינע לאנדסלייט א פאָלשטענדיגע ערקלערונג.

— דער טיטול פון דעם סולטאן פון אָמאן איז "זיין האָהייט", דיעזער טיטול איז, אמת, ניט אזוי גרויס, וויא דער טיטול "מאיעסטעט", דאָך איז דער סולטאן פון אָמאן א פרייער, זעלבסטשטענדיגער, דעספּאָטישער הערשער. אָהן זיין וויסען און אָהן זיין ווילען קען מען קיין זאך ניט אָנפאנגען אין דיעזען לאנד. ווען איהר ווילט עפענען א געשעפט אין איינער פון זיינע שטעדט, מוזט איהר זיך ווענדען צו איהם מיט א ביטשריפט, און נור ווען ער וועט אייך עס ערלויבען, וועט איהר מעגען עפענען אייער געשעפט. יעצט פערשטעהט איהר שוין ?

— איך פערשטעה עס גאנץ גוט, אָבער איך דענק, אז זיין האָהייט וועט אונז ניט אָבזאָגען אונזער ביטע, האָט זשאק דאָראן געענטפערט.

— ער וועט אייך געוויס ניט אָבזאָגען, ווען איהר וועט איהם בעצאָה־לען זיין טאקסע.

— אָה, מיר װעלען איהם געװיס בעצאָהלען! האָט דאָראן אויסגערופען.
— װיא אזוי פאָהרט מען נאָך סאהאר? האָט פּראנסוא געפרעגט.
— מען מוז פאָהרען מיט א קאראװאנע, האָט דער קאָנסול געענטפערט.
— מיט א קאראװאנע? האָט טרעגאָמעין איבערגעפרעגט.

דער עקס קאפּיטאן פון דער בארקע "דיא שעהנע אמאליע" האָט נעבעך ניט געװאוסט, װאָס א קאראװאנע איז.

דער פראנצױזישער קאָנסול האָט איהם פערשטאנען און האָט ערקלעהרט:

— מײנע ליעבע לאנדסלײט, איהר דארפט װיסען, אז אין דעם סולטאנאט אָמאן געפינען זיך ניט קײן אײזענבאהנען, קײן פּאָסט טראקטען, קײן גוט געבױטע און אײנגעריכטעטע װעגען. װען מען דארף פאָהרען פון אײן שטאָדט צו דער אנדערער, מוז מען רײטען אויף אן עזעל, אויף א מויל-עזעל אָדער אויף א קעמעל. דיא רײזע איז אָבער אָפט געפעהרליך, אײן מענש אלײן האָט מורא צו מאכען אזא רײזע, עס מוזען זיך פערזאמלען פיעלע רײזענדע און פאָהרען צוזאמען. אזא פערזאמלונג פון רײזענדע הײסט קאראװאנע.

— אזא קאראװאנע געהט אלזאָ ניט גאנץ אָפט צװישען מאָסקאט און סאהאר? האָט פּראנסוא געפרעגט.

— מאָסקאט און סאהאר זײנען גרויסע האנדעלס שטעדט און דארום געהן זעהר אָפט קאראװאנען פון אײן שטאָדט צו דער אנדערער, האָט דער קאָנסול ערקלעהרט, מאָרגען געהט אָב א קאראװאנע נאָך סאהאר.

— מאָרגען? האָט זשאק דאָראן איבערגעפרעגט.
— יא, מאָרגען, האָט דער קאָנסול געענטפערט.

— דאָס איז דאָך װיא געװאונשען! האָט דאָראן אויסגערופען, מיר קענען אלזאָ שױן מאָרגען פאָהרען מיט דיעזער קאראװאנע נאָך סאהאר.

טרעגאָמעין'ען איז עס אָבער שטארק ניט געפעלען צו פאָהרען מיט א קאראװאנע. זײט ער לעבט איז ער ניט געזעסען אויף דעם רוקען פון א פערד, פון אן עזעל אָדער פון א קעמעל און יעצט, אויף דער עלטער זאָל ער גאָר דארפען פאָהרען רײטענדיג. דאָס האָט איהם שטארק ניט געשמעקט און ער האָט געזאָגט:

— װען דיא שטאָדט סאהאר געפינט זיך בײם פערזישען גאָלף און דיא שטאָדט מאָסקאט געפינט זיך בײ דעם גאָלף פון אָמאן, פערשטעה איך ניט, פאר װאָס זאָלען מיר ניט פאָהרען אויף'ן װאסער, אויף א שיף אָדער אויף א בארקע, פון מאָסקאט נאָך סאהאר?

— טרעגאָמעין האָט דאָך רעכט! האָט זשאק דאָראן אויסגערופען, פאר װאָס זאָלען מיר טאקע ניט פאָהרען אויף'ן װאסער נאָך סאהאר? איך גלויב, אז מיט'ן װאסער װאָלטען מיר שנעלער אָנגעקומען אין סאהאר... װאָס זאָגט איהר, הערר קאָנסול?

— איך זאָג, אז מען קען געוויס פאָהרען מיט׳ן וואסער נאָך סאהאר, איך האָב עס אָבער אייך ניט געראטהען, ווייל עס איז רעכט געפעהרליך צו פאָהרען אויף דעם גאָלף פון אָמאן.

— געפעהרליך? וואָס מיינט איהר דערמיט? האָט זשאק דאָראן זיך געקאָכט. מיר זיינען אלע שיפסקאפיטאנען, מיר זיינען געוואָהנט צו פיהרען שיפען, מיר האָבען קיין מורא ניט פאר ווינד און שטורם.

— איך רעד ניט פון ווינד און שטורם, האָט דער קאָנסול געענטפערט, איך ווייס גאנץ גוט, אז פראנצויזען פון סען מאלאָ האָבען קיין מורא ניט צו פאָהרען אויף׳ן מעער, אָבער...

— וואָס אָבער?

— אָבער אין דיעזע געגענדען געפינען זיך פיעלע ים־רויבער, האָט דער קאָנסול געזאָגט.

— צום טייפעל! האָט זשאק דאָראן אויסגערופען.

פאר ווינד און שטורם האָט זשאק דאָראן געוויס קיין מורא ניט געהאט, פאר מעער־רויבער אָבער האָט ער זיך דערשראָקען. ווען מען געהט אויסגראָבען אן אוצר פון 20 מיליאָן, מעג מען זיך אביסעל שרעקען פאר רויבער.

זשאק דאָראן און זיינע קאמעראדען האָבען יעצט גוט פערשטאנען, פאר וואָס דער פראנצויזישער קאָנסול האָט זיי געראטהען צו פאָהרען נאָך סאהאר מיט א קאראוואנע. זיי האָבען יעצט פערשטאנען, אז אָמאן איז ניט פראנק־רייך, און אז נור מיט א קאראוואנע, וואו עס פאָהרען פיעלע מענשען צוזאמען, קען מען פאָהרען זיכער אין דיעזען לאנד.

זיי האָבען דארום זיך אָנגעפרעגט, וואו מען געפינט דיעזע קאראוואנע, וואָס עס דארף קאָסטען אן עזעל אָדער מויל־עזעל, דאָס הייסט, דריי עזלען אָדער דריי מויל־עזלען פון מאָסקאט נאָך סאהאר, און אויב מען דארף עפּעס צאָהלען דעם קאראוואנען־פיהרער.

דער פראנצויזישער קאָנסול האָט זיי אלעם ערקלעהרט און האָט דערביי בעמערקט, אז אויב זיי ווילען, וועט ער זיי פאָרשטעלען פאר זיין האָהייט, דעם סולטאן פון אָמאן, און וועט ביי איהם אויסווירקען, ער זאָל זיי געבען א פאספאָרט צו זיינע בעאמטע אין סאהאר.

זשאק דאָראן האָט אָבער ניט געפונען פאר נויטהיג צו מאכען דיא בע־קאנטשאפט פון זיין האָהייט. ער איז קיין מאָל ניט בעקאנט געוועזן מיט קע־ניגע און פירסטען און האָט אויך יעצט ניט געוואָלט מאכען אזא וויכטיגע בעקאנטשאפט.

ער האָט בעדאנקט דעם פראנצויזישען קאָנסול פאר זיין פריינדליכקייט און איז אוועקגעגאנגען מיט זיינע קאמעראדען זוכען דיא קאראוואנע נאָך סאהאר.

אין דער צייט ווען זשאק דאַראן מיט זיינע קאמעראַדען האָבען זיך אונ־טערהאלטען מיט זייער קאָנסול, האָבען אין דעם זעלבען האָטעל, וואו זשאק דאַראן איז אָבגעשטיגען, אָבגענומען א צימער בן אָמאר און זיין שרייבער נאזים, אָדער סואד פּאשא. זיי האָבען נאָך ניט געוואוסט, אז דאַראן מיט זיינע בעגלייטער זיינען געקומען נאָך מאָסקאט, ווייל דער אינזעל מיט דיא מיליאָנען געפינט זיך ערגיץ אין דיעזער געגענד.

דאָס אָבער האָבען זיי געמוזט וויסען. זיי האָבען געמוזט בעאָבאכטען און נאָכשפּירען יעדען שריט, וועלכען זשאק דאַראן האָט געמאכט. ליידער, איז בן אָמאר נאָך געוועזען זעהר שוואך פון דער רייזע און פון דער זעע־קראנק־הייט, און סואד פּאשא אָדער נאזים האָט געמוזט איבערנעהמען אויף זיך דיא שווערע ארבייט פון שפּיאָנירען.

— דוא טייפעל! דוא קראָקאָדיל! דוא אונריינער שוויין! האָט סואד פּא־שא זיך געבייזערט, פאר וואָס ביזט דוא אזוי קראנק געוועזען דיא גאנצע צייט און קענסט יעצט ניט אויסשפּרייטען דיין נעץ פאר אונזערע גאָלדענע פישע־לעך?

— זייט רוהיג, האָהייט! האָט בן אָמאר געבעטען, דער פראנצויז אנט־לויפט דאָך ניט, מיר ווייסען גאנץ גוט, אז ער איז אין מאָסקאט און שטעהט איין אין דיעזען האָטעל, אלזאָ קענען מיר דאָך לייכט וויסען, אויב זיי בלייבען דאָ אָדער זיי פאָהרען ווייטער, און זאָגאר וואוהין זיי פאָהרען. מיר ווייסען יעצט פאר געוויס, אז זיי פאָהרען ניט נאָך קאלקוטא. דער "אָקסוס" פאָהרט אוועק מאָרגען אין דער פריה און דער סטיוארד האָט אונז געזאָגט, אז דיא פראנצויזען האָבען גענומען זייער קאיוטא נור ביז מאָסקאט. דיא פראגע איז אלזאָ, וואוהין וועלען זיי פאָהרען פון דאנען?

— יא! דאָס איז דיא פראגע, האָט סואד פּאשא געזאָגט, וויא אזוי וועט מען עס געוואָהר?

— לאָזט מיך זיך אָברוהען אביסעל, האָט בן אָמאר געבעטען, קוים וועל איך קענען ארומגעהן, וועל איך עס אויסגעפינען.

סואד פּאשא האָט זיך געבייזערט, זיך געקאָכט, געטאנצט און געשפּרונגען, ער האָט זיך אָבער דאָך ניט געקענט העלפען. ער האָט געהייסען בן אָמאר'ען האלטען אן אָפען אויג אויף דיא פראנצויזען, ווען זיי וועלען צוריקקומען אין האָטעל, און ער אליין איז געגאנגען זוכען, וואו דיעזע פראנצויזען זיינען געגאנגען.

אזוי וויא ער האָט גערעדט אראביש, טירקיש, פראנצויזיש און ענגליש, איז עס איהם ניט שווער געוועזען זיך נאָכצופרעגען וואו דיא פראנצויזען זיינען געגאנגען און ער האָט אויך באלד אויסגעפונען, אז דיא פראנצויזען זיינען גע־גאנגען צו זייער קאָנסול, און ער איז געגאנגען אהין, זיי נאָכשפּיאָנירען.

דער פראנצויזישער קאָנסול איז געווען אזוי העפליך צו שיקען מיט דיא דריי פראנצויזען זיינעם א מענשען, וועלכער האָט גוט גערעדט אראביש, צו דעם אנפיהרער פון דער קאראוואנע. אין א האלבער שטונדע האָט מען אלעם אבגערעדט און אלעם אָבגעמאכט.

אזוי וויא עס איז ערשט געווען אום איינס אוהר, האָט טרעגאָמעין גע־ראטהען זיי זאָלען אביסעל ארומגעהן אין דיא גאסען און בעטראכטען דיעזע זאָנדערבארע אזיאטישע שטאָדט.

— געהט איהר אייך, וואו איהר ווילט, האָט זשאק דאָראן געזאָגט פער־טראכט. איך וועל ליעבער געהן אין האָטעל מיך אָברוהען.

— אָבער, אָנקעל, פאר וואָס זאָלט איהר אויך ניט מיטגעהן מיט אונז בעטראכטען דיעזע האנדעלס שטאָדט? האָט פראנסוא געפרעגט.

— וואָס זאָל איך דאָ זעהען? אזיאטען? אראבער? פערזער? האָט זשאק דאָראן געפרעגט בייז.

מעהר האָט פראנסוא ניט געוואָלט פרעגען. ער האָט געוואוסט, אז זיין אָנקעל איז אזוי שטארק בעשעפטיגט מיט זיינע מיליאָנען, אז ער וויל פון קיין אנדער זאך ניט הערען און ניט זעהען.

פראנסוא און טרעגאָמעין האָבען איהם צוגעפיהרט צום האָטעל, דאן זיי־נען זיי געגאנגען בעטראכטען דיא שטאָדט.

מאָסקאט איז ווירקליך א רעכט פרעהליכע האנדעלס שטאָדט. עס גע־פינען זיך אין איהר פיעלע באזארען, פלעצער, וואו עס ווערען געקויפט און פערקויפט אלערליי וואארע, מייסטענס אָריענטאלישע: אלערליי גארטלען, טורבאנען, מאנטלען, בורנוסען און אלערליי מעגליכע אָריענטאלישע קליידער.

אין איין באזאר האָבען זיך געפונען נור ציערונג פון גאָלד, זילבער און אלערליי טהייערע שטיינער.

— קויף א רינג פאר זשוליעט, האָט טרעגאָמעין געראטהען, זאָל זיא האָ־בען אן אנדענקען פון מאָסקאט.

דער אָרימער פראנסוא האָט א זיפץ געטהאָן און האָט געמורמעלט:

— וואָס מאכט יעצט מיין געליעבטע זשוליעט? וואָס וועט ווערען פון אונזער ליעבע, ווען דער אָנקעל וועט ווירקליך בעקומען זיינע מיליאָנען?... וועט ער זיי אָבער בעקומען?

אין דיא פּאָר שטונדען וואָס זיי האָבען ארומגעשפאציערט אין דיא גאסען פון מאָסקאט, האָט פראנסוא בעמערקט, אז עס געפינען זיך עפּעס צופיעל פּאָ־ליציסטען; וועניגסטענס האָט ער נאָך אין קיין שטאָדט אין דער וועלט ניט גע־זעהען אזוי פיעל פּאָליציסטען, וויא אין מאָסקאט. דאָס זאָנדערבארע דערביי איז געווען, וואָס דיעזע פּאָליציסטען האָבען, וויא עס האָט זיך אויסגעוויזען, זעהר וועניג זיך געקימערט וועגען דעם, וואָס עס טהוט זיך ארום זיי.

ניט ווילענדיג האָט פראנסוא געפרעגט זיך אליין:

— צו וואָס דארף מען אזא שטארקע פּאָליציי?

שפּעטער איז ער געוואָהר געוואָרען, אז דער סולטאן פון אָמאן האָט א גאנץ אנדערע פּאָליציי, וויא אין אייראָפּעאישע שטעדט. יעדער פּאָליציסט איז א שפּיאָן און ער שפּיאָנירט דיא פרעמדע, וועלכע קומען נאָך מאָסקאט. קוים קומט אָן א פרעמדער, געהן איהם נאָך דריי־פיער פּאָליציסטען און לאָזען פון איהם קיין אויג ניט אראָב. אין א צייט פון זעקס שטונדען מוזען זיי מעלדען זייער שעף, ווער דער פרעמדער איז, פון וואנען ער קומט און וואָס ער וויל טהאָן.

מען פרעגט ניט דעם פרעמדען אויף א פּאספּאָרט, מען רעדט זאָגאר ניט מיט איהם, נור מען געהט איהם נאָך און מען פערצייכענט זיך אלעס, וואָס ער טהוט, וואָס ער קויפט און זאָגאר וואָס ער רעדט.

יעדען אבענד מוז דער פּאָליציי שעף מעלדען דעם סולטאן, וויא פיעל פרעמדע עס זיינען אָנגעקומען אין מאָסקאט, וואָס יעדער פרעמדער האָט גע־טהאָן דעם גאנצען טאָג און וואו ער שטעהט איין.

דער סולטאן פון אָמאן האָט זעהר מורא פאר פרעמדע, בעזאָנדערס פאר אייראָפּעער, ער וויל אָבער ניט און קען פיליייכט ניט זיי פערוועהרען צו קו־מען אין זיין לאנד און דארום בעוואכט ער זיי מיט זיין פּאָליציי.

ווען פראנסוא וואלט דאָס געוואוסט, וואָלט ער פערשטאנען, אז עס וועט זיין אונמעגליך אויפצוהויבען אין אזא לאנד אן אוצר פון אזוי פיעל מי־ליאָנען. דער סולטאן וועט צונעהמען דיא מיליאָנען פאר זיך, ווייל זיי זיינען געפונען געוואָרען אין זיין לאנד.

צום גליק האָט פראנסוא דערפון ניט געוואוסט און ער האָט פערבראכט אן אנגענעהמען טאָג אין דיא גאסען פון מאָסקאט, וואו ער האָט געקענט זעהען אלע מעגליכע סאָרטען מענשען: אראבער, אידען, אינדיער, פּערזער, נעגער און זעהר ווייניג אייראָפּעער. דיא אייראָפּעער זיינען געווען מייסטענס ענג־לענדער. ענגלאנד האנדעלט מיט דער גאנצער וועלט, און וואו מען ווארפט א שטיין, דאָרט טרעפט מען אן ענגלענדער. עס איז קוים דאָ א פערוואָרפענער ווינקעל אין דער גאנצער וועלט וואו מען זאָל ניט טרעפען ענגלענדער.

ווענען דיא אידען אין מאָסקאט, וויא אין גאנץ אָמאן, ווייס מען זעהר ווייניג. זעלטען קומט אן אייראָפּעער אין דיא שטעדט ווייט אין לאנד און ווען איינער קומט, זוכט ער אָבצומאכען זיינע געשעפטען און צו אנטלויפען, ווייל וויא שעהן דאָס לאנד איז און וויא רייך עס איז, האָבען דיא איינוואָהנער דאָך ניט שטארק ליעב דעם פרעמדען, בעזאָנדערס דעם קריסט.

ווען זשאק דאָראן איז געקומען אין זיין האָטעל און איז אריינגעקומען

אין זיין צימער, האָט ער געהערט אָנקלאַפּען אין דער טהיר. ער האָט געעפענט די טהיר און פאר איהם איז געשטאנען בן אָמאר.

— נו, וואָס פערלאנגט איהר, הערר אדוואָקאט פון קראָקאָדילען־לאנד? האָט דאָראן געפרעגט.

— קענט איהר מיר ניט זאָגען וואוהין איהר וועט פאָהרען פון דאנען? האָט בן אָמאר געפרעגט מיט א צוקער־זיסער שטימע.

— איך וועל פאָהרען צוערשט רעכטס, דאן לינקס, דאן גלייך און גלייך, איז געווען דיא אנטוואָרט.

מיט דיעזע ווערטער האָט ער פערמאכט דיא טהיר און געלאָזען דעם אָרי־מען בן אָמאר'ען פון יענער זייט טהיר.

13טעס קאפּיטעל.

## פון מאָסקאט נאך סאהאר

דעם אנדערען טאָג גאנץ פריה זיינען דיא דריי פראנצויזען געגאנגען אין קאראוואן סאראי, א סאָרט גאסט־הויז, וואו דיא קאראוואנע קומט זיך צונויף און פון וואנען זי פאָהרט ארויס.

א פּאָר מינוט שפּעטער איז אָנגעקומען בן אָמאר און זיין שרייבער. דאָס איז ניט קיין וואונדער. סואד פּאשא איז זיי נעכטען נאָכגעגאנגען און האָט געזעהען, אז זיי זיינען געווען אין קאראוואן סאראי. ווען זיי זיינען אוועקגעגאנגען, איז ער אריינגעקומען אין קאראוואן סאראי און איז באלד געוואָהר געוואָרען, אז דיא פראנצויזען פאָהרען מאָרגען מיט דער קאראוואנע. אזוי וויא ער האָט גערעדט ארוביש און איז געווען א מאחמאדאנער, האָבען דיא קאראוואנען־פיהרער געהאט מעהר צוטרויען צו איהם, וויא צו דיא פראנצויזען, צו דיא דזשאורס (מענשען וועלכע גלויבען ניט אין מחמד).

סואד פאשא איז געוואָהר געוואָרען, אז זשאק דאָראן און פראנסוא האָבען געדונגען, ריכטיגער נאָך, געקויפט צוויי מויל־עזלען, פאר טרעגאָמעין'ען אָבער האָט מען געמוזט נעהמען א קעמעל, ווייל ער איז געווען צו שווער פאר א מויל־עזעל.

דיא וועגען אין אָמאן זיינען אזוי שלעכט, אז מען מוז פאָהרען נור אויף דעם רוקען פון אן עזעל, א מויל־עזעל אָדער א קעמעל. עס זיינען צוואר דאָ גוטע פערד, עכטע ארוּבישע פערד, אָבער זיי קאָסטען אזוי טהייער, אז נור א גאנץ רייכער מאן קען זיך פערגינען צו פאָהרען אויף א פערד. דאָס טהוט מען אָבער קיין מאָל ניט, ווען מען פאָהרט מיט א קאראוואנע.

יעצט האָבען דיא דריי פראנצויזען צייט געהאט צו בעטראכטען דיא קא־

ראוואַנע. זיא איז בעשטאַנען פון מעהר אַלס הונדערט רייזענדע, אַלע אַראַבער, פּערזער און אינדיער. דיא פראַנצויזען און דיא צוויי עגיפּטער זיינען געווען דיא איינציגע פרעמדע.

אַזוי וויא דער קלימאַט איז זעהר היים, פאָהרט מען געוועהנליך אַרוּים גאַנץ פריה, ווען עס איז נאָך ניט שטאַרק היים. שפּעטער, געגען מיטאָג, ווען דיא זון הויבט אָן צו ברענען וויא מיט פייער, מוז מען בלייבען שטעהן ערגעץ אונטער אַ בערגעל און רוהען ביז געגען פיער־פינף אוהר, דאַן פאָהרט מען אַ גאַנצע נאַכט. מען האָט זיך דארום געאיילט אויסצושטעלען דיא קאַראוואַנע.

זשאַק דאַראָן און פראַנסואַ זיינען אויך קיין רייטער ניט געווען, זיי האָבען אויך קיין מאָל ניט געריטען אויף אַ פערד אין זייער לעבען, זיי האָבען זיך אָבער דאָך אויפגעזעצט אויף זייערע מויל־עזלען און האָבען פּרובירט אַרומצופאָהרען אום זיך צוגעוואָהנען צו זיצען אויף דעם רוקען פון אַ בהמה.

גאַנץ אַנדערש איז עס געווען, ווען דער דיקער טרעגאַמעין האָט געדאַרפט זיך אויפזעצען אויף אַ שטאַרקען הויכען קעמעל. דאָס איז געווען איינע פון דיא שווערסטע אַרבייטען פאַר איהם אַליין, וויא אויך פאַר דיא אַראַבער, צו וועמען דער קעמעל האָט געהערט.

— דיא אַראַבער רופען דעם קעמעל דיא שיף פון דער וויסטע, האָט פראַנסואַ געזאָגט צו זיין פריינד טרעגאַמעין. איך האָב דאָך געזעהען, אַז איהר זייט מיט פערגניגען געפאָהרען אויף אַ שיף אויף'ן מעער, פאַר וואָס האָט איהר מורא צו פאָהרען אויף דער שיף פון דער וויסטע?

— אַך, פריינד! האָט טרעגאַמעין געזיפצט, ווען איך זאָל געווען וויסען, אַז איך וועל מוזען פאָהרען אויף אַזאַ שיף, וואָלט איך בעסער געבליבען אין סען מאַלאָ.

עס האָט איהם אָבער קיין זאַך ניט געהאָלפען. ער האָט געמוזט זיצען אין דער הויך אויף זיין קעמעל. איך מוז אָבער אויך בעמערקען, אַז פאַר דעם מענשען, וועלכער איז ניט געוואָהנט צו פאָהרען אויף אַ קעמעל, איז עס וועניג פערגניגען; עס איז אַ פּלאַגע. ווען דער קעמעל געהט נאָך לאַנגזאַם, קען מען עס נאָך איבערטראָגען, הויבט ער אָבער אָן צו געהן שנעל, מוז מען זיך צו־בינדען צום זאָטעל און ביי יעדען שריט פון דעם קעמעל פיהלט מען אַ שטויס און אַ זעץ פון דעם האַלץ פון דעם זאָטעל.

דיא קאַראוואַנע האָט זיך ענדליך אויסגעשטעלט און האָט אָנגעהויבען צו ריהרען. פאָראויס איז געפאָהרען אויף אַ שטאַרקען מויל־עזעל דער קאַראוואַ־נען־פיהרער. ער מוז פאָהרען פאָראויס אום צו ווייזען דעם וועג און צו קוקען, אויב עס איז ניטאָ ערגעץ אַ געפאַהר. נאָך איהם זיינען געפאָהרען איינציגע אַראַבישע קויפלייטע. יעדער האָט געהאַט מיט זיך עטליכע קעמלען און צו יעדען קעמעל אַ בעזונדערען קנעכט. זיי האָבען געפיהרט אַלערליי וואַרען נאָך

סאהאר. דאן זיינען געפאָהרען אונזערע צוויי פראנצויזען אויף זייערע מויל־עזלען און הינטער זיי איז געפאָהרען טרעגאָמעין אויף זיין גרויסען קעמעל. פון ביידע זייטען זיינען געפאָהרען צוויי אראבער אויף קעמלען. זיי האָבען זיך אונטערגענומען אכטונג צו געבען אויף דעם דיקען פראנצויז און איהם צו לערנען און צו ווייזען, וויא אזוי מען פאָהרט אויף א קעמעל.

גאָר צו לעצט איז געפאָהרען סואד פאשא אויף א מויל־עזעל און בן אָמאר אויף אן עזעל. אזוי איז ער געוואָהנט געווען אין עגיפּטען.

פראנסוא איז באלד געוואָהר געוואָרען, אז דיא רייזע פון מאָסקאט נאָך סאהאר וועט דויערען אונגעפעהר פיער טעג. מען רעכענט צו פאָהרען עטליכע און דרייסיג מייל א טאָג, ווען אלעס וועט געהן, וויא עס דארף זיין, ווען עס וועלען קיין שטערונגען ניט פאָרקומען.

דיא רייזע איז געווען אונאנגענעהם און לאנגווייליג. אום צעהן אוהר האָט דיא זון אָנגעהויבען צו ברענען, וויא א פייער, און א הייסער ווינד, וויא פון א קאלך אויוועו האָט געוועהט גלייך אין געזיכט פון דיא רייזענדע.

פאר אייראָפּעער איז עס א רעכט שווערע אויפגאבע צו רייזען אין יענע געגענדען, זיי קענען ניט איבערטראָגען דיא היץ און זיי ווערען קראנק פון אזא רייזע.

צום גליק פאר אונזערע פראנצויזען, האָבען זיי געטראָפען א גוטע קאַראוואנע און דער קאראוואנען־פיהרער האָט געזעהן וויא ווייט עס איז מעגליך געווען צו פאָהרען דורך געגענדען, וואו עס האָבען זיך געפונען וועלדער און גערטנער מיט פרוכט בוימער. מען האָט אלזאָ געקענט וועניגסטענס אויף איי־ניגע מינוטען זיך שיצען פון דער זון אין דעם שאָטען פון בוימער.

דאָס איז אָבער נור געווען ניט ווייט פון מאָסקאט, וואו דאָס לאנד איז גוט בעארבייט און עס געפינען זיך נאָך וועלדער פון צייט צו צייט. ווען דער קאראוואנען־פיהרער געפינט א גוטען פּלאַץ, בעוואקסען מיט גראָז, בלייבט ער שטעהן און לאָזט דיא טיהרע פרעסען דאָס גרינע, זאפטיגע גראָז. דאן מאכט מען א סטאציאָן און מען רוהט זיך אָפּ.

אויף איינער פון אזעלכע סטאציאָנען האָבען אונזערע דריי פראנצויזען זיך געזעצט עסען און זיי האָבען זיך צורעדט איבער דעם הויפּט צוועק פון זייער רייזע.

וויא פראנסוא האָט אויסגערעכענט, דארף זיך געפינען קיאמיל פאשא'ס אינזעל ערגעץ ניט ווייט פון סאהאר אין דעם פּערזישען גאָלף.

— וויא אזוי וועלען מיר אָבער קומען צום אינזעל? האָט טרעגאָמעין געפרעגט.

— סאהאר איז דאָך א פּאָרט־שטאָדט, אלזאָ געפינען זיך דארום געוויס פיעלע באָאטע און פישער שיפלעך, האָט זשאק דאראן געענטפערט. מיר

וועלען דינגען אָדער קויפען א באָאט אָדער א פישער שיפעל, אויף וועלכען מיר וועלען צופאָהרען צו מיין אינזעל, וועלען אויסגראָבען דיא פעסלעך מיט גאָלד און בריליאנטען און וועלען צוריק קומען נאָך סאהאר.

— דאָס איז שוין מעגליך, האָט טרעגאָמעין צוגעגעבען, אָבער וויא אזוי וועלען מיר ברייננגען דיעזע פעסלעך פון סאהאר נאָך מאָסקאט? מיר קענען זיי דאָך ניט טראָגען אויף אונזערע פּלייצעס.

— מיר וועלען זיי אָנלאָדען אויף קעמלען.

— איך האָב אָבער געהערט, אז דיא פּאָליציי אינטערעסירט זיך צו וויסען, וואָס פאר א סאָרט וואארע יעדער קויפמאן פיהרט.

זשאק דאָראן איז געוואָרען אונרוהיג. ער האָט אָנגעהויבען צו פערשטעהן, אז 20 מיליאָן קען מען ניט אזוי לייכט ארומפיהרען אין אזא ווילדען לאנד וויא אָמאן.

—צום טייפעל! האָט ער געשריען. פאר וואָס האָט קיאמיל פאשא פערגראָבען זיינע מיליאָנען גראדע אין אזא פערוואָרפענעם מעער און אין אזעלכע ווילדע געגענדען? האָט ער ניט געקענט אויסגעפינען א בעסערען אינזעל לעבען ציוויליזירטע לענדער?

זשאק דאָראן האָט געשריען, זיך געבייזערט, זיך געקאָכט, אָבער ער האָט זיך דאָך ניט געקענט העלפען. זיין אינזעל געפינט זיך דאָך אין פּערזישען גאָלף און דער סולטאן פון אָמאן קען צו יעדער צייט זאָגען, אז דער אינזעל געהערט צו איהם און דיא מיליאָנען געהערען צו איהם.

— איך וועל מוזען מיך ווענדען צו אונזער קייזער נאפּאָלעאָן דעם דריטען, האָט ענדליך זשאק דאָראן זיך ענטשלאָסען.

דאָס איז אָבער לייכט צו זאָגען, אָבער שווער אויסצופיהרען. עס איז נאָך א גרויסע פראגע, אויב נאפּאָלעאָן וועט זיך אָננעהמען פאר א פראנצויז, וועלכער געפינט אן אוצר אין א פרעמדען לאנד. וועט דען נאפּאָלעאָן ערקלעהרען קריעג דעם סולטאן פון אָמאן?

דיעזע טרויערינע געדאנקען האָבען פערביטערט דיא רייזע פון דעם אָרימען מיליאָנער זשאק דאָראן.

פראנסוא איז אויך ניט געוועזן שטארק פרעהליך. ער פלעגט אָפט דערמאָהנען זיין געליעבטע זשוליעט און פלעגט טראכטען, וואָס זיא מאכט דאָרט גאנץ ווייט אין סען מאלאָ.

דער איינציגער רייזענדער, וועלכער איז געבליעבען רוהיג און גלייכגילטיג, איז געוועזן גילדאס טרעגאָמעין. ער איז ניט געפאָהרען זוכען מיליאָנען, ער איז געפאָהרען נור צוליעב זיין פריינד.

איין מאָל, ווען מען איז געפאָהרען אויף'ן וועג און פראנסוא איז צוגעקומען נעהענטער צו איהם, האָט ער געפרעגט:

— גלויבסט דוא, פראנסוא, אין דיא מיליאָנען פון קיאמיל פאשא?

— איך ווייס אליין ניט וואָס צו זאָגען, האָט פראנסוא געענטפערט, וואָס נעהענטער מיר קומען צום אינזעל, אלץ וועניגער גלויב איך אין זיי.

— ביסט דוא זיכער, אז עס איז וועניגסטענס דאָ אזא אינזעל?

— דיא מעער קארטען, וועלכע איך האָב, ציינען פיעלע קליינע אינזלען אין דעם גאָלף.

— דאן וועלען מיר מוזען ארומפאָהרען פון איין אינזעל צום אנדערען און זוכען, וואו דער פאשא האָט פערגראָבען זיינע מיליאָנען.

— דאָס איז ניט אזוי שווער, וויא איהר דענקט, האָט פראנסוא געענט־פערט, איך האָב אלע מיינע אינסטרומענטען מיט מיר; ווען איך וועל זיין אויף'ן מעער, וועל איך קענען אויסרעכענען גאנץ גענוי, וואו דיעזער אינזעל געפינט זיך.

— וואָס וועט אָבער זיין, ווען מיר וועלען קומען אויף'ן אינזעל און דאָרט ניט געפינען דיא מיליאָנען?

— דאן וועלען מיר פאָהרען צוריק אהיים, האָט פראנסוא אויסגערופען.

דעם אנדערען טאָג איז דיא רייזע געוואָרען שווערער און אונאנגענעהמער. מען איז ארויסגעפאָהרען אויף א פרייען לאנד. דיא פעלדער און וועל־דער זיינען ביסלעכווייז פערשוואונדען און עס האָט זיך אָנגעהויבען א וויסטע, ווילדע, טרויעריגע געגענד.

דאָס טרויעריגסטע איז געווען, וואָס מען האָט ניט געפונען קיין וואַ־סער. מען האָט געזעהען פאר זיך נור זאמד און זאמד. פון ווייטען האָט זיך אויפגעהויבען א הויכער בארג, וועלכען דיא אראבער האָבען גערופען דשעבעל אחדן. ער איז בעשטאנען פון הויכע, צוריסענע, צושפּאָלטענע, צוואָרפענע שטיינער.

ביז אהער איז דער וועג געווען זעהר שלעכט; עס איז גאָר קיין וועג ניט גע־ווען, זאָנדערן א שמאָלער שטעג צווישען שטיינער און פעלזען. יעצט אָבער איז יעדער וועג פערשוואונדען און נור דער קאראוואנען־פיהרער און דיא אראבער האָבען געוואוסט וואוהין צו פיהרען זייערע מויל־עזלען און קעמלען.

ערשט יעצט האָבען אונזערע פראנצויזען אָנגעהויבען צו פיהלען, וואָס עס הייסט וואנדערען אין דער וויסטע; ערשט יעצט האָבען זיי פערשטאנען, וואָס עס הייסט א וויסטע.

זאָנדערבאר! וואָס שווערער עס איז געוואָרען דיא רייזע, אלץ לעבעדי־גער און טהעטיגער איז געוואָרען בן אָמאר'ס שרייבער. ער פלעגט ארומפאָה־רען דיא קאראוואנע און פלעגט זוכען צו רעדען מיט אלע אראבער. פראנסוא האָט עס גוט בעמערקט און ער האָט יעצט זעהר בעדויערט, וואָס ער פערשטעהט ניט קיין אראביש, ווייל בן אָמאר'ס שרייבער האָט גערעדט נור אראביש.

וואָס האָט אָבער געזוכט סואד פּאשא? ער האָט געזוכט מענער, וועל־כע זאָלען איהם העלפען אוועקנעהמען ביי דיא פראנצויזען דיא מיליאָנען פון זיין פערוואנדטעטן קיאמיל פּאשא.

דער דורכגעטריבענער סואד פּאשא האָט זיך אונטערגעהערט, וואָס דיא פראנצויזען האָבען גערעדט און וויא זיי האָבען אָבגערעדט, אז זיי וועלען קוי־פען אָדער דינגען א באָאט, מיט וועלכען זיי וועלען פאָהרען אויף'ן אינזעל. סו־אד האָט באלד געפּאסט א פּלאן, וויא אזוי אוועקצונעהמען ביי זשאק דאָראָן זיינע מיליאָנען. דערצו אָבער האָט ער געדארפט פיער־פינף קרעפטיגע און ענט־שלאָסענע מענער.

עס האָבען זיך אָבער געפונען אין דער קאראוואנע נאָך אנדערע פּערזאָנען, וועלכע האָבען זיך צוגעקוקט צו דיא פראנצויזען און צו דיא עגיפּטער, און האָבען זיך אונטערגעהערט צו יעדעס וואָרט, וואָס איינער פון זיי האָט ארויס־גערעדט. וויא קלוג און וויא דורכגעטריבען דיא עגיפּטער זיינען געווען, האָבען זיי דאָך ניט געוואוסט, אז מען שפּיאָנירט זיי, אז מען גיט אויף זיי אכטונג, אז מען פערצייכענט זיך יעדען שריט, וועלכען זיי מאכען און יעדעס וואָרט, וואָס זיי זאָגען.

אויף'ן דריטען טאָג פון זייער שווערער און לאנגווייליגער רייזע איז דיא קאראוואנע געבליבען שטעהן אום זיך אָבצורוהען, געמאכט א סטאציאָן אונטער א גרויסען בוים, אונטער א זאָנדערבארען בוים, א וואונדער פון דער נאטור, וועלכען מען קען זעהן נור אין דיא גאנץ הייסע געגענדען פון אזיען און אפריקא.

דיעזער בוים, דער ברויט בוים אָדער דער "באניאן בוים", וויא מען רופט איהם געוועהנליך, צוואוואקסט זיך אָפּט אזוי שטארק, אז ער שטעלט פאָר א רעגענשירם און זאָנענשירם, אונטער וועלכען עס קענען זיך שיצען פון דער זון און פון רעגען ביז צעהן טויזענד מענשען.

דיעזער בוים הויבט אָן צו וואקסען, וויא אלע בוימער: פון דער ערד געהט ארויס דער שטאם, דער קלאָץ, פון וועלכען עס וואקסען ארויס צווייגען אין אלע זייטען. ווען דיעזע צווייגען ווערען גרויס און ציהען זיך אויס, בוי־גען זיי זיך אראָב צו דער ערד, גראָבען זיך איין און עס ווערען פון זיי וואָרצ־לען, נייע שטאמען, נייע קלעצער, וועלכע הויבען זיך און ווערען בעוואקסען מיט נייע צווייגען. דיעזע נייע צווייגען וואקסען איינינגע יאָהר אין דער הויך, וויא געוועהנליכע צווייגען פון בוימער, דאן בויגען זיי זיך אראָב, גראָבען זיך איין אין דער ערד און עס ווערען פון זיי נייע שטאמען, נייע קלעצער, פון וועלכע עס וואקסען ארויס נייע צווייגען.

אויף דיעזער ארט בילדעט זיך צווישען דעם אלטען שטאם און דיא נייע שטאמען געוועלבען, גאלערעען, גרינע קיאָסקען און היטען (בעסיעדקעס), אונ־

טער װעלכע א גאנצע קאראװאנע קען זיך אױסרוהען אין קיהלען שאָטען און זיך שיצען געגען שטורם און רעגען.

די נייע שטאמען בילדען זײלען, קאָלאָנען, צװישען װעלכע א מענש און אפט זאָגאר א רײטער מיט זיין קעמעל קען רוהיג און בעקװעם ארומשפאציע־רען א גאנצע שטונדע.

עס איז, דאכט זיך, נור איין בוים, אבער דיעזער איינער בוים איז א גאנ־צער װאלד, א געדיכטער װאלד מיט גענוג װעגען און שטעגען אונטער איהם.

װער עס האָט ניט געזעהען מיט זיינע אייגענע אויגען אזא אלטען בוים, דער קען זיך קוים פארשטעלען, װיא גרויס אזא בוים איז, װיא שטארק ער צוא־װאקסט זיך און װאָס פאר א גרויסען פלאַץ ער פערנעהמט.

אין א געװיסען אָרט אין אינדיען, לעבען דעם טייך נערבודדא, געפינט זיך א באניאן בוים, פון װעלכען מען דערצעהלט אז נעארכוס, א גענעראל פון אלכסנדר מוקדון, האָט אויפגעשלאָגען זיין לאגער אונטער איהם און זיין אר־מעע פון זיבען טויזענד מאן האָט געפונען שוץ און קיהלונג אונטער די צװייגען פון דיעזען בוים.

אויף דער װיסענשאפטליכער שפראך הייסט דיעזער בוים **Ficus Indica** דער פייגען בוים פון אינדיען. מען קען זיך אָנשטויסען, אז דיעזער בוים פלעגט אמאָל װאקסען אין פאלעסטינא און דאָס מיינט דער פסוק: וישב ישראל איש תחת גפנו ואיש תחת תאנתו (ישראל האָט געלעבט רוהיג, יעדער אונטער זיין װיינשטאָק און יעדער אונטער זיין פייגענבוים). א פאמיליע קען גאנץ בע־קװעם זיך איינריכטען אונטער אזא פייגענבוים, װעלכער גיט איהר װאָהנונג און נאהרונג, װייל די פריכטע פון דיעזען בוים װערען געגעסען רויהערהייט, גע־קאָכטערהייט און מען קען זיי אויך בראטען און באקען.

מען רופט דיעזען בוים אויך דער ברויט בוים, װייל די איינװאָהנער פון אינדיען און פון דעם אינזעל סיילאָן מאכען פון די פריכטע א סאָרט טייג, װעלכעס זיי באקען אויף הייסע שטיינער און עסען עס אלס ברויט.

אונטער אזא באניאן בוים אָדער ברויט בוים האָט יעצט די קאראװאנע געמאכט איהר סטאציאָן.

טרעגאָמעין איז אראָבגעקראָכען פון זיין קעמעל און האָט בעטראכט מיט שטוינען און פערװאונדערונג דיעזען זאָנדערבארען בוים, װעלכער בילדעט אליין א גאנצען װאלד. אזא װאונדער האָט ער געװיס ניט געזעהען אין פראנק־רייך און אזוי װיא ער איז ניט געװען א גרויסער ליעבהאָבער פון לעזען ביכער, האָט ער אויך קיין מאָל ניט געלעזען פון אזא בוים.

ער איז געװען אזוי ערשטוינט און פערװאונדערט פון דיעזען בוים, אז ער האָט ניט װילענדיג אויסגערופען:

— ביי גאָט! װיא פיעל צװייגען האָט דען דיעזער בוים?

— מעהר וויא צעהן טויזענד! האָט געענטפערט א שטימע לעבען איהם אויף ענגליש.

טרעגנאָמעין האָט זיך אומגעקוקט און האָט דערזעהן הינטער זיך אן אראַבער. טרעגנאָמעין, וויא אַלע פראנצויזישע מאטראָזען, וועלכע וואָהנעןביים קאנאל נעגען ענגלאנד, האָט פערשטאנען אביסעל ענגליש, ניט פיעל, אָבער דיא ווערטער "טען טהאוזענד" האָט ער שוין גוט פערשטאנען.

וויא קומט אָבער אן אראבער צו רעדען ענגליש? פון וואנען האָט דיעזער אראבער געוואוסט, אז דער פראנצויז פרעגט, וויפיעל צווייגען דיעזער בוים האָט?

דאָס האָט דער איינפאכער גוטער טרעגנאָמעין ניט געקענט וויסען. ער האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלען, אז דיעזער אראבער איז א דעטעקטיוו, אן אגענט פון דער געהיימער פאָליציי פון זיין האָהייט, דעם סולטאן פון אָמאן.

דער שעף פון דער פאָליציי פון מאָסקאט האָט געוואוסט, אז קוים זיינען דיא דריי פראנצויזען אָנגעקומען און האָבען אָבגעלעגט זייער באגאזש, זיינען זיי געגאנגען צום פראנצויזישען קאָנסול, וואו זיי זיינען געבליבען א גאנצע שטונדע, דאן האָט דער קאָנסול געשיקט מיט זיי זיינעם א מענשען אין קאראוואן סאראי, וואו זיי האָבען אָבגערעדט צו פאָהרען מיט דער קאראוואנע נאָך סאהאר. צו וואָס דיעזע פראנצויזען זיינען געקומען נאָך אָמאן און וואָס זיי ווילען דא טהאָן, האָט דער שעף פון דער פאָליציי ניט געקענט אויסגעפינען, ער האָט דארום געשיקט מיט דער קאראוואנע צוויי פון זיינע בעסטע דעטעקטיווס, מענער, וועלכע האָבען גערעדט פיעלע אָריענטאלישע שפראכען, גאנץ גוט ענגליש און אביסעל פראנצויזיש.

איינער פון דיעזע דעטעקטיווס האָט יעצט גערעדט מיט טרעגנאָמעין'ען. ווען ער וואָלט געטראָפען פראנסואַ'ן, וואָלט ער זיך געוויס געווען צורעדט מיט איהם און וואָלט געוויס געזוכט איהם צו שלעפען ביים צונג און ארויסקריגען פון איהם צו וואָס זיי זיינען געקומען נאָך אָמאן. טרעגנאָמעין אָבער האָט גערעדט נור פראנצויזיש, ער האָט פערשטאנען נור זעהר וועניג ענגליש און דער דעטעקטיוו האָט ניט פערשטאנען אזוי פיעל פראנצויזיש, אום זיך קענען פאנאנדעררעדען מיט דעם עכטען פראנצויז.

איינינע מינוטען האָבעןביידע מענער פּרובירט רעדען איינער מיט'ן אנדערען, ווען טרעגנאָמעין האָט אָבער געזעהען, אז ער קען זיך ניט גוט צוזאמענרעדען מיט דיעזען אראבער, האָט ער צוגערופען פראנסואַ.

— קום נור אהער, פראנסואַ! האָט טרעגנאָמעין אויסגערופען, אָט האָסט דוא א נייעם וואונדער, אן אראבער, וועלכער רעדט ענגליש.

פראנסואַ איז צוגעקומען און האָט אָנגעהויבען צו רעדען מיט דעם אראַבער. עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז דער אראבער איז א דאָלמעטשער ביים

ענגלישען קאָנסול אין מאָסקאַט. דאָס איז געוועזן זעלבסטפערשטענדליך א ליגען. דער דעטעקטיוו פון דער פאָליציי פון אָמאן האָט נור געוואָלט ערקלערען דעם פראנצויז, פאר וואָס ער רעדט אזוי גוט ענגליש.

פראנסוא איז באלד בעקאנט געוואָרען מיט דעם דעטעקטיוו און איז זאָגאר געוואָרען מיט איהם א גוטער פריינד, ווייל דער אראבער האָט איהם ערקלערט, אז ער ליעבט זעהר פראנצויזען און איז בעריית צו טהאָן פאר זיי אַלעס, וואָס ער וועט נור קענען.

דער סולטאן פון אָמאן האָט געהאט גוטע, געשיקטע אגענטען פון זיין געהיים פאָליציי. דער דעטעקטיוו האָט עס געמאכט אַזוי קלוג און אזוי געשיקט, אַז פראנסוא איז געוועזן גליקליך, וואָס ער האָט געפונען אזא גוטען און פריינדליכ'ען מענשען צווישען דיא אראבער.

ווען פראנסוא האָט דערצעהלט דעם דעטעקטיוו, אז זיי ווילען אויסזוכען אן אינזעל אין גאָלף, וואו עס ליעגט בעהאַלטען א וויכטיגער היסטאָרישער דאָקומענט פון אַלטע צייטען (זעלבסטפערשטענדליך, אז ער האָט איהם ניט דערצעהלט אז אויף דעם אינזעל געפינען זיך מיליאָנען) און זיי מוזען האָבען א באָאט, האָט דער דעטעקטיוו אָנגעבאָטען זיינע דיענסטע: ער וועט זיי פערשאפען א באָאט און פערזאָרגען אַלעס נויטהיגע. ער איז געבאָרען אין סאהאר און קען דאָרט יעדען פישער און יעדען בארקע־מאן.

פראנסוא האָט צוגערופען זיין אָנקעל זשאק דאָראן און האָט איהם דערצעהלט וואָס פאר א גליק עס האָט זיי געטראָפען דערמיט, וואָס זיי האָבען געפונען אן אראבער, א געבאָרענעם אין סאהאר, וועלכער איז בעריית און וויליג זיי אַלעס צו ווייזען און אין אַלע בעציהונגען צו העלפען, ווען מען וועט איהם נור בעצאָהלען פאר זיין מיה.

— דאָס איז גוט! האָט זשאק דאָראן אויסגערופען, זאָג איהם, אז איך וועל איהם אזוי גוט בעצאָהלען, אז ער וועט מיך האָבען צו געדענקען.

— עס איז נאָך א פראגע, אויב עס וועט זיין מיט וואָס איהם צו בעצאָהלען, האָט טרעגאָמעין געברומט אונטער דער נאָז.

פראנסוא איז געוועזן העכסט צופריעדען וואָס ער איז בעקאנט געוואָרען מיט דיעזען אראבער, אָבער גאנץ אונצופריעדען איז געוועזן סואד פאשא. ער האָט גוט געוואוסט, ווער דיעזער אראבער איז. ער האָט גוט געוואוסט, אז דאָס איז א דעטעקטיוו, אן אגענט פון דער געהיים פאָליציי פון מאָסקאַט. ווען דיעזער דעטעקטיוו וועט פאָהרען מיט זשאק דאָראן אויף'ן אינזעל און ער וועט זעהן וויא מען גראָבט אויס דיא פעסלעך מיט דיא מיליאָנען, וועט ער עס געוויס מעלדען דעם סולטאן פון אָמאן און דער סולטאן וועט צונעהמען אַלע מיליאָנען.

מען האָט פערבראכט דיא נאכט אונטער דעם באניאן בוים, א נאסט־

הויז, וואס דיא נאטור האט אויסגעבויט פאר מיעדע רייזענדע אין יענע הייסע געגענדען.

דעם אנדערען טאג גאנץ פריה איז מען ווייטער געפאהרען. יעצט האט זיך אנגעהויבען א גאנץ פלאכע געגענד, אהן א בערגעלע, אהן א בוים, אהן א בלאט און אהן א גראז, א וויסטע, א שרעקליכע וויסטע, וואו מען האט געזעהען נור הימעל און זאמד.

דיא היץ איז געווארען שרעקליך, אונערטרעגליך. דער עקס־קאפיטאן פון דער בארקע "דיא שעהנע אמאליע" האט מורא געהאט, אז ער וועט צושמאלצען ווערען פון דער היץ, וויא דיא אייזבערג, ווען זיי קומען אריין אין ווארעמע וואסערען.

דער אגענט פון דער געהיימער פאליציי פון מאסקאט איז געווארען דער בעסטער פריינד פון פראנסוא און זשאק דאראן. ער האט געהייסען סעלים און איז געוועזען איינער פון דיא בעסטע און פעהיגסטע דעטעקטיוום פון דעם סולטאן פון אמאן. ער האט אזוי קלוג און אזוי געשיקט זיך אריינגע'גנב'עט אין דאס צוטרויען פון דיא פראנצויזען, אז זיי זיינען געוועזען בערייט איהם אלעס צו ערקלערען און אלעס צו דערצעהלען, אבער דיא שרעקליכע היץ און דיא שווערע רייזע אין דער וועסט מאכט א מענשען, בעזאנדערס אן אייראפעער, רוהיג, שטיל און פערטראכט.

דיא וויסטע ווירקט וויא א צויבער אויף מענשען און טהיערע. דיא וויסטענייא איז שטום און דער מענש ווערט שטום אין דער וויסטע, אבער ניט נור דער מענש, אויך דיא טהיערע: דיא עזלען, דיא קעמלען, דיא מויל־עזלען, דיא פערד און אלע אנדערע טהיערע ווערען רוהיג און שטיל אין דער וויסטע. איין איינציגעס טהיער לאזט זיך הערען אין דער וויסטע, דאס איז דער לייב; ווען ער הויבט אן צו ברומען, ציטערען אלע טהיערע און דער מענש, דער אראבער, וועלכער איז געוואהנט צו דער וויסטע, ווערט בלייך און בלייבט שטעהן. ערשט אין דער וויסטע פערשטעהט מען דעם זין פון דעם אידישען נביא, וועלכער האט געזאגט: "אריה שאג, מי לא יירא?" ווען דער לייב ברומט, ווער ציטערט עס ניט?

מיעד, מאט, צובראכען, ערשעפפט און טרויעריג איז דיא קאראוואנע אנגעקומען שפעט ביינאכט אין סאהאר.

14טעם קאפיטעל.

## סעלים קריעגט א באאט

סאהאר איז א מערקווירדיגע, עכט אראבישע שטאדט. עס איז וואהר, אז דיא גאסען זיינען ריין און שעהן, עס איז אויך וואהר, אז דיא שטאדט

האט א גוטע וואסער לייטונג, וועלכע בריינגט גוטעס, פרישעס, ריינעס וואסער פון דיא בערג ארום; עס איז ווידער וואהר, אז סאהאר איז א רעכט לעבעדיגע האנדעלס שטאדט; און דאך איז זיא אן עכט אראבישע שטאדט. דער איירא־פעער, וועלכער בערייזט דיא וועלט צום פערגניגען, געפינט ניט אין סאהאר קיין נייעס, קיין אינטערעסאנטעס. אלעס איז שטיל, רוהיג, שלעפעריג, פערשטיינערט. אין דער גאנצער שטאדט געפינט זיך ניט קיין האטעל, וויא איירא־פעער פער־שטעהען דיעזעס ווארט. עס געפינט זיך נור א קאראוואן סאראי, דאס הייסט, א גרויסער פלאץ ארומגעצאמט פון בוימער, וואוהין עס קען אריינפאהרען דיא גרעסטע קאראוואנע: דיא עזלען, קעמלען און מויל־עזלען בלייבען אין דרויסען און פאר דיא פאסאזשירען איז אויסגעבויט א גרויס, נידעריג הויז מיט פיעלע קליינע צימערען, ריכטיג געזאגט, קעמערלעך מיט ברייטע הילצערנע בענק, אויף וועלכע דיא פאסאזשירען קענען שלאפען, ווען זיי ווערען געוואהנט מיט אלע מעגליכע פליגען און אנדערע קליינע, אונאנגענעהמע זעקס־און־אכט־פיסיגע טהיערע, וועלכע איירא־פעער ליעבען ניט. עסען קען מען ניט בעקומען אין אזא קאראוואן סאראי, יעדער פאסאזשיר מוז זיך אליין פערזארגען מיט זיין נאכט־עסען אדער מיט זיין מיטאג־עסען.

דער אגענט פון דער געהיים פאליציי סעלים האט באלד אויסגעפונען א צימער פאר דיא דריי פראנצויזען, וועלכע זיינען געוועזען אזוי מיעד און אזוי צובראכען פון דער רייזע, אז זיי האבען זאגאר ניט געקענט דענקען פון עסען און האבען זיך באלד געלעגט שלאפען.

אבער נור פראנסוא און טרענאמעין האבען געקענט באלד אנטשלאפען ווע־רען, זשאק דאראן האט ניט געקענט שלאפען. ערשט יעצט האט ער אנגעהויבען צו פיהלען, וויא שווער עס איז אויפצוהויבען אין אזא ווילדען לאנד אן אוצר פון 20 מיליאן. ער האט אפילו ניט געוואוסט, אז סעלים איז א דעטעקטיוו, אבער ער האט שוין גוט געוואוסט, אז דער סולטאן פון אמאן איז א זעלבסט־הערשער, א דעספאט אין זיין לאנד. וואס וועט ער טהאן, ווען דער סולטאן וועט וועלען צונעהמען זיינע מיליאנען?

אויך סואד פאשא האט ניט געקענט שלאפען. ער איז ניט מיעד געוועזען פון דער רייזע. אלס עכטער עגיפטער איז ער געוועזען געוואהנט צו א רייזע אין דער וויסטע, ער איז אבער דאך געקומען אום מיט גוטען אדער מיט בייזען אוועקצונעהמען ביי דיא פראנצויזען דיא מיליאנען פון זיין אנקעל, און יעצט וועט ער מוזען זיך שטעלען געגען דעם סולטאן פון אמאן.

סואד פאשא האט אויך אנגעהויבען צו טראכטען, ער זאל זיך ווענדען צום כעדיוו אדער וויצע־קעניג פון עגיפטען, אבער דער כעדיוו קען פאר איהם גארניט טהאן, ווייל דער כעדיוו האט דא ניט קיין קאנסולען און קיין געזאנ־דטע. דער איינציגער, וועלכער קען עפעס טהאן פאר איהם, איז דער סולטאן

פון טירקיי. וועט אָבער דער סולטאן אין קאָנסטאנטינאָפּאָל וועלען זיך אָננעהמאן פאר א פּאשא פון עגיפּטען ?

ביידע, זשאק דאָראן און סואד פּאשא, האָבען ניט געקענט שלאָפען דיעזע נאכט. זשאק דאָראן האָט זיך געבראָכען דעם קאָפּ וויא אזוי געפינט מען א באָאט, אויף וועלכען מען זאָל קענען פאָהרען צום אינזעל, אויסגראָבען דיא מיליאָנען און אנטלויפען, וואו דיא פיס טראָגען. סואד פּאשא האָט געטראכט, וויא אזוי צו געפינען מענשען, וועלכע זאָלען איהם העלפען אוועקנעהמען ביי דיא פראנצויזען דיא מיליאָנען און דאן אנטלויפען מיט זיי פון אָמאן.

פאר ביידע איז דיעזע נאכט געוועזען זעהר א טרויעריגע. ענדליך איז עס אָבער דאָך טאָג געוואָרען און יעדער האָט געמוזט עפּעס טהאָן אום צו בעקומען דיא מיליאָנען.

זשאק דאָראן איז געוועזען זעהר אויפגערעגט און מען קען זאָגען, האלב וואהנזיניג, אָבער ער האָט נאָך געהאט אזוי פיעל געזונדען מענשען־פערשטאנד אום זיך צו ענטשליסען, אז דער איינציגער מענש, וועלכער קען איהם ווירקליך העלפען אין זיין זאָנדערבארער לאגע, איז דאָך סעלים; ער איז בעקאנט מיט דער געגענד, ער איז א מאחמאדאנער און אראביש איז זיין מוטער־שפּראך. ער קען אלזאָ אויסזוכען א באָאט, ער קען דינגען מענשען, וועלכע זאָלען אויסגראָבען דיא מיליאָנען און ער קען געוויס עס אזוי איינריכטען, אז דער סולטאן פון אָמאן זאָל ניט געוואָהר ווערען, אז פראנצויזען זיינען געקומען ארויסנעהמען פון זיין לאנד אן אוצר פון צוואנציג מיליאָן.

ווען פראנסוא איז אויפגעשטאנען האָט איהם זיין אָנקעל ערקלערט, וואָס ער האָט בעשלאָסען צו טהאָן, און צולעצט האָט ער בעמערקט:

— איך האָב אָבער קיין פיעל צוטרויען ניט צו אלע אראבער און אויך ניט צו אונזער פריינד סעלים, דוא דארפסט אלזאָ איהם ניט אויסזאָגען, אז מיר געהן זוכען אויף'ן אינזעל מיליאָנען. זאָג איהם, אז מיר זיינען געלערענטע און מיר זוכען אויף מיין אינזעל אלטע דאָקומענטען.

— איהר האָט פּאָלקאָם רעכט, האָט פראנסוא געענטפערט, אויך איך האָב ניט קיין גרויסען צוטרויען צו אונזער אראבער, אָבער וואָס קענען מיר דען אנדערש טהאָן ?

אנדערש האָט מען אויך ניט געקענט טהאָן. פראנסוא האָט געמוזט דערצעהלען דעם אראבער סעלים, אז ער מוז האָבען נאָך היינט א באָאט אָדער א שיפעל.

— ווילט איהר דען אריבערפאָהרען דעם פערזישען גאָלף ? פאָהרט איהר נאָך פערזיען ? האָט סעלים געפרעגט גאנץ אונשולדיג.

— ניין, האָט פראנסוא געזאָגט, מיר פאָהרען ניט נאָך פערזיען, מיר ווילען

נור גענוי וויסען און גענוי פערצייכענען, וויא פיעל אינזלען געפינען זיך אין דיע־זען גאָלף און ווען עס וועט מעגליך זיין אויך בעשרייבען יעדען אינזעל בעזונ־דער.

— דאָס קומט מיר פאָר עטוואָס זאָנדערבאר, האָט סעלים בעמערקט.

— זאָנדערבאר? פאר וואָס קומט עס אייך פאָר זאָנדערבאר? מיר, אייראָ־פּעער זיינען געלעהרטע, וועלכע בעשעפטיגען זיך דערמיט צו בעשטימען גענוי, וויא פיעל אינזלען עס געפינען זיך אין יעדען מעער.

— אָבער דיא אינזלען אין דיעזען גאָלף זיינען אזוי קליין און אזוי ווערטה־לאָז, אז איך קען מיר גאָר ניט פאָרשטעלען, אז עס זאָל ווערט זיין דיא מיה זיי אויסצופאָרשען.

— מיר ווילען עס אָבער דאָך טהאָן, האָט פראנסוא בעמערקט.

— נו, גוט, וועל איך זוכען פון אייערטוועגען א באָאט, האָט סעלים געענטפערט רוהיג. איך וועל אויך געפינען מענשען, וועלכע וועלען פיהרען דאָס באָאט, איך מוז אייך אָבער זאָגען, אז דאן מוזט איהר אָנגרייטען עסען פאר דיא מענשען.

— פערזאָרגט אלעס, ליעבער סעלים, מיר וועלען אייך דאנקבאר זיין, האָט פראנסוא געזאָגט.

— אזוי וויא איהר קענט ניט קיין אראביש און זייט ניט בעקאנט מיט דיא היגע מענשען, וואָלט פיליייכט בעסער געווען איך זאָל מיטפאָהרען מיט אייך אויף אייער רייזע אויסצופאָרשען דיא אינזלען? האָט סעלים ווייטער גע־פרעגט.

— איהר האָט רעכט, ליעבער סעלים, האָט פראנסוא געענטפערט, פאָהרט מיט אונז און זייט אונזער דאָלמעטשער.

סעלים איז אוועקגעגאנגען זוכען דאָס באָאט און דיא נויטהיגע מענשען.

פראנסוא האָט דערצעהלט זיין אָנקעל אלעס, וואָס ער האָט אָבגערעדט מיט דעם אראבער, זשאק דאָראן איז געווען צופריעדען; ער האָט געמוזט זיין צופריעדען, וואָס דען האָט ער געקענט טהאָן?

אלע דריי פראנצויזען זיינען געגאנגען זוכען עפּעס עסען, אין סאהאר געפינען זיך אָבער ניט קיין רעסטאָראנען. יעדער מוז אליין קויפען זיין עסען און עס פאָרבערייטען, וויא ער פערשטעהט און וויא ער קען.

זיי זיינען ארומגעגאנגען א לאנגע צייט אין דיא גאסען און האָבען ענדליך געמוזט זיך צופריעדענשטעלען מיט פרוכט און מיט געטריקענטע פיש.

דיא צייט איז פערגאנגען, עס איז געוואָרען צוועלף, איינס, צוויי אוהר, סעלים איז ניט צוריקגעקומען. זשאק דאָראן איז געוואָרען אונגעדולדיג און האָט אָנגעהויבען זיך צו בייזערען.

— פאר וואס האסט דוא זיך פערטרויט אויף דיעזען לומפ, אויף דיעזען אראבער? האט ער געשריען.

— ווייל איך האב קיין בעסערען ניט געפונען, האט פראנסוא געענטפערט.

— אבער ער וויל מיך בערויבען! ער וויל צונעהמען מיין געלד.

— איך האב איהם קיין געלד ניט געגעבען.

— דאן האסט דוא געטהאן זעהר שלעכט! פאר וואס האסט דוא איהם קיין געלד ניט געגעבען? האט זיך געקאכט זשאק דאראן. ווען דוא זאלסט איהם געווען געבען געלד, וואלט ער געקענט עפעס טהאן פאר אונז.

— ער זאל געווען בעטען, וואלט איך איהם געווען געגעבען.

זשאק דאראן האט זיך ווייטער געקאכט און געבייזערט, אבער פראנסוא האט איהם שוין מעהר גאר ניט געענטפערט.

אלע דריי זיינען אוועק צום ברעג פון מעער, וועלכער איז געווען ניט ווייט פון דעם קאראוואן סאראי, פיליכט וועלען זיי געפינען דעם אראבער סעלים.

ווען זיי וואלטען געקענט אראביש, אדער ווען דיא איינוואהנער פון סאהאר וואלטען גערעדט פראנצויזיש, וואלטען זיי געווים געקענט לייכט אויסגעפינען דעם אראבער סעלים אדער זיי וואלטען גערונגען א באאט אהן איהם. אבער דיא פראנצויזען איז קיין מאל ניט איינגעפאלען צו שטודירען אראביש און דיא אראבער פון סאהאר האבען ניט געוואלט לערנען פראנצויזיש.

זשאק דאראן האט ערשט יעצט אנגעהויבען צו פערשטעהן, וויא נויטהווענדיג עס איז צו קענען פרעמדע שפראכען, ווען מען פאהרט אין פרעמדע לענדער.

— פיליכט וואלטען מיר געבעטען אמאר׳ען אדער זיין שרייבער, זיי זאלען זוכען פאר אונז א באאט? האט גאר פלוצלונג טרעגאמיין בעמערקט.

— אויף קיין פאל ניט! האט זשאק דאראן אויסגערופען. איך וויל פון זיי ניט וויסען.

פונקט אין דיעזער מינוט זיינען זיי אנטקעגען געקומען ביידע עגיפּטיאנער.

— עס איז דייטליך, אז בן אמאר וויל רעדען צו אונז, האט טרעגאמיין בעמערקט, לאמיר הערען, וואס ער וויל אונז זאגען.

— לאז ער נור צוקומען צו מיר! האט דאראן געשריען. איך וועל איהם צוברעכען דעם קאפּ.

— לאמיר זיך גוט איבערלעגען, ליעבער אנקעל, האט פראנסוא געבעטען, לאמיר פערשטעהן אונזער לאגע.

— וואס קענסט דוא פערשטעהן? דוא פערשטעהסט אויך עפּעס?

— איך פערשטעה גארניט, אבער ערלויבט מיר אייך עפּעס צו פרעגען.

— נו, וואס ווילסט דוא פרעגען?

— איהר ווילט ניט, אז בן אמאר זאל וויסען, וואוהין מיר פאהרען?
— געווים וויל איך עס ניט.
— דענקט איהר צו האלטען, וואס עס שטעהט אין דעם טעסטאמענט פון קיאמיל פאשא?
— איך וויל עס האלטען.
— דאן שטעהט דאך דארט, אז בן אמאר זאל בעקומען איינס פראצענט.
— דאס וועט ער אויך בעקומען.
— עס שטעהט דאך אבער אויך אין טעסטאמענט, אז בן אמאר זאל זיין דערביי, ווען מען וועט אויסגראבען דיא מיליאנען.
— אזוי שטעהט אין טעסטאמענט.
— אויב אזוי, מוזט איהר דאך צוגעבען, ליעבער אנקעל, אז ער דארף וויסען, וואו דיא מיליאנען ליעגען פערגראבען און ער דארף אויך פאהרען מיט אונז.
— ער מעג פאהרען מיט אונז, האט זשאק דאראן צוגעגעבען.
— דאן ווארום זאלען מיר איהם ניט בענוצען אלס אינסטרומענט, ער זאל אונז העלפען קומען אויף'ן אינזעל?
— ניין! דאס וויל איך ניט! האט זשאק דאראן געשריען. איך וויל ניט וויסען און וויל ניט קענען דיעזען טויגעניכטס, דיעזען רויבער, וועלכער האט געוואלט אוועקרויבען ביי מיר מיין ברויט.
— מיר מוזען איהם אבער דאך יעצט געברויכען, האט טרעגאמעין זיך ארייגעמישט.
— מוזען? האט זשאק דאראן אויסגערופען און האט אנגעהויבען צו טאנצען פאר צארן און פערדרוס.
— נו, ניט מוזען, זאנדערן קענען... מיר קענען דאך איהם יעצט געברויכען.
— האסט דוא געענדיגט? האט דאראן געפרעגט זיין נעפע.
— יא, איך האב געענדיגט.
— האסט דוא נאך עפעס צו זאגען? האט דאראן געפרעגט זיין פריינד טרעגאמעין.
— איך האב מעהר גאר ניט וואס צו זאגען.
— דאן געהט און טהוט, וואס איהר ווילט. איהר מעגט אייך רעדען מיט בן אמאר'ען אדער מיט אלע אראבער פון עגיפטען און פון אמאן, איך אבער וויל פון זיי ניט וויסען.

מיט דיעזע ווערטער האט זיך זשאק דאראן אוועקגעהערט פון זיינע בעגלייטער און איז צוריקגעגאנגען אין קאראוואן סאראי.

פראנסוא און טרעגאמעין זיינען געבליבען שטעהן אייניגע מינוטען, וויא

פערשטיינערט. דיעזע אייניגע מינוטען האָבען בענוצט בן אַמאר מיט זיין שרייבער. בן אַמאר איז צוגעקומען צו זיי, האָט זיך פערנייגט גאנץ טיעף און האָט געזאָגט:

— מיינע הערען, ווילט איהר מיר ערלויבען?...

— מאכט עס קורץ, הערר בן אַמאר, האָט פראנסוא געבעטען. זאָגט, וואָס איהר ווילט און וואָס איהר פערלאנגט פון אונז.

— מעג איך וויסען, וואו איז דיא ענדע פון אונזער רייזע?

— יא.

— וואו געפינט זיך אַלזאָ דער אינזעל, וועלכען מיר זוכען?

— ער געפינט זיך דאָ ערגעץ ניט ווייט פון סאהאר, האָט פראנסוא גע־ענטפערט.

— דאן מוזען מיר ווידער פאָהרען אויף דעם מעער? האָט בן אַמאר געפרעגט טרויעריג.

ער האָט זיך דערמאָהנט אָן דער ים־קראנקהייט און האָט א ציטער גע־טהאָן.

— יא, מיר מוזען פאָהרען אויף׳ן מעער, האָט פראנסוא געענטפערט.

— און וואו דארפען מיר זיך אויפזעצען?

— דאָ, אין סאהאר.

— ווען?

— ווען מיר וועלען קענען.

— ווען וועלען מיר עס אָבער קענען?

— פיליייכט נאָך היינט, פיליייכט ערשט מאָרגען.

בן אַמאר איז געווען צופריעדען. ער האָט יעצט געוואוסט אלעס, וואָס ער האָט געוואָלט וויסען. סואד פאשא איז געוויס געווען צופריעדען. יעצט ווייס ער שוין פאר געוויס, אז דער אינזעל, וואו קיאמיל פאשא האָט פערגראָבען זיינע מיליאָנען, געפינט זיך ערגעץ ניט ווייט פון סאהאר, און אזוי וויא סאהאר געפינט זיך ניט ביים וועלט־מעער, ניט ביי א מעער זאָגאר, זאָנדערן ביי א בוכטע פון א מעער, איז עס דאָך גאנץ לייכט דעם אינזעל אויסצוגעפינען.

סואד פאשא אָדער נאזים בן אבדאללאה האָט געגעבען א וואונק צו בן אַמאר׳ען, אז מעהר דארף ער ניט וויסען.

ביידע עגיפּטיאנער האָבען זיך פערנייגט פאר דיא פראנצויזען און זיינען אוועקגעגאנגען.

— פאר וואָס האָסט דוא זיי ניט געזאָגט, אז מיר מוזען האָבען א באָאט און מיר קענען עס ניט קריעגען, וויל מיר קענען זיך ניט צונויפריידען מיט דיא פישער? האָט טרעגאָמעין געפרעגט, ווען דיא עגיפּטיאנער זיינען אוועק־געגאנגען.

— איך האָב מורא פאר מיין אָנקעל, איז געווען דיא אנטוואָרט.

— אָבער מיר מוזען דאָך עפּעס טהאָן...

אין דיעזער מינוט איז פון ערגעץ אָנגעקומען סעלים.

פראנסוא און טרעגאָמעין זיינען איהם אנטקעגענגעלאָפען.

— ענדליך זייט איהר דאָך געקומען! האָט פראנסוא אויסגערופען אויף ענגליש. וואו זייט איהר געוועזען א גאנצען טאָג?

— ענטשולדיגט מיר, וואָס איך האָב מיך פערשפּעטיגט, האָט סעלים געזאָגט העפליך און פריינדליך, איך האָב ניט געקענט פריהער קומען, עס איז ניט אזוי לייכט געווען צו געפינען, וואָס איך האָב געזוכט.

— אָבער יעצט האָט איהר שוין א באָאט? האָט איהם פראנסוא אונטערבראָכען.

— יעצט האָב איך שוין א באָאט.

— אלזאָ קענען מיר נאָך היינט אוועקפאָהרען?

— ליידער, ניין, האָט סעלים געענטפערט.

— פאר וואָס ניין?

— ווייל מיר האָבען נאָך ניט גענוג מאטראָזען.

— אלזאָ, ווען וועלען מיר קענען ארויספאָהרען?

— מאָרגען אין דער פריה.

— נו, זאָל זיין מאָרגען, ווען עס איז אונמעגליך היינט, האָט פראנסוא געמוזט צוגעבען.

— אין אונזערע געגענדען מוז מען האָבען צייט, האָט סעלים בעמערקט.

— דאן קומט אין קאראוואן סאראי, דאָרט געפינט זיך מיין אָנקעל, און דאָרט וועלען מיר אלעם אָברעדען.

סעלים איז געגאנגען מיט זיי אין קאראוואן סאראי, וואו פראנסוא האָט דערצעהלט זיין אָנקעל, אז מאָרגען גאנץ פריה וועלען זיי ארויספאָהרען אויף זיין אינזעל.

זשאק דאָראָן איז געוועזען גליקליך. ענדליך האָט ער שוין אלע מיטעל צו קומען צו זיינע מיליאָנען.

ער האָט געוואָלט געבען סעלים'ען געלד, אָבער דער גוטער אראבער האָט ערקלעהרט, אז אזוי וויא ער פאָהרט מיט זיי און ער מוז פאָהרען מיט זיי, ווייל דיא מאטראָזען זיינען דאָך אלע אראבער, וועט ער בעקומען זיין בעלוינונג שפּעטער.

— האָבען מיר נאָך עפּעס צו טהאָן?

— נור אָנגרייטען פּראָוויאנט.

— דאן מוז מען דאָך עס קויפען?

— געוויס.

— וויא פיעל דארפט איהר אויף פראָוויאנט?

— צעהן דאהירס ווערלען זיין גענוג, האָט סעלים געענטפערט.

א דאהיר איז א גאָלדענע מטבע, וועלכע איז ווערטה אונגעפעהר צוואנ־ציג פראנק.

זשאק דאָראן האָט געגעבען דעם אראבער סעלים צעהן נאפּאָלעאָנס און איז געווען העכסט צופריעדען, וואָס דיא געשיכטע האָט איהם געקאָסט אזוי ביליג.

15טעס קאפּיטעל.

# אויף דער "בערבערא"

דעם אנדערען טאָג גאנץ פריה, ווען דיא זון איז נאָר וואָס אויפגעגאנגען, האָט סעלים אויפגעוועקט דיא פראנצויזען מיט דיא ווערטער:

— דאָס באָאט איז פערטיג און מיר קענען פאָהרען.

אלע דריי זיינען אויפגעשפּרונגען וויא אָבגעבריהטע און האָבען צו־נויפגענומען זייערע זאכען.

ווען אלעס איז געווען פארטיג, האָט פראנסוא געפרעגט:

— זאָל איך מעלדען בן אָמאר׳ען, אז מיר פאָהרען?

— וויא דוא ווילסט, האָט זשאק דאָראן געענטפערט בייז.

פראנסוא האָט געוואָלט געהן זאָגען בן אָמאר׳ען, אז זיי פאָהרען, אָבער דאָס איז געווען איבעריג: בן אָמאר און זיין שרייבער נאזים זיינען אליין געקומען, גלייך וויא זיי וואָלטען געוואוסט גאנץ גענוי, אז מען מאכט זיך פארטיג צו דער רייזע.

ווען סעלים האָט דערזעהן דיא צוויי עגיפּטיאנער, האָט ער געפרעגט מיט שטוינען און פערוואונדערונג:

— וועלען דיעזע מענשען אויך פאָהרען מיט אונז?

— יא, האָט פראנסוא געענטפערט.

וויא קלוג און וויא דורכגעטריעבען סעלים איז געווען, האָט ער דאָך ניט געקענט אויסגעפינען, אז צווישען דיא דריי פראנצויזען און דיא צוויי עגיפּ־טיאנער געפינט זיך עפּעס אן אָבמאך און אז זיי קענען זיך ניט נור אלס ריי־זענדע פון איין קאראוואנע, נאָר אז זיי פאָהרען גאָר איין וועג.

דער קלוגער סעלים האָט זיך פערטראכט אייניגע אויגענבליקע. דיא צוויי עגיפּטיאנער האָבען איהם געגעבען מאטעריאל צו דענקען, אז דאָ איז עפּעס ניט גלאט, אז דאָ איז עפּעס א געהיימניס, וועלכע ער מוז אויסגעפינען און מעלדען; פיעלייכט איז דיעזעס געהיימניס אזוי וויכטיג, אז דער סולטאן אליין מוז עס וויסען.

— זייט איהר בעקאַנט מיט דיעזע צוויי מענשען? האָט סעלים געפרעגט.

— געוויס, האָט פראַנסוא געענטפערט.

— איהר זייט פּילייכט געקומען צוזאַמען אויף איין שיף פון עגיפּטען?

— יאָ, מיר זיינען צוזאַמען געפאָהרען אויף דעם "אָקסוס" פון סועז, האָט דער איינפאַכער פראַנסוא געענטפערט.

סעלים האָט מעהר ניט געפרעגט. ער האָט נור געבעטען דיא פּראָוויזיען, זיי זאָלען צוקומען צום ברעג אַזוי שנעל, וויא נור מעגליך, דאַן איז ער ארויסגעגאַנגען אויף אַ פּאָר מינוט.

אין הויף פון דעם קאַראוואַן סאראי פלעגען זיך שטענדיג געפינען פער־שטעלטע אַגענטען פון דער געהיים פּאָליציי. סעלים האָט געגעבען איינעם אַ וואונק, אַז ער איז אויף דער שפּור פון אַ זעהר וויכטיגען געהיימניס און דיעזער דעטעקטיוו זאָל איהם נאָכגעהן.

איניגע מינוטען שפּעטער זיינען דיא דריי פּראָוויזיען, דיא צוויי עגיפּ־טיאַנער און דער אַראַבער סעלים אַראָבגעגאַנגען צום ברעג, צום דעם אָרט, וואו דאָס באָאָט איז געשטאַנען.

פראַנסוא אַלס געלערענטער שיפּסקאַפּיטאַן האָט בעטראַכט דאָס באָאָט פון אַלע זייטען. עס איז געווען אַ סאָרט סקונער מיט צוויי זעגעל־בוימער מיט פיעלע זעגעל. אַלעס איז געווען אַלטמאָדיש, אונגעוועהנליך. אַ געלערענטער שיפּסקאַפּיטאַן פון אונזער צייט קען קוים פערשטעהן, אויף וועלכע שיפען אונזערע עלטער־עלטערען פלעגען פאָהרען אויף דעם מעער, וועלכע מיטעל און וועלכע אינסטרומענטען זיי פלעגען געברויכען אום צו געפינען זייער וועג.

מיר קענען היינט בעסער דיא געזעצע פון דער מעכאַניק און פון דער טעכ־ניק און מיר האָבען היינט פיעל בעסערע מיטעל צו פיהרען און רעגיערען אַ שיף. איך וויל שוין ניט רעדען דערפון, וואָס מיר געברויכען יעצט צוויי קרעפטע, פון וועלכע מען האָט ניט געוואוסט אין דיא אַלטע צייטען: דאַמפּף און עלעקט־ריציטעט, אויף אונזערע זעגעל־שיפען ווערען געפיהרט און רעגיערט מיט גאַנץ אַנדערע מעטהאָדען, מיט גאַנץ אַנדערע אינסטרומענטען און מיט גאַנץ אַנדערע מיטעל וויא אַמאָל.

דיא "בערבערא" — אַזוי האָט געהייסען דאָס באָאָט — איז אָבער געווען אַ גאַנץ אַלטמאָדישעס באָאט, פערזאָרגט מיט דיא איינפאַכסטע אינסטרומענטען און מיטעל, וויא עס פלעגען פאָהרען מענשען מיט טויזענד יאָהר צוריק.

דיא אַראַבער זיינען אַמאָל, אין דיא גאַנץ אַלטע צייטען, געווען דיא פעהיגסטע מאַטראָזען, זיי זיינען עס נאָך היינט, אָבער אַלע זייערע פעהיג־קייטען זיינען פערבונדען און פערוואַקסען מיט דיא אַלטע מעטהאָדען.

פראַנסוא איז אויך געווען דער ערשטער, וועלכער איז ארויפגעגאַנגען

אויף דאָס באָאט, און אויך דער ערשטער, וועלכער האָט עס בעטראַכט אלס געלערענטער שיפסקאַפּיטאַן.

ער האָט אויך צוערשט בעמערקט, אז אויף דיעזען באָאט געפינען זיך צוואַנציג מאַטראָזען. דאָס האָט איהם איבערראַשט, ווייל נאָך זיין רעכנונג וואָלט מען געקענט פיהרען אזא באָאט מיט פינף, העכסטענס מיט זעקס מאַט־ראָזען. צו וואָס דאַרף מען צוואַנציג? פראַנסוא האָט זעלבסטפערשטענדליך ניט געקענט וויסען, אז פון דיעזע צוואַנציג מאַטראָזען זיינען צעהן פערשטעלטע אגענטען פון דער געהיים פּאָליציי פון דעם סולטאַן פון אָמאַן.

קוים זיינען דיא פּאַסאַזשירען ארויפגעגאַנגען אויף דאָס באָאט, האָט פראַנסוא געהייסען דעם שיפסקאַפּיטאַן, אַן אַלטען, בייזען, קרעפּטיגען אראַ־בער, ציהען דיא זעגעל און פאָהרען נאָך נאָרד־וועסט (צפונית־מערבית). אזוי וויא פראַנסוא האָט זיך ניט געקענט צונויפרעדען מיט דעם שיפסקאַפּיטאַן, האָט סעלים געמוזט דיענען אלס דאָלמעטשער.

נאָך פראַנסוא'ס בערעכנונג האָבען זיי געדאַרפט צוקומען צום אינזעל אין צייט פון א פופצעהן שטונדען, אָבער דיא נאַטור אָדער דער צופאַל האָט ליעב צו רייצען, צו קריינקען און בייז צו מאַכען דיא אָרימע מענשען, וועלכע האָבען זיך איינגערעדט, אז זיי זיינען קליגער און שטאַרקער פון דער נאַטור.

קוים איז מען אָבגעפאָהרען ביי א שטונדע, איז עס איינגעפאַלען דעם בלויען הימעל זיך צו בעדעקען מיט שווארצע וואָלקענס. עס איז געקומען א שטורם. אזוי וויא מען איז געפאָהרען אויף א גאָלף, אין א בוכטע, האָט טרע־נאָמיין גערעכענט, אז מען האָט ניט וואָס מורא צו האָבען פאר דעם שטורם, און ער האָט זאָגאר געלאַכט:

— וויא עס ווייזט אויס, וויל דער הערר שטורם אויך א טהייל פון אונזע־רע מיליאָנען.

— דער שטורם קימערט מיך וועניג, האָט פראַנסוא געענטפערט, איך בין אונרוהיג, ווייל איך מוז האָבען דיא זון. איך קען אויסגעפינען גאַנץ גענוי וואו דער מיליאָנען־אינזעל געפינט זיך נור פּונקט צוועלף אוהר, דאָס הייסט, פּונקט אין דער מינוט, ווען דיא זון געהט אריבער אונזער מערידיאַן. ווען דער הימעל איז בעדעקט מיט וואָלקענס, קען איך ניט בעשטימען דעם מערידיאַן און קען ניט אויסגעפינען דעם אינזעל.

— קענט איהר ניט אויסרעכענען אייער ברייט און אייער לענג נאָך דעם שטאַנד פון דער לבנה און פון דיא שטערן?

— דאָס קען איך, אָבער דערצו מוז איך דאָך האָבען א לבנה מיט שטערן, דאָס הייסט, א קלאָרען הימעל. ווער וויים, אויב מיר וועלען האָבען א ריינעם קלאָרען הימעל אין דיעזען אבענד?

פּראַנסוא האָט אָנגעגרייט אַלע זיינע אינסטרומענטען: זיין כראָנאָמעטער, זיין סעקסטאַן, זיין טעלעסקאָפּ און זיינע מעער־קאַרטען.

דיא אַראַבישע מאַטראָזען און זאָגאַר זייער שיפּסקאַפּיטאַן, וועלכע האָ־בען קיין מאָל ניט געזעהען אַזעלכע אינסטרומענטען און האָבען ניט געוואוסט, וויא אַזוי מען געברויכט זיי, האָבען זיך איינגערעדט, אַז פראַנסוא איז א כשוף־מאַכער און מיט דיעזע זאָנדערבאַרע זאַכען מאַכט ער זיין כשוף.

ווען פּראַנסוא וואָלט פערשטאַנען אַראַביש, וואָלט ער געווים געהערט, וואָס מען רעדט וועגען איהם און וויא מען פערפלוכטעט איהם, פערשילט איהם און פערדאַמט איהם.

פון צייט צו צייט האָט דיא זון דורכגעבראָכען דיא וואָלקענס און האָט זיך געוויזען אויף'ן מעער. קוים איז דאָס געשעהען, האָט פראַנסוא זיך גענו־מען צו זיינע אינסטרומענטען, אָבער קוים האָט ער זיי אויפגעשטעלט, האָט א שטיק וואָלקען פערדעקט דיא זון און פראַנסוא האָט געמוזט אוועקלעגען זיינע אינסטרומענטען. זשאַק דאַראַן איז געווען פערצווייפעלט. זיין אינזעל איז אַזוי נאָהענט, אַז א שטראַהל פון דער זון קען איהם וויזען, וואו זיינע מיליאָנען געפינען זיך, אָבער פּלוצלונג קומט א פערדאַמטער וואָלקען און פער־שטעלט דיא זון. ער האָט זיך געבייזערט און געשאָלטען דיא גאַנצע וועלט אויף פראַנצויזיש.

ווען סעלים וואָלט ניט געווען מיט זיי, וואָלטען דיא אַראַבער מאַטראָזען געווים זיך צוקריעגט און פּילייכט אויך זיך צושלאָגען מיט דיא פראַנצויזען. סעלים האָט אויך ניט געוואוסט וועלכע אינסטרומענטען פראַנסוא געברויכט, אָבער ער איז געווען אַזוי וויט בעקאַנט מיט אייראָפּעער, אַז ער האָט גע־וואוסט, אַז דאָס זיינען וויסענשאַפטליכע, ניט כשוף־אינסטרומענטען. ער האָט דאַרום בערוהיגט זיינע לאַנדסלייט און האָט זיי געהייסען זיך פערהאַלטען רוהיג.

דאָס מעער איז געוואָרען מיט יעדער שטונדע אונרוהיגער. פראַנסוא האָט געוואוסט, אַז אין דיעזען גאָלף קומען זעהר אָפט פאַר שרעקליכע שטורם־ווינדען, וועלכע פעראורזאַכען פיעלע אונגליקען.

ארום צוויי אוהר נאָכמיטאָג האָט דער שטורם ענדליך אויסגעבראָכען מיט זיין גאַנצער ווילדער מאַכט. דיא אַראַבער מאַטראָזען האָבען אָבער בעוויזען, אַז זיי זיינען געוואָהנט צו אַזאַ שטורם און האָבען געקעמפּפט געגען איהם ניט מיט זייער וויסענשאַפט, זאָנדערן מיט איבונג און געשיקטליכקייט.

דער אַלטער אַראַבישער שיפּסקאַפּיטאַן האָט זיך בעוויזען אַלס עכטער, טיכטיגער מאַטראָז. ער האָט געקעמפּפט מיט דיא וועללען וויא א העלד, און זאָ־גאַר פראַנסוא האָט אָנגעהויבען צו בעקומען רעספּעקט פאַר א מענשען, וועל־

כער האָט קיין מאָל ניט בעזוכט א נאַוויגאַציאָנס שולע און האָט זאָגאר ניט געוואוסט, וויא אזוי צו בענוצען א ריכטיגען קאָמפּאַס.

דער שטורם האָט אויסגעבראָכען און עס האָט אָנגעהויבען צו גיסען א שלאַגס־רעגען, פון וועלכען אייראָפּעער האָבען גאָר קיין בעגריף ניט. פּראַנסוא האָט געבעטען זיין אָנקעל, ער זאָל אראָבגעהן אין קאַיוטע, וואו ער וועט ווע־ניגסטענס זיין געשיצט געגען דעם רעגען. דאָס האָט אָבער זשאַק דאַראַן אויף קיין פאַל ניט געוואָלט. ער האָט זיך איינגעהילט אין א זעגעל־טוך, האָט זיך צוגעבונדען צו א זעגעל בוים און האָט בעטראַכט דאָס ווילדע מעער.

— טרויעריג, האָט טרעגאָמעין געזאָגט שטילערהייט צו פּראַנסוא, עס איז רעכט טרויעריג, אונזער רייזע איז עפּעס ניט געראָטהען.

— איהר ווייסט דאָך, אז איך בין ניט צופריעדען מיט דער גאַנצער גע־שיכטע, האָט פּראַנסוא געענטפערט, איך וואָלט קיין מאָל ניט געזוכט קיאַמיל פּאַשא'ס מיליאָנען. צו וואָס דאַרף איך דיזע מיליאָנען?

עס איז געוואָרען נאַכט, א דונקעלע, פינסטערע, טרויעריגע נאַכט. דער שטורם האָט ניט נאָכגעלאָזען, דער רעגען האָט ניט אויפגעהערט, דאָס מעער האָט געראַוישט און געקאָכט וויא א קעסעל און הויכע וועללען האָבען געשליי־דערט דאָס קליינע באָאט, וויא קינדער וואַרפען זיך מיט דער שאָלעכץ פון א נוס. דיא אראַבישע מאַטראָזען האָבען זיך געהאַלטען פעסט און האָבען אויס־געפּאָלגט יעדען בעפעהל פון זייער שיפסקאַפּיטאַן, גלייך וויא עס וואָלט גאָר ניט פּאַסירט.

ערשט נאָך האַלבער נאַכט האָט דער שטורם אביסעל נאָכגעלאָזען און דיא דריי פּראַנצויזען האָבען געקענט זיך צולעגען אין דער קאַיוטע. עס איז אָבער געווען אזא ענגע און אזא שמוציגע קאַיוטע, אז זאָגאר טרעגאָמעין, וועלכער איז געווען געוואָהנט צו שלאָפען אין דער קאַיוטע פון זיין בארקע, האָט ניט געקענט אנטשלאָפען ווערען.

זיי האָבען קוים דערלעבט דעם טאָג, זיי זאָלען קענען ארויפגעהן אויף דעם דעק און אָטהעמען פרישע לופט.

דער שטורם האָט אין גאַנצען אויפגעהערט, אָבער דאָס מעער איז נאָך געווען אונרוהיג. פּראַנסוא האָט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען. קיין לאַנד און קיין אינזעל האָט מען ניט געזעהען.

— וואָס זאָל עס הייסען? האָט פּראַנסוא געפרעגט זיך אליין, האָט דער שטורם פערוואָרפען אונזער "בערבערא" אזוי ווייט, אז מיר זיינען שוין ווייט פון דעם אינזעל?

איינינע מינוטען האָבען אלע דריי פּראַנצויזען בעטראַכט דעם הימעל און דאָס מעער. אלעס איז געווען גרוי, שוואַרץ און טרויעריג.

סעלים איז צוגעקומען צו זיי און האָט געזאָגט:

— וויא עס ווייזט אוים, וועט אויך היינט דער הימעל בעדעקט ווערען מיט וואָלקענס.

— עס קען זיין, האָט פראנסוא געענטפערט.

— דאן וועט איהר ווידער ניט קענען געברויכען אייערע אינסטרומענ־טען?

— ווען דיא זון איז ניטאָ, קען איך ניט בענוצען מיינע אינסטרומענטען.

— אלזאָ, וואָס דענקט איהר צו טהאָן?

— מיר מוזען ווארטען ביז עס וועט ווערען א שעהנעס וועטער.

— אָבער מיר האָבען דאָך אָנגעגרייט לעבענס מיטעל נאָר אויף דריי טעג?

— דאן וועלען מיר מוזען צוריקפאָהרען נאָך סאהאר.

— און איהר וועט שוין מעהר ניט אויספאָרשען דיא בוכטע פון אָמאן?

— מיר וועלען דאן זעהען.

— וועט איהר בלייבען אין סאהאר אָדער צוריקפאָהרען נאָך מאָסקאט?

סעלים איז געוועזן אונצופריעדען, ער האָט געוואָלט ארויסציהען ביי פראנסוא דעם ריכטיגען צוועק פון זייער רייזע, אָבער פראנסוא האָט זיך גע־היט. זייט דער שטורם האָט זיך אָנגעהויבען, האָט פראנסוא גוט בעמערקט, אז ניט אלע מענער, וועלכע געפינען זיך אויף דעם באָאט, זיינען ווירקליכע מאטראָזען, פיעלע פון זיי האָבען זיך ניט געקענט ריהרען, ווען דער שטורם האָט געשליידערט דאָס באָאט. אייניגע האָבען זאָגאר בעקומען דיא ים־קראנק־הייט. פראנסוא האָט דערשמעקט, אז דאָ איז עפּעס ניט גלאַט.

דער טאָג איז פערגאנגען לאנגזאם און טרויעריג. דער הימעל איז געבלי־בען פערדעקט מיט שווארצע וואָלקענס און ערשט פארנאכט האָט ער אָנגע־פאנגען זיך אויסצולייטערען.

צום אבענד־עסען האָט מען אויסגעטיילט דיא פּאָרציאָנען זעהר קארג. סעלים האָט געמעלדעט, אז מען וועט קוים אויסקומען מיט לעבענסמיטעל נאָך פיער און צוואנציג שטונדען.

ביינאכט האָט זיך דער הימעל אין גאנצען אויסגעלייטערט, דאָס מעער האָט אָנגעהויבען זיך צו בערוהיגען. אזוי וויא עס איז ניט קיין מעער, נאָר א גרויסע בוכטע, דאָס הייסט, א גרויסע שטרעקע וואסער, ארומגערינגעלט פון דריי זייטען פון לאנד, בערוהיגט זיך נאָך א שטורם דאָס מעער אין אזא בוכטע פיעל שנעלער, וויא דאָס וועלט־מעער.

ווען פראנסוא וואָלט געוואוסט, וואו דאָס באָאט געפינט זיך יעצט, וואָלט ער געקענט הייסען דעם שיפסקאפיטאן פאָהרען גלייך צום אינזעל, אָבער ביינאכט אין דער בוכטע און אויף א באָאט אָהן דיא נויטהיגע אינסטרומענטען, האָט ער גאָר ניט געוואוסט, וואו ער געפינט זיך און וואוהין ער זאָל הייסען פאָהרען. מען האָט געמוזט ווארטען, ביז עס וועט טאָג ווערען.

ענדליך איז עס טאָג געוואָרען. דיא זון איז ארויס אויף א קלאָרען, בלויען, לויטערען הימעל, וויא מען קען איהם זעהען נור אין יענע געגענדען. פּראנסוא האָט אַנגעגרייט זיינע אינסטרומענטען, מיט וועלכע ער זאָל אויסרעכענען און בעשטימען גאַנץ גענוי, וואו עס געפינט זיך דער אינזעל און וויא ווייט דאָס בּאָאט איז פון דעם אינזעל.

אלע האָבען זיך ארומגעשטעלט ארום פּראנסוא, ווען ער האָט גענומען דעם סעקסטאַן און האָט געגעבען טרעגאָמיען דעם כראָנאָמעטער. דער שאָ־טען פון דעם סעקסטאַן האָט איהם געוויזען גענוי דעם מערידיאַן. דאַן האָט ער גענומען זיין נאָטיץ בוך, האָט אָנגעשריעבען מיט א בליישטיפט אייניגע ציפערען, האָט עפּעס אויסגערעכענט, האָט עפּעס אָנגעשריעבען און האָט דאַן ערקלעהרט:

— מיר זיינען נור פופצעהן מייל ווייט פון דעם אינזעל. מיר מוזען יעצט פאָהרען נאָך נאָרד... נאָרד־וועסט.

סעלים האָט עס איבערגעגעבען דעם שיפסקאַפּיטאַן אויף אראביש און דער שיפסקאַפּיטאַן האָט אויסגעדרעהט דאָס בּאָאט אין דער זייט, וואו פּראנסוא האָט אָנגעוויזען.

יעצט האָבען אלע אראבער געארבייט מיט אלע זייערע קרעפטען. וואהר־שיינליך האָט זיי סעלים ערקלעהרט, אז דער ציעל פון זייער רייזע איז ניט ווייט און יעדער איז געוואָרען נייגעריג צו וויסען, וואָס דיא אייראָפּעער זוכען און צו וואָס זיי פאָהרען אויף דיעזען בּאָאט.

א האלבע שטונדע שפּעטער האָט דער שיפסקאַפּיטאַן געוויזען אויף א שווארצען פלעק אין מעער.

— דאָס איז מיין אינזעל! האָט זשאק דאַראַן אויסגערופען.

— יא, דאָס איז דער אינזעל, האָט פּראנסוא געזאָגט רוהיג.

זשאק דאַראַן האָט אָנגעהויבען צו שפּרינגען וויא א וואהנזיניגער. יעצט איז ער שוין געווים א מיליאָנער. יעצט האָט ער שוין זיינע 20 מיליאָן אין קעשענע.

— רעכען איבער נאָך אמאָל, פּראנסוא, האָט ער געבעטען, רעכען איבער נאָך אמאָל, אויב דאָס איז ווירקליך דער אינזעל.

פּראנסוא האָט נאָך אמאָל גערעכענט, איבערגערעכענט און נאָכגערע־כענט און האָט געפונען, אז דאָס איז עס דער אינזעל, וויא קיאמיל פּאשא האָט עס פערצייכענט אין זיין צוואה.

אום זיך נאָך בעסער איבערצוצייגען, האָט ער גענומען זיינע אינסטרו־מענטען און האָט געקוקט און געזוכט אין דיעזער געגענד פון דער בוכטע און האָט קיין אנדער אינזעל ניט געפונען.

אייניגע מינוטען שפּעטער איז דיא "בערבערא" צוגעקומען צום אינזעל.

16טעם קאפיטעל.

# פון דעם בעכער ביז צום מויל איז נאך א וויטער וועג

זשאק דאראן האט געטאנצט פאר פרייד.

פראנסוא און טרעגאמעין האבען בעטראכט דעם אינזעל. עס איז געווען נור א שטיין, ריכטיגער נאך, א הויפען שטיינער פיעל העכער פון דעם וואסער. קיין בוים, קיין בלעטעל און קיין גרעזעלע האט מען ניט געזעהען. דער גאנצער אינזעל איז בעשטאנען פון א הויפען שווארצע שטיינער פון אונגעפעהר טוי־זענד קוואדראט מעטער. דאס וואסער ארום איז געווען אזוי ריין און אזוי קלאר, אז נאהענט ביים ברעג האט מען געקענט זעהען דיא מושעלען און דיא מעער־גראזען, וועלכע האבען געוואקסען אויף דיא שטיינער פון דעם אינזעל עטליכע פוס טיעף.

דער אראבישער שיפסקאפיטאן האט באלד אויסגעפונען א פלאץ, וואו צו פעראנקערען זיין באאט און עס צובינדען צו א גרויסען שטיין אויף'ן ברעג. דאן האבען דיא מאטראזען אויסגעלייגט עטליכע ברעטער פון דעם באאט אויף דעם ברעג.

בן אמאר, וועלכער האט ניט געקענט ליידען דאס מעער, האט געוואלט זיין דער ערשטער ארויסצוגעהן אויף'ן אינזעל. זשאק דאראן האט איהם אנ־געכאפט ביי דיא פלייצעס און האט אויסגערופען:

—ווארט, דוא אדוואקאט פון קראקאדילען לאנד! עס איז מיין אינ־זעל און איך וועל זיין דער ערשטער ארויפצוטרעטען אויף מיין אינזעל!

מיט דיעזע ווערטער איז ער אראבגעשפרונגען אויף זיין אינזעל און האט אנגעהויבען צו טרעטען דיא זאמד מיט דיא פיס, גלייך וויא ער וואלט געוואלט איבערלאזען אן אייביגען איינדרוק, אן אייביגען שפור, אז דיעזער אינזעל גע־הערט צו איהם.

בן אמאר איז געווען דער צווייטער, וועלכער איז ארויפגעקומען אויף'ן אינזעל. נאך איהם זיינען ארויפגעקומען פראנסוא, טרעגאמעין און סואד פאשא, דאן אויך סעלים און עטליכע אראבער.

סעלים, אלס אגענט פון דער געהיים פאליציי פון דעם סולטאן, האט זיך צוגעקוקט צו יעדער בעוועגונג פון דיא פרעמדע. ער האט אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן, צו וואס מענשען האבען געמאכט אזא לאנגע און שווערע רייזע אום צו קומען אויף א נאקעטען שווארצען שטיין אין פערזישען גאלף. סעלים איז געווען גענוג קלוג צו פערשטעהן, אז זשאק דאראן איז האלב פעררוקט, ער איז אבער אויך געווען גענוג מענשען־קענער צו וויסען, אז

פראנסוא איז א געלערענטער מאן און טרעגאַמעין איז אויך ביי זיין פולען פערשטאנד.

ווען סעלים און דיא אראבער האָבען געוואָלט מיטגעהן מיט זשאק דאַראן און זיינע פריינד, האָט זשאק דאַראן אויסגערופען:

— בלייבט אויף דעם באָאט! יעצט דארפען מיר אייך ניט. דער אינזעל איז ניט גענוג גרויס פאר אונז אלעמען און איך דארף דאָ ניט קיין דאָלמעטשער.

פראנסוא האָט עס איהם איבערגעגעבען אויף ענגליש און סעלים האָט געענטפערט:

— איך בין צופריעדען צו בלייבען אין באָאט.

עס האָט איהם אפילו שטארק פערדראָסען, וואָס דיא פראנצויזען ערלויבען איהם ניט צו געהן מיט זיי, אָבער ער האָט שוין אָבגערעדט מיט זיינע מענשען, אז ווען דיא פראנצויזען וועלען צוריקקומען און וועלען עפּעס מיטברייננען, זאָל מען זיי ערקלערען, אז זיי זיינען ארעסטירט, ביז זיי וועלען קומען אין סאהאר און ווייזען דער פּאָליציי, וואָס זיי האָבען געפונען אויף'ן אינזעל, וועלכער געהערט צום סולטאן פון אָמאר.

דער שיפסקאפּיטאן פון דער "בערבערא" האָט ערקלערט, אז ער קען דאָ ניט בלייבען מעהר פון זעקס שטונדען, ווייל ער האָט ניט קיין פּראָוויאנט פאר זיינע מענשען.

— מיר וועלען באלד צוריקקומען, האָט זשאק דאַראן געענטפערט האסטיג.

ער האָט קיין צייט ניט געהאט. ער איז געווען אזוי אויפגערעגט, אז ער איז גרייט געווען זיך שטעלען שלאָגען מיט יעדען ווער עס וואָלט זיך איהם געשטעלט אין וועג.

סעלים און דיא אראבער זיינען צוריקגעגאנגען אויף דאָס באָאט און זשאק דאַראן, פראנסוא, טרעגאַמעין, בן אָמאר און זיין שרייבער נאזים האָבען אָנגעהויבען צו קלעטערען אויף דיא שטיינער און זוכען דעם שטיין מיט דעם דאָפּעל "קיי".

וואָס ווייטער זיי זיינען געגאנגען, אלץ מעהר האָבען זיי זיך איבערצייגט, אז קיין מענש האָט נאָך ניט בעזוכט דיעזען אינזעל. אויבען, העכער, האָבען עטליכע וואסערפויגעל געמאכט זייערע נעסטען צווישען דיא שטיינער און האָבען שטארק פּראָטעסטירט, ווען מענשען זיינען געקומען זיי שטערען און זיי אוועקטרייבען פון זייער היים. דיעזע מענשען האָבען אָבער גאָר ניט געוואָלט שטערען אָדער בערויבען דיא רוהיגע פויגעל. זיי האָבען געזוכט עפּעס אנדערש.

עס איז געווען א שווערער וועג צווישען דיא שטיינער און איבער בערגלעך, וועלכע קיין מענשען-פוס האָט נאָך ניט בעטראָטען.

פראנסוא איז געגאנגען פאָראויס מיט א קאָמפּאס אין דער האנד. ער האָט

גאנץ געגוי אויסגערעכענט, וואו עס דארף זיך געפינען דער אָרט, וואו דיא מיליאָנען זיינען פערגראָבען.

נאָך א שטונדע פון א שווערען וועג האָט פראנסוא אויף גאנץ ריכטיג געפונען דעם אָרט. עס איז געווען א גרויסער הויפען קליינע שטיינער. אויף דעם גרויסען שטיין איז געווען אויסגעקריצט שארף און דייטליך א גרויסער דאָפעל „קיי”.

ווען זשאק דאָראן האָט דערזעהען דעם דאָפעל „קיי” אויסגעקריצט אויף דעם גרויסען שטיין, האָט ער אָנגעהויבען צו טאנצען און צו שפּרינגען וויא א וואהנזיניגער.

— נו, טרעגאָמעין ? נו, פראנסוא ? וואָס זאָגט איהר יעצט ? האָט ער גע־שריען אויסער זיך.

— איך זאָג גאָר ניט, מיין פריינד, האָט טרעגאָמעין געענטפערט.

פראנסוא האָט געשוויגען. יעצט האָט ער שוין געוואוסט פאר זיכער, אז ער קען ניט אזוי שנעל הייראטהען זיין געליעבטע זשוליעט. ער האָט גוט גע־קענט זיין אָנקעל, ער האָט געוואוסט, אז קוים האָט ער זיך איינגעשפּארט, אז זשוליעט זאָל הייראטהען א פרינץ, וועט ער געוויס וועלען עס אויספיהרען.

עס איז אָבער יעצט ניט געווען דיא צייט צו טראכטען. יעצט האָט מען געמוזט ארבייטען, אויסגראָבען דיא מיליאָנען, וועלכע ליעגען אונטער זייערע פיס.

— צו דער ארבייט, מיינע פריינד ! האָט זשאק דאָראן געבעטען.

ער האָט עס אויך ניט געדארפט. גאָלד איז א זאָנדערבארער מאגנעט : עס ציהט צו צו זיך דעם שטארקסטען, איך מיין, דעם קליגסטען מענשען. עס איז א וואונדערבארער מאגנעט, וועלכער בערוישט. מען ווערט פון איהם שיכור, וויא פון א שטארקען וויין.

זאָגאר דער רוהיגער טרעגאָמעין איז געוואָרען בערוישט פון דעם געדאנק, אז אונטער זיינע פיס ליעגען פערגראָבען 20 מיליאָן. בן אָמאר האָט געציטערט, וויא פון א פיעבער, נור ביי דעם געדאנק, אז ער וועט באלד בעקומען איינם פּראָצענט פון 20 מיליאָן, דאָס איז אויך א שעהנע סומע פאר אן אדוואָקאט אין עגיפּטען.

סואד פאשא אָדער נאזים בן אבדאללאה איז געוואָרען בלייך וויא קאלך. באלד וועט מען אויסגראָבען 20 מיליאָן, וועלכע געהערען צו איהם, ווייל ער איז דער איינציגער יורש פון קיאמיל פאשא, און דאָך וועט עס צונעהמען א פרעמדער, א פראנצויז, א מאן, וועלכער גלויבט ניט אין מחמד.

עס איז אָבער יעצט ניט געווען דיא צייט פון טראכטען. יעצט זיינען אלע געווען בערוישט און האָבען זיך גענומען צו דער ארבייט וויא דיא וואהנ־זיניגע. מען האָט געמוזט פונאנדערנעהמען דעם הויפען שטיינער.

אַלע פינף האָבען אָנגעהויבען צו ארבייטען. יעדער האָט אויפגעהויבען א שטיין און האָט איהם אוועקגעוואָרפען ווייט פון זיך. זשאק דאָראן איז געווען דער איינציגער, וועלכער האָט מיטגעבראכט א ברעכאייזען. אַלע איב־ריגע האָבען געארבייט מיט דיא הענד.

דאָס איז געווען א שווערע, העכסט אונאנגענעהמע ארבייט. נאָך צעהן מינוטען פון דיעזער ארבייט האָט זיך דער שוויס געגאָסען פון יעדען פון דיעזע פינף ארבייטער. עס איז אין אַלגעמיין זעהר שווער פאר אן אייראָ־פּעער צו ארבייטען אונטער׳ן פרייען הימעל אָהן א שוץ, אָהן א דעק געגען דיא ברענענדע שטראהלען פון דער זון.

בן אָמאר, וועלכער איז געווען זעהר אָבגעשוואכט פון דער ים־קראנקהייט, איז באלד אזוי מיעד געוואָרען, אז ער איז אנידערגעפאלען פון מיעדקייט און ערשעפּפונג. ער האָט שוין מעהר ניט געקענט ארבייטען. אַלע זיינע קליי־דער זיינען געווען נאס פון שוויס, נאס צום אויסדרעהען.

סואד פּאשא דאגעגען האָט ווייטער געארבייט גאנץ רוהיג, גלייך וויא ער וואָלט אויסגעגראָבען דיא מיליאָנען פאר זיך.

דריי לאנגע און שווערע שטונדען האָבען דיא פיער מענשען אָבגעאר־בייט, וויא דיא מוילוואורפען, וועלכע גראָבען זיך איין אין דער ערד און ווארפען ארויס ברעקלעך אויף דער ערד.

ענדליך האָט זיך דאָראן׳ס ברעכאייזען אָנגעשלאָגען אָן עפּעס, וואָס האָט ארויסגעגעבען א קלאנג פון מעטאל.

— איך האָב עס! אָט זיינען מיינע מיליאָנען! האָט זשאק דאָראן אויס־געשריען און איז געפאלען אין אונמאכט.

ער האָט עס לענגער ניט געקענט אויסהאלטען. ער איז געווען א שטארקער מענש, אָבער דאָס געלד האָט איהם דאָך אזוי בערוישט, אז ער איז אנידער־געפאלען, וויא א קלאָץ.

פראנסוא איז געלאָפען צום מעער, האָט אָנגעשעפּט וואסער אין זיין הוט און האָט עס געשפּריצט זיין אָנקעל אין געזיכט. טרעגאָמעין איז געווען קלוג גע־נוג מיטצונעהמען א פלעשעל קאָינאק. ער איז טאקע געווען נור א שיפסקאפּ־פיטאן פון א בארקע, ער האָט אָבער גוט געוואוסט, אז קאָניאק איז א גאנץ גוטעס בעלעבונגס מיטעל פאר א מאטראָז, וועלכער פאלט אין אונמאכט.

דאָס האָט אויך געהאָלפען. דער קאָניאק האָט אָבגעמינטערט זשאק דאָראן און קוים איז ער געקומען אביסעל צו זיך, האָט ער אָנגעהויבען צו בעטען:

— גראָבט ווייטער, מיינע פריינד! נעהמט ארויס מיינע מיליאָנען.

מען האָט ווייטער געגראָבען און מען האָט געפונען א לאָך, אין וועלכער עס איז געלעגען א קליין אייזערן קעסטעלע.

— זאָלען אין דיעזען קליינעם קעסטעלע ליעגען צוואנציג מיליאָן? האָט טרענאַמעין געברומט. נו, דאָס גלויב איך ניט.

— שווייג, דוא בארקע־קאַפּיטאן! האָט זיך זשאק דאַראן געקאַכט. שווייג און העלף מיר אויסגראָבען מיינע מיליאָנען!

טרענאַמעין האָט געשוויגען און האָט געהאָלפען ארויסגראָבען דאָס קליי־נע אייזערנע קעסטעלע.

עס איז געווען דייטליך, אז קיאמיל פּאשא האָט געזוכט צו פערגראָבען דיע־זעם קעסטעלע גאנץ טיעף, ווייל אויף דעם קעסטעלע זיינען געלעגען זעהר גרוי־סע און שווערע שטיינער.

בן אָמאר האָט זיך קוים געקענט ריהרען, אָבער ביי דעם אנבליק פון דעם אייזערנעם קעסטעלע האָט ער צונויפגענומען זיינע לעצטע קרעפטען און האָט מיטגעהאָלפען אוועקקייקלען דיא שווערע שטיינער, וועלכע זיינען געלעגען אויף דעם קעסטעלע. זשאק דאַראן איז אזוי ווייט געקומען צו זיך, אז ער האָט אויך מיטגעהאָלפען וויא ווייט זיינע קרעפטען האָבען איהם ערלויבט.

מיכטיגער און פלייסיגער פון אלעמען האָבען געארבייט סואד פּאשא און טרענאַמעין.

זיי האָבען גערעכענט, אז באלד וועלען זיי געפינען דיא פּעסלעך מיט גאָלד, דימאנטען און בריליאנטען, דאָס גאנצע פערמעגען פון קיאמיל פּאשא, אָבער זייער מיה איז געווען אומזיסט. זיי האָבען אויסגעגראָבען נור א קליין קעסטעלע, אויף וועלכען עס איז געווען פוןביידע זייטען גאנץ דייטליך אויס־געקריצט דער דאָפּעל "קיי".

מען האָט ארויסגענומען דאָס אייזערנע קעסטעלע. זשאק דאַראן האָט עס בעטראכט פון אלע זייטען, האָט עס געוואויגען אין דיא הענד, עס איז גע־ווען ניט בעזאָנדערס שווער: א מענש האָט עס געקענט לייכט טראָגען אונ־טער׳ן אָרם.

פראנסוא איז געווען העכסט צופריעדען. ער וואָלט ארויסגעוויזען זיין פרייד און וואָלט פריי און אָפען ערקלעהרט, אז קיאמיל פּאשא איז א ליג־נער, אָבער ווען ער האָט א קוק געטהאָן אויף זיין אָנקעל, וועלכער איז געווען בלייך וויא קאלך און האָט געציטערט וויא פון א פיעבער, האָט ער ניט־ווי־לענדיג מיטלייד געהאט מיט דיעזען אונגליקליכען מענשען, וועלכער האָט פערלאָרען אזוי פיעל צייט, מיה און געלד אום צו געפינען א קליין קעסטעלע, אין וועלכען עס קען זיך ניט געפינען אזוי פיעל גאָלד אום צו דעקען דיא אויס־גאבען, וועלכע זיי האָבען שוין געמאכט. זשאק דאַראן האָט אויסגעגעבען א העלפט פון זיין פערמעגען.

איינינגע צייט האָט מען נאָך ווייטער געגראָבען, ווייטער געזוכט, פיי־לייכט וועט מען דאָך אויסגעפינען דיא פּעסלעך מיט גאָלד און בריליאנטען,

וועלכע קיאמיל פאשא האט דא בעגראבען, אבער אלעס אומזיסט! עס איז גע־וועזען דייטליך, אז טיעפער האט קיאמיל פאשא אדער זיינע מענשען ניט געגראבען.

מען האט אלזא געמוזט זיך נעהמען צו דעם אייזערנעם קעסטעלע. עס איז געוועזען פערמאכט און פערשלאסען. וואס ליעגט אין דיעזען קעסטעלע? וואס געפינט זיך אין איהם? ווער ווייס עס?

פלוצלונג האט זשאק דאראן א ווארף געטהאן דאס קעסטעלע אויף דער ערד, האט אויפגעהויבען א גרויסען שווערען שטיין און האט איהם א ווארף געטהאן אויף׳ן קעסטעלע. ער האט עס צובראכען.

פראנסוא האט זיך אנגעבויגען און האט צונומען דיא צובראכענע שטי־קער. אין קעסטעלע האט זיך געפונען נור א שטיק פערגאמענט (פארמעט).

פראנסוא און זשאק דאראן האבען עס בעטראכט. עס איז געוועזען א שטיק פערגאמענט, וואס איז שוין שטארק געל געווארען פון דער צייט. עס איז געוועזען צונויפגעקייקעלט וויא א מגילה.

פראנסוא האט עס צונומען און האט עס געוויזען זיין אנקעל. אויף דעם פערגאמענט זיינען געשטאנען נור עטליכע ציילען געשריעבען אויף פראנצוי־זיש.

זשאק דאראן איז געוועזען אזוי אויפגערעגט, אז ער האט אנגעהויבען צו לעזען דיא שריפט און האט ניט בעמערקט, אז בן אמאר פון איין זייט און נאזים פון דער אנדערער זייט האבען אויסגעשטרעקט דיא העלזער און ווילען אויך לעזען דיא שריפט.

זשאק דאראן האט עס אבער באלד דערזעהן, און אזוי וויא ער האט שוין אנגעהויבען לעזען, האט ער ווידער געלעזען:

"...און קאפיטאן טהאמאס דאראן אדער זיינע יורשים זאלען ברייג־גען דיעזען דאקומענט צו דעם באנקיר זאמבוקא און דער באנקיר זאמבוקא וועט איהם דאן געבען דיא ריכטיגע לענג פון דעם אינזעל, וואו איך האב פערגראבען מיינע מיליאנען. דארט וועט זיך אויך געפינען א גענויע קאפיע פון מיין טעסטאמענט".

דאס איז געוועזען אלעס. אויף דיעזען אינזעל האט זיך נור געפינען אן אנ־ווייזונג וואו עס געפינט זיך דער ריכטיגער אינזעל מיט דיא מיליאנען.

קיאמיל פאשא איז געוועזען א קלוגער מענש. ער האט מורא געהאט, אז מען זאל ניט אויסגעפינען זיינע סעקרעטען און ער האט אויף דיעזען אינ־זעל נור בעהאלטען א דאקומענט, אין וועלכען ער ווייזט אן, וואו עס געפינט זיך דער ריכטיגער אינזעל, אבער דאס ווייס נור דער באנקיר זאמבוקא, דאס הייסט, ער ווייס נור דיא ברייט, דעם פאראלעל פון דעם ריכטיגען אינזעל,

אין דיעזען דאָקומענט געפינט זיך אָבער דיא לענג, דער מערידיאן פון דעם אינזעל.

ווער איז אָבער דיעזער באנקיר זאמבוקא? איז ער אויך א יורש? וועט זשאק דאָראן דארפען זיך טהיילען מיט דעם באנקיר זאמבוקא?

אייניגע מינוטען זיינע אלע געשטאנען וויא פערגליווערט. קיינער האָט ניט געוואגט צו רעדען א וואָרט. ענדליך האָט דער רוהיגער טרעגאָמעין געזאָגט ערנסט:

— "פון דעם בעכער ביז צום מויל איז נאָך א וויטער וועג", זאָגט אן אלט שפּריכוואָרט.

17טעם קאַפּיטעל.

## פראַנסוא'ס בריעף

לאנגווייליג און טרויעריג איז עס יעצט געווען אין זשאק דאָראן'ס הויז אין סען מאלאָ.

צוויי מאָנאטען זיינען שוין פערגאנגען זייט זשאק דאָראן, פראנסוא און טרעגאָמעין זיינען אוועקגעפאָהרען זוכען דיא 20 מיליאָן, און אין דער היים זיינען געבליבען נור דיא צוויי פרויען, נאנאָן און איהר טאָכטער זשוליעט.

אמת, ביידע פרויען האָבען געהאט אלעס, וואָס זיי האָבען געדארפט. זשאק דאָראן האָט זיי געלאָזען אזוי פיעל געלד, אז זיי האָבען געקענט לעבען אין פרייד און פערגניגען. אָבער געלד מאכט נאָך ניט גליקליך. זשוליעט פלעגט אָפּט וויינען שטילערהייט און נאנאָן פלעגט שטענדיג ארומגעהן טרויעריג און פערטראכט.

אין דער צייט פון דיעזע צוויי מאָנאטען האָט זשוליעט ערהאלטען נור דריי בריעף פון איהר געליעבטען: איין בריעף פון סועז, דעם צווייטען בריעף פון אדען און יעצט דעם דריטען בריעף פון טונים.

אין שטעדטעל סען מאלאָ האָט דיא אָברייזע פון דיא דריי מענער געמאכט אן אויפרוהר. אלע האָבען געקענט זשאק דאָראן. אלע האָבען געוואוסט, אז ער לעבט פון דיא פּראָצענטען פון דעם געלד, וואָס ער האָט אָנגעזאמעלט, ווען ער איז געווען א שיפסקאפּיטאן. אלע האָבען געקענט דעם גוטען, פריינדליכען גילדאס טרעגאָמעין און אלע האָבען געקענט דעם יונגען פעהיגען און לוסטיגען פראנסוא.

— וואו זיינען דיעזע דריי מענער? האָט מען זיך געפרעגט. וואוהין זיינען זיי גאָר פּלוצלונג אוועקגעפאָהרען? וואָס איז דאָ געשעהן? וואָס איז דאָ פאָרגעקומען?

מען האָט עס געפרעגט נאנאָן. מען האָט עס געפרעגט זשוליעט. אָבער ביי־

דע פרויען האָבען קיין ענטפער ניט געקענט געבען אויף דיעזע פראגען, און אום אויסצומיידען דיא נייגעריגע בליקען און דיא נייגעריגע פאָרשונגען און פראגען, זיינעןביידע פרויען געצוואונגען געווען צו זיצען אין דער היים, ניט ארויסצוגעהן אין דער גאס.

עס איז א שעהנער, ליעבליכער טאָג אין מאָנאט יוני. דיא זון שיינט און ווארעמט, אז עס איז א פערגניגען. אלע איינוואָהנער פון דער שטאָדט געפינען זיך אויף דער גאס אָדער זיינען געגאנגען צו דיא דאקס, נור נאנאָן און זשוליעט זיצען אין דער היים.

זשוליעט איז טרויעריג. טרעהרען ווארגען זיא, אָבער זיא האלט זיך איין, זיא וויל ניט אָנטהאָן צרות איהר מוטער.

— אך, האָט זשוליעט געזיפצט. אך! מיר דאכט, אז זיי וועלען שוין קיין מאָל ניט צוריקקומען.

— רייד ניט קיין נארישקייטען, מיין טאָכטער! פראנסוא איז דאָך א פעי־היגער שיפסקאפּיטאן, ער האָט דאָך אויסגעהאלטען זיין עקזאמען גלענצענד. ער וועט שוין טרעפען דעם וועג אהיים.

— עס איז שוין אָבער אזוי לאנג, זינט זיי זיינען אוועקגעפאָהרען!

— לעז נור דורך נאָך איין מאָל דעם בריעף, וועלכען דוא האָסט נעכטען ערהאלטען, האָט נאנאָן געבעטען.

זשוליעט האָט שוין געלעזען דיעזען בריעף א מאָל צעהן, אָבער נאנאָן פלעגט שעפּען טרייסט און בערוהיגונג, ווען זיא פלעגט הערען לעזען דעם בריעף פון פראנסוא. ווען זיא וואָלט זיך ניט געשעהמט, וואָלט זיא געבעטען איהר טאָכטער, זיא זאָל א גאנצען טאָג פאָרלעזען דיעזען בריעף.

— לעז מיר נאָך א מאָל דעם בריעף, האָט נאנאָן געבעטען צום צווייטען מאָל.

זשוליעט האָט געמוזט איהר צוליעב טהאָן און האָט געלעזען:

"לא גולעט, טונים.

"ליעבע זשוליעט!

"איך שיק דיר און דיין מוטער טויזענד גריסען און קושען און איך בעי־דויער זעהר, וואָס איך קען דיר דיעזע גריסען אליין ניט איבערגעבען.

"איך האָב דיר שוין געשיקט צוויי בריעף און איך בין זיכער, אז דוא האָסט זיי ערהאלטען. איך האָב דיר געשריעבען וויא דער אָנקעל איז אונרוהיג, אויפגע־רעגט און האסטיג, ער וויל בעקומען זיינע מיליאָנען וויא אם שנעלסטען. יעצט אָבער שרייב איך דיר, אז עס האָט אונז עפּעס פּאסירט, וואָס האָט געדארפט ווייזען אונזער אָנקעל, אז מיליאָנען קריעגט מען ניט אזוי לייכט. דיא צייטען, ווען מענשען פלעגען געפינען אן אוצר אין דער ערד, זיינען שוין פון לאנג פאָראיבער.

„דוא קענסט זיך לייכט פאָרשטעלען, וויא אויפגערעגט אונזער אָנקעל איז געוואָרען, ווען מיר זיינען געקומען אויף'ן אינזעל, וואָס קיאמיל פּאשא האָט אזוי גענוי און אזוי פּינקטליך בעשריבען, און מיר האָבען אויך געפונען דעם צייכען, וואָס ער האָט איינגעגראָבען אין שטיין: זיין דאָפּעל „קיי". מיר האָבען געאַרבייט, געגראָבען, אויפגעהויבען שווערע שטיינער און געזוכט. וואָס האָבען מיר אָבער געפונען? אן אייזערן קעסטעלע און אין דעם קעסטעלע איז געלעגען א דאָקומענט, אז דיא מיליאָנען זיינען פערגראָבען גאָר אויף אן אנדער אינזעל. דיא לענג אָדער דער מערידיאן פון דעם צווייטען אינזעל איז גענוי פער־צייכענט אין דעם דאָקומענט, דיא ברייט אָבער אָדער דער פּאראלעל וועט דער אָנקעל קריגען ביי א באנקיר מיט'ן נאָמען זאמבוקא, וועלכער וואָהנט אין דער שטאָדט טוניס, דיא הויפּט שטאָדט פון דעם לאנד טוניס.

„ווער דיעזער זאמבוקא איז, וואָס ער איז, וויא עס קומט וואָס קיאמיל פּאשא האָט איהם איבערגעגעבען דעם פּאראלעל פון זיין אינזעל — דאָס ווייס איך ניט. איך פערשטעהע נור, איך בין זיך משער, אז דיעזער זאמבוקא האָט געווים אויך עפּעס געטהאָן פאר קיאמיל פּאשא און דארום האָט קיאמיל פּא־שא איהם אויך איבערגעלאָזען א טהייל פון זיין פערמעגען. וויא גרויס דיעזער טהייל איז, קענען מיר ניט וויסען. דער אָנקעל פערשטעהט עס גאנץ גוט, ער איז שוין זאָגאר געפאסט צו נעהמען דיא העלפט, נור 10 מיליאָן. איך וואָלט געוועזען העכסט צופריעדען ווען פון דיעזע צעהן מיליאָן זאָל זיך אויסלאָ־זען נור איין מיליאָן אָדער נאָך ווייניגער. דוא ווייסט דאָך, ליעבע זשוליעט, אז איך ליעב דיך און פערגעטער דיך אָהן מיליאָנען.

„דוא קענסט זיך לייכט פאָרשטעלען, טהייערע זשוליעט, וויא אָפט איך רעד פון דיר מיט אונזער איינציגען פריינד, דעם גוטען טרעגאָמעין. ער איז שוין מיעד ארומצולויפען אין דער וועלט און זוכען דיא מיליאָנען פון אן עגיפּ־טישען פּאשא. ער האָט שוין עטליכע מאָל געבעטען דעם אָנקעל, מיר זאָלען בעסער צוריקפאָהרען אהיים און פערגעסען דעם פּאשא מיט זיינע פערגראָ־בענע מיליאָנען, דער אָנקעל אָבער וויל דערפון ניט וויסען, און מיר מוזען זיך ארומשלעפּען איבער דער וועלט אין דער געזעלשאפט פון צוויי עגיפּטער, בן אמאר און זיין שרייבער נאזים בן אבדאללאה.

„איך האָב פיינט דיעזע צוויי עגיפּטער. בן אמאר זאָגט, אז ער איז אן אדוואָקאט. מיר דאכט, אז ער איז א קעשענע גנב. זיין שרייבער ווייזט מיר אוים צו זיין א גאסען רויבער. איך האָב זיי ביידע פיינד וויא דיא שפּינען, און דאָך מוז איך פאָהרען מיט זיי צוזאמען. זיי טרעטען ניט אָב פון אונז, זיי געהען אונז נאָך, וויא דער שאָטען געהט נאָך א מענשען.

„איך ווייס גאנץ גוט, אז ווען דיעזע צוויי עגיפּטער וואָלטען געוואוסט דעם אדרעס פון דעם באנקיר זאמבוקא, וואָלטען זיי געווים געקומען אין

טונים פאר אונז, דער אָנקעל איז אָבער געווען אזוי קלוג און אזוי פאָרזיכטיג אז ער האָט זיי ניט געזאָגט, וואו דיעזער זאמבוקא וואָהנט.

"דוא קענסט זיך גאָר ניט פאָרשטעלען, וויא דיא אראבער, וועלכע האָבען אונז געבראכט אויף׳ן אינזעל, זיינען געווען איבערראשט, ווען מיר זיינען צו־ריקגעקומען מיט ליידיגע הענד און מיר זיינען באלד געפאָהרען צוריק נאָך סאַ־האר, א קליינע אראבישע שטאָדט אין אָמאן. עס איז ווערטה צו בעשרייבען וואָס פאר א זויערע מינע עס האָט געמאכט איין אראבער מיט׳ן נאָמען סע־לים, וועלכער איז געווען אונזער דאָלמעטשער אין סאהאר. דיעזער סעלים איז געווען אויסער זיך, ווען ער האָט געזעהן, אז מיר זיינען צוריקגעקומען פון דעם אינזעל מיט ליידיגען און עפעס ניט גאנץ פרעהליך. דער דורכגעטריעבענער סע־לים האָט גוט פערשטאנען, אז מיר האָבען ניט געפונען וואָס מיר האָבען גע־זוכט.

"מיר זיינען צוריקגעקומען נאָך סאהאר און האָבען געמוזט ווארטען צוויי טעג אויף א קאראוואַנע, מיט וועלכער מיר זיינען דורכגעפאָהרען נאָך מאַסקאט. דאָרט האָבען מיר געמוזט ווארטען דריי טעג אויף דעם פּאָסט דאמפּפער, וועלכער האָט אונז צוריקגעפיהרט נאָך סועז. פון דאָרט ערשט זיינען מיר געפאָהרען נאָך טונים.

"עס איז ניט קיין פערגניגען צו פאָהרען אויף דעם רויטען מעער אין דיעזער צייט פון יאָהר. דיא היץ איז שרעקליך, אונערטרעגליך און מען מוז פאָהרען מיט אראבער, עגיפּטער, נעגער, אינדיער און אלערליי אנדערע, ניט גאנץ ריינליכע מענשען, און מען מוז עס אלעס אויסהאלטען, אלעס איבערטראָגען, ווען מען באָדט זיך אין שוויים.

"מיר זיינען איצט אין טונים. וואָס וועט זיין, ווען דער אָנקעל וועט אויך דיעזעס מאָל זיך געפינען ענטטוישט, אָבגענארט אין זיינע האָפנונגען? איך וויים עס ניט, ליעבע זשוליעט, ריכטיגער געזאָגט, איך וויים עס יא. ער וועט אראָב פון זינען. דאָס איז טרויעריג! דאָס איז שרעקליך! גאָלד איז שטענדיג געווען דאָס גרעסטע אונגליק פאר דיא מענשען. אונזער אָנקעל איז געווען א שטילער, רוהיגער, צופריעדענער מענש. ער האָט קיין מאָל ניט געשטרעבט נאָך רייכטהום, ער האָט קיין מאָל זיך ניט נאָכגעיאָגט נאָך מיליאָנען, און פּלוצ־לונג האָט אן אונגליקליך שטיקעל פּאפּיער און א האלב־וואהנזיניגער עגיפּטישער אדוואָקאט איהם אזוי ווייט פערפיהרט, אז ער האלט שוין גאָר ניט ווייט פון וואהנזין.

"פון סועז האָבען מיר געמוזט פאָהרען אויף אן אנדער שיף נאָך טונים. אויך דיעזע רייזע איז געווען א העכסט אונאנגענעהמע, אָבער מיר האָבען זיא אויסגעהאלטען וויא העלדען. טרעגאָמעין האָט עטליכע מאָל געוואָלט רעדען גאנץ ערנסט מיט׳ן אָנקעל און איהם בעווייזען, אז דיא 20 מיליאָן פון קיאמיל

פאשא זיינען נור א טרוים, איך האב איהם אבער צוריקגעהאלטען. איך קען צו גוט אונזער אנקעל, איך ווייס אז ער וועט ניט נאכגעבען. ער לעבט נור מיט דיעזען טרוים, ער גלויבט אין דיעזע מיליאנען און דיעזער גלויבען גיט איהם קראפט און מוטה אלעס אריבערצוטראגען, אלעס אויסצוהאלטען און אלעס צו וואגען.

"ליעבע זשוליעט, אין טוניס בין איך פיעל נעהנטער צו דיר, וויא אין מאסקאט און סאהאר, אבער מיר דאכט, אז איך בין יעצט פון דיר פיעל ווייטער. ווען מיר זאלען ווירקליך אויסגעפינען דעם באנקיר זאמבוקא און ער וועט אונז געבען דעם פאראלעל, וועלען מיר וויעדער מוזען פאהרען זוכען דעם אינזעל. וואו איז ער? וויא ווייט איז ער פון טוניס? ווער ווייס עס, ווער קען עס וויסען!

"איך שרייב דיעזען בריעף אויף דער שיף. מיר זיינען נור א שטונדע רייזע פון לא גולעט, דיא פארט שטאדט פון טוניס. איך וועל איבערגעבען דיעזען בריעף דעם ערשטען בעסטען פאסט בעאמטען אדער פאסט קאנטאר אין לא גולעט. איך מוז עס טהאן, ווייל איך ווייס, אז קוים וועלען מיר אנקומען אין לא גולעט, וועט דער אנקעל אונז צווינגען, מיר זאלען באלד פאהרען נאך טוניס און איך וועל קיין צייט ניט האבען דיר צו שרייבען.

"איך פערזיכער דיך נאך אמאל, אז איך ליעב דיך מיט מיין גאנצער זעעלע, מיט מיין גאנצען לעבען, טהייערע זשוליעט, און וועל דיך קיין מאל ניט פערגעסען. זיי געזונד און גליקליך, מיין היים געליעבטע זשוליעט,

דיין ליעבענדער פראנסוא".

## 18טעס קאפיטעל.

# אין טוניס

טוניס איז א פראווינץ פון טערקיי, וועלכע געפינט זיך אונטער דעם שוץ פון פראנקרייך. עס איז איינע פון דיא זאנדערבארע לענדער, וועלכע געהערען צו טערקיי נור אויף פאפיער, נור אין געאגראפישע ביכער. אין דער ווארהייט הערשט אין טוניס א הערשער מיט דעם טיטול בעי. עס איז איינס פון דיא שעהנסטע און רייכסטע לענדער אין דער וועלט. אין 1862 האט געהערשט אין טוניס דער בעי סידי מחמד עס צדק.

דיא הויפטשטאדט הייסט אויך טוניס און איז איינע פון דיא עלטסטע שטעדט אין דער וועלט. זיא איז געגרינדעט געווארען אונגעפעהר 700 יאהר פאר דער קריסטליכער צייט־רעכנונג אדער אונגעפעהר אין דיא צייטען פון יהושפט מלך יהודה, און דאס פאלק, וואס האט זיא געגרינדעט, האט גע־שטאמט פון דער אלטער שטאדט צור און האט גערעדט העברעאיש אדער א שוועסטער־שפראך פון העברעאיש.

די שטאָדט טוניס צעהלט היינט מעהר אלס 150,000 איינוואָהנער, צווי־שען זיי מעהר אלס 50,000 אידען. זיא איז איינע פון די גרעסטע האנדעלס שטעדט אין אפריקא.

די שטאָדט געפינט זיך ניט ווייט פון דעם גאָלף פון טוניס, דאָס מעער איז אָבער דאָרט אזוי ניט טיעף, אז קיין גרויסער דאמפפער קען ניט צוקומען צום לאנד. ווען א דאמפפער קומט צו, מוז ער בלייבען שטעהן ווייט אין מעער. עס קומען צו צו איהם קליינע שיפלעך און קליינע דאמפפער — שלעפ־דאמפ־פער, וועלכע נעהמען אויף די פאסאזשירען און די וואארע און ברייננען זיי נאָך דער שטאָדט לא גולעט, וויא די פראנצויזען רופען זיא, אָדער גאָלעטאָן, וויא די איטאליענער רופען זיא. פון לא גולעט מוז מען ערשט פאָהרען א האלבע שטונדע מיט דער אייזענבאהן ביז מען קומט נאָך טוניס.

אויף דעם וועג פון לא גולעט נאָך טוניס פאָהרט מען פאָרביי דעם אָרט, וואו עס איז אמאָל געשטאנען די בעריהמטע אלטע שטאָדט קארטהאגאָ, ריכ־טיגער נאָך קרתא הדתא, די נייע שטאָדט, אָבער די אלטע רוימער פלע־גען עס אויסשפּרעכען קארטהאגענאָ, אויך קארטהאגאָ. דאָס איז די בעריהמטע שטאָדט, וואו עס איז געבאָרען געוואָרען דער גרעסטער גענעראל פון די אלטע צייטען האניבאל אָדער חניבאל, וועלכער האָט געמאכט ציטערען דאָס אלטע רוים.

לא גולעט איז אן עכט אייראָפּעאישע שטאָדט. עס וואָהנען אין איהר מעהר קריסטען, וויא מאהמעדאנער און אידען. אין לא גולעט געפינען זיך האָטעלס, באנק־הייזער, קירכען און טהעאטערע, וויא אין אן עכט אייראָפּעאי־שער שטאָדט.

— אָבער, ליעבער אָנקעל, פיעלייכט וואָהנט גאָר אייער באנקיר זאמבוקא אין לא גולעט? האָט פראנסוא בעמערקט.

— איך זאָג דיר, אז מיר מוזען פאָהרען נאָך טוניס, איז געווען די אנט־וואָרט.

מעהר האָט פראנסוא ניט געקענט ארויסקריגען פון איהם.

לא גולעט האָט נור איין לאנגע און שעהנע גאס, און פיעלע קליינע זייט־געסלעך. די לאנגע גאס פיהרט צו דער באהן־סטאציאָן. זשאק דאָראן, טרעגאָ־מעין און פראנסוא זיינען געגאנגען פאָראויס, הינטער זיי האָבען זיך נאָכגע־שלעפּט בן אָמאר און זיין שרייבער.

אלע זיינען געגאנגען שטיל, וויא די שאָטענס, נור פראנסוא האָט גע־טראכט פון דער געגענד, וועלכע זיי זיינען דורכגעגאנגען. דאָ האָבען אמאָל געקעמפפט די גרעסטע העלדען פון דער אלטער צייט: סציפיאָ, רעגולוס, יו־ליוס צעזאר, האניבאל און פיעלע אנדערע.

ענדליך זיינען זיי צוריקגעקומען צו דער סטאציאָן, וואו זיי האָבען געמוזט ווארטען ביי א האלבער שטונדע אויף א צוג, וועלכער איז ענדליך אָנגעקומען און האָט זיי מיטגענומען נאָך טוניס.

אויף דער אייזענבאהן־סטאציאָן אין טוניס האָבען זיי ארומגערינגעלט אראבער, אידען, איטאליענער און פראנצויזען. יעדער האָט זיי איינגעלאַדען צו זיך אין האָטעל. זשאק דאַראַן האָט אָנגענומען דיא איינלאדונג פון א פראנ־צויז, וועלכער האָט איהם שטארק אויסגעלויבט דעם האָטעל דע פראנס.

אלע זיינען געגאנגען אין האָטעל דע פראנס, וועלכער געפינט זיך אין דעם אייראָפּעאישען שטאָדט־פיערטעל. זשאק דאַראַן האָט זיך ניט אומגעקוקט אויף דיא גאסען און האָט זיך ניט געקימערט, וואוהין מען פיהרט איהם, ער האָט געטראכט נור פון זיינע מיליאָנען. פראנסוא אָבער האָט זיך געוואונדערט, וואָס מען פיהרט איהם אין גאסען, וועלכע פאסען בעסער פאר אן אייראָפּעאישער שטאָדט וויא פאר טוניס, אן עכט מאחמאדאנישע שטאָדט אין אפריקא.

ער האָט זיך ניט געקענט איינהאלטען און האָט עס געפרעגט זייער פיהרער.

— דאָס איז דיא נייע שטאָדט טוניס, דיא אייראָפּעאישע שטאָדט, האָט דער פיהרער געענטפערט, דאָ וואָהנען כמעט נור אייראָפּעער. ווייטער געפינט זיך דיא מאחמאדאנישע שטאָדט, אין וועלכער עס געפינט זיך דער פּאלאץ פון דעם בעי סידי מחמד עס צדק.

— וואו וואָהנט אָבער דיעזער זאמבוקא? האָט פראנסוא געפרעגט זיך אליין, ווער איז דיעזער זאמבוקא? איז ער א טערק, א בערבער, אן איטאליע־נער אָדער עפּעס אנדערש? איז ער א מאחמאדאנער אָדער א קריסט? זאמבוקא איז א רעכט זאָנדערבארער נאָמען.

דערווייל זיינען זיי אָנגעקומען אין האָטעל. זשאק דאַראַן האָט אָבגעג־נומען דריי צימערען פאר זיך און פאר זיינע קאמעראדען. דאן איז ער האסטיג אריינגעגאנגען אין זיין צימער, האָט אוועקגעלייגט זיינע זאכען און איז באלד ארויסגעגאנגען. ער האָט זיך זאָגאר ניט איבערגעטהאָן און איז צוגעגאנגען צום צימער, וואו פראנסוא און טרעגאָמעין האָבען זיך געפונען.

— איך וויל, אז איהר זאָלט זיין דאָ אין האָטעל, ווען איך וועל צוריק־קומען, האָט ער געזאָגט צו זיי.

— וואוהין געהט איהר דען, אָנקעל? האָט פראנסוא געפרעגט.

— וואוהין איך דארף, האָט דאַראַן געענטפערט קורץ און שארף.

מיט דיעזע ווערטער האָט ער זיך אויסגעדרעהט און איז אראָבגעגאנגען אין קאנטאָר פון דעם האָטעל, וואו ער האָט געבעטען, מען זאָל איהם געבען א פיהרער, א מאן, וועלכער איז גוט בעקאנט מיט דער שטאָדט און וועלכער רעדט פראנצויזיש.

אזא פיהרער האָט זיך באַלד געפונען און זשאק דאָראַן איז מיט איהם ..וועקגעגאנגען.

זשאק דאָראַן איז געווען אַן עהרליכער מאַן. ער האָט ניט געוואָלט קומען צו דעם באנקיר זאמבוקא און אויסנארען ביי איהם דעם פּאראַלעל פון דעם אינזעל, וויא בן אָמאר האָט עס געוואָלט אויסנארען ביי איהם. זשאק דאָראַן האָט זיך פעסט ענטשלאָסען, ער זאָל קומען צו זאמבוקא און זאָל איהם זאָגען: "מיין הערר, דער עגיפּטער קיאמיל פּאשא האָט אונז ביידען איבערגעלאָזען א ירושה... א ירושה פון פיעלע מיליאָנען. אָט איז זיין אייגענע האנדשריפט. לאָמיר ביידע פאָהרען אָבנעהמען אונזער ירושה, וויא קיאמיל פּאשא האָט עס פערלאנגט אין זיין טעסטאמענט".

איין זאַך האָט בעאונרוהיגט זשאק דאָראַן און דאָס איז: וויא וועט ער זיך צונויפרעדען מיט זאמבוקא? פערשטעהט זאמבוקא פראנצוויזיש? וואָס וועט ער טהאָן, ווען זאמבוקא רעדט נור אראביש אָדער טערקיש? דאַן וועט ער מוזען האָבען א דאָלמעטשער. וויא קען מען זיך אָבער פערלאָזען אין אזא פאל אויף א דאָלמעטשער?

באַלד איז איהם איינגעפאלען אין קאָפּ א נייער געדאנק. ער האָט זיך געווענדעט צו זיין פיהרער און האָט איהם געפרעגט:

— קענט איהר א באנקיר מיט׳ן נאָמען זאמבוקא?

— געוויס קען איך איהם.

— פון וואנען קענט איהר איהם?

— זאמבוקא איז דער גרעסטער באנקיר אין טוניס, אלע קענען איהם, מאחמאדאנער, אידען און קריסטען.

— און וואו וואָהנט ער?

— אין דער אונטערער שטאָדט, אין מאלטעזער קווארטאל.

— וואָס איז דאָס פאר א קווארטאל?

— דאָרט וואָהנען פיעלע איינוואָהנער פון דעם אינזעל מאלטא.

— ווייסט איהר, וואו זאמבוקא וואָהנט?

— געוויס וויים איך עס.

— דאַן פיהרט מיך צו זאמבוקא.

זיי האָבען געדארפט דורכגעהן א האלבע שטאָדט טוניס. ווען זשאק דאָראַן וואָלט געזאָגט זיין פיהרער אין האָטעל אָדער לעבען האָטעל, אז ער דארף האָבען צו דעם באנקיר זאמבוקא, וואָלט דער פיהרער געקענט איהם פיהרען אויף א פיעל נעהענטערען וועג. יעצט אָבער האָבען זיי געמוזט געהן א ווייטען וועג. דאָס האָט אָבער זעהר ווייניג געקימערט זשאק דאָראַן.

זיי זיינען פאַרבייגעגאנגען דיא אינטערעסאנטסטע פּלעצער פון טוניס, פּלעצער, וואו עס האָבען זיך געפונען אלטע שלעסער און רואינען פון דער צייט

פון דיא רוימער; גערטנער, וואו עס האָבען געוואקסען דיא זעלטענסטע פריכטע; פאלאצען פון רייכע מאחמאדאנער; מעטשעטען און געריכטס־הייזער. זשאק דאַראן האָט זיך אויף זיי זאָגאר ניט אומגעקוקט. אן אנדערער אויף זיין אָרט וואָלט געהאט גענוג וואָס צו זעהען, וואָס צו בעוואונדערען, מיט וואָס זיך צו אינטערעסירען. זשאק דאַראן אָבער האָט געטראכט נור פון דעם באנקיר זאמבור־קא און פון דיא מיליאָנען פון קיאמיל פאשא. עס איז וואהר, אז יעצט האָט ער שוין געטרוימט ניט פון 20 מיליאָן, נאָר פון 10 מיליאָן, אָבער 10 מיליאָן איז אויך א שעהן פערמעגען און ווען מען געהט זוכען 10 מיליאָן, קען מען שוין ניט טראכטען פון עפּעס אנדערש.

נאָך א האלבער שטונדע רייזע זיינען זיי אָנגעקומען אין מאלטעזער קווארטאל, א רעכט שמוציגער קווארטאל אין א שטאָדט, וועלכע קען זיך אין אלגעמיין ניט ריהמען מיט בעזונדערער ריינליכקייט.

מען האָט געמוזט געהן דורך קרומע און שמוציגע געסלעך, אין וועלכע דיא הייזער האָבען ניט קיין פענסטער אויף דער גאס, וויא עס איז דיא מאָדע אין אלע אָריענטאלישע שטעדט. יעדעס הויז האָט א גרויסען הויף און דיא פענסטער געהען ארוים אויף דעם הויף. אין הויף געפינט זיך א גרויסער און רייכער גאָר־טען מיט אלערליי פרוכט־בוימער. מען קען דאָרט אָפט געפינען דיא שעהנסטע פייגענבוימער און דיא רייכסטע גראנאט־עפּעל־בוימער (מילגרוימען־בוימער). פון דרויסען אָבער ווייזט אוים אזא הויז וויא א געפענגניס.

אם ענדע פון א קליינעם, שמאָלען און זעהר שמוציגען געסעל איז געשטאנען א גרוים הויז, פערדעקט און פערשטעלט פון פאלמען — טייטעל־בוימער.

— דאָ וואָהנט דער באנקיר זאמבוקא, האָט דער פיהרער געזאָגט.

— איז דאָ אויך זיין באנק?

— דאָ איז אויך זיין באַנק.

— האָט ער נאָך אנדערע הייזער?

— דאָס וויים איך ניט, האָט דער פיהרער געענטפערט, איך ווייס נור, אז ער וואָהנט דאָ און דאָ געפינט זיך זיין באנק, דאָס הייסט, זיין געשעפט.

— איז ער רייך?

— זעהר רייך.

— אזוי?

— וויא רייך ער איז, אזוי קארג איז ער, האָט דער פיהרער צוגעזעצט.

זשאק דאַראן האָט געטראכט אייניגע מינוטען, דאן האָט ער בעצאָהלט דעם פיהרער און האָט איהם געהייסען צוריקגעהן אין האָטעל.

ווען ער זאָל זיך געווען אביסעל אומקוקען, וואָלט ער געוויס געווען דער־זעהן סואד פאשא אָדער נאזים בן אבראללאה שטעהן אין א ווינקעלע גאָר

ניט ווייט פון איהם. סואד פאשא האָט אויפגעהאלטען דעם פיהרער און האָט איהם אויך געפרעגט:

— וואו וואָהנט דאָ א מאן מיט׳ן נאָמען זאמבוקא?

— זאמבוקא וואָהנט אין דעם לעצטען הויז פון דיעזען געסעלע, איז געווען דיא אנטוואָרט.

יעצט האָט שוין סואד פאשא געוואוסט אלעס. ער האָט זאָגאר געזעהען וויא זשאק דאַראן איז אריינגעגאנגען אין זאמבוקא׳ס הויז. וואָס ווערט אָבער דערפון? ווען ער זאָל געווען וויסען אין סאהאר, אז זאמבוקאָ וואָהנט אין טוניס, וואָלט ער געקענט קומען פריהער פון זשאק דאַראן און פיליכט וואָלט עס איהם געראטען אָבצומאכען מיט דעם באנקיר, אז זיי ביידע זאָלען צו־נעהמען דיא מיליאָנען פון קיאמיל פאשא און זיך אויסלאכען פון דעם פראנ־צויז, יעצט אָבער וועט ער האָבען א רעכט שווערע ארבייט: אנשטאָט איין יורש, זשאק דאַראן, וועט ער יעצט מוזען זוכען מיטעל, וויא אזוי ארויסצו־רייסען דיא מיליאָנען פון צוויי יורשים.

אין דער צייט, ווען סואד פאשא איז געשטאנען פערטיעפט אין זיינע זעהר ניט פרעהליכע געדאנקען, איז זשאק דאַראן אריינגעקומען אין דעם הויז פון דעם באנקיר זאמבוקא.

זשאק דאַראן האָט געמיינט, אז אין טוניס וועט ער געפינען א באנק, וויא אין פאריז, מארסעל אָדער ליאָן, דאָס הייסט א באנק מיט שרייבער, בוכהאלטער, אבטהיילונגען, קאמערען און קאמערלעך. וויא איבערראשט איז ער דעריבער געוואָרען, ווען מען האָט איהם אריינגעפיהרט אין א גרויסען, ליכטיגען צימער, אין וועלכען עס האָבען זיך געפונען נור עטליכע נידריגע די־וואנען און אין מיטען איז געשטאנען א ליידיגער ניט גרויסער טיש.

אזא באנק האָט ער נאָך אין זיין לעבען ניט געזעהן.

ער האָט ניט געוואוסט, אז אין יענע לענדער רופט מען באנקיר א גאנץ איינפאכען וואוכערער, א פראָצענטניק, א מענש, וועלכער לייהט געלד אויף משכנות און נעהמט זעהר הויכע פּראָצענטען, א געלד וועקסלער, א חלפן, וועלכער ווערקסעלט אוים אלערליי אויסלענדישע געלד אויף היימישעס און פער־קעהרט, היימישעס געלד אויף אויסלענדישעס, און ווען עס איז נור מעגליך, רייסט ער אראָב דיא הויט פון דעם אָפּפער, וועלכער איז אריינגעפאלען אין זיינע הענד. אזוי וויא עס געפינען זיך ניט אין יענע לענדער קיין זיכערע וועגען און ווען איינער מוז מאכען א לאנגע רייזע, ריזיקירט ער מיט זיין לעבען, מוז אזא רייזענדער גאנץ אָפט איבערלאָזען זיין געלד אָדער זיין וואארע אין זיכערע הענד. אויף דער שפּראך פון דער ביבעל און פון דעם תלמוד הייסט עס א פקדון.

ווער עס איז ניט בעקאַנט מיט דעם לעבען פון יענע לענדער, ווער עס וויים

ניט, וויא אזוי עס ווערט געפיהרט דער האנדעל און אלע אנדערע געלד־גע־
שעפטען אין יענע לענדער, דער קען אויף קיין פאל ניט פערשטעהן, פאר וואָס
דער תלמוד און אלע געזעצביכער פון אראביען בעשעפטיגען זיך אזוי פיעל
מיט געזעצע און פאָרשריפטען פון א פקדון. אין יענע לענדער איז עס א לעבענס
פראגע, וועלכע מוז געגוי און ריכטיג בעאַנטוואָרטעט ווערען. עס קומען פאָר
טויזענדע פּראָצעסען דעריבער, וואָס איינער האָט איבערגעגעבען, אנפערטרויט
דעם אנדערען געלד, זאכען און זאָגאר הייזער און פעלדער, איידער ער האָט
זיך ארויסגעלאָזען אויף א לאנגע רייזע, וועלכע האָט געדויערט איינינע יאָהר. דאן
איז געשטאָרבען דער מפקיד אָדער דער מאן, וועלכער האָט געהאט אין זיינע
הענד דעם פּקדון.

ווען אונזערע קינדער לערנען עס אין תלמוד און זעהען, וויא קלוגע און
געלערענטע מענער האָבען זיך געגעבען אזוי פיעל מיה צו בשטימען און
פעסטצוזעצען געוויסע רעגעלען אין אזא פאל, קומט עס זיי פאָר העכסט קאָמיש.
זיי קענען עס ניט פערשטעהען און ווילען עס ניט פערשטעהען, ווייל אין אונ־
זערע צייטען ווערען האנדעל און באנק געשעפט געפיהרט גאנץ אנדערש. אין
אָריענט אָבער, אין דיא גרויסע לענדער אין אזיען און אפריקא, זיינען דיעזע
געזעצע און דיעזע פאָרשריפטען א נויטהווענדיגקייט.

דער באנקיר זאמבוקא איז געווען אזוי בעקאנט אין יענער געגענד, אז מען
פלעגט איהם פערטרויען, איהם איבערגעבען אלס פּקדון, געלד און זאכען אויף
מיליאָנען. אז דער גוטער זאמבוקא פלעגט עס ניט טהאָן פאר מצוה, איז
זעלבסטפערשטענדליך. ער פלעגט זיך לאָזען גוט בעצאָהלען, ער איז אלזאָ
געווען א שומר שכר, וויא דער תלמוד רופט עס.

ווען זשאק דאָראן האָט אָנגעקלאפּט אין דער טהיר פון דעם באנקיר זאמ־
בוקא, האָט א שווארצער דיענער געעפענט דיא טהיר און געפרעגט וואָס
ער וויל.

— איך וויל זעהן דעם באנקיר זאמבוקא, האָט דאָראן געענטפערט.

דער דיענער האָט איהם אריינגעפיהרט אין באנק, אין דעם קאנטאָר פון
באנקיר זאמבוקא און האָט געזאָגט עפּעס אויף א שפּראך, וועלכע דאָראן האָט
ניט פערשטאנען.

זשאק דאָראן האָט זיך געזעצט אויף א ווייכען טירקישען דיוואן און
האָט געווארט.

אין דער צייט, וואָס דאָראן ווארט, ווילען מיר אביסעל בעשרייבען דעם
באנקיר זאמבוקא. מיר האָבען א רעכט דערצו, ווייל דער שרייבער פון אן
ערצעהלונג מוז שטענדיג זיין פריהער פון דעם לעזער און ער מוז קענען בעסער
פון דעם לעזער דיא פערזאָנען, וועלכע ער שטעלט איהם פאָר. מיר געברויכען

דיעזעס רעכט און וועלען בעקאנט מאכען דעם לעזער מיט׳ן באנקיר זאמבוקאָ, איידער זשאק דראַן וועט מאכען זיין בעקאנטשאפט.

זאמבוקא איז געווען א מאלטעזער, דאָס הייסט, ער איז געבאָרען געוואָרען אויף דעם אינזעל מאלטא, אן אינזעל, וועלכער האָט געשפּיעלט א וויכטיגע ראָלע אין דער געשיכטע פון מיטעל־אלטער אין אלגעמיין און בעזאָנדערס אין דער געשיכטע פון קריסטענטהום.

דיא איינוואָהנער פון מאלטא זיינען האלב אייראָפּעער, האלב אזיאטען און דריי פיערטעל אפריקאנער. זיי זיינען אלע קריסטען און אָפיציעל זיינען זיי אלע גאנץ פרומע קריסטען, אין דער ווארהייט אָבער זיינען זיי דורכגעטריבענע שווינדלער און געלד מאכער. געלד איז זייער הייליגטהום, זייער גאָט, זייער אידעאל, זייער לעבען, זייער שטרעבען, זייער געוויסען, זייערע געפיהלען און זייער שטודיום. א מאלטעזער רעדט געוועהנליך פיעלע שפּראכען, דאָס הייסט, ער קען ניט דיא שפּראכען, וועלכע ער רעדט, ער דאַרף זיי אויך ניט קענען, ווייל ער קען נור איין שפּראך — דיא געלד שפּראך. עס איז אלזאָ גאנץ גענוג פאר איהם, ווען ער פערשטעהט און רעדט פיעלע שפּראכען אזוי ווייט, אז ער קען מאכען געלד פון דער שפּראך, וועלכע ער דאַרף ריידען.

א מאלטעזער קען זיך אמאָל ערנידריגען און שטודירען אין אן אוניווערזיטעט, אָבער ער שטודירט נור, וויא אזוי צו מאכען געלד און דארום שטודירט ער געוועהנליך נור "יורים", אלס אדוואָקאט.

זאמבוקאָ׳ס עלטערן האָבען זיך בעזעצט אין טוניס מיט זעכציג יאָהר צוריק. ווען נאפּאָלעאָן האָט פערלאָזען דעם אָריענט און מחמד אלי פּאשא האָט געוואָלט גרינדען אין עגיפּטען א ניי קעניגרייך, האָבען זאמבוקאָ׳ס עלטערן געפונען פאר נויטהיג צו עפענען א באנק, ניט אן אייראָפּעאישע באנק, נאָר אן אָריענטאלישע. אזא באנק, וויא זאמבוקאָ האָט יעצט געהאט אין טוניס, האָבען זאמבוקא׳ס עלטערן געעפענט אין אלעקסאנדריע און האָבען געשיקט דעם יונגען זאמבוקאָ, וועלכער איז דאמאָלס אלט געווען נור עטליכע און צוואנציג יאָהר, אלס געשעפטס פיהרער פון דיעזער באנק.

אין 1828 האָט דיא באנק פון זאמבוקאָ און זוהן געמאכט דיא בעסטע געשעפטען אין אלעקסאנדריע און זאמבוקאָ, דער איצטיגער באנקיר פון טוניס, איז געווען דער הויפּט געשעפטספיהרער. אין יענער צייט האָט ער זיך בעקענט מיט קיאמיל פּאשא, וועלכער האָט בעקומען אזוי פיעל צוטרויען צו דעם יונגען און פעהיגען געשעפטסמאן, אז ער האָט איהם פערטרויט זיין גאנצעס פערמעגען אלס פקדון. זאמבוקא איז געוואָרען דער "שומר שכר", וויא דער תלמוד רופט עס, פון קיאמיל פּאשא׳ס מיליאָנען.

וויא פיעל זאמבוקאָ האָט פערדיענט פון זיין געשעפט, ווייס קיינער ניט און קיינער וועט עס אויך קיין מאָל ניט וויסען, מען ווייס אָבער פאר

געוויס, אז זאמבוקאָ האָט אזוי ווייט געהאנדעלט עהרליך געגען קיאמיל פאַ־שא, אז ווען עס איז געקומען דיא צייט, האָט ער ארויסגעגעבען דעם גאנצען פקדון, דאָס גאנצע פערמעגען, וועלכעס קיאמיל פאשא האָט איהם פערטרויט.

זאמבוקאָ האָט אויך געקויפט פאר קיאמיל פאשא זיין שיף און האָט גע־האָלפען קיאמיל פאשא ברייננגען זיינע מיליאָנען אויף זיין שיף. זאמבוקאָ האָט אויך אונטערגעקויפט דיא וועכטער פון דעם געפענגנים אין קאאיראָ, זיי זאָלען צולאָזען צו קיאמיל פאשא פיעלע זאכען, וועלכע ער האָט פערלאנגט.

זאמבוקאָ האָט געשפיעלט א וויכטיגע ראָלע אין דעם לעבען און אין דיא ליידען פון דעם אונגליקליכען קיאמיל פאשא.

דער באנקיר זאמבוקאָ איז יעצט אלט געווען זעכציג יאָהר. ער איז גע־ווען פון מיטעלען וואוקס, אָבער שטארק געבויט. זיינען האָר זיינען שוין געווען שטארק גרוי, אָבער ער וואָלט זיך נאָך געקענט שטעלען געגען דריי מענשען.

מערקווירדיג איז עס וואָס זאמבוקאָ האָט קיין מאָל ניט געהייראטה. ווארום האָט ער ניט געהייראטה? וויא אזוי האָט א מענש, וועלכער האָט גע־וואָהנט אין א געגענד, וואו מענשען הייראטהען זעהר יונג, קיין מאָל ניט געטראכט אפילו צו הייראטהען, צו גרינדען א פאמיליע? אויף דיעזע פראגען איז שווער צו געבען א ריכטיגע אנטוואָרט.

מען וויים נור, אז זאמבוקאָ האָט געהאט נור איין איינציגע שוועסטער, וועלכע האָט געוואָהנט אין מאלטא. אויסער דיעזער שוועסטער האָט ער קיין אנדערע פערוואנדטע ניט געהאט, אָדער ער האָט ניט געוואָלט וויסען פון זיי.

ער האָט בעוואָהנט זיין גרויס הויז אין טוניס, א פאלאץ און א פעסטונג, א באנק און א געפענגניס, גאנץ אליין. ער האָט געהאלטען נור צוויי דיענער. אן אלטע פרוי, וועלכע האָט בעזאָרגט זיין קיך, פלעגט פאר איהם קאָכען און באקען. ער פלעגט זיא האלטען ניט ווייל זיא איז געווען א גוטע קעכין, נאָר ווייל זיא פלעגט זיין צופריעדען מיט א זעהר קליינעם געהאלט. אויסער דיעזער פרוי האָט זאמבוקאָ געהאט נאָך א דיענער, אן אביסיניער, וועלכער פלעגט טהאָן פאר איהם אלע מעגליכע ארבייטען; ער פלעגט אויפנעהמען דיא בעזוכער, וועלכע פלעגען קומען צום באנקיר, און פלעגט אויסקעהרען דיא צימערען.

זאמבוקאָ איז געווען זעהר רייך. עס איז זעהר מעגליך, אז ער אליין האָט ניט געוואוסט, וויא פיעל מיליאָנען ער פערמאָגט און וויא רייך ער איז. ער האָט עס אויך ניט געדארפט וויסען און ניט געוואָלט וויסען. ער איז געווען אן עכטער, פערשטיינערטער, פערגליווערטער קארגער, וועלכער האָט נור איין פערגניגען — צו מאכען געלד, און נור איין זאָרג — ניט צו פערלירען. עס פלעגט איהם קרענקען, ווען ער האָט געמוזט ארויסגעבען א פיאסטער, און ווען ער פלעגט פערדיענען א האלבען מיליאָן פראנק, פלעגט עס איהם פערדריי־סען, פאר וואָס ער האָט ניט פערדיענט א גאנצען מיליאָן.

געלד איז געווען פאר איהם אלעס. ער האט געלעבט און איז געווען אזוי געזונד און שטארק נור דארום, ווייל ער האט אימער געהאפט, אז ער וועט בעקומען א טהייל פון קיאמיל פאשא׳ם פערמעגען. ער האט געוואוסט, אז קיא־מיל פאשא איז געווען זעהר רייך. ער האט אויך געוואוסט, אז קיאמיל פאשא האט איהם איבערגעלאזען אלס ירושה א טהייל פון זיין פערמעגען. וויא פיעל? דאס האט ער ניט געוואוסט, אבער ער פלעגט זיך פארשטעלען, אז דאס זיינען פיעלע מיליאנען.

בעקומען מיט א מאל, אהן מיה, אהן קאפ־דרעהעניש אזוי פיעל מיליא־נען איז געווען פאר זאמבוקא דאס העכסטע גליק, וואס א מענשען קען פאסירען. ער האט געוואוסט, אז דיעזע מיליאנען וועלען אמאל קומען, און ער האט געווארט. ער האט אויך געוואוסט, אז א פראנצויזישער שיפסקאפיטאן מיט׳ן נאמען דאראן וועט קומען צו איהם און וועט פערלאנגען פון איהם א געוויסען דאקומענט, וואו עס געפינט זיך דער פאראלעל פון א געוויסען אינזעל.

זאמבוקא האט ניט געלערנט געאגראפיע און האט ניט געוואוסט, וואס עס הייסט א מערידיאן און א פאראלעל, אבער דאס האט איהם גאנץ ווייניג געקימערט. דאס דארף ער אויך גאר ניט וויסען. ער דארף נור דיא מיליאנען און דער פראנצויז דאראן וועט שוין איהם ברענגען דיעזע מיליאנען. ווען ער זאל געווען וויסען דעם אדרעס פון טהאמאס דאראן, זשאק׳ס פאטער, וואלט ער איהם געוויס געווען געשריבען א בריעף און איהם אויפגעפאדערט, ער זאל קומען זיך טהיילען מיט איהם מיט דיא מיליאנען פון קיאמיל פאשא. ער האט עס אבער ניט געוואוסט, און דארום האט ער געווארט.

דאס איז געווען דער מאן, מיט וועמען זשאק דאראן האט יעצט געמוזט זיך צונויפקומען און אונטערהאנדלען מיט איהם וועגען דיא מיליאנען פון קיאמיל פאשא.

19טעם קאפיטעל.

# דער באנקיר זאמבוקא

זשאק דאראן האט געמוזטווארטען אייניגע מינוטען, אין וועלכע ער האט צייט געהאט זיך צו איבערלעגען, וואס ער זאל רעדען מיט דעם מאן, מיט וועמען ער מוז זיך טהיילען מיט זיינע מיליאנען.

ענדליך איז אריינגעקומען דערזעלבער דיענער, וועלכער האט איהם געע־פענט דיא טהיר, און האט איהם א וואונק געטהאן, ער זאל געהן מיט איהם. זיי זיינען דורכגעגאנגען א לאנגען ניט גאנץ ליכטיגען און זעהר שמוציגען קארי־דאר, ביז זיי זיינען צוגעקומען צו א טהיר, וועלכע דער דיענער האט גע־עפענט און האט געוויזען זשאק דאראן ער זאל אריינגעהן.

זשאַק דאָראַן האָט זיך יעצט געפונען אין היילינגטהום, אין דעם וויכ־טיגסטען געשעפטס־צימער פון דעם באַנקיר זאַמבוקאַ.

דאָס איז געווען א גאַנץ איינפאַכער צימער מיט ווייסע געקאַלכטע ווענד אָהן פערציערונגען און אָהן פערשעהנערונגען און זאָגאר אָהן פאָרהאַנגען פאַר דיא פענסטער. אין איין ווינקעל איז געשטאַנען א גרויסער, שווערער איי־זערנער קאַסע־קאַסטען. אין דער מיט צימער איז געשטאַנען אַן איינפאַכער, שווערער, ניט געפּאַרבטער טיש און לעבען טיש זיינען געשטאַנען צוויי שטוה־לען. אין איין גרויסען שטוהל איז געזעסען דער באַנקיר זאַמבוקאַ אליין, דער צווייטער שטוהל איז געווען לעדיג.

זאַמבוקאַ האָט באַלד פערשטאַנען, אז דאָס איז א פרעמדער, אַן אייראָפּעער, אָבער ער האָט ניט געוואוסט, וואָס פאר א שפּראַך ער רעדט; ער האָט דאַ־רום איינגעלאַדען זשאַק דאָראַן מיט א צייכען, ער זאָל זיך זעצען און זאָל זאָגען, וואָס ער דאַרף.

זשאַק דאָראַן האָט זיך אנידערגעזעצט און האָט געזאָגט קורץ און שאַרף:

— איך בין זשאַק דאָראַן, דער זוהן פון דעם שיפסקאַפּיטאַן טהאָמאַס דאָראַן פון סען מאַלאָ...

זשאַק דאָראַן האָט ערוואַרטעט, אז דער באַנקיר וועט אויפשפּרינגען, וועט איהם אויסשטרעקעןביידע הענד און וועט אויסרופען: "ענדליך זייט איהר דאָך געקומען!" זאַמבוקאַ איז אָבער געבליבען זיצען גאַנץ רוהיג און קאַלט וויא א שטיק אייז.

— וויא הייסט איהר? האָט ער איבערגעפרעגט לאַנגזאַם אין א גאַנץ גוטען פראַנצויזיש.

— איך הייס זשאַק דאָראַן פון דער שטאָדט סען מאַלאָ, אין פראַנקרייך, האָט דאָראַן געענטפערט.

— און איהר האָט א וועקסעל אָדער אַן אַנווייזונג אויף מיר? האָט דער באַנקיר געפרעגט קאַלטבלוטיג.

— אַן אַנווייזונג? יא! איך האָב אויף אייך זעהר א וויכטיגע אַנווייזונג! האָט זשאַק דאָראַן אויסגערופען. עס איז אַן אַנווייזונג אויף 20 מיליאָן.

— גוט! גיט מיר אייער אַנווייזונג.

זשאַק דאָראַן איז שיער ניט אויפגעשפּרונגען. ער האָט זיך גאַר ניט גע־קענט פאָרשטעלען, וויא אזוי א מענש קען בלייבען אזוי רוהיג און אזוי קאַלט־בלוטיג, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען מיליאָנען.

דער באַנקיר האָט אויסגעטהאָן זיינע גרויסע קיילעכדיגעברילען, האָט זיי גוט אויסגעווישט מיט א ניט גאַנץ ריינעם טאַשענטוך, האָט זיי צוריק אָנ־געטהאָן און האָט געזאָגט גאַנץ רוהיג, גלייך וויא עס וואָלט זיך געהאַנדעלט וועגען עטליכע פראַנק:

— ווייזט מיר אייער אָנווייזונג.

זשאק דאָראַן האָט עס ענדליך ניט געקענט אויסהאַלטען. ער איז אויפגע־שפּרונגען פון זיין שטוהל און האָט אויסגערופען:

— זייט איהר ווירקליך דער באַנקיר זאמבוקאָ?

— אין טוניס איז דאָ נור איין זאמבוקאָ, איז געווען דיא אַנטוואָרט.

— און איהר האָט מיך גאָר ניט ערוואַרטעט?

— ניין. איך האָב אייך קיין מאָל ניט ערוואַרטעט.

— האָט מען אייך גאָר ניט געמעלדעט, אז איך וועל קומען?

— ווער האָט דען געדאַרפט מיר מעלדען?

— האָט איהר ניט בעקומען א בריעף פון א געוויסען פאשא?

— איך בעקום הונדערטע בריעף פון אַלערליי פאשאַס.

— האָט איהר ניט ערהאַלטען א בריעף פון א געוויסען קיאַמיל פאשא פון קאַאירא, עגיפּטען?

— איך געדענק עס ניט.

ווען זשאק דאָראַן וואָלט געווען אביסעל רוהיגער און ווען ער וואָלט זיך בעסער צוגעקוקט צו זאמבוקאָ'ס געזיכט, וואָלט ער פיליכט פערשטאַנען, אז דער באַנקיר שפּיעלט זיך מיט איהם, וויא א קאַץ שפּיעלט זיך מיט א געפאַנגענער מויז: ער וויל פון איהם ארויסציהען אַלעס, וואָס ער ווייס.

זשאק דאָראַן איז אנידערגעפאַלען אויף זיין שטוהל און האָט געמורמעלט:

— דאַן האָט קיאַמיל פאשא מיך אָבגענאַרט!...

דער באַנקיר האָט ארויפגערוקט זיינע גרויסע ברילען אויף זיין ברייטען שטערן און האָט געזאָגט, וויא צו זיך אַליין:

— קיאַמיל פאשא? ווער איז דען דיעזער קיאַמיל פאשא? לאָמיר זעהען, אויב איך קען זיך דערמאָנען...

— קיאַמיל פאשא איז געווען א גאַנץ רייכער מאַן, האָט זשאק דאָראַן איהם אונטערגעזאָגט.

— אך, יא! האָט דער באַנקיר אויסגערופען, איך דערמאָן מיך שוין! איך ווייס שוין! ער האָט אמאָל געוואָהנט אין קאַאירא, עגיפּטען.

— האָט ער אייך קיין מאָל ניט געשריבען, אז ער לאָזט אייך איבער א טהייל פון זיין גרויסען פערמעגען?

— מיר דאַכט, אז איך האָב אמאָל ערהאַלטען פון איהם אזא בריעף.

— און איהר האָט דיעזען בריעף?

— איך ווייס ניט... איך געדענק ניט...

— אום גאָטעס ווילען! דיעזער בריעף איז דאָך ווערטה עטליכע מיליאָן! האָט זשאק דאָראַן אויסגערופען אונגעדולדיג.

— אויב דיעזער בריעף איז עפּעס ווערטה, וועל איך איהם געוויס געפּי־נען. קיין זאך, וועלכע האַט עפּעס אַ ווערטה, ווערט ניט פערלאָרען ביי מיר.

זשאק דאָראן האַט עס לעננער ניט געקענט אויסהאַלטען. ער האַט אזא קלאפּ געטהאָן מיט זיין שטארקען פויסט אָן טיש, אז דיא ווענט האָבען אָנגע־הויבען צו ציטערען.

— הערר זאמבוקאַ, איך פערשטעה אייך ניט! האָט ער געשריען. ווייסט איהר דען ניט, פערשטעהט איהר דען ניט, אז דאָ האנדעלט זיך וועגען פיעלע מיליאָנען?

— מיליאָנען? בע!

— וואָס מאכט איהר אזוי "בע"? עס האנדעלט זיך דאָ וועגען 20 מיליאָן!

— 20 מיליאָן? דאָס איז גאָר ניט אזוי פיעל, האָט דער באנקיר געענט־פערט קאַלט וויא אייז.

זשאק דאָראן האָט געקוקט אויף דעם באנקיר און האָט געשטוינט. אזא זאָנדערבארען מענשען האָט ער נאָך אין זיין לעבען ניט געזעהען.

דער באנקיר האָט וויעדער אראָבגענומען זיינע ברילען, האָט זיי גוט אויסגעווישט, האָט זיי וויעדער אָנגעטהאָן און האָט געפרעגט גאנץ רוהיג:

— גלויבט איהר ווירקליך, אז קיאמיל פאשא האָט איבערגעלאָזען פיעלע מיליאָנען?

— געוויס גלויב איך עס!

— ווארום גלויבט איהר עס?

זשאק דאָראן האָט איהם דערצעהלט זיין גאנצע געשיכטע. ער האָט אָנ־געהויבען פון דעם יאָהר 1799, ווען זיין פאָטער טהאָמאס דאָראן האָט געראַטעט דאָס לעבען פון קיאמיל פאשא; וויא אין 1842 האָט זיין פאָטער ערהאַלטען אַ בריעף פון קיאמיל פאשא, אז ער האָט פערגראָבען ערגעץ אויף אַן אינזעל אַ פערמעגען פון 20 מיליאָן; וויא זיין פאָטער האָט איהם איבערגעגעבען דיע־זען בריעף פאר זיין טויט; וויא ער האָט געוואַרט אז עס זאָל קומען איינער, וועלכער זאָל איהם ברייננען דיא לענג פון דעם אינזעל; וויא עס איז ענדליך געקומען אַן אדוואָקאט פון עגיפּטען, וועלכער האָט איהם געבראכט דעם מע־רידיאן; ענדליך, וויא ער איז געפאָהרען נאָך אָמאן און האָט געפונען דעם אינ־זעל ניט ווייט פון דער שטאָדט סאהאר, אָבער אויף דיזען אינזעל האָט ער גע־פונען נור אַ דאָקומענט, אז דיא מיליאָנען געפינען זיך אויף אַן אנדער אינ־זעל, פון וועלכען עס איז אָנגעגעבען דער מערידיאן און דעם פאראלעל קען מען בעקומען ביי דעם באנקיר זאמבוקאַ אין טונים.

דער באנקיר האָט אויסגעהערט זשאק דאָראן גאנץ אויפמערקזאם, אָבער ווען דאָראן האָט געענדיגט זיין לאנגע ערצעהלונג, האָט ער בעמערקט גאנץ רוהיג:

— וויא עס ווייזט אויס, האָט קיאמיל פאשאווירקליך ערגעץ פערגראָבען זיינע מיליאָנען, אָבער איך קען דאָך ניט פערשטעהן, פאר וואָס האָט ער בעגראָבען זיינע מיליאָנען ערגעץ אויף אן אינזעל.

— דאָס וויים איך אויך ניט, אָבער וואהרשיינליך האָט ער עס געמוזט טהאָן.

— דיא גאנצע געשיכטע איז עפּעס זאָנדערבאר.

— אָבער, הערר זאמבוקאָ, זאָגט מיר דיא װארהײט, זייט איהר געװעזען בעקאנט מיט קיאמיל פאשא?

— יא, איך בין געװעזען בעקאנט מיט איהם.

— האָט איהר אמאָל עפּעס געטהאָן פאר איהם? האָט איהר איהם אמאָל עפּעס אויסגעהאָלפען?

— יא, איך האָב אמאָל עפּעס געטהאָן פאר איהם. איך האָב איהם א טובה געטהאָן, ווען ער האָט געמוזט בעהאלטען זיין פערמעגען פון מחמד אלי פאשא. איך האָב דאמאָלס געוואָהנט אין קאאירא.

— דאן איז דאָך דיא גאנצע געשיכטע קלאָהר און דייטליך: מיין פאָטער האָט איהם גערעטעט דאָס לעבען און איהר האָט געראַטעט זיין פערמעגען.

— דאָס איז מעגליך, אָבער דאן קען דאָך זיין, אז אויך אנדערע מענשען האָבען עפּעס געטהאָן פאר איהם און ער האָט איבערגעלאָזען זיין פערמעגען צו אנדערע אויסער אונז.

— דאָס איז אונמעגליך! דאָס קען ניט זיין! האָט זשאק דאָראן אויסגערופען. צוויי יורשים זיינען שוין מעהר אלס גענוג!

— איהר האָט אפילו רעכט, אָבער אויף דער וועלט קען דאָך אלעס פּאַסירען.

— עס האָט שוין גענוג פאסירט פאר אונז.

— נאָך איין פראגע, הערר דאָראן.

— ביטע, הערר זאמבוקאָ.

— קענט איהר מיר ניט ערקלעהרען, פאר וואָס פאָהרט מיט אייך דער אדוואָקאט פון אלעקסאנדריע?

— אין דעם טעסטאמענט פון קיאמיל פאשא געפינט זיך א פּונקט, אז דער אדוואָקאט בן אָמאר דארף זיין דערביי, ווען מען וועט אויסגראָבען דיא מיליאָנען, און ער דארף בעקומען איינס פּראָצענט קאָמיסיאָן פאר זיין ארבייט.

— איינס פּראָצענט? דאָס איז צופיעל!... דער טויגעניכטס!

— יא, הערר זאמבוקאָ! בן אָמאר איז א טויגעניכטס. איך האָב עס איהם געזאָגט אין דיא אויגען.

אייניגע אויגענבליקע האָבען ביידע יורשים פון קיאמיל פאשא געשוויי-

גען. ווען זשאק דאָראַן האָט אָבער געזעהען, אז דער באנקיר שווייגט שוין עפּעס צו לאנג, האָט ער געזאָגט:

— יעצט, הערר זאמבוקאָ, ווייסט איהר דיא גאנצע געשיכטע. יעצט אלזאָ דארפען מיר זיין פריי און אָפענהערציג איינער געגען דעם אנדערען.

דער באנקיר האָט גאָר ניט געענטפערט.

— נו, הערר זאמבוקאָ, האָט זשאק דאָראַן ווייטער געזאָגט, איך האָב מיך געפלאגט און האָב אויסגעפונען דעם ערשטען אינזעל. יעצט ווייס איך דיא לענג פון דעם צווייטען אינזעל און איהר ווייסט דיא ברייט אָדער דעם פּאראלעל פון איהם.

— יא! געוויס! האָט דער באנקיר געענטפערט.

— אלזאָ ווארום האָט איהר צוערשט געזאָגט, אז איהר ווייסט גאָר ניט. אז איהר קענט גאָר ניט קיאמיל פּאשא?

— דאָס איז גאנץ איינפאך: איך האָב ניט געוואָלט ארויסגעבען מיין געהיימניס צו דעם ערשטען בעסטען מענשען, וועלכער איז געקומען, איך ווייס ניט פון וואנען, און האָט געוואָלט מיך אויספאָרשען. איך האָב געוואָלט מיך איבערצייגען, אז איהר זייט ווירקליך דער מאַן, מיט וועמען איך קען רעדען.

— און יעצט האָט איהר זיך שוין איבערצייגט?

— איך וועל ערשט דאַן זיין איבערצייגט, ווען איהר וועט מיר ווייזען דעם דאָקומענט, וועלכען איהר האָט געפונען אויף'ן אינזעל ניט ווייט פון סאהאר.

— דאָס געהט ניט, הערר זאמבוקאָ! א בייגעל א גראָשען; א גראָשען א בייגעל. ווייזט מיר דעם בייגעל און איך וועל אייך ווייזען דעם גראָשען: ווייזט מיר דעם בריעף פון קיאמיל פּאשא צו אייך און איך וועל אייך ווייזען דעם דאָקומענט, וועלכען איך האָב געפונען אויף'ן אינזעל.

— איהר האָט רעכט, הערר דאָראַן, האָט דער באנקיר געזאָגט.

מיט דיעזע ווערטער האָט ער זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און האָט פערדעקט מיט א בויגען פּאפּיער דיא דאָקומענטען, וועלכע זיינען געלעגען אויף זיין טיש, אז דאָראַן זאָל זיי ניט קענען לעזען אין דער צייט, ווען ער וועט זיך אוועקקעהרען. דאָס האָט זעהר געקרענקט זשאק דאָראַן. דאָס איז געווען א גראָבהייט, וועלכע דאָראַן האָט אויף קיין פאל ניט געקענט פערצייהען, אָבער וואָס האָט ער געקענט טהאָן? וויא האָט ער דען געקענט זיך העלפען? ער איז אין דיא הענד פון דיעזען גראָבען מענשען און ער מוז איבערטראָגען אלערליי בעליידיגונגען.

אין אמת'ען אָבער איז דער באנקיר זאמבוקאָ גאָר ניט געווען אזוי גראָב. ער איז נור געווען א קלוגער, דורכגעטריבענער געשעפטסמאַן. ער האָט גע-

זוכט א מיטעל, וויא אזוי צוצונעהמען אלע מיליאָנען פון קיאמיל פאשא און ער איז געפאלען אויף א גוטען פלאן.

ער איז צוגעגאנגען צו דעם גרויסען אייזערנעם קאסע־קאסטען און האָט אָנ־געהויבען צו קלינגען און צו קנאקען מיט דיא פיעלע שלעסער. פלוצלונג האָט ער זיך אומגעקעהרט צו זשאק דאַראן און האָט איהם געפרעגט:

— זייט איהר פערהייראטה?

— ניין, הערר זאמבוקאָ! איך האָב קיין מאָל ניט געהייראטה און איך דאנק גאָט יעדען מאָרגען און יעדען אבענד, וואָס איך האָב ניט געהיי־ראטה. א פרוי איז א שווערע לאסט, וועלכע נור א גרויסער נאר נעהמט זיך פרייוויליג אויף דיא פלייצעס.

אויף דעם געזיכט פון דעם באנקיר זאמבוקאָ האָט זיך געוויזען א פינסטע־רער וואָלקען. דיא אנטוואָרט פון זשאק דאַראן איז איהם שטארק ניט געפעהלען.

זאמבוקאָ איז געווען א קלוגער מאן. ער האָט געהאט נור איין איינציגע שוועסטער מיט'ן נאָמען טאליסמא זאמבוקאָ, וועלכע האָט געוואָהנט גאנץ רוהיג און גאנץ אונבעקאנט אויף דעם אינזעל מאלטא.

זיא איז שוין געווען ניט גאנץ יונג. זיא איז אין גאנצען אלט געווען זיבען און פערציג יאָהר. דיא נאטור האָט איהר אויך ניט געגעבען צופיעל שעהנהייט זאָגאר דאן, ווען זיא איז אלט געווען 18 יאָהר. יעצט, ווען זיא האָט שוין דער־גרייכט דיא עהרווירדיגע עלטערע יאָהרען פון זיבען און פערציג, איז זיא געווים ניט שעהנער געוואָרען. עס איז בעקאנט, אז דיא פרויען אין אָריענט ווערען אלט זעהר פריה. א פרוי פון 30—35 יאָהר איז שוין אלט און געבראָכען, וויא אין אונזערע קאלטע געגענדען א פרוי פון 50 יאָהר.

דעם באנקיר איז אלזאָ געקומען אין קאָפּ דער גליקליכער געדאנק: וויא וואָלט געווען, ווען דיעזער פראנצויז זאָל הייראטהען זיין ליעבע שוועסטער טאליסמא? דאן וואָלטען דיא מיליאָנען פון קיאמיל פאשא געבליבען אין דער פאמיליע זאמבוקאָ. עס איז זעהר מעגליך, אז מיט דער צייט וועלען זיי גרינ־דען א נייע פירמע: "זאמבוקאָ און דאַראן", און דאָס גאנצע פערמעגען פון קיאמיל פאשא, דיא גאנצע 20 מיליאָן וועלען בילדען דאָס קאפיטעל פון דער נייער פירמא.

דער קלוגער זאמבוקאָ האָט געדרעהט דיא שליסעל פון זיין קאסע־קאסטען און האָט געטראכט וועגען זיין פלאן. זיין שוועסטער טאליסמא מוז דאָך אמאָל הייראטהען. ביז אהער האָט זיך אלץ ניט געמאכט א פאסענדע פארטיי פאר איהר. עס האָבען זיך גע'שדכנ'ט צו איהר נור אָרימע לייט, וועלכע האָבען געזוכט איהר פערמעגען. יעצט אָבער האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט א געלעגענהייט צו שיסען צוויי האָזען מיט איין מאָל: ער וועט פערהייראטהען זיין שוועסטער און

די מיליאָנען פון קיאמיל פאשא וועלען בלייבען ביי איהם, וועניגסטענס, וועלען זיי ניט ארויס פון דער פאמיליע.

דיא פראגע איז אָבער: וועט זשאק דאָראן איינוויליגען צו הייראטהען דיא ניט שעהנע און דיא ניט שטארק יונגע טאליסמא?

וועגען דעם האָט זיך דער באנקיר פערטראכט.

זשאק דאָראן איז געוואָרען אונגעדולדיג און האָט געפרעגט:

— נו, וואָס האָט איהר זיך אזוי פערטראכט?

— איך האָב מיר געשטעלט דיא פראגע, אויב מיר זיינען ווירקליך ביידע גאנץ גלייכע יורשים פון קיאמיל פאשא, האָט דער באנקיר געענטפערט.

— געוויס זיינען מיר ביידע גאנץ גלייך.

— איך דענק אָבער אנדערש.

— ווארום דענקט איהר אנדערש?

— ווייל ניט איהר, נאָר אייער פאָטער האָט עפּעס געטהאָן פאר קיאמיל פאשא, איך אָבער האָב אליין, פערזענליך עפּעס געטהאָן פאר איהם, און דארום קומט מיר מעהר פון אייך.

זשאק דאָראן איז אויפגעקאָכט געוואָרען. דאָס האָט ער שוין ניט געקענט אויסהאלטען.

— וואָס מיינט איהר, הערר זאמבוקאָ? האָט ער אויסגערופען. דענקט איהר ווירקליך, אז איהר וועט אָבנארען אן אלטען מאטראָז, וויא איך בין? מיין פאָטער'ס רעכטע זיינען מיינע רעכטע. זאָגט מיר קורץ און דייטליך: ווילט איהר אויספאָלגען דאָס טעסטאמענט פון קיאמיל פאשא אָדער ניט?

— איך וועל טהאָן, וואָס איך וויל און וויא איך פערשטעה, האָט דער באנקיר געענטפערט טרוקען.

זשאק דאָראן האָט געכאפּט דעם טיש מיט ביידע הענד, גלייך וויא ער וואָלט געוואָלט איהם אויפהויבען און איהם ווארפען דעם באנקיר אין קאָפּ.

דער באנקיר האָט זיך ניט איבערגעשראָקען און האָט געזאָגט גאנץ רוהיג:

— פערשטעהט דאָך, אז אָהן מיר קענט איהר ניט בעקומען דיא מיליאָנען.

ביידע מענער זיינען יעצט געשטאנען איינער געגען דעם אנדערען. זשאק דאָראן איז געוועזען רויט, וויא א געקאָכטער ראק, דער באנקיר אָבער איז געוואָרען עטוואָס בלייכער וויא געוועהנליך.

זשאק דאָראן האָט ענדליך א געשריי געטהאָן:

— ווילט איהר מיר געבען דיא ברייט פון דעם אינזעל?

— ווען איהר וועט מיר זאָגען דיא לענג, דעם מערידיאן.

— איהר מוזט מיר פריהער זאָגען דעם פאראלעל.

— איהר מוזט פריהער זאָגען דעם מערידיאַן.
— דאָס וועל איך ניט טהאָן!
— טהוט, וויא איהר ווילט!

זשאק דאַראַן איז אויפגעשפרונגען, ער האָט ארויסגעכאפּט זיין פּאָרטפעל, האָט פון איהם ארויסגענומען דעם דאָקומענט, וועלכען ער האָט געפונען אויף דעם אינזעל ניט ווייט פון סאהאר און האָט אויסגערופען:

— אָט איז מיין דאָקומענט געשריבען פון קיאמיל פּאשא!
— האלט עס אייך! איך דארף עס ניט!
— איהר דארפט עס ניט? דאָס איז דאָך צוואנציג מיליאָן.
— איך וויים גאנץ גוט, אז דיעזעס שטיקעל פּאפּיער איז ווערטה צוואנציג מיליאָן.
— און דיעזע צוואנציג מיליאָן וועלען בלייבען דאָרט אויף׳ן אינזעל, ווען מיר וועלען זיי ניט אויסגראָבען.
— וואָס אארט עס מיך? האָט דער באנקיר געזאָגט רוהיג און קאלט.

זשאק דאַראַן האָט אָנגעהויבען צו טאנצען וויא א משוגענער. ער האָט אָנגעהויבען צו פיהלען, אז ער איז אריינגעפאלען אין שלעכטע הענד.

דער באנקיר האָט געוואַרט ביז זשאק דאַראַן האָט זיך אביסעל בערו־היגט, דאן האָט ער געזאָגט:

— לאָמיר זיך איבערלעגען, פיליי׳כט וועלען מיר געפינען א מיטעל, וויא אזוי אונז אויסצוגלייכען, וויא אזוי זיך איינצואָרדנען.

זשאק דאַראַן האָט געקוקט אויף דעם באנקיר און האָט גאָר ניט געענט־פערט.

סואד פּאשא, וועלכער האָט געוואַרט דיא גאנצע צייט אין דרויסען, האָט געזעהן מיט שרעק און שטוינען זשאק דאַראַן אוועקלויפען פון זאמבוקאָ׳ם הויז, וויא א וואהנזיניגער און ער האָט געמורמעלט צו זיך אליין:

— וואָס האָבען דאָרט דיא צוויי פערדאמטע קריסטען אָבגעמאכט צווי־שען זיך? פאר וואָס איז דיעזער דזשאור אנטלאָפען?

זשאק דאַראַן איז געגאנגען גלייך אין האָטעל. אין דעם זאאל האָט ער געפונען פראנסוא און טרעגאָמעין.

— נו, וואָס הערט זיך? האָט טרעגאָמעין געפרעגט.
— ווייסט דוא, וואָס דיעזער לומפּ, דיעזער טייפעל פערלאנגט פון מיר?
— א גאנצען מיליאָן?
— נאָך ערגער!
— ער האָט געוואָלט דיך טויטען?
— נאָך ערגער! ער וויל, איך זאָל הייראטהען זיין שוועסטער.

20טעם קאַפּיטעל.

# זשאַק דאָראַן ווילינט איין צו הייראַטהען

פֿראנסוא און טרעגאָמעין זיינען געבליבען שטעהן וויא פערשטיינערט. זיי זיינען שוין געוואָהנט געווען צו אַלע מעגליכע שוויעריגקייטען. זיי האָבען ערוואַרטעט אַלע מעגליכע שטערונגען, דאָס אָבער האָבען זיי אויף קיין פֿאַל ניט ערוואַרטעט. עס וואָלט זיי קיין מאָל ניט איינגעפֿאַלען, אַז מען זאָל וועלען צווינגען זשאַק דאָראַן, ער זאָל הייראַטהען און דערצו נאָך יעצט, ווען ער איז אַכט און פֿיערציג יאָהר אַלט.

זשאַק דאָראַן האָט קיין מאָל ניט געטראַכט פֿון הייראַטהען. ער האָט פֿיינט געהאַט דאָס הייראַטהען. ער פֿלעגט שטענדיג בעטראַכטען אַ פֿאַמיליע אַלס אַ שווערע לאַסט, אַלס אַ גאַנץ איבעריגע זאַך, וועלכע דיא מענער נעהמען זיך אונטער צו שלעפּען און צו טראָגען זייער לעבען לאַנג, און יעצט, ווען ער הויבט שוין אָן עלטער צו ווערען, ווען דאָס בלוט האָט זיך שוין אָבגעקיהלט אין איהם, יעצט וויל מען איהם צווינגען, ער זאָל הייראַטהען, און וועמען? אַ פֿרוי, וועלכע ער קען ניט און ווייס ניט.

פֿראנסוא האָט געבעטען זיין אָנקעל, ער זאָל זיי דערצעהלען אַלעס, וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט אין דעם הויז פֿון דעם באַנקיר.

זשאַק דאָראַן האָט זיי דערצעהלט אַלעס און האָט דערביי געזידעלט, גע־שימפּפט און געשאָלטען דעם באַנקיר זאַמבוקאָ אויף וואָס דיא וועלט שטעהט.

— דער לומפּ! דער טויגעניכטס! דער רויבער! וואָס וויל ער פֿון מיר? פֿאַר וואָס וויל ער צונעהמען מיינע מיליאָנען? האָט זשאַק דאָראַן געשריען און געשאָלטען.

פֿראנסוא און טרעגאָמעין האָבען אויסגעהערט דיא גאַנצע ערקלערונג מיט שטוינען און פֿערוואונדערונג. דיא גאַנצע געשיכטע איז זיי פֿאָרגעקומען אַזוי לעכערליך, אַזוי זאָנדערבאַר, אַזוי ניי, אַזוי איבערראַשענד, אַז זיי האָבען ניט געוואוסט וואָס צו דענקען.

— צום טייפעל מיט דיעזע מיליאָנען! האָט ענדליך געזאָגט טרעגאָ־מעין. זייט עס האָט זיך אָנגעהויבען דיא געשיכטע מיט דיעזע פֿערדאַמטע מיליאָנען האָבען מיר ניט קיין רוהיגע שטונדע.

פֿראנסוא איז געווים געווען איינפֿערשטאַנען, אַז זיין אָנקעל זאָל לאָזען פֿאַלען דיא גאַנצע געשיכטע און זיי זאָלען בעסער וויא אַם שנעלסטען פֿאָהרען אַהיים, וואו ער וועט קענען הייראַטהען זיין געליעבטע זשוליעט.

פֿראנסוא און טרעגאָמעין זיינען געווען איבערצייגט, אַז יעצט וועט שוין

דיא גאנצע געשיכטע גענומען אן ענדע. זשאק דאראן וועט געוויס ניט איינוויי־ליגען צו הייראטהען אן אלטע, העסליכע פרוי צוליעב עטליכע מיליאָן.

זשאק דאראן אליין איז געווען אויסער זיך. ער איז ארומגעגאנגען אין צימער הין און צוריק, וויא א ווילדער טיגער אין זיין שטייג. ער איז ווירקליך געווען געפאנגען, געפאנגען און פערשפארט אין אן אייזערנער שטייג. ער מוז האבען קיאמיל פאשא'ס מיליאָנען, אבער פאר איהם געפינט זיך אן אייזער־נע וואנד אין דער געשטאלט פון אן אלטער, העסליכער פרוי. וואס טהוט מען? וואס פאר אן עצה גיט מען זיך אין אזא פאל?

איינינע צייט איז ער ארומגעגאנגען שטילערהייט, דאן האט ער ארויס־געפלאצט:

— דער לומפ! דער רויבער! דורך איהם זאל איך פערלירען צוואנציג מיליאָן? ער איז דאך ווערטה, מען זאל איהם שיסען, הענגען, ברענען, בראטען, רייסען פון איהם דיא אדערען, שניידען פון איהם שטיקער... ער וויל מיר ניט ארויסגעבען מיין פאראלעל, סיידען איך זאל הייראטהען זיין אלטע העסליכע שוועסטער. וואלט איהר געוואלט מיך זעהען אלס מאן פון טאליסמא?

— געוויס ניט! האט טרעגאמעין אויסגערופען. וויא קען מען עס צווינגען א מענשען צו הייראטהען אן אלטע, העסליכע פרוי, וועלכע ווייזט אוים וויא אן אף (מאלפע)? וויא קען מען עס דענקען, אז דוא זאלסט ברייגגען צו דער גוטער, שטילער נאנאן אזא שוועגערין?

זשאק דאראן האט געשוויגען. ער האט געקעמפפט מיט זיך אליין. ער האט זיך געפונען אין א זאנדערבאר־טראגישער לאגע: ער מוז הייראטהען א פרוי, וועלכע ער קען ניט, וויים ניט און וועט זיא געוויס ניט קענען ליעבען און אכטען, אדער ער מוז זיך אבזאגען פון זיין גליק, פון דעם בעסטען טרוים פון זיין לעבען — פון דיא מיליאָנען פון קיאמיל פאשא.

איינינע מינוטען האט ער געשוויגען, זיינע געדאנקען אבער האבען גע־ארבייט און ער האט געקעמפפט מיט זיך אליין און שרעקליך געליטען. פלוצלונג האט ער זיך געווענדעט צו זיין פריינד און האט איהם געפרעגט:

— זאג מיר, פריינד גילדאס, האט א מענש דאס רעכט אוועקצוואווארי־פען מיליאָנען, לאזען דיעזע מיליאָנען פערפוילט ווערען אויף אן אינזעל, ווען ער קען זיך ניט איינבויגען און זיי אויפהויבען?

— איך וויים ניט וואס צו ענטפערען אויף דיעזער פראגע, ווייל איך בין ניט קיין אדוואקאט, האט דער גוטער טרעגאמעין געענטפערט.

— אזוי? דוא קענסט ניט ענטפערען אויף מיין פראגע, ווייל דוא ביסט ניט קיין אדוואקאט? האט זשאק דאראן געשריען. דאן ענטפער אויף אן אנדער פראגע!

— אויב איך וועל וויסען וואס צו ענטפערען, וועל איך געוויס ענטפערען.

— שטעל זיך פאר, דוא האסט א בארקע... נו, לאמיר זאגען, דוא ביסט נאך דער שיפסקאפיטאן פון דער בארקע דיא "שעהנע אמאליע", און דוא האסט אנגעלאדען אויף דיין בארקע צוואנציג מיליאן אמעריקאנער דאלאר, דערביי האסט דוא ערקלעהרט, אז דוא ווילסט ארויספאהרען אין מעער און לאזען אונטערגעהן דיין בארקע מיט דיינע מיליאנען, וועט דיא רעגיערונג עס ערלויבען? קען דיא רעגיערונג ערלויבען, אז א מענש, א געטרייער בירגער, א פאטריאט, זאל אריינוואַרפען אין מעער צוואנציג מיליאן?

— מיר דאכט, אז דיא רעגיערונג וואלט עס ניט ערלויבט, האט טרעגאמעין געענטפערט.

— נו, זעהסט דוא, דיעזער טייפעל, דיעזער טויגעניכטס, דיעזער לומפ זאמבוקא קען זאגען איין ווארט און ער און איך וועלען האבען אונזערע מיליא־נען. ער וויל מיר אבער ניט זאגען דיעזעס ווארט. ער וויל מיר ניט אויסזאגען דעם פאראלעל פון דיעזען אינזעל, און אזוי פיעל מיליאנען וועלען פערלארען געהן, פערפאלען ווערען! איז עס ניט א הימעל שרייענדעס אונרעכט?

— אה! דיעזער זאמבוקא איז געוויס א לומפ און א טויגעניכטס! האט טרעגעאמעין אויסגערופען.

— קום נור אהער, פראנסוא, און זאג מיר דיין מיינונג, האט זשאק דא־ראן געבעטען. וואס דענקסט דוא דערפון, ווען מיר זאלען זיך ווענדען צו דער רעגיערונג פון טונים, ווען מיר זאלען פערקלאגען דעם טויגעניכטס זאמבוקא ביי דעם העכסטען געריכט פון דיעזען לאנד?

— איך גלויב ניט, אז דיא רעגיערונג וועט וועלען זיך אריינמישען אין אזא אנגעלעגענהייט, האט פראנסוא געענטפערט.

—פאר וואס ניט? האט זשאק דאראן געשריען אויסער זיך. דיא רעגיערונג קען איהם צווינגען, ער זאל מיר ארויסגעבען דיא ברייט פון דעם אינזעל; זיא קען הייסען איהם מאטערען, איהם ברענגען און בראטען ביז ער וועט ארויסגע־בען מיין געהיימניס. ער וויל מיך בערויבען און מיט א רויבער מעג מען טהאן וואס מען וויל.

— איהר האט פאלקאמען רעכט, ליעבער אנקעל, איך גלויב אבער ניט, אז דיא רעגיערונג וועט עס טהאן.

— איך וועל אוועקשענקען דער רעגיערונג מיין טהייל, מיינע מיליאנען, נור צוליעב דעם, אז דיעזער טויגעניכטס זאל ארויסגעבען זיין געהיימניס.

— דאס לאזט זיך הערען, האט זיך טרעגאמעין אריינגעמישט.

— גאנץ געוויס! האט פראנסוא אויסגערופען, ווען סידי מחמד עס צדק, דער הערשער פון טונים וועט וויסען, אז ער קען מאכען דערביי עטליכע מיליאן, וועט ער געוויס שוין וויסען, וויא אזוי ארויסצוקריגען פון דעם באנקיר זאמ־בוקא זיין געהיימניס. דאן אבער קענען מיר שוין מארגען פאהרען אהיים.

מיר וועלען עס נור מעלדען דעם גוטען סידי מחמד עס צדק און ער וועט שוין טהאָן אלעס מעגליכע אָהן אונז.

יעצט ערשט האָט זשאק דאָראן אויפגעקאָכט וויא א קעסעל. יעצט ערשט האָט ער אָנגעהויבען צו פערשטעהן, אז פראנסוא וויל שוין פאָהרען אהיים צו זיין געליעבטער זשוליעט.

— לאָזט מיך אליין! האָט ער געשריען. איהר זייט ביידע מיינע פיינד! איהר ווילט, אז איך זאָל אוועקשענקען מיינע מיליאָנען!

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעלאָפען פון צימער און איז אראָבגע־לאָפען דיא טרעפ פון דעם האָטעל. פראנסוא און טרעגאָמעין האָבען איהם גע־וואָלט נאָכלויפען, ווען זיי האָבען אָבער געזעהען, אז ער האָט זיך אנידער־געזעצט אונטער א טייטעל בוים אין א קליינעם פארק ניט ווייט פון דעם האָ־טעל, האָבען זיי זיך בערוהיגט און האָבען זיך ענטשלאָסען צו געהן אביסעל שפאציערען, אום צו אָטהעמען אביסעל פרישע לופט ביי דעם טייך באהירא, וועלכער פליסט אין דער מיט פון דער שטאָדט טוניס.

דאָס איז דער שעהנסטער און בעסטער שפאציער־פלאץ אין טוניס. ווען דיא זון לאָזט זיך אראָב נאָך מערב, ווען עס הויבט אָן צו ווערען עטוואָס קיהלער, געהען ארוים אלע רייכע איינוואָהנער פון טוניס, מייסטענס איירא־פּעער, שפאציערען ביים ברעג פון דער באהירא. איך זאָג "מייסטענס איי־ראָפּעער", ווייל דיא מאחמאדאנער ווייסען ניט און ווילען ניט וויסען, וואָס עס הייסט שפאציערען. דער רייכער מאחמאדאנער האָט א גאָרטען לעבען זיין הויז. אין דיעזען גאָרטען פערברייננגט ער דיא קיהלע אבענד שטונדען. דער אָרעמער מאחמאדאנער האָט קיין אידעע ניט פון שפאציערען, פון פרישער לופט און פון היגיענע (דיא לעהרע איבער דיא געזונדהייט).

לאנגזאם און פערטיעפט אין זייערע געדאנקען זיינען געגאנגען דיא צוויי פראנצויזען שפאציערען ביים ברעג פון דער באהירא. פראנסוא האָט געטראכט פון זיין געליעבטער זשוליעט און האָט געוואָלט קומען אהיים וויא אם שנעלס־טען, אום צו פייערען זיין האָכצייט און טרעגאָמעין האָט גלאט געביינקט אהיים, נאָך זיין ליעבען סען מאלאָ וואו ער האָט געלעבט ביז אהער אזוי שטיל, אזוי רוהיג, אזוי צופריעדען און אזוי פריי פון אלע זאָרגען.

אזוי וויא זיי זיינען אזוי געגאנגען, איז זיי אנטקעגען געקומען בן אָמאר און זיין שרייבער נאזים. מען האָט געמוזט זיך אָבשטעלען און רעדען איינער צום אנדערען. פראנסוא האָט פריי און אָפענהערציג זיי דערצעהלט, אז דיא גאנצע געשיכטע מיט קיאמיל פאשא'ס מיליאָנען איז ניט ווערטה קיין אויסגעבלאָ־זען איי, ווייל דער באנקיר זאמבוקאָ וויל ניט ארויסגעבען זיין פאראלעל. ער פערלאנגט אן אונמעגליכקייט: ער וויל צווינגען זיין אָנקעל צו הייראטהען א פרוי, וועלכע זיין אָנקעל קען ניט און ווייס ניט.

דער גוטער פראנסוא האָט פערגעסען, אז ער רעדט צו א מאחמאדאנער, וועלכער מעג הייראטהען פיעלע פרויען.

— איך זעה גאָר ניט איין, פאר וואָס הערר זשאק דאָראן זאָל ניט הייראטהען זאמבוקאָ׳ס שוועסטער, האָט בן אָמאר בעמערקט. ער מעג זיא הייראטהען און ניט וואָהנען מיט איהר. נאָך אונזערע געזעצע קען מען איהם העכסטענס צווינגען, ער זאָל איהר געבען פינף פיאסטער א וואָך (א פיאסטער איז ווערטה פיער אמעריקאנער סענט) אלס אלימאָני, אלס לעבענס אונטערהאלט. ווען עס האנדעלט זיך וועגען מיליאָנען, קען מען שוין אָפּפערען פיער פיאסטער א וואָך.

בן אָמאר, אלס אן אדוואָקאט, האָט גוט געקענט דיא געזעצע פון דיא מאחמאדאנער.

ביי דיא מאחמאדאנער, וויא ביי פיעלע פעלקער אין אָריענט, איז דיא רעליגיאָן אזוי פערקנופּט און פערבונדען מיט דעם לעבען, אז מען ווייס גאָר ניט פון ציוויל געזעצע, ביכער געזעצע, וויא ביי אייראָפּעאישע פעלקער, נור דיא רעליגיאָן און דיא פּאָרשריפטען פון דער רעליגיאָן הערשען, זיי זיינען געזעצע און ווען א ריכטער וויל אויסגעפינען א געזעץ, עפענט ער דעם קאָראן — דיא תורה פון דיא מאחמאדאנער — און זוכט דאָרט אוים א שטעלע, א פסוק, וועלכער פּאסט צו דער פראגע, וואָס ליעגט פאר איהם.

— ער מוז הייראטהען זאמבוקא׳ס שוועסטער, האָט בן אָמאר געזאָגט גאנץ ערנסט.

און בן אָמאר האָט עס טאקע באלד בעוויעזען פון דעם קאָראן, אז אין אזא פאל מוז א מענש הייראטהען יעדע פרוי, וועלכע מען שלאָגט איהם פאָר.

פראנסוא און טרעגאָמעין האָבען אָבער קיין מאָל ניט געלערענט דעם קאָראן און זיי האָבען אויך ניט געקענט פערשטעהן דעם קאָראן. זיי האָבען געוואוסט, אז ווען מען הייראטה א פרוי, איז מען צו איהר צוגעבונדען אויף לעבען לאנג. זיי זיינען געוועזן קאטאָליקען, וועלכע ווייסען ניט פון א שיידונג.

זיי האָבען דארום מעהר ניט געוואָלט רעדען מיט בן אָמאר׳ען און זיינען ווייטער געגאנגען.

דיא זון איז אונטערגעגאנגען. עס איז געוואָרען קיהלער. אין דיא פּארקס און אין דיא קאפּע־הייזער ביי דעם טייך באהירא איז עס געוואָרען לעבעדיגער. אלע אייראָפּעער: באנקירען, שרייבער, בוכהאלטער, אגענטען פון אלערליי געשעפטס־הייזער, אייניגע מיט זייערע פרויען און קינדער, זיינען ארויסגעגאנגען שפּאציערען און אָבאָטהעמען ביים וואסער.

אין פיעלע קאפּע־הייזער האָט געשפּיעלט מוזיק. מען קען זיך אויסקלייבען, וואָס פאר א מוזיק מען וויל. אין אייניגע קאפּע־הייזער שפּיעלט מען

איטאַליעניש און פראַנצויזישע אָפּערעטען מוזיק, אין אַנדערע ווערט געשפּיעלט די שווערע, לאַנגווייליגע, מעלאַנכאָלישע, אונאַנגענעהמע אַראַבישע מוזיק, וועל־כע אייראָפּעאישע אויערען, וואָס זיינען געוואָהנט צו דער מוזיק פון א אָפּענבאַך אָדער שטראַוס קענען אויף קיין פאַל ניט פערטראַגען.

פראַנסואַ און זיין פריינד האָבען זיך ענדליך אַנידערגעזעצט לעבען א טישעל פאַר א קאַפּעע־הויז, וואו אַן אָרקעסטער האָט געשפּיעלט די לוסטיגע אַריען פון פראַנצויזישע אָפּערעטען.

דאָ האָבען זיי זיך געפיהלט אין דער היים און האָבען זיך געהייסען געבען א פלאַש באָרדאָ ווײַן. אין טוניס טרינקט מען אָבער ניט קיינע פראַנצויזישע ווײַנען. מען טרינקט דעם היימישען ווײַן, דעם זאָגענאַנטען מאַנובאַ ווײַן, א זיסען, אָבער שווערען ווײַן פון ווײַנטרויבען, וואָס וואַקסען אויף די בערג פון טוניס.

געגען צעהן אוהר אבענדס זיינען זיי צוריקגעגאַנגען אין זייער האָטעל. איידער זיי זיינען געגאַנגען שלאָפען, זיינען זיי פאַרבייגעגאַנגען דאָס צימער, וואו זשאַק דאַראַן איז געשטאַנען, און האָבען זיך צוגעהערט ביי דער טהיר.

זשאַק דאַראַן איז ניט געשלאָפען. ער איז אַרומגעגאַנגען אין זיין צימער, וויא א ווילדע חיה לויפט אַרום אין איהר שטייג, און האָט געברומט:

— מיינע מיליאָנען! מיינע מיליאָנען! ער וויל מיך בערויבען! ער וויל צונעהמען מיינע מיליאָנען!

דעם אַנדערען טאָג אין דער פריה איז דער באַנקיר זאַמבוקאָ געזעסען ביי זיין שרייב־טיש. ער איז געווען געוואָהנט זיך צו לעגען שלאָפען, ווען די זון פלעגט אונטערגעהן און אויפצושטעהן, ווען די זון געהט אויף. אויב ער האָט עס געטהאָן אויס קאַרגשאַפט, אום צו שפּאָרען ליכט, אָדער ווייל ער פלעגט ניט וועלען מאַכען קיין געשעפטען ביינאַכט, איז שווער צו זאָגען. מען ווייס נור, אַז קוים איז די זון אונטערגעגאַנגען, פלעגט זאַמבוקאָ׳ס הויז פער־מאַכט ווערען און פערשלאָסען ווערען, אַז קיין לעבעדיגער מענש האָט ניט גע־קענט אַריינגעהן אָדער אַרויסגעהן.

גאַנץ פריה פלעגט זאַמבוקאָ שוין זיצען אין זיין קאָנטאָר און פלעגט שוין רעכענען און פערשרייבען אין זיינע געשעפטס־ביכער. ער האָט וואָהרשיינליך איבערגערעכענט, וואָס ער האָט נעכטען פערדיענט, ווען זיין אַלטער דיענער איז אַריינגעקומען און האָט איהם געמעלדעט, אַז דער פרעמדער פון נעכטען איז ווידער געקומען.

— פיהר איהם אַריין צו מיר, האָט דער באַנקיר געזאָגט.

א פּאָר מינוטען שפּעטער איז זשאַק דאַראַן אַריינגעקומען אין צימער און האָט געזאָגט אין דער הויך:

— גוט מאָרגען, הערר זאַמבוקאָ!

— גוט מאָרגען, הערר דאָראַן ! האָט דער באַנקיר געענטפערט.
— איז דאָס אייער לעצטעס וואָרט ? האָט דאָראַן געפרעגט.
— וועגען וואָס ?
— וועט איהר מירווירקליך ניט אויסזאָגען דעם פאראלעל פון מיין אינזעל, ווען איך וועל ניט הייראַטהען אייער שוועסטער טאַליסמא ?
— יא ! דאָס איז מיין לעצטעס וואָרט, האָט דער באַנקיר געענטפערט קורץ און שארף.
— קענען מיר ניט אויסגעפינען אן אנדער בעדינגונג, אונטער וועלכער איהר זאָלט מיר ארויסגעבען דעם סעקרעט ?
— קיין אנדער בעדינגונג.
— דאן וועל איך הייראַטהען אייער שוועסטער.
— איך האָב עס פריהער געוואוסט. איך בין געוועזן פעסט איבערצייגט, אז יעדער פערנינפטיגער מענש וועט הייראַטהען א פרוי, וועלכע ברייננט איהם 10 מיליאָן דאָלאַר נדן. מיר דאכט זאָגאַר, אז ראָטהשילד׳ס זוהן וואָלט אויך געהייראטה מיין שוועסטער מיט איהרע מיליאָנען.
— ווען איך מוז זיא הייראַטהען, דאן וועל איך זיא הייראַטהען, האָט זשאַק דאָראַן געזאָגט טרויעריג.
— אלזאָ קומט מיט מיר, מיין ליעבער שוואָגער, האָט דער באַנקיר געזאָגט.

זשאַק דאָראַן האָט א ציטער געטהאָן און האָט געפרעגט :
— איז זיא דען דאָ אין טונים ?

ער איז געוועזן בלייך וויא קאלך. ער האָט אויסגעזעהן וויא א פעראורטהיילטער, ווען מען קומט איהם מעלדען, אז ״היינט איז דער טאָג״, דאָס הייסט, היינט וועט מען איהם אויפהענגען.

— בערוהיגט אייך, מיין ליעבער שוואָגער, האָט דער באַנקיר געענטפערט, טאַליסמא איז ניט אין טונים. זיא איז אין מאַלטא.
— אלזאָ וואוהין זאָלען מיר דען געהן ?
— אין טעלעגראַף קאַנטאָר.
— צו וואָס ?
— איך וויל טעלעגראַפירען מיין געליעבטער שוועסטער, אז זיא איז פערלאָבט.
— איך דענק, אז איהר וועט איהר דאָך ניט טעלעגראַפירען, אז זיא זאָל באלד קומען נאָך טונים ?
— ווארום דען ניט ?
— ווייל מיר האָבען קיין צייט ניט, האָט זשאַק דאָראַן געענטפערט, ווייל מיר מוזען פריהער אויסגעפינען דעם אינזעל מיט דיא מיליאָנען.

— איך זעה גאָר ניט איין וואָס עס קען אייך אויסמאכען, אויב מיר וועלען פאָהרען נעהמען דיא מיליאָנען מיט א וואָך שפּעטער.

— עס מאכט מיר אויס זעהר פיעל! האָט זשאק דאָראן אויסגערופען. איך מוז פריהער וויסען, אויב איך האָב דיא מיליאָנען, דאן וועל איך היי־ראטהען.

דער באנקיר האָט זיך פערטראכט. ער האָט פערשטאנען, אז ער וועט גאָר ניט מאכען מיט דעם פראנצויז, איידער ער וועט האָבען זיינע מיליאָנען.

— נו, גוט! איך וועל אייך צוליעב טהאָן און וועל ניט טעלעגראפירען נאָך מיין שוועסטער ביז מיר וועלען ניט אויסגעפינען דעם אינזעל מיט דיא מיליאָנען. איך מוז איהר אָבער מעלדען, אז זיא איז פערלאָבט.

— מעלדעט איהר וואָס איהר ווילט.

— דאָס איז אָבער נאָך ניט גענוג.

— וואָס נאָך ווילט איהר פון מיר? האָט זשאק דאָראן געשריען.

— מיר מוזען מאכען א קאָנטראקט, א געזעצליכען קאָנטראקט ביי א נאָטאר און ביי א ריכטער.

— שרייבט אָן אזא קאָנטראקט, איך וועל איהם אונטערשרייבען.

— אין קאָנטראקט מוז אָבער שטעהן א שטראָף, האָט דער באנקיר בעמערקט.

— א שטראָף? וואָס פאר א שטראָף? האָט זשאק דאָראן געפרעגט.

— אז ווער עס וועט ניט האלטען דעם קאָנטראקט, דער פערפפליכטעט זיך פרייוויליג צו צאָהלען א געוויסע סומע געלד אלס שטראָף, האָט דער באנקיר ערקלעהרט.

— אה! איך פערשטעה! האָט זשאק דאָראן געזאָגט וויא צו זיך אליין, וויא גרויס זאָל זיין דיעזע שטראָף?

— דיא גאנצע צוויי מיליאָן פונט סטערלינג, אייער אנטהייל אין דער ירושה פון קיאמיל פאשא.

זשאק דאָראן האָט אויסגעגלאָצט א פּאָר אויגען, גלייך וויא ער וואָלט ניט פערשטאנען וואָס מען רעדט צו איהם.

דער באנקיר זאמבוקאָ האָט עס איהם ערקלערט גאנץ דייטליך.

— אין פאל איהר וועט ניט וועלען הייראטהען מיין שוועסטער טאליסמא, זאָלען אלע מיליאָנען פון קיאמיל פאשא'ס ירושה געהערען נור צו מיר. אלס גאראנטיע, אז איהר וועט בעצאָהלען דיעזע שטראָף, פאָדער איך, אז ווען מיר וועלען געפינען דיא פערגראָבענע מיליאָנען, זאָל איך זיי נעהמען צו זיך און זיי האלטען, ביז איהר וועט הייראטהען מיין שוועסטער.

זשאק דאָראן האָט געמאכט א ביטער־זויערע מינע, גלייך וויא ער וואָלט איינגעשלונגען א שפּין.

איייניגע מינוטען האָט ער געשוויגען. ער האָט זיך איבערלעגט, אויב ער זאָל אונטערשרייבען אזא קאָנטראַקט, וועלכער איז א שאנדע און אן ערנידעריי־גונג פאר יעדען אנשטענדיגען מענשען.

ענדליך האָט ער געפאסט מוטה און האָט אויסגערופען:

— אָנגענומען! איך נעהם אָן אייערע בעדינגונגען!

— דאָס האָב איך פריהער געוואוסט, האָט זאמבוקאָ געזאָגט רוהיג און גלייכגילטיג.

— גענוג פּלוידערען! מאכט עס שנעל! האָט זשאק דאָראַן געבעטען.

דער באנקיר האָט ארויסגענומען פון זיין קאסע־קאסטען א ריינעם בויגען פּאפּיער און האָט אָנגעשריבען אויף איהם א רעגעל־רעכטען קאָנטראַקט מיט אלע פונקטען, מיט אלע איינצעלהייטען, וויא אן אלטער ערפאהרענער נאָטאר. ער האָט אָנגעשריבען דעם קאָנטראַקט אין דער פראנצויזישער שפּראך, אום זשאק דאָראַן זאָל קענען איהם לעזען און פערשטעהן.

זשאק דאָראַן האָט איבערגעלעזען דעם קאָנטראַקט, האָט געטראכט איייניגע אויגענבליקע און האָט איהם האסטיג, אונגעדולדיג אונטערגעשריבען.

— יעצט מוזען מיר געהן צו א ריכטער און איהם בעשטעטיגען, האָט דער באנקיר געזאָגט.

זשאק דאָראַן האָט געשוויגען.

דער באנקיר האָט זיך האסטיג אָנגעטהאָן און איז געגאנגען מיט זשאק דאָראַן צו א ריכטער, וועלכער האָט געוואָהנט ניט ווייט פון זאמבוקאָ׳ס הויז.

אין איייניגע מינוטען איז דער קאָנטראַקט געווען אָבגעמאכט, אָבגעשלאָסען און בעפעסטיגט נאָך אלע רעגעלען און נאָך אלע פאָדערונגען פון דיא געזעצען פון דעם לאנד טוניס.

יעצט זיינען זיי צוריקגעגאנגען אין זאמבוקאָ׳ס הויז און זאמבוקאָ האָט געהאלטען וואָרט.

ער האָט ארויסגענומען פון זיין קאסע־קאסטען אן אלטען, פון דער צייט געל געוואָרענעם בריעף, געשריבען און אונטערגעשריבען פון קיאמיל פּאשא אליין.

— דאָס איז מיין בריעף, וואו איז אייער דאָקומענט? האָט זאמבוקאָ גע־פרעגט.

זשאק דאָראַן האָט ארויסגענומען זיין דאָקומענט.

דיעזע סצענע, ווען ביידע געלד־מענשען זיינען געשטאנען איינער לעבען אנדערען, יעדער מיט זיין דאָקומענט אין דער האנד, און יעדער האָט מורא געהאט איבערצוגעבען דעם אנדערען זיין דאָקומענט, איז אונמעגליך צו בע־שרייבען. נור א גוטער מאהלער, א מענש, וועלכער קען דעם כאראקטער פון

מענשען, וואָלט געקענט זיא אויסמאָהלען און עס וואָלט געוואָרען דערפון איינס פון דיא בעסטע, אינטערעסאַנטסטע און בעריהמטעסטע בילדער אין דער וועלט.

איניגע מינוטען זיינעןביידע געשטאַנען איינער גענען אַנדערען און יע־דער האָט מורא געהאַט, דער אַנדערער זאָל איהם ניט בעשווינדלען און ניט אויסנאַרען ביי איהם זיין דאָקומענט.

ענדליך האָט יעדער אויסגעשטרעקט זיין האַנד. זאמבוקאָ האָט בעקומען דאָראַן׳ס דאָקומענט און דאָראַן האָט בעקומען זאמבוקאָ׳ס דאָקומענט.

ביידע זיינען געווען בלייך וויא קאַלך, ביידע האָבען געציטערט, ביידע זיינען געווען אומרוהיג, ביידע האָבען זיך געפונען אין א סאָרט פיבער, א געלד־פיבער, א גאָלד־פיבער.

ווען א פערנינפטיגער מענש וואָלט געשטאַנען דערביי און וואָלט זיך צוגע־קוקט צו דיעזע צוויי זאַנדערבאַרע, פערגליווערטע, פערשטיינערטע געלד־מענ־שען, ביי וועמען גאָלד און געלד איז אַלעס אין דער וועלט, וואָלט ער זיך אווע־געקעהרט פון זיי מיט עקעל און אבשיי.

„איז דען געלד אַלעס אין דער וועלט? מאַכט דען נור דאָס געלד גליק־ליך?“ וואָלט ער געפרעגט זיך אַליין. „האָט דען ניט דער באַנקיר זאמבוקאָ גענוג געלד? וואָס האָט ער פון זיין געלד? ער פערגינט זיך ניט דאָס קלענ־סטע פערגניגען אין לעבען אבי אָבצושפּאָרען עטליכע פראַנק. און וואָס האָט ער דען פון דיעזע עטליכע פראַנק, וועלכע ליעגען אין זיין קאַסע־קאַסטען? האָט דען זשאַק דאָראַן ניט געקענט לעבען רוהיג און גליקליך אין זיין סען מאַלאָ? צו וואָס דאַרף ער דען קיאמיל פּאשא׳ס מיליאָנען? וואָס וועט ער מאַכען מיט זיי?“

אויף אַלע דיעזע פראַגען קענען מיר געבען נור איין איינציגען ענטפער: דיא ציוויליזאציאָן האָט פערדאָרבען און ערנידריגט דעם מענשען דערמיט, וואָס זיא האָט איהם געלערענט צו ליעבען און צו שעצען דאָס געלד און צו בע־טראַכטען דאָס געלד אַלס זיין העכסטעס גליק. דער מענש וואָלט געקענט זיין גליקליך, ווען ער זאָל ניט וויסען דעם ווערטה פון געלד.

קוים האָט יעדער געהאַט דעם אַנדערענס דאָקומענט, האָט ער זיך געאיילט איהם איבערצולעזען.

אין איין דאָקומענט איז געשטאַנען:

„דער שיפסקאַפּיטאַן דאָראַן דאַרף ברייננען צום באַנקיר זאמבוקאָ דיא לענג אָדער דעם מערידיאַן פון דעם אינזעל — 7 גראַד 23 מינוט אָסט פון פּאַריז“.

אויף דעם צווייטען דאָקומענט איז געשטאַנען:

„דער באַנקיר זאמבוקאָ דאַרף איבערגעבען דעם שיפסקאַפּיטאַן דאָראַן

פון סען מאלאַ דיא ברייט אָדער דעם פּאראלעל פון דעם אינזעל — 3 גראד 17 מינוט זידליך (דרום־זייט) פון דעם עקוואטאָר".

— איהר זייט א שיפסקאפּיטאן, אלזאָ האָט איהר געוויס אן אטלאס אָדער א לאנד־קארטע פון דער וועלט? האָט דער באנקיר געפרעגט.

— איך האָב אן אטלאס און א נעפע.

— א נעפע? צו וואָס דארף איך אייער נעפע?

— מיין נעפע איז א שטודירטער שיפסקאפּיטאן, וועלכער וועט אם בע־סטען און אם שנעלסטען אויסגעפינען, וואו דיעזער אינזעל געפינט זיך און וויא מען קען קומען צו איהם.

— און וואו געפינט זיך דיעזער נעפע?

— דאָ אין טוניס, אין האָטעל דע פראנס.

— דאן קומט צו איהם, מיין ליעבער שוואָגער, האָט זאמבוקאָ געזאָגט.

— קומט מיט מיר, האָט זשאק דאראן געענטפערט.

ביידע פריש־געבאקענע שוואָגערס זיינען אוועקגעגאנגען אין האָטעל. אזוי וויא זיי זיינען פארביינגעגאנגען א פּאָסט און א טעלעגראף אָפיס, האָט זאמבוקאָ געזאָגט:

— ערלויבט מיר, מיין ליעבער שוואָגער, אריינצוגעהן אין טעלעגראפען־אמט און טעלעגראפירען מיין ליעבענסווירדיגער שוועסטער טאליסמא, אז זיא איז פערלאָבט און אין א קורצער צייט ארום וועט זיין דיא האָכצייט.

זשאק דאראן האָט פערצווייגען מיט דיא אקסלען.

זאמבוקאָ איז אליין אריינגעגאנגען אין טעלעגראפען־אמט און האָט טעלע־גראפירט צו זיין שוועסטער אין מאלטא.

ווען דאָס איז געווען פערזאָרגט, און זיי זיינען אוועקגעגאנגען עטליכע הונ־דערט שריט, זיינען זיי ענטקעגען געקומען פראנסוא און טרעגאָמעין.

ווען פראנסוא איז אויפגעשטאנען היינט אין דער פריה, איז ער באלד גע־גאנגען צום צימער פון זיין אָנקעל און האָט אָנגעקלאפּט אין דער טהיר. מען האָט איהם ניט געענטפערט און ניט געעפענט. ער האָט באלד אויפגעוועקט זיין פריינד טרעגאָמעין און ביידע זיינען אראָבגעגאנגען פרעגען דעם קעלנער, אויב ער האָט ניט געזעהען היינט אין דער פריה דעם גאסט פון נומער 17. דער קעלנער האָט געענטפערט, אז דער גאסט פון נומער 17 איז היינט גאנץ פריה ערגעץ אוועקגעגאנגען.

— מיר מוזען געהן איהם זוכען, האָט פראנסוא געזאָגט.

זיי זיינען געגאנגען איהם זוכען. קען מען אָבער זוכען א מענשען אין א גרויסער שטאָדט? קען מען זוכען א נאָדעל אין א וואָגען היי?

זיי זיינען ארומגעגאנגען איינציגע צייט אין דיא גאסען און האָבען זיך צו־

געקוקט צו יעדען, וואָס איז פאָרבייגעגאנגען. גאָר פּלוצלונג האָבען זיי דערזעהן, וויא ער געהט עפּעס מיט א פרעמדען מאן, און זיי זיינען צוגעגאנגען צו איהם.

זשאק דאָראן האָט זיך פערשעהמט, פּונקט וויא ער וואָלט בעגאנגען עפּעס א פערברעכען. פראנסוא איז אָבער גלייך צוגעגאנגען צו איהם און האָט אויסגערופען:

— גוט מאָרגען, אָנקעל!

יעצט האָט זשאק דאָראן שוין ניט געקאָנט זיך בעהאַלטען. ער האָט געמוזט זאָגען, ווער דער פרעמדער איז און ער האָט געזאָגט האסטיג:

— הערר באנקיר זאמבוקאָ.

דאן האָט ער זיך געווענדעט צו זיין ליעבען שוואָגער און האָט געזאָגט:

— מיין נעפע פראנסוא דאָראן און מיין פריינד גילדאס טרעגאָמעין.

אַלע האָבען זיך לייכט פערנייגט און זיינען ווייטער געגאנגען צום האָטעל. קיינער האָט ניט בעמערקט אָדער ניט געוואָלט בעמערקען, אז ניט ווייט זיינען געשטאנען בן אָמאר און זיין שרייבער נאזים און האָבען זיך גוט צוגעקוקט צום באנקיר. נאזים אָדער סואד פּאשא האָט שוין גוט געוואוסט, ווער זאמבוקאָ איז און אז זאמבוקאָ האָט דאָס געהיימניס פון דעם צווייטען אינזעל. יעצט זיינען זיי נאָכגעגאנגען זשאק דאָראן מיט זיין קאָמפּאניע.

זשאק דאָראן מיט זיין שוואָגער זיינען ארויפגעגאנגען דיא טרעפּ פון דעם האָטעל און זיינען באלד פערשוואונדען געוואָרען אין זיין צימער. פראנסוא און טרעגאָמעין זיינען זיי נאָכגעגאנגען.

— ווייז אונז דיין לאנד־קארטע, פראנסוא, האָט זשאק דאָראן געבעטען.

פראנסוא האָט ארויסגענומען זיינע לאנד־קארטען און האָט זיי אויסגעלעגט אויף׳ן טיש.

— יעצט זוך אויס אן אינזעל, וועלכער געפינט זיך 7 גראד 23 מינוט אָסט און דריי גראד 17 מינוט זיד.

פראנסוא האָט אראָבגעלאָזען דעם קאָפּ. ער האָט אַלעם פערשטאנען. יעצט וועט ער אַלזאָ שוין ניט קענען הייראטהען זיין ליעבע זשוליעט, זיין אָנקעל האָט זיך שוין אויסגעגלייכט מיט דעם באנקיר, דאָס הייסט, ער וועט הייראטהען דעם באנקיר׳ס שוועסטער און אַלעס האָט זיך געענדיגט.

— נו, וואָס ווארטסט דו? פאר וואָס זוכסט דו ניט אויס דעם אינזעל? האָט זשאק דאָראן געפרעגט מיט פעררדרוס.

פראנסוא האָט געמוזט פאָלגען. ער האָט גענומען דעם קאָמפּאס, האָט איהם אנידערגעלעגט אויף דער לאנד־קארטע און האָט אָנגעהויבען צו זוכען.

ער האָט אוועקגעזוכט א לענגערע צייט און האָט ענדליך געוויזען מיט׳ן פינגער אויף א געוויסען פּונקט.

— נו, וואו איז עס? האָט זשאק דאָראן געפרעגט.

— אין וועסט אפריקא, אין דער גרויסער בוכטע פון גווינעא.

— דיא בוכטע פון גווינעא איז זעהר גרויס, האָט זשאק דאָראן בעמערקט.

— דער אינזעל דארף זיך געפינען אין דער בוכטע פון מאיומבא, א טהייל פון דער בוכטע פון גווינעא, האָט פראנסוא געענטפערט.

— אלזאָ מאָרגען גאנץ פריה פאָהרען מיר נאָך באָן און דאָרטען וועלען מיר זיך אויפזעצען אויף דער אייזענבאהן נאָך אָראן אין אלזשיר, האָט זשאק דאָראן געזאָגט ערנסט און שטרענג, וויא א גענעראל, וועלכער גיט א בעפעהל צו זיינע סאָלדאטען.

דאן האָט ער זיך געווענדעט צום באנקיר זאמבוקאָ און האָט איהם גע־פרעגט:

— וועט איהר מיטפאָהרען מיט אונז?

— גאנץ געוויס!

— ביז צו אונזער אינזעל?

— ביז אין עק וועלט.

— דאן מאכט איך פארטיג צו דער רייזע. מאָרגען גאנץ פריה פאָהרען מיר.

— זייט רוהיג, מיין ליעבער שוואָגער, איך וועל שוין זיין פערטיג פאר דער רייזע מאָרגען אין דער פריה.

יעצט האָבען שוין פראנסוא און טרעגאָמעין געוואוסט פאר זיכער, אז זשאק דאָראן האָט זיך ענטשלאָסען צו הייראטהען דיא אלטע און העסליכע טאליסמא. מען קען זיך לייכט דענקען, וואָס דיעזעביידע מענשען האָבען גע־פיהלט ביי דעם געדאנק, אז זשאק דאָראן וועט צוריקקומען אהיים מיט א פרוי, וועלכע ער האָט געמוזט הייראטהען אום צו בעקומען דיא מיליאָנען פון קיאמיל פאשא.

דער באנקיר האָט געגעבען דיא האנד זשאק דאָראן, זיין שוואָגער, האָט זיך לייכט פערנייגט פאר פראנסוא און טרעגאָמעין, און איז לאנגזאם ארויס־געגאנגען פון צימער.

ווען טרעגאָמעין און זשאק דאָראן זיינען געבליבען אליין, האָט טרעגאָ־מעין איהם געפרעגט:

— האָסט דוא איינגעוויליגט?...

— געוויס! וואָס דען האָב איך געקענט טהאָן? איז געווען דיא אנטוואָרט.

וואָס דען האָב איך געקענט טהאָן? — א זאָנדערבארער, אָבער דאָך א גאנץ ריכטיגער ענטפער פאר א מענשען, וועלכער לעבט נור צוליעב געלד און וועלכער איז גרייט צו טהאָן אלעס אין דער וועלט צוליעב געלד.

צוויי שטונדען שפּעטער האָט דער באנקיר זאמבוקאָ ערהאלטען א טעלע־גראמע פון זיין שוועסטער, אז זיא איז איינפערשטאנען צו הייראטהען דעם מאן, וועלכען איהר ברודער האָט אויסגעזוכט פאר איהר.

21טעם קאפיטעל.

# פון טוניס נאך אלזשיר

דעם אנדערען טאג גאנץ פריה זיינען אלע פארטיג געווען צו דער רייזע. פראנסוא האט געפונען, אז זיי האבען זיך ניט וואס צו בעהאלטען פון בן אמאר'ען און האט איהם אויסגעזאגט, אז זיי פאהרען יעצט אין דיא בוכטע פון גווינעא, וועסט אפריקא.

— עס איז א וויי טער וועג, האט פראנסוא געזאגט, מיר מוזען דורכפאהרען גאנץ טוניס, גאנץ אלזשיר און דאן ערשט אייניגע הונדערט מייל אויף דעם מעער. דאס איז א לאנגע און שווערע רייזע. איך ווייס ניט, אויב עס וועט זיך אייך לוינען מיטצופאהרען.

בן אמאר האט גאר ניט געענטפערט. ער וואלט זיך ניט געריהרט פון זיין ליעבען אלעקסאנדריע, אבער ער האט זיך ניט געקענט העלפען. ער האט געמוזט מיטפאהרען: סואד פאשא האט איהם געצוואונגען.

פון טוניס נאך באן, א שטאדט אין אלזשיר, פאהרט מען געוועהנליך רייטענדיג אויף פערד, עזלען אדער קעמלען. עס איז א לאנגע און שווערע רייזע, ווייל דער קלימאט איז זעהר הייס, דאס לאנד געפינט זיך ביי דיא ברעגעס פון דער גרויסער וויסטע סאהארא, און ניט זעלטען וועהט פון דיעזער וויסטע דער שרעקליכער ווינד סאמום, וועלכער טויטעט מענשען און טהיערע מיט זיין גיפטיגען אטהעם.

זייט טוניס געפינט זיך אונטער דעם שוץ פון פראנקרייך און אלזשיר געהערט אין גאנצען צו פראנקרייך האבען דיא פראנצויזען אייגעפיהרט א דיליזשאנס, א סארט אמניבוס, פאר פאסאזשירען, וועלכע קענען ניט פאהרען רייטענדיג. מיט'ן דיליזשאנס איז שוין דארום בעסער צו פאהרען, ווייל מען איז וועניגסטענס אביסעל געשיצט געגען דיא ברענענדע שטראהלען פון דער זון; עס איז אויך דארום בעסער צו פאהרען מיט'ן דיליזשאנס, ווייל אויף יעדער סטאציאן, אויף וועלכער מען בייט דיא פערד, קען מען קריעגען לעבענס מיטעל, און ווען דער שרעקליכער ווינד סאמום הויבט אן צו וועהען, קען מען זיך בעהאלטען פון איהם אין א שטוב אויף דער סטאציאן. מיט'ן דיליזשאנס קענען אויך פאהרען פרויען און קינדער.

גאנץ אנגענעהם צו פאהרען מיט'ן דיליזשאנס איז עס אבער אויך ניט. דער וועג איז זעהר שלעכט. אין ערטער איז גאר קיין וועג ניטא. דער ארא בישער קוטשער טרעפט שוין דעם וועג, ווייל ער איז שוין דא געפאהרען הונדערטע מאל. אין ערטער פערזינקען דיא רעדער פון דעם דיליזשאנס אין טיעפען זאמד און דיא פאסאזשירען מוזען ארויסגעהן און העלפען דעם קוטשער ארויסשלעפען

דעם שווערען וואָגען. פון בריקען וויים מען נאָך ניט אין יענע געגענדען. ווען מען דאַרף אריבערפאָהרען א טייך, מוז דער קוטשער אויסזוכען אן אָרט, וואו דער טייך איז ניט טיעף און זיינע ברעגעם זיינען ניט שטארק הויך און דיא דריי פערד, וועלכע זיינען איינגעשפאנט אין דעם דיליזשאנס, שלעפּען אריבער דעם וואָגען איבער'ן וואסער.

אין ערטער טרעפט מען גאנץ הויכע בערגלעך, דאן מוזען דיא פּאסאזשירען ארויסגעהן פון דעם דיליזשאנס און געהן צו־פוס פאָראויס אָדער הינטער איהם, וויא זיי געפינען בעקוועמער פאר זיך, ביז דיא פערד שלעפּען ארויף דעם שווע־רען וואָגען אויף דעם משופּע'דיגען בערגעל.

נור דער מענש, וועלכער ליעבט דיא ווילדע נאטור און וועלכער וויל זיך בעקענען מיט יענע געגענדען אין אפריקא — נור אזא מענש קען געפינען פערגניגען אין אזא רייזע.

דער הימעל איז ריין, טיעף בלוי, אז עס איז אן אמת'ער פערגניגען צו קוקען אויף איהם. אין ערטער געפינען זיך אָאזיסען, גרינע אינזלען אין דעם מעער פון זאמד און שטיינער. אויף דיעזע אָאזיסען וואקסען אלערליי בוימער און אלערליי זעלטענע פריכטע, וועלכע וואקסען נור אין דיא גאנץ הייסע לענדער.

געוועהנליך געפינט זיך אויף אזא אָאזיס אן אראביש דאָרף, דאָס הייסט, צוויי דריי גאסען, אין וועלכע עס שטעהן פון יידע זייטען ניט הייזער, וויא אין א דאָרף אין אייראָפּא, זאָנדערן געצעלטען פון א גראָבען געשטרייפטען לייוואנד אָדער זעגעל־טוך. אונטער אזא געצעלט וואָהנט דער אראבער מיט זיינע ציעגען, מיט זיינע פערד און מיט זיינע קעמלען. פון צייט צו צייט ווייזט זיך ארויס דער ברוינער קאָפּ מיט דעם ערנסטען געזיכט פון אן אראבערין. דיא קינדער געהן גאנץ נאקעט און שפּיעלען זיך אויף דעם גרינעם גראָז אָדער אין דעם הייסען זאמד, וויא דיא יונגע ציעגעלעך.

ווען איינער פאָהרט אום אויסצופאָרשען דאָס לאנד אָדער אום צו בע־טראכטען דיא נאטור, מוז ער בלייבען שטעהן אין אזא אָאזיס און זיך בעקענען מיט דער גאסטפריינדשאפט פון דיא אראבער. עס איז ווערטה זיך צו בעקענען מיט דיעזע נאטור קינדער, מיט דיעזע פרייע מענשען פון דער וויסטע, וועלכע ווילען ניט אנערקענען קיין הערשער און קיין רעגיערער. עס איז אמת, אז טערקיי אָדער פראנקרייך בעטראכטען זיי אלס זייערע אונטערטהאנען, דער אראבער אָבער וויל דערפון ניט וויסען און ווען בעאמטע פון דער רעגיערונג קומען צו איהם, הויבט ער אויף זיינע געצעלטען, זעצט ארויף זיינע פרויען און זיינע קינדער אויף זיינע קעמלען און פאָהרט אוועק מיט זיי אין אן אנדער אָאזיס.

דער אראבער איז א בעקאנטער גאסט־פריינד, מכניס אורח. אזוי וויא זיי

ריהמען זיך דערמיט, וואָס זיי שטאמען אָב פון אברהם אבינו, האלטען זיי דיא גאסט־פריינדשאפט פאר דיא ערשטע און היילינסטע פפליכט, אזוי וויא אברהם אבינו פלעגט עס טהאָן. ווען א פרעמדער קומט צו זיי, נעהמען זיי איהם אויף וויא א ברודער און גיבען איהם עסען און טרינקען, וויא פיעל ער וויל. ער קען בלייבען ביי זיי אזוי לאנג, וויא פיעל ער וויל, קיינער וועט איהם ניט בעליי־דיגען און קיינער וועט איהם ניט זאָגען, אז ער מעג זיך שוין געהן פון דאנען.

זעלבסטפערשטענדליך, אז אונזערע רייזענדע האָבען זיך וועניג צוגעקוקט צו דיא געגענדען, וועלכע זיי זיינען דורכגעפאָהרען. עס איז אמת, אז פראנ־סוא און טרעגאָמעין האָבען זעהר אָפט געוואָלט ארויסשפּרינגען פון דעם דיליזשאנס און בעטראכטען א בערגעל, א וועלדעל, אן אָאזיס, אָבער זיי האָבען עס ניט געקענט טהאָן, וויל דאָראן און דער באנקיר האָבען ניט געוואָלט וואר־טען. זיי האָבען קיין צייט ניט געהאט. ווען זשאק דאָראן און זאמבוקא וואָלטען געקענט, וואָלטען זיי געטריבען דיא פערד צום טויט, אום אָנצוקומען שנעלער נאָך באָן. יעדער פון זיי האָט זיך געאיילט, יעדער האָט געציטערט און געפלא־טערט צו בעקומען אם שנעלסטען דיא מיליאָנען פון קיאמיל פאשא.

איין מאָל האָט זאָגאר פראנסוא עס בעמערקט און האָט געזאָגט צו זיין פריינד:

— בעטראכט נור דיעזען באנקיר זאמבוקאָ! ער ברענט, ציטערט און פלאטערט צו בעקומען דיא מיליאָנען, וויא מיין ליעבער אָנקעל.

— איך האָב עס בעמערקט, האָט טרעגאָמעין געענטפערט, קיאמיל פאשא האָט געטראָפען: איין יורש איז ניט בעסער פון דעם אנדערען. אין זייער הארצען ליעגט א מיליאָן, אין זייער קאָפּ א מיליאָן... געלד, געלד און געלד. דער מענש איז פערשוואונדען, אנשטאָט איהם זעהן מיר א גאָלדענעם קאלב מיט א מענשען־געזיכט.

טרעגאָמעין האָט רעכט געהאט. זשאק דאָראן איז געזעסען דיא גאנצע צייט פון דער לאנגער רייזע אין א ווינקעלע און האָט זעלטען גערעדט א וואָרט. דאָסזעלבע האָט געטהאָן דער באנקיר זאמבוקאָ. ביידע ליעבע שוואָגערם האָ־בען זעלטען גערעדט א וואָרט איינער צום אנדערען, זאָגאר דאָס עסען האָט זיי וועניג אינטערעסירט. זיי פלעגען עסען אלעס, וואָס מען פלעגט זיי געבען אויף דיא סטאַציאָנען, און פלעגען זעלטען זאָגען, אויב דאָס עסען איז גוט אָדער שלעכט. וואָס קימערט זיי דאָס עסען, ווען זיי וועלען באלד האָבען מי־ליאָנען?

אויף דעם צווייטען טאָג פון זייער רייזע זיינען זיי אָנגעקומען אין א ליעבליכען טהאָל, וועלכער איז געשוואומען אין גרינע גראָזען און ליעבליכע בוימער. אין דער מיט פון דעם טהאָל האָט זיך געפונען א שטאָדט מיט שטיי־

נערנע הייזער, מיט מעטשעטען מיט הויכע מינארעטען — טהורמס, פון וועלכע די מאחמאדאנישע גייסטליכע רופען די פרומע מושלמים צו געבעט.

— דאס איז די שטאדט טאבורקא, האט דער אראבישער אנטרייבער פון דעם דיליזשאנס ערקלערט.

לעבען דער סטאציאן האט זיך געפונען א האטעל, וועלכער האט געהערט צו א פראנצויז. דער האטעל איז געווען נור פאר אייראפעער, אראבער דארפען ניט קיין האטעל.

דא האט זיך שוין פראנסוא ניט געקענט איינהאלטען און ער האט גע־בעטען זיין אנקעל, ער זאל איהם ערלויבען געהן בעטראכטען די שטאדט.

זשאק דאראן האט געמאכט א גרימאסע און האט געענטפערט:

— וואס וועסט דוא דא זעהן? עס איז דאך נור אן אראבישע שטאדט.

טרעגאמעין, וועלכער האט אויך געוואלט געהן זעהן די שטאדט, האט זיך אריינגעמישט און האט געזאגט:

— מיר האבען גאנצע פינף שטונדען צייט. דער האטעל־בעזיצער האט מיר געזאגט, אז דער דיליזשאנס וועט ארויספאהרען ערשט פארנאכט.

— דוא ווילסט אויך ארומלויפען אין די גאסען, דוא אלטער נאר? האט זשאק דאראן אויסגערופען בייז און פערדריסליך.

— פאר וואס ניט? ווען איך לעב, וויל איך לעבען און זעהן די וועלט, האט טרעגאמעין געענטפערט.

— זעהן די וועלט? וואס וועסט דוא זעהן?

— איך פאהר דאך ניט נאך קיאמיל פאשא'ס מיליאנען, האט טרעגאמעין איהם געגעבען א שטאך־ווארט.

— נו, געהט, אבער קומט באלד צוריק, האט זשאק דאראן געזאגט פינסטער.

פראנסוא און טרעגאמעין זיינען ארומגעגאנגען אין שטאדט און האבען בעטראכט דאס זאנדערבארע אריענטאלישע לעבען פון דיעזער עכט אריענטא־לישער שטאדט.

טאבורקא איז אן עכט מאחמאדאנישע שטאדט. עס וואהנען דארט נאר עט־ליכע פראנצויזישע און איטאליענישע קויפלייטע, וועלכע האנדלען מיט די אראבער און קויפען ביי זיי די פראדוקטען פון לאנד.

אין דער מיט שטאדט געפינט זיך דער באזאר, דער מארק, וואו מען קען קריעגען אלערליי אזיאטישע וואארען און זאגאר טורקאאזען פון פערזיען און דימאנטען פון אינדיען. מען קען דארט אויך קריגען דאס עכטע, גוטע, אבער זעהר טהייערע ראזען־אויל פון שיראס און אלערליי געווירצען און מעדיצינען פון אראביען.

אזוי וויא פראנסוא און טרעגאמעין זיינען געוועזן קנאפע קענער פון

דיעזע זאכען, האָבען זיי געפונען ווענינ אינטערעסאנטעס אויף דעם באזאר פון טאבורקאָ.

פארנאכט איז דער דיליזשאנס ארויסגעפאָהרען פון טאבורקאָ. עס איז געוועזען א שעהנע, שטילע, אביסעל צו ווארעמע, אָבער רעכט העלע נאכט, די לבנה האָט געשיינט אזוי העל, אז מען וואָלט געקענט לעזען א בוך ביי איהר שיין.

די געגענד האָט זיך אין גאנצען געענדערט. דער דיליזשאנס איז יעצט געפאָהרען צווישען בערגלעך, בעוואקסען מיט וועלדער פון ניט הויכע ביימער. געגען עלף אוהר, ווען די פראנצויזען זיינען אנטשלאָפען געוואָרען, האָט זיי אויפגעוועקט א שרעקליכע שטימע. א לייב האָט געברומט ערגעץ אויף א בערגעל.

ווען א לייב אין אן אייזערנער שטייג פון א מענדזשעריע הויבט אָן צו ברומען, פאלט אויך א שרעק אויף די מענשען, וועלכע הערען איהם. מען קען זיך אלזאָ לייכט פאָרשטעלען, וויא די פראנצויזען האָבען זיך דערשראָקען, ווען זיי האָבען געהערט ברומען א פרייען לייב, א ווילדען לייב אין די וועלדער פון אפריקא. אריה שאג, מי לא יירא? ווען דער לייב ברומט, ווער האָט עס ניט קיין מורא? פרעגט אונזער גרויסער דיכטער ישעיה.

— על אדרעא (דער לייב)! האָט אויסגערופען דער אראבישער קוטשער און האָט א ציטער געטהאָן.

אויך ער, וועלכער האָט שוין ניט איין מאָל געהערט אזא ברומען, האָט זיך דערשראָקען.

אויך די פערד האָבען זיך דערשראָקען און האָבען אָנגעהויבען צו לויפען ווילד און אָהן א וועג. דער קוטשער האָט געמוזט אָנווענדען אלע זיינע קרעפטען אום זיי איינצוהאלטען.

באלד האָט מען דערהערט דאָס אונאנגענעהמע, בייזע ברומען פון א לעאָפארד און דאָס ווילדע לאכען פון דער לאך־היענע.

פראנסוא האָט זיך געכאפט צו זיינע פיסטאָלעטען. זשאק דאָראן האָט געציטערט, ער האָט מורא געהאט פאר זיינע מיליאָנען, נור דער באנקיר זאמבוקאָ איז געבליבען רוהיג. ער איז שוין ניט איין מאָל געפאָהרען אין דיעזער געגענד און ער האָט שוין געוואוסט, אז דיעזע ווילדע טהיערע פאלען אָן זעהר זעלטען אויף א דיליזשאנס; זיי האָבען מורא פאר דיעזען פראָדוקט פון דער ציוויליזאציאָן.

דער געפעהרליכסטער פיינד אין דיעזער געגענד איז דער מענש. די קרומירס, א ווילד פאָלק, וואָס וואָהנט אין דיעזער געגענד, פאלען אָן ניט זעלטען אויף די רייזענדע און בערויבען זיי. אמאָל פלעגט מען מוזען פאָהרען אין גרויסע קאראוואנען, מען זאָל קענען זיך פערטהיידיגען געגען די קרומירס,

אָבער זינט דיזע לענדער געפינען זיך אונטער דעם שוץ פון פראנקרייך, האָ־בען דיא פראנצויזען אזוי ווייט אָנגעלערענט דיא קרומירס, אז זיי האָבען מורא פאר א דיליזשאנס. זיי ווייסען, אז ווען זיי וועלען בערויבען א דיליזשאנס, וועט דיא פראנצויזישע רעגיערונג שיקען סאָלדאטען, וועלכען וועלען צושטערען זייערע דערפער.

אונזערע רייזענדע זיינען אָבגעקומען מיט׳ן שרעק. דיא נאכט איז פער־גאנגען רוהיג.

געגען פיער אוהר אין דער פריה האָט זיך געוויזען אין אָסטען (מזרח) דיא ערשטע בלייכע שיין פון דעם יונגען טאָג. אין דער וויסטע איז שטיל געוואָרען. דיא ווילדע טהיערע זיינען פערקראָכען אין זייערע היילען.

דער דיליזשאנס איז אריינגעפאָהרען אין א גאָרטען פון בלומען און זעל־טענע בוימער.

פראנסוא האָט געוואָלט ארויסשפרינגען און בעטראכטען דיא געגענד, אָבער זשאק דאָראן האָט איהם ניט געלאָזען.

באלד זיינען זיי צוגעקומען צו א סטאציאָן, וואו מען האָט געביטען דיא פערד. זשאק דאָראן האָט געהייסען זיין נעפע זיך אָנפרעגען, וויא לאנג מען וועט דאָ שטעהן און ווען מען וועט ווייטער פאָהרען.

ווען פראנסוא האָט זיך אלעס ערקונדיגט, האָט איהם זיין אָנקעל געפרעגט:

— נו, וואו וועלען מיר איבערשטעהן דעם טאָג?

— אין דער שטאָדט גארדימאאן.

— און ווען וועלען מיר אָנקומען אין באָן?

— מאָרגען פארנאכט.

— קענען מיר ניט אָנקומען פריהער?

— עס איז גענוי אויסגערעכענט, ווען מען דארף אָנקומען אין באָן, איז געווען דיא אנטוואָרט.

מעהר האָט ער ניט געוואָלט פרעגען. ער מוז ווארטען, ער וועט בעקו־מען זיינע מיליאָנען מיט איניגע שטונדען שפעטער.

אזוי וויא עס האָט אָנגעהויבען הייס צו ווערען, איז זשאק דאָראן ארייננגע־גאנגען אין דער סטאציאָן, האָט זיך געזעצט אין א ווינקעלע און איז געבליבען זיצען וויא א פערשטיינערטער.

דער באנקיר זאמבוקאָ האָט געטהאָן דאָסזעלבע.

וויא פערשיעדען דיזע צוויי מענשען זיינען געווען, וויא ווייט זיי זיינען געווען איינער פון דעם אנדערען דורך זייער ערציהונג, דורך זייער נאציאָנא־ליטעט, דורך זייער פערזענליכען כאראקטער, זיינען זיי דאָך געווען גאנץ גלייך איינער צום אנדערען אין איין פונקט: אין דעם פערלאנג נאָך געלד. דאָראן און זאמבוקאָ זיינען געווען וויא צוויי פערברעכער פון פערשיעדענע לענדער און

פערשיעדענע נאציאָנען, וועלכע מען האָט אין געפענגניס צוזאמענגעשמיעדט מיט איין קייט און זיי מוזען זיך האלטען צוזאמען. דיעזע קייט אָבער, מיט וועלכער דאָראן און זאמבוקא זיינען געוועזען צוזאמענגעשמיעדט, איז געוועזען ניט פון איינפאכען אייזען, נאָר פון גאָלד — פון קיאמיל פאשא'ם מיליאָנען.

און דיעזע גאָלדענע קייט האָט זיי געהאלטען אזוי פעסט, אז זיי האָבען ניט געוואָלט זעהן און הערען וואָס עס טהוט זיך ארום זיי. יעדער האָט זיך געזעצט אין א ווינקעלע און האָט געטראכט פון דיא מיליאָנען, וועלכע ער וועט בעקומען. דיא גאנצע וועלט און ער אליין האָבען קיין ווערטה ניט געהאט פאר איהם. ער האָט געלעבט נור מיט דיא מיליאָנען, וועלכע ער וועט באלד בעקומען.

דער דיליזשאנס איז ענדליך ווידער אוועקגעפאָהרען פון דער סטאציאָן. ער איז יעצט געפאָהרען דורך א גוט בעארבייטע, זעהר רייכע געגענד. פוןביידע זייטען פון דעם וועג האָבען זיך געפונען גאנצע וועלדער פון פאלמען און פייגענבוימער, אויך וועלכע עס האָבען געוואקסען יענע רונדע, ווייכע, רויט־ליכע פייגען, וועלכע מען זעהט זעלטען אין אייראָפא, ווייל זיי ווערען פער־ברויכט אין לאנד.

פון דיא פאלמען זיינען אראָבגעהאנגען גרויסע, שווערע קרענץ טייטלען, וועלכע ווערען בעטראכט אין איירא‎ָפא אלס זעלטענע דעליקאטעסע און זיינען בעקאנט אונטער דעם נאָמען "סולטאן טייטלען". זיי ווערען פערקויפט נור אין ניט גרויסע, שעהנע שאכטלען.

געגען אבענד איז דער דיליזשאנס אָנגעקומען אין דעם שטעדטעל גארדי־מאאן. דאמאָלס איז עס געוועזען אָן אָרים שטעדטעל פון א פּאָר דוצענד היי־זער, היינט איז עס א לוסטיג, לעבעדיג שטעדטעל, ווייל עס איז א הויפּט סטאציאָן פון דער באָן־טוניס אייזענבאהן.

דאָ האָט מען זיך אָבגערוהט גאנצע פיער שטונדען. פראנסוא און טרעגאָ־מעין האָבען צייט געהאט צו בעטראכטען דיעזעס שטעדטעלע, עס איז אָבער ווירקליך ניט געוועזען וואָס צו זעהן. ווען זיי וואָלטען צייט געהאט צו געהן אבי־סעל אויסער דער שטאָדט, וואָלטען זיי געקענט זעהן דיא רייכסטע געגענד אין דער וועלט, ווייל ארום און ארום, מיילען ווייט ציהען זיך וועלדער פון פייגען און טייטעלבוימער.

ענדליך איז דער דיליזשאנס ארויסגעפאָהרען פון גארדימאאן און איז געפאָהרען א גאנצע נאכט איבער דיא שעהנסטע און רייכסטע געגענדען. אונזערע פראנצויזען זיינען אָבער שוין געוועזען אזוי מיעד, אז זיי האָבען דיא גאנצע נאכט געשלאָפען. וויא אונאנגענעהם און וויא ענג עס איז געוועזען אין דיליזשאנס, האָט דאָך יעדער געשלאָפען. פון אויסציהען זיך, אויסשטרעקען זיך איז קיין רעדע ניט געוועזען: מען איז געשלאָפען זיצענדיג, וויא מען האָט געקענט, אָבער

מען איז דאָך געשלאָפען אזוי געשמאַק, אז מען האָט ניט געפיהלט, וויא דיא נאכט איז פערשוואונדען געוואָרען.

גאנץ פריה, ווען עס האָט נור וואָס אָנגעהויבען צו טאָגען, איז מען אָנגע־קומען אין דער שטאָדט סוהאראס, און דער קוטשער האָט ערקלעהרט, אז דיא רייזענדע קענען זיך אויסרוהען, ווייל מען וועט דאָ שטעהן גאנצע פינף שטונדען.

זשאק דאָראן און זאמבוקאָ האָבען פראָטעסטירט, וואָס מען מאכט, אז זיי זאָלען פערלירען אזוי פיעל צייט.

— וואָס איילסט דוא זיך אזוי? האָט טרענאָמעין געפרעגט זשאק דאָ־ראן, וואָס וועסט דוא דען פערלירען?

— איך קען פערשפּעטיגען דעם צוג אין באָן.

— עס איז גענוי אויסגערעכענט, אז דער דיליזשאנס זאָל ברייגגען זיינע פאסאזשירען פונקט צום צוג.

— ער וואָלט אונז אָבער געקענט ברייגגען צום ערשטען צוג.

— אין באָן געהט נור איין צוג א טאָג.

— נו, לאָמיר זאָגען, אז עס געהט נור איין צוג, איז דאָך פיעל גלייכער, מיר זאָלען אָנקומען אין באָן פריהער מיט א פּאָר שטונדען, האָט זשאק דאָראן געשריען.

— צו וואָס? האָט דער רוהיגער טרענאָמעין געפרעגט, וואָס וועסט דוא דען האָבען דערפון, ווען דוא וועסט בעקומען דיינע מיליאָנען מיט אייניגע שטונ־דען פריהער?

זשאק דאָראן האָט זיך געבייזערט. דאָס איז געווען זיין איינציגער ענטפער.

סוהאראס איז דיא ערשטע שטאָדט אין אלזשיר. דיא רעגיערונג פון טוניס בעהויפּטעט, אז דיעזע שטאָדט געהערט נאָך צו איהר, אָבער דיא פראנצוי־זען ווילען דערפון ניט וויסען און זיי בעוואַכען מיט א רעגימענט סאָלדאטען און מיט צוואנציג קאנאָנען, אז דיא שטאָדט געהערט צו אלזשיר. געגען אזא בעוויז האָט ניט דיא רעגיערונג פון טוניס וואָס אָנצוואווענדען. סאָלדאטען און קאנאָנען האָבען שטענדיג רעכט.

אלס פראנצויזישע שטאָדט האָט סוהאראס א גוטען פראנצויזישען האָ־טעל, א גוטע באנק און א גוטע פראנצויזישע פּאָליציי. עס וואָהנען אויך אין סוהאראס פיעלע פראנצויזען און דאָך איז דיא שטאָדט אן עכט אראבישע.

טרענאָמעין האָט איינגעלאדען זשאק דאָראן צו געהן אביסעל שפּאצירען און צו בעטראכטען דיא שטאָדט.

— וואָס וועל איך דאָרט זעהן? האָט דאָראן געפרעגט. איך בין ניט נע־קומען אהער ארומצושלעגדערען אין דיא גאסען און קוקען אויף דיא אראבער.

טרענאָמעין און פראנסוא זיינען אליין געגאנגען זעהן דיא שטאָדט. קוים

זיינען זיי אוועקגעגאנגען עטליכע שריט, האט טרעגאמעין אויסגעגאסען זיין ביטער הארץ און האט געברומט:

— איך פרעג דיך אליין, ליעבער פראנסוא, הייסט דאס מאכען א רייזע? מען לאזט דאך אונז ניט זיך אומקוקען און זעהן וואו מיר געפינען זיך! וואס האב איך דען געזעהן פון דער אלטער און בעריהמטער שטאדט טונים? מיר וועלען באלד קומען נאך באן, א שטאדט, וועלכע איז בעריהמט אין דער וועלט מיט איהרע פעריל, ווייל ניט ווייט פון איהר געפינען זיך דיא רייכסטע פעריל פישערייען אין דער וועלט. וועלען מיר אבער צייט האבען צו זעהן, וויא מען פישט ארויס פעריל פון מעער? געוויס ניט! נו, הייסט דאס געמאכט א רייזע איבער דער וועלט? און וואס וועט זיין דיא ענדע פון אונזער גאנ־צער רייזע?

— איך האף, אז דיא גאנצע געשיכטע וועט זיך ענדיגען מיט גאר ניט, האט פראנסוא געענטפערט.

— ער האט דאך אבער א דאקומענט.

— א דאקומענט? ער האט געהאט א דאקומענט, ווען ער איז געפאה־רען צום אינזעל נומער איינס אין דער בוכטע פון אמאן. ווער ווייס אלזא, אויב מיר וועלען אויף דעם אינזעל נומער צוויי ניט געפינען א צווייטען דא־קומענט, וואס וועט אונז שיקען צו אן אינזעל נומער דריי...

— און פאר וואס ניט צו אן אינזעל נומער פיער — נומער פינף — נומער צעהן? האט טרעגאמעין אויסגערופען. מיר דאכט, אז דער זאנדערבארער קיאמיל פאשא האט געוואלט נור שפאס מאכען מיט נארישע מענשען, וועלכע זיי־נען אזוי פערגלויבט אין גאלד, אז זיי לעבען נור מיט דעם געדאנק, אז זיי וועלען בעקומען געלד.

— וועט איהר מיטפאהרען מיט אונז, ווען מיר וועלען מוזען פאהרען אויף אן אינזעל נומער דריי? האט פראנסוא געפרעגט.

— איך? יא! איך וועל פאהרען מיט איהם זאגאר אויף אן אינזעל נו־מער צעהן.

— איך ווייס, אז ווען ער פערלאנגט פון אייך עפעס, קענט איהר איהם ניט אבזאגען.

— איך האב מיטלייד מיט איהם, האט דער גוטער טרעגאמעין געזאגט, וויא צו זיך אליין. אמאל איז ער געוועזען א גאנץ גוטער און שטילער מענש, קיאמיל פאשא'ס מיליאנען האבען איהם פערדרעהט דעם קאפ, ער איז קראנק, ער האט פיבער און ער רעדט און טהוט אלעס פון פיבער־היץ.

— איהר זייט א גוטער מענש, פריינד טרעגאמעין, האט פראנסוא גע־זאגט ערנסט און פינסטער, איך אבער קען עס מעהר ניט אויסהאלטען. איך וועל פאהרען מיט איהם נור ביז דיעזען אינזעל נומער צוויי אין דער בוכטע פון

מאיומבא. ווע־לען מיר דאַרט ניט געפינען דיא מיליאָנען, וועל איך צוריק־פאָהרען נאָך פראנקרייך. איך דארף ניט קיין פרינצעסין און זשוליעט וויל ניט קיין פרינץ.

— אביסעל האָסט דוא רעכט, האָט טרעגאַמעין געמוזט צוגעבען, עס איז שוין צופיעל. ווען מען זאָל שוין געפינען דיא מיליאָנען, וועט מען מוזען זיך טהיילען מיט דיעזען פערדאמטען געלד־פרעסער זאמבוקאַ און נאָך אוועקגעבען א פראָצענט צו דעם קראָקאָדילען־אדוואָקאט בן אָמאר... אָבער דאָך? וואָס ווענסט דוא טהאָן ווען דיין אָנקעל וועט דיר הייסען, נו, לאָמיר זאָגען, וועט דיך בעטען, דוא זאָלסט וויי־טער פאָהרען מיט איהם?

— איך וועל איהם אָבזאָגען! איך וועל צוריקפאָהרען נאָך סען מאלאָ, וועל ווארטען נאָך איי־ניגע מאָנאטען, ביז זשוליעט וועט ווערען פול־יעהריג, דאן וועלען מיר הייראטהען.

— בערוהיג דיך, מיין ליעבער יונגע! האָט טרעגאַמעין געבעטען. עס האלט נאָך ניט אזוי וויט. אלעס וועט נאָך גוט ווערען און איך וועל נאָך טאנ־צען אויף דיין האָכצייט מיט זשוליעט. מיר מוזען אָבער האָבען אביסעל געדולד מיט דעם קראנקען אָנקעל.

— ווען איך מאַך שוין אָבער אזא לאנגע און שווערע רייזע, וויל איך דאָך אויך זעהן דיא לענדער, וועלכע איך בערייז, האָט פראנסוא אויסגערופען. איך וויל זעהן דיא שטעדט קאָנסטאנטין, פילופסוויל און פיעלע אנדערע עכט פראנצויזישע שטעדט אין אלזשיר.

— און דיא שטאָדט אלזשיר אליין אויך, האָט טרעגאַמעין צוגעזעצט.

— אין אלזשיר בין איך אמאָל געוועזן.

— מען זאָגט, אז אלזשיר איז א זעהר שעהנע שטאָדט, האָט טרעגאַמעין בע־מערקט, מען האָט מיר דערצעהלט, אז דיא פראנצויזען האָבען געמאכט פון אלזשיר איינע פון דיא שעהנסטע שטעדט אין דער וועלט.

— דאָס איז אויך אמת, אלזשיר איז יעצט זעהר א שעהנע שטאָדט, אָבער סען מאלאָ איז פאר מיר פיעל שעהנער.

— ווייל זשוליעט וואָהנט דאָרט?

— גאנץ ריכטיג, מיין גוטער פריינד!

— אזוי וויא מיר מוזען אָבער איצט פאָהרען נאָך אלזשיר, ניט נאָך סען מא־לאָ, דארפען מיר זעהן און בעטראכטען דיא וואונדער פון אלזשיר, האָט טרע־גאַמעין געזאָגט רוהיג.

מיט דיעזע ווערטער האָבען זיי זיך אויסגעדרעהט און זיינען צוגעקומען צום האָטעל. זיי זיינען געקומען פונקט אין צייט. אין דרויסען איז שוין געשטא־נען דער דיליזשאַנס, דיא פערד איינגעשפאַנט און פארטיג צו דער רייזע.

זשאַק דאָראַן האָט בייז אַרומגעשפּאַציערט פאַר דעם דיליזשאַנס. ער האָט מורא געהאַט, אַז זיינע פריינד זאָלען ניט פערשפּעטיגען.

אייניגע מינוטען שפּעטער איז דער דיליזשאַנס אַרויסגעפאָהרען פון סוחאַ־ראַס און איז ווידער געפאָהרען איבער די ווילדעסטע געגענדען פון אַלזשיר.

דאָס מאָל האָט דער אַראַבישער קוטשער געקענט רעדען אַביסעל פראַנצוי־זיש. דאָס איז ניט קיין וואונדער. די פראַנצויזען האָבען געעפענט פאָלקס־שולען פאַר די אַראַבער און פיעלע אָרימע אַראַבער, וועלכע האָבען בעזוכט דיעזע שולען, רעדען גאַנץ גוט פראַנצויזיש. מיט אַזאַ קוטשער האָט זיך פראַנסואַ געקענט גאַנץ גוט צוזאַמענרעדען. ווען עס איז נאַכט געוואָרען און זיי האָבען ווידער דערהערט דאָס ברומען פון אַ לייב, האָט פראַנסואַ געפרעגט דעם קוטשער:

— מאַכט זיך ניט אַ מאָל, אַז אַ לייב זאָל אָנפאַלען אויף אַ דיליזשאַנס?

— אַ לייב — זעלטען, האָט דער קוטשער געענטפערט, אַ לייב האָט פיינט אַ רויש, דאָס קלינגען פון די גלעקלעך פון די פערד איז פאַר איהם זעהר אונאַנגענעהם. פאַר אַ לייב האָבען מיר קיין מורא ניט. דאָס שרעקליכסטע טהיער אין דיעזער געגענד איז דער לעאָפּאַרד, דיעזע גרויסע און געפעהרליכע קאַץ פון דיעזע געגענדען. איין איינציגער לעאָפּאַרד איז נאָך ניט געפעהרליך, ווען עס קומען זיך אָבער צונויף עטליכע — פינף, זעקס אָדער זאָגאַר צעהן מיט אַמאָל, ווערען זיי אַזוי פרעך, אַז זיי פאַלען אָן אויף אַ דיליזשאַנס.

— און וואָס טהוט מען דאַמאָלס? האָט פראַנסואַ געפרעגט.

— מען שיסט אויף זיי, איז געווען די אַנטוואָרט. ווען מען ציעלט גוט און מען טויטעט אייניגע פון זיי, אַנטלויפען די איבריגע, ציעלט מען אָבער שלעכט און מען טרעפט ניט, איז מען אין גרויס געפאַהר. מיט צוויי מאָנאַטען צוריק האָט פּאַסירט אַזאַ געשיכטע: אויף אַ דיליזשאַנס זיינען אָנגעפאַלען עטליכע לעאָפּאַרדען — וויא פיעל, ווייס מען ניט גענוי, מען ווייס נור, אַז זיי זיינען געשפּרונגען אין דיליזשאַנס. צום אונגליק, האָט נור דער קוטשער און איין פּאַסאַזשיר געהאַט פּיסטאָלעטען. זיי האָבען אויסגעשאָסען, די לעאָפּאַרדען זיינען זיך צולאָפען, זיינען אָבער באַלד צוריקגעקומען און זיינען ווידער אָנ־געפאַלען אויף דעם דיליזשאַנס. די פּאַסאַזשירען האָבען זיך געפונען אין דער גרעסטער געפאַהר, די לעאָפּאַרדען וואָלטען געוויס צוריסען די פערד און דאַן אויך די פּאַסאַזשירען. מיר, קוטשערס פון דיליזשאַנסען, האָבען אָבער אַ שטרענגען בעפעהל, אַז קוים זעהן מיר, אַז מיר קענען זיך אַנדערש ניט רעטען, מוזען מיר אָנצינדען דעם דיליזשאַנס און לאָזען איהם ברענען.

— צו וואָס איז דאָס? האָט טרעגאַמעין געפרעגט.

— די לעאָפּאַרדען האָבען מורא פאַר פייער, האָט דער קוטשער געענט־

פערט, זאָלאנג דער דיליזשאנס ברענט, שטעהען זיי פון ווייטען, ברומען און הײלען, האָבען אָבער מורא צוצוקומען.

— אָבער דאָס פייער וועט דאָך ענדליך פערלאָשען? האָט טרעגאָמעין ווייטער געפרעגט.

— אין דער צייט, ווען דער דיליזשאנס ברענט, אנטלויפען דיא פאסא־זשירען.

— וואוהין?

— צו דער נאָהענטסטער סטאציאָן.

— וויא אזוי אנטלויפען זיי? האָט גאָר פּלוצלונג בן אָמאר געפרעגט.

— צו־פוס, האָט דער קוטשער געענטפערט.

— צו־פוס ביינאכט אין דיעזער ווילדער געגענד? האָט בן אָמאר איבערגעפרעגט.

ער איז געוועזען בלייך וויא קאַלך און האָט געציטערט וויא אין פיבער. איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אז לעאָפּארדען זיינען שוין אָנגעפאלען אויף דעם דיליזשאנס און ער מוז לויפען צו־פוס ביינאכט אין דיעזער ווילדער געגענד.

— טהוט דען דיא רעגיערונג גאָר ניט, אום צו פערטרייבען דיעזע ווילדע בעסטיען? האָט טרעגאָמעין געפרעגט.

— דיא רעגיערונג טהוט אלעס, וואָס זיא קען, האָט דער קוטשער גע־ענטפערט, זיא צאָהלט פינף פראנק פאר יעדען געטויטעטען לעאָפּארד און צעהן פראנק פאר יעדען געטויטעטען לייב. יעדעס יאָהר טויטעט מען פיערציג־פופציג לייבען און זעקס ביז זיבען הונדערט לעאָפּארדען, און דארום קען מען שוין היינט פאָהרען אין דיעזער געגענד ביינאכט. מיט עטליכע יאָהר צוריק איז עס געוועזען כמעט אן אונמעגליכקייט.

מיט זיי האָט גאָר ניט פּאסירט אויף דער רייזע. גאנץ פריה זיינען זיי אָנגעקומען אין דער שטאָדט היפּפּאָ, א בעריהמטע שטאָדט פאר קריסטען, וויל דאָ האָט געלעבט דער הייליגער אויגוסטין, א גרויסער געלעהרטער און א קריסטליכער הייליגער. דיא שטאָדט איז אָבער אויך הייליג פאר מאחמאדאנער, וויל ניט ווייט פון דער שטאָדט געפינט זיך א קוואל, אין וועלכען א גרויסער מאחמאדאנער הייליגער פלעגט זיך טובל זיין. מען זאָגט, אז ער פלעגט זיך דאָרט גאנץ איינפאך באָדען אין דיא גרויסע היצען, דיא מאחמאדאנער אָבער גלויבען, אז ער פלעגט זיך דאָרט נור טובל זיין אום צו קענען רעדען מיט גאָט.

אין היפּפּאָ האָט מען פערבראכט דיא גאנץ הייסע שטונדען פון דעם טאָג און ערשט אין אבענד איז מען אָנגעקומען אין באָן.

זשאק דאָראן מיט זיינע בעגלייטער זיינען אָבגעשטיגען אין אן עכט פראנ־צויזישען האָטעל און האָבען פערבראכט דיא נאכט. דיעזע נאכט זיינען אלע גע־שלאָפען געשמאק, זאָגאר זשאק דאָראן און זיין שוואָגער זאמבוקאָ זיינען געוועזען

אזוי מיעד פון דער רייזע, אז זיי זיינען אנטשלאָפען געוואָרען וויא דער'הרג'טע און האָבען ווירקליך גוט געשלאָפען.

22טעס קאפיטעל.

## ווידער אן ענטטוישונג

וויא געשמאק זיי זיינען געשלאָפען, האָט זיך דאָך זשאק דאָראן אויפגע־כאפט אום אכט אוהר אין דער פריה. ער האָט זיך אָנגעטהאָן און איז אראָבגע־לאָפען אין סאלאָן. דאָרט האָט ער געפרעגט דעם הויפט קעלנער:

— ווען געהט דער צוג פון באָן נאָך אלזשיר?

— דער צוג? וועלכער צוג? האָט דער קעלנער געפרעגט ערשטוינט.

— דער אייזענבאהן צוג! האָט דאָראן אויסגערופען, פערשטעהסט דוא נאָך ניט, אראבישער עזעל?

— איך פערשטעה אייך גאָר ניט, האָט דער קעלנער געענטפערט, דיא איי־זענבאהן ליניע באָן־אלזשיר איז נאָך ניט פערטיג, זיא בויט זיך ערשט.

זשאק דאָראן האָט אויסגעגלאָצט א פּאָר אויגען און איז געבליבען שטעהן פערשטיינערט. מען האָט איהם געזאָגט, אז דיא ליניע איז שוין פארטיג און מען פאָהרט שוין אויף איהר.

ווען ער איז ענדליך געקומען צו זיך, האָט ער געפרעגט מיט א בעטענדער שטימע:

— אלזאָ, וויא אזוי קען איך פאָהרען שנעל נאָך אלזשיר?

— איהר קענט פאָהרען מיט'ן דיליזשאנס אָדער מיט א שיף.

— מיט א שיף? גוט! ווען געהט אָב דיא שיף?

— פונקט צעהן אוהר.

מעהר האָט זשאק דאָראן ניט געוואָלט רעדען. ער איז ארויפגעלאָפען צו זיינע קאמעראדען, האָט זיי אלע אויפגעוועקט פון זייער געשמאקען שלאָף און האָט זיי געהייסען זיך אָנטהאָן און געהן צו דער שיף.

פראנסוא און טרעגאָמעין זיינען געווען זעהר אונצופריעדען. באָן איז דיא צווייטע גרעסטע שטאָדט אין אלזשיר. זיי האָבען געוואָלט זעהן דיזע אלטע, היסטאָריש בעריהמטע שטאָדט, און יעצט טרייבט מען זיי שוין צו דער שיף.

טרעגאָמעין האָט געברומט, וויא א הונגעריגער לעאָפּארד, פראנסוא איז געווען בייז אויף דער גאנצער וועלט, אויף זיך אליין און בעזאָנדערס אויף קיאמיל פאשא מיט זיינע מיליאָנען. עס האָט זיי אָבער וועניג געהאָלפען, זיי האָבען געמוזט זיך האסטיג אָנטהאָן און געהן צום דאק, וואו עס איז געשטאנען די פּאָסט

שיף, וועלכע געהט פון באַן נאָך אלזשיר. זיי האָבען זאָגאר קיין צייט ניט געהאט צו עסען אן אנשטענדיגען פריהשטיק.

— מיר וועלען עסען אויף דער שיף, האָט זשאַק דאראן געזאָגט מיט א שטרענגער, בעפעהלענדער שטימע.

מען האָט זיך אַנגעטהאָן און מען איז אװעקגעגאנגען צו דער שיף.

מען איז געקומען אביסעל צו פריה.

— דאָס מאכט ניט אויס! האָט זשאַק דאראן געזאָגט, בעסער צו פריה איידער צו שפעט.

אזוי וויא דאָס איז געװען א פּאָסט שיף, דאָס הייסט, א שיף, וועלכע פיהרט דיא רעגיערונגס פּאָסט, איז מען געװען פינקטליך. פּונקט צעהן איז דיא שיף אָבגעגאנגען פון באַן. עס איז געװען א דאמפף שיף, וועלכע קען אָבער אויך געהן אונטער זעגעל. ווען דער ווינד וועהט אין דער ריכטיגער זייט, ציהט מען אויף דיא זעגעל. היינט געברויכט מען ניט מעהר אזעלכע שיפען, וויל מען האָט היינט אזא גוטע מאשינעריע, אז מען קען זיך בעגעהן אָהן זעגעל. דאַ־מאָלס, אין 1862, זיינען אלע דאמפף שיפען געװען אזוי איינגעריכטעט, אז קוים ווערט דיא מאשינעריע עפּעס ניט אין אָרדנונג, זאָל מען קענען פאָהרען מיט זעגעל.

אזא דאמפף־זעגעל־שיף געהט געוועהנליך זעהר לאַנגזאַם. היינט דויערט דיא רייזע פון באַן נאָך אלזשיר פיער שטונדען, דאמאָלס פלעגט זיא דויערן צעהן־צוועלף שטונדען.

דיא רייזע אליין איז ניט ווערטה צו בעשרייבען. מען פאָהרט צו ווייט פון דיא ברעגעס פון אלזשיר, אז מען זאָל קענען זעהן דאָס לאַנד און עס בע־טראַכטען. מען פאָהרט אָבער אויך צו נאָהענט צו אלזשיר, אום מען זאָל קענען עס רופען א מעער־רייזע.

אום 8 אוהר אבענדס איז דיא שיף אַנגעקומען אין אלזשיר. טרעגאַ־מעין און פראנסוא האָבען געוואָלט אביסעל בעטראַכטען דיא שטאָדט, ווע־ניגסטענס דיא דאקס, וואו דיא שיפען קומען צו, אָבער אלזשיר איז דאמאָלס געװען זעהר שלעכט בעלייכטעט. פון עלעקטרישע לאָמפּען האָט מען נאָך דאַ־מאָלס ניט געוואוסט, און דיא גאז קאָמפּאניע, וועלכע האָט בעלייכטעט דיא שטאָדט, האָט געדענקט, אז דיא אראבער האָבען קעצענע אויגען, זיי קענען גוט זעהען אין דער פינסטער, אלזאָ קענען זיי זיך בעגעהן מיט זעהר ווייניג גאז לאָמפּען.

דאָס איינציגע וואָס זיי האָבען געקענט בעמערקען, איז געװען, אז זיי האָבען געמוזט ארויפקריכען פיעל טרעפּ פון דעם דאק, ביז זיי זיינען גע־קומען אויף א גוט געפלאַסטערטען שפּאַציער־גאַנג ביים ברעג מעער, ווייטער האָט מען געזעהן העל בעלייכטעטע פּלעצער, אָבער טרעגאָמעין און פראנסוא

האָבן ניט געקענט גערן אהין, ווייל זשאק דאָראן האָט פערלאַנגט, אז מען זאָל געהן גלייך אין האָטעל.

ער האָט נאָך אויף דער שיף זיך אָנגעפרעגט אין וואָס פאר א האָטעל ער זאָל אָבשטייגען, און מען האָט איהם רעקאָמענדירט דעם "האָטעל דע אייראָפּא". אהין האָט ער יעצט געפיהרט זיינע בעגלייטער.

ארום ניין אוהר האָט שוין יעדער געהאט זיין צימער און זיינע זאכען. אזוי וויא קיינער איז ניט געווען מיעד פון דער קורצער רייזע אויף'ן מעער, האָט קיינער ניט געוואָלט זיך לעגען שלאָפען אזוי פריה און יעדער האָט געזוכט עפּעס צו טהאָן.

זשאק דאָראן איז אראָבגעגאנגען אין קאנטאָר פון האָטעל פרעגען, אויב מען קען געפינען א שיף, וועלכע געהט פון אלזשיר נאָך דער בוכטע פון גווינעא. צופעליגערווייזע האָט ער דאָרט געטראָפען אן אגענט פון דער בעריהמטער פראנצויזישער שיפס-קאָמפּאניע "מעססאזשעריע מאריטים". זשאק דאָראן האָט זיך מיט איהם צורעדט.

— וואוהין ווילט איהר פאָהרען?

— נאָך דער בוכטע פון גווינעא.

— אָבער דיעזע בוכטע איז דאָך זעהר גרויס, עס איז דאָך א גאנצעס מעער, האָט דער אגענט בעמערקט, זאָגט מיר, אין וועלכער שטאָדט אין יע־נער געגענד ווילט איהר פאָהרען.

— נאָך לאָאנגאָ, האָט דאָראן געענטפערט.

— עס געהען ניט קיין שיפען פון אלזשיר דירעקט נאָך לאָאנגאָ, האָט דער אגענט געענטפערט.

— דאָס קען ניט זיין! האָט זשאק דאָראן געשריען, וויא א וואהנזיניגער, לאָאנגאָ איז דיא הויפּט-שטאָדט און דער איינציגער פּאָרט פון דעם לאנד לאָאנגאָ, אזוי האָט מיר געזאָגט מיין נעפע, א שטודירטער שיפסקאפּיטאן. דיא שטאָדט לאָאנגאָ איז א וויכטיגע האנדעלס שטאָדט. דיא פראנצויזען בעציהען פון לאָאנגאָ גומי (ראָבער), פּאלמעהל און עלעפאנטביין. אלזאָ מוזען דאָך געהן שיפען דירעקט נאָך לאָאנגאָ.

— דאָס איז אלעס גאנץ ריכטיג, האָט דער אגענט געענטפערט, עס געהען אמאָל פראנצויזישע שיפען פון מארסעיל נאָך לאָאנגאָ, אָבער זיי געהען ניט רע־געלמעסיג און עס זיינען ניט קיין פאסאזשיר שיפען, נאָר פראכט שיפען.

זשאק דאָראן איז געבליבען זיצען וויא פערשטיינערט. דאָס האָט ער געוויס ניט געטרוימט: אום צו פאָהרען נאָך לאָאנגאָ, וועט ער גאָר מוזען צוריק־פאָהרען נאָך פראנקרייך און ווארטען אין מארסעיל אזוי לאנג ביז עס וועט אוועקפאָהרען א שיף נאָך לאָאנגאָ.

איינינגע מינוטען איז ער געזעסען וויא א צומישטער. אויף אזא שוויריג־

קייט האָט ער זיך ניט געריכט. ענדליך איז ער דאָך געקומען צו זיך און האָט געפרעגט דעם אגענט:

— קענט איהר מיר ניט געבען אן עצה, וואָס איך זאָל טהאָן? איך מוז זיין אין לאָאנגאָ אזוי שנעל, וויא נור מעגליך. מוז איך פאָהרען נאָך מארסעיל, אום צו קריעגען א שיף נאָך לאָאנגאָ? איז שוין גאָר ניטאָ קיין אנדער מיטעל אהין צו קומען?

דער אגענט האָט געטראכט אייניגע מינוטען, דאן האָט ער אויסגערופען:

— עס איז דאָ א מיטעל, אָבער ווען איהר ווילט אָננעהמען מיין ראטה, מוזט איהר זיך צואיילען.

— פון איילען זיך איז גאָר קיין רעדע ניט! האָט דאָראן געשריען, איך אייל מיך שוין גענוג, איך האָב גאָר קיין צייט ניט.

— דאן איז מיין ראטה, איהר זאָלט פאָהרען נאָך דאָקאר, דיא גרעסטע האנדעלס און פּאָרט שטאָדט אין סענעגאמביען. פון דאָקאר נאָך לאָאנגאָ איז שוין גאָר ניט ווייט. מען קען דאָרט שטענדיג קריעגען א פּאָרטוגעזישע שיף נאָך לאאנגאָ.

— און וואו נעהמט מען א שיף נאָך דאָקאר? האָט דאָראן געפרעגט.

— מאָרגען גאנץ פריה, פּונקט זעקס אוהר, געהט אָב דער דאמפּפער "קאַטאלאן" פון אלזשיר נאָך דאָקאר. ווען איהר ווילט פאָהרען מיט דעם "קאטאַלאן", מוזט איהר נאָך היינט ביינאכט זיך פערזאָרגען מיט שיפסקארטען און מיט קאיוטען. דאָס בעסטע וואָלט געוועזן, איהר זאָלט נאָך היינט ביינאכט זיך אויפזעצען אויף דעם דאמפּפער, ווייל ער געהט אָב פּונקט 6 אוהר אין דער פריה.

— און וואו קען איך קריעגען שיפסקארטען אויף דעם "קאטאלאן"?

— דאָס קען איך אייך בעזאָרגען.

— ווארט אוים אייניגע מינוטען! האָט דאָראן געבעטען. איך וועל באלד אראָבקומען מיט געלד אויף שיפסקארטען.

ער איז ארויפגעלאָפען וויא א שטורמווינד צו זיין שוואָגער זאמבוקאָ און האָט מיט איהם איבערגערעדט, וואָס זיי זאָלען טהאָן.

— פרעגט אייך אָן ביי אייער נעפע, ער וויים דאָך געוויס גאנץ גוט, וואו עס געפינט זיך דיא שטאָדט דאָקאר, האָט זאמבוקאָ געזאָגט.

אונטערדעסען איז פראנסוא געזעסען אין זיין צימער און האָט געשריעבען א לאנגען בריעף צו זיין געליעבטער זשוליעט. מען קען זיך לייכט דענקען וויא איבערראשט דער אָרימער פראנסוא איז געוואָרען, ווען זיין אָנקעל איז גאָר פּלוצלונג, אָהן זיך אָנצומעלדען, אָהן אָנצוקלאפּען אין דער טהיר, אריינגעלאָפען צו איהם אין צימער און האָט א געשריי געטהאָן:

— וואו געפינט זיך דיא שטאָדט דאָקאר?

— אין סענעגאמביען, האָט פראנסוא געענטפערט.

— און וויא ווייט איז עס פון דאָקאר נאָך לאָאנגאָ?

— עפּעס מעהר אלס פינף הונדערט מעער־מיילען.

— קען מען שטענדיג קריעגען א שיף פון דאָקאר נאָך לאָאנגאָ?

— איך וויס ניט גענוי, וויל אין יענע געגענדען פאָהרען אם מייסטען פאָרטוגעזישע שיפען.

— דאן פאָהרען מיר מאָרגען נאָך דאָקאר.

— וויא איהר פערשטעהט, אָנקעל.

זשאק דאַראן האָט שוין ניט געהערט דיא לעצטע ווערטער פון זיין נעפע. ער איז אריינגעלאָפען אין זאמבוקאָ׳ס צימער, האָט זיך מיט איהם בעראטהען איניגע מינוטען, דאן זיינען ביידע אראָבגעגאנגען צום אגענט פון דער "מעס־סאזשעריע מאריטים".

דער אגענט איז געוועזן א גוטמוטהיגער, עהרליכער מאן. ער האָט טאקע געוואָלט פערדיענען ביי דיא שיפסקארטען, אָבער ער האָט ערקלעהרט ביידע שוואָגערס, אז צו דיעזער רייזע מוזען זיי זיך אביסעל פאָרבערייטען, וויל מען פאָהרט אריבער דעם עקוואטאָר, דיא הייסעסטע געגענד אין דער וועלט, מען מוז אלזאָ האָבען אויף דיעזער רייזע גאנץ גענוג לייכטע, ווייסע, לינענע אָדער בוימוואָלענע קליידער און נאָך איניגע אנדערע זאכען. דאָס אלעס מוז מען קויפען, מען מוז זיך פאָרבערייטען, זאָנסט קען מען ליידען שרעקליך פון דער היץ.

— און וואו נעהמט מען אלע דיעזע זאכען?

— מען קען זיי קויפען אין אלזשיר, האָט דער אגענט געענטפערט, עס איז שוין אפילו ניט פריה, פיעלע מאגאזינען זיינען שוין געשלאָסען, אָבער אזוי וויא איהר ווילט אונבעדינגט פאָהרען מיט דעם "קאטאלאן" וועל איך געהן מיט אייך זוכען, פילייכט וועלען מיר נאָך געפינען מאגאזינען, וואו מען קען קויפען דיעזע זאכען.

— קומט, פריינד! איך וועל אייך דאנקבאר זיין, ווען איהר וועט מיר העל־פען איינצוקויפען אלעס נויטהיגע פאר דער רייזע מיט דעם "קאטאלאן", האָט דאַראן אויסגערופען.

זשאק דאַראן, זאמבוקאָ און דער אגענט זיינען אוועקגעגאנגען איינקויפען דיא נויטהיגע זאכען און זיך בעזאָרגען מיט שיפסקארטען.

קיינער פון זיי האָט ניט בעמערקט, אז לעבען א טישעלע ניט ווייט פון זיי איז געזעסען נאזים בן אבדאללאה, בן אָמאר׳ס שרייבער. ער האָט אויסגע־הערט אלעס, וואָס זשאק דאַראן האָט גערעדט מיט דעם אגענט, און קוים זיינען זיי אוועקגעגאנגען, איז ער ארויסגעגאנגען און האָט זיך אָנגעפרעגט

ביים ערשטען בעסטען אראבער, וואו עס געפינט זיך דיא קאנטאָר פון דער קאָמפּאַניע "מאססאזשעריע מאריטים".

— ווען דיא פערדאמטע פראנצויזען קענען קריעגען שיפסקארטען אויף דעם "קאטאלאן", וועל איך אויך קריעגען שיפסקארטען פאר זיך און בן אָמאר'ען, האָט ער געזאָגט צו זיך אליין.

און ער האָט אויך געקראָגען אלעס וואָס ער האָט געדארפט.

פראנסוא און טרעגאָמעין האָבען ניט אָנגעהויבען צו וויסען, וואָס דאָ איז פּאָרגעקומען. פראנסוא האָט געשריעבען זיין בריעף צו זשוליעט און טרעגאָמעין איז ארויסגעגאנגען אביסעל שפּאציערען און בעטראכטען דיא גאס פון אלזשיר, וואו דער האָטעל האָט זיך געפונען.

ענדליך האָט פראנסוא געענדיגט זיין בריעף און איהם פארטיג געמאכט איהם מאָרגען אויפצוגעבען אויף דער פּאָסט. דאן האָט ער געפיהלט, אז ער ווערט שלעפעריג און ער האָט זיך געלעגט שלאָפען.

קוים זיינען זיי אנטשלאָפען געוואָרען, האָבען זיי דערהערט קלאפּען אין דער טהיר.

— וואָס איז דאָס? האָט פראנסוא אויסגערופען. ווער וועקט עס מיך? האָט ער זיך געבייזערט.

— איך בין עס, פראנסוא, האָט זשאק דאָראן געענטפערט, שטעה אויף און טהו זיך אָן.

— אזוי פריה? וואָס איז דען געשעהן?

— טהו זיך אָן שנעל! מיר פאָהרען באלד אוועק.

— וואוהין?

— נאָך דאָקאר.

— אויף וואָס פאר א שיף?

— אויף דעם דאַמפּפער "קאטאלאן".

פראנסוא האָט געמוזט אויפשטעהן און זיך אָנטהאָן.

עטוואָס שווערער איז עס געווען מיט טרעגאָמעין. ווען זשאק דאָראן האָט איהם אויפגעוועקט פון זיין געשמאקען שלאָף און האָט איהם געזאָגט, אז זיי פאָהרען באלד אוועק, איז דער גוטער טרעגאָמעין בייז געוואָרען און האָט אויסגערופען:

— שעהם זיך, זשאק! איך האָב דאָך זאָגאר ניט געזעהן איין גאס אפילו פון אלזשיר! הייסט דאָס מאכען א רייזע, ווען מען קומט אין אזא שטאָדט וויא אלזשיר און מען קען זיא זאָגאר ניט זעהן? איך פאָהר ניט! איך וועל בלייבען וועניגסטענס צוויי טעג אין אלזשיר.

זשאק דאָראן האָט געמוזט איהם ערקלערען, אז ווען זיי פאָהרען ניט

באלד מיט דעם "קאטאלאן", וועלען זיי מוזען ווארטען אין אלזשיר א גאנצען מאָנאט, ביז א צווייטע שיף וועט געהן נאָך דאָקאר.

— אָבער וואו איז דען דאָקאר?

— דאָס וועט דיר פראנסוא ערקלערען.

עס האָט גאָר ניט געהאָלפען. מען האָט געמוזט זיך אָנטהאָן, איינפּאקען אלע זיעבען זאכען און געהן צום דאק, וואו דער "קאטאלאן" איז געשטאנען.

פראנסוא האָט קוים צייט געהאט אריינצוואוארפען זיין בריעף אין דעם בריעף־קאסטען, וועלכער האָט זיך געפונען אין האָטעל.

אויף'ן וועג צום דאמפּפער האָט ערשט טרעגאָמעין אויסגעגאָסען זיין ביטער הארץ.

— זיין אין אלזשיר און ניט זעהן דיעזע אלטע, בעריהמטע שטאָדט, מיט וועלכער פראנקרייך שטאָלצירט! האָט ער זיך בעקלאָגט.

— דאָס איז געווים זעהר טרויעריג, האָט פראנסוא געענטפערט, וואָס קען מען אָבער טהאָן? דער דאמפּפער געהט אָב אין א שטונדע ארום, מיר מוזען פאָהרען.

— און וואוהין פאָהרען מיר?

— נאָך דאָקאר.

— וואו איז עס דאָקאר?

— אין סענעגאמביען.

טרעגאָמעין האָט געוואָלט נאָך עפּעס פרעגען, אָבער באלד האָבען זיי דערזעהן דיא שווארצע מאסע פון דעם דאמפּפער שטעהן ביים דאק. פון זיין גרויסען שווארצען קוימען איז ארויסגעגאנגען א געדיכטער רויך. עס האָט נור וואָס אָנגעהויבען צו טאָגען און מען האָט געקענט זעהן דייטליך דעם גרויסען דאמפּפער זיך שאָקלען אויף דיא בלויע וואסערען פון דעם מיטעללענדישען מעער.

איידער זיי האָבען צייט געהאט זיך אומצוקוקען און צו בעטראכטען דעם דאמפּפער, האָבען דיא דיענער פון דער שיף זיי ארויפגעפיהרט אויף'ן דעק און יעדען אריינגעפיהרט אין זיין קאיוטע. פראנסוא און טרעגאָמעין האָבען געהאט איין קאיוטע, זשאק דאָראן און זיין שוואָגער א צווייטע, בן אָמאר און סואד פאשא א דריטע.

זיי האָבען קוים צייט געהאט זיך איינצואָרדנען און זיך אומצוקוקען אויף דער שיף, ווען דיא גרויסע דאמפּף פייף האָט געגעבען א סיגנאל, מען זאָל אויפהויבען דעם אנקער און אָבבינדען דיא שיף פון דאק.

איניגע מינוטען שפּעטער האָט דיא גרויסע שרויבע פון דער שיף אָנגעהויבען זיך צו דרעהען, דיא גאנצע שיף האָט א ציטער געטהאָן און א גרוי־

סער ווייסער פּאס שוים האָט זיך געוויזען אויף דעם וואסער. דער ״קאטאלאן״ איז אָבגעפּאָהרען פון אלזשיר.

עס איז טאָג געוואָרען, טרעגאָמעין און פראנסוא האָבען געקענט זעהן לאנגע גאסען מיט ווייסע הייזער, אייניגע ווילאס אויף דיא בערגלעך, דיא לעצטע ווילאס פון אלזשיר.

קוים איז מען ארויסגעפאָהרען אין מעער, האָט בן אָמאר אָנגעהויבען צו ליידען פון דער זעע־קראנקהייט אזוי שטארק, אז טרעגאָמעין האָט בעקומען מיטלייד מיט איהם און האָט אָנגעהויבען איהם צו ראטהען, וואָס ער זאָל טהאָן, אָבער דער אונגליקליכער בן אָמאר האָט עס ניט געוואָלט הערען און האָט פערדאמט און פערפלוכט אלע מעגליכע און זאָגאר אלע אונמעגליכע פּאשאס אין דער וועלט, וועלכע צווינגען מענשען צו פאָהרען זוכען ווייטע אינזלען.

עס איז א פאקט, אָבוואָהל מען קען איהם ניט ערקלערען, אז ווען א שיף געהט אָב גאנץ פריה, קענען דיא פּאסאזשירען ניט שלאָפען, עפּעס ווילט זיך זיי זעהען, עפּעס ציהט זיי צו שטעהן אויף׳ן דעק, עפּעס לאָזט זיי ניט ארייננעהן אין זייערע קאיוטען. דאָסזעלבע האָט יעצט פּאסירט מיט דיא פּאסאזשירען פון דעם ״קאטאלאן״. פיעלע פון זיי האָבען פאָריגע נאכט גאָר ניט אָדער זעהר וועניג געשלאָפען, און דאָך זיינען יעצט אלע געשטאנען אויף׳ן דעק און האָבען געקוקט אויף׳ן מעער און אויף דער געגענד פון אלזשיר, וועלכע מען קען נאָך זעהן.

זאָגאר זשאק דאָראן און זאמבוקאָ זיינען געשטאנען אויף׳ן דעק און האָבען גערעדט שטילערהייט. זייט זיי זיינען אָנגעקומען אין אלזשיר, האָבען זיךביידע שוואָגערס געהאלטען פעסט איינער לעבען אנדערען און פלעגען רעדען נור איינער צום אנדערען, גלייך וויא זיי וואָלטען געווען בעקאנט און בעפריינדעט פון קינדווייז אָן.

— איך בין העכסט צופריעדען, וואָס מיר פאָהרען יעצט מיט דעם ״קאטאלאן״, האָט זשאק דאָראן געזאָגט, דאָס איז געווען דאָס איינציגע מיטעל אונז צו ברענגען צום ציעל.

— דאָס איז שוין גאנץ ריכטיג, האָט זאמבוקאָ געענטפערט, וואָס וועלען מיר אָבער טהאָן, ווען מיר וועלען קומען נאָך דאָקאר? דאָס איז ניט קיין אייראָפּעאישע האנדעלס שטאָדט, פּיליייכט געפינען מיר דאָרט ניט אזוי שנעל א שיף נאָך לאָאנגאָ?

— איך האָב וועגען דעם געטראכט, האָט דאָראן געענטפערט, דאָקאר איז א לעבעדיגער האנדעלס פּאָרט, עס געפינען זיך שטענדיג אין איהם פּאָרטוגעזישע וואנדער־שיפען אָדער ״טרעמפ־שיפען״, וויא דער ענגלענדער רופט זיי, דאָס הייסט, שיפען, וועלכע פאָהרען ניט א געוויסען וועג הין און צוריק,

נאָר וואוהין מען דינגט זיי. מיר קענען זעהר לייכט אָבדינגען א שיף און פאָהרען זוכען אונזער אינזעל. מיין נעפע פראנסוא וועט פיהרען דיא שיף. דער שיפסקאפיטאן וועט זיין העכסט צופריעדען, וואָס אן אנדערער וועט טהאָן זיין ארבייט.

— איהר האָט רעכט, מיין ליעבער שוואָגער, האָט זאמבוקאָ געזאָגט העפ־ ליך.

דערווייל איז דער "קאטאלאַן" ווייטער געפאָהרען. זיין מעכטיגע שרויבע האָט זיך איינגעגראָבען אין דיא וואסערען און האָט געטריבען דיא שיף פאָרווערטס.

עס איז געווען א שעהנער טאָג, א הייסער טאָג, וויא עס קען נאָר זיין אין יענע געגענדען אין מאָנאט יוני. טרעגאָמעין און פראנסוא האָבען געוואָלט בעטראכטען דיא פאסאזשירען אויף דעם "קאטאלאַן" און, ווען עס וועט מעג־ ליך זיין, מאכען בעקאנטשאפטען. דיא פאסאזשירען זיינען אָבער געווען פאָר־ טוגעזען, איינינע אראבישע קויפלייטע, פיעלע נעגער פון סענעגאמביען, איינינע קויפלייטע פון סענעגאל און איינינע פראנצויזישע אָפיציערען, וועלכע זיינען גע־ פאָהרען צו זייערע באטאליאָנען, וועלכע זיינען געשטאנען אין פערשיעדענע שטעדט פון וועסט אפריקא.

טרעגאָמעין און פראנסוא האָבען זיך באלד איבערצייגט, אז זיי געפינען זיך אין א גאנץ נייער וועלט, צווישען גאנץ נייע מענשען, מיט וועמען עס איז געווען זעהר שווער זיך צו בעקענען. מיט איינינע האָבען זיי ניט געקענט זיך צונויפריידען, מיט אנדערע איז עס ניט ווערטה געווען זיך צו בעקענען.

טראָץ דעם זיינען זיי געבליבען אויף'ן דעק, ביז דער גלאָק האָט געמעל־ דעט, אז עס איז מיטאָג־צייט. מען איז אראָבגעגאנגען אין עס־צימער און אלע, אויסער בן אָמאר'ען, האָבען זיך געזעצט עסען ביי איין טיש.

דעם אנדערען טאָג איז דער "קאטאלאַן" פארבייגעפאָהרען דאָס קיי־ זערטהום מאראָקאָ. מען האָט געקענט זעהן פון ווייטען דיא הויכע בערג גאט־ לאס, אויך דיא שטאָדט טעטואָן, דיא וויכטיגסטע פאָרט שטאָדט פון מאראָקאָ, האָט מען געזעהן פון דער ווייטען, אָבער דער "קאטאלאַן" איז ניט אריינגע־ פאָהרען אין דיעזען פאָרט. עטליכע מייל ווייטער האָט מען דערזעהן דיא שטאָדט סעאוטא, א שפאנישע פעסטונג אין אפריקא. יעצט איז דער "קאטאלאַן" אריינ־ געפאָהרען אין דיא מעער־ענגע פון גיבראלטאר, א שמאָלער פאס וואסער, וועל־ כער פעראייניגט דאָס מיטעללענדישע מעער מיט דעם אטלאנטישען וועלט־ מעער. גיבראלטאר איז א שטיינערנער בארג אין שפאניען, וועלכער געהערט צו ענגלאנד.

דיא ענגלענדער האָבען אָבגענומען דיעזע זאָנדערבארע נאטור־פעסטונג,

ווייל מיט דיעזער פעסטונג בעהערשען זיי דעם אריינגאנג אין מיטעללענדישען מעער.

פראנסוא איז געווען גוט בעקאנט מיט דיעזער געגענד. ער איז שוין ניט איין מאל דורכגעפאהר'ען דיא מעער־ענגע פון גיבראלטאר.

ער איז געשטאנען אין א ווינקעלע אויף'ן דעק און האט געקוקט אויף דאם ווייטע, אונענדליכע אטלאנטישע וועלט־מעער. טרעגאמעין איז צוגעקומען צו איהם און האט איהם געפרעגט:

— פאר וואס ביזט דוא אזוי פערטראכט און אזוי טרויעריג?

— איך טראכט, אז עס וואלט פיעל גלייכער געווען, מיר זאלען פון דאנען פאהרען אהיים, האט פראנסוא געענטפערט, עס איז פיעל נעהנטער פון דאנען נאך סען מאלא וויא נאך דאקאר.

— איך דענק אויך אזוי... וואס טהון מיר? וואוהין פאהרען מיר דען?

— צום טייפעל! האט פראנסוא געענטפערט בייז.

— דאקאר איז נאך ניט דער טייפעל, איך האב געהערט, אז פון דאקאר קען מען שטענדיג קריגען א שיף נאך מארסעיל.

— קענען קען מען שוין, וועט ער אבער וועלען פאהרען צוריק אהיים? האט זיך פראנסוא געקאכט. ער זוכט דאך זיינע מיליאנען.

דערביי איז פראנסוא אויפגעשפרונגען, וויא אן אבגעבריהטער און האט ווייטער אויסגערופען:

— ווייסט איהר דען וואס דאקאר איז? דאקאר איז אן עכט אפריקאנישע שטאדט, אויף וועלכער פראנקרייך האט אייניגע פרעטענזיאנען, אבער פארטוגאל בעהויפטעט, אז דאס גאנצע לאנד געהערט צו איהר. דאקאר איז א שטאדט פון האלב־ציוויליזירטע, ריכטיגער נאך, פון האלב־ווילדע מענשען. ווער ווייס, אויב מיר וועלען דארט קענען בעקומען א שיף נאך לאאנגא. פון דאקאר נאך לאאנגא איז א שטרעקע פון מעהר אלס טויזענד מייל.

— אבער דאך... זשאק טרוימט דאך, אז אם ענדע וועט ער דאך געפינען דיא מיליאנען פון קיאמיל פאשא.

— אך, דיעזע מיליאנען! טרויעריג איז עס, ווען א מענש נעהמט זיך אריין אין קאפ צו געפינען אדער צו מאכען מיליאנען! דאס גליק איז א זאנדערבארע פרוי: וואס מעהר מען זוכט זיא, וואס מעהר מען לויפט איהר נאך, אלץ מעהר אנטלויפט זיא, אלץ מעהר דערווייטערט זיא זיך. גראדע דאן, ווען מען זוכט זיי ניט, קומען זיי, דיעזע מיליאנען. לערענט דיא וועלט געשיכטע, שטודירט דיא לעבענס־בעשרייבונג פון אלע רייכע מענשען און איהר וועט זיך איבערצייגען, אז זייער רייכטהום איז געקומען צו זיי אונערווארטעט, ווען זיי האבען זיך גאר ניט געריכט אויף איהם. מיליאנען קומען אליין צולויפען און בעטען זיך, מען זאל זיי אויפהויבען, צונויפשארען און אנזאמלען אין דיא

קעלערס. ווער עס האָט געזוכט מיליאָנען, ווער עס איז נאָכגעלאָפען נאָך מיליאָ־נען, דער האָט זיי קיין מאָל ניט בעקומען.

— אָבער קיאמיל פאשא׳ס מיליאָנען זיינען דאָך געקומען צו איהם, צו זשאק דאראן? האָט טרעגאָמעין זיך ערלויבט צו פרעגען.

— מיין עלטער־עלטער־אָנקעל, טהאָמאס דאראן וואָלט פיעל בעסער גע־טהאָן, ווען ער וואָלט געלאָזען קיאמיל פאשא שטארבען אויף דעם ברעג מעער לעבען יאפא, האָט פראנסוא געענטפערט.

טרעגאָמעין האָט געזעהן, אז פראנסוא איז היינט עפּעס זעהר אויפגע־רעגט, און ער האָט ניט געוואָלט איהם נאָך מעהר אויפרעגען. אום אָבצוּוואָ־ווענדען דעם געשפרעך, האָט ער א פרעג געטהאָן:

— וואָס איז דאָס? איך זעה דאָרט עפּעס א זאָנדערבארע געביידע.

— דאָס איז דער לייכט־טהורם פון ספּארטעל, דיא ערשטע סטאציאָן אין דעם לאנד סענעגאל, וועלכעס געהערט צו פראנקרייך.

— און וויא הייסט דיא הויפּט־שטאָדט פון סענעגאל?

— סען לואי.

— ווארום הייסט זיא סען לואי?

— צו עהרע פון דעם פראנצויזישען קעניג לודוויג אָדער לואי דער נייני־טער, אָדער לואי דער הייליגער, א פרומער פראנצויזישער קעניג, וועלכער איז געווען געפאנגען אין אפריקא.

— איז סענעגאל א גרויס לאנד?

— עס איז גרעסער פון פראנקרייך, אָבער עס האָט קוים צוויי הונדערט טויזענד איינוואָהנער, מייסטענס נעגער אָדער האלב נעגער. עס איז א רייך לאנד, א שעהן לאנד, דער קלימאט אָבער איז טויטליך פאר אייראָפּעער. דער שטארקסטער אייראָפּעער קען ניט אויסהאלטען מעהר וויא צוויי יאָהר אין סען לואי. דערפאר געפינען זיך אויף אונזער שיף אזוי פיעל פראנצויזישע אָפיציערען. זיי האָבען געמוזט פאָהרען נאָך איירָאפּא צו ערהאָלען זיך און זיך אויסרוהען פון דעם אבשייליכען קלימאט, און יעצט פאָהרען זיי צוריק.

דיא רייזע פון אלזשיר נאָך דאָקאר האָט געדויערט גאנצע ניין טעג. ערשט אויף דעם צעהנטען טאָג איז דער "קאטאלאָן" אָנגעקומען אין דאָקאר.

23טעם קאפּיטעל.

# אין דאָקאר

דאָקאר איז א גאנץ אלטע שטאָדט אין דעם לאנד סענעגאמביען. דיא רוי־מער האָבען אָבגענומען דאָקאר נאָך פאר דער קריסטליכער צייט רעכנונג,

שפעטער האָט זיך ארום דאָקאר געגרינדעט א פרייע רעפובליק פון אראבער און זיא האָט געהייסען גאָרעא. זייט 1857 געהערט דאָקאר און דאָס לאנד ארום צו פראנקרייך. דיא הויפט שטאָדט פון דיעזען לאנד הייסט נאָך ביז היינטיגען טאָג גאָרעא אָדער גאָרעע, וויא דיא פראנצויזען שפּרעכען עס אויס. דאָקאר איז אָבער דיא איינציגע פּאָרט שטאָדט און דיא גרעסטע האנדעלס שטאָדט פון דיעזער פּראָווינץ.

דאָקאר איז ניט קיין גרויסע שטאָדט. זיא צעהלט אין גאנצען עלף הונדערט איינוואָהנער. עס איז אויך ניטאָ פיעל וואָס צו זעהן אין דאָקאר. דיא איינציגע מערקווירדיגקייט פון דיעזער שטאָדט איז איהר פּארק, וואו עס וואקסען אלע זעלטענע בוימער און אלע זעלטענע בלומען פון גאנץ אפריקא. עס איז אייגענטליך גאָר קיין פּארק ניט, נאָר א זעלטענער באָטאנישער גאָרטען, וואו פראנצויזישע געלערנטע האָבען אָנגעזאמעלט דאָס בעסטע, דאָס שעהנסטע און דאָס זעלטענסטע אין אפריקא.

אויסער דעם גאָרטען געפינט זיך אין שטאָדט א ציטאדעלע, א קליינע פעסטונג, וואו עס האלטען זיך אויף דיא פראנצויזישע סאָלדאטען.

לאנג בלייבען אין דאָקאר איז זעהר געפעהרליך פאר אן אייראָפּעער, ווייל אין דאָקאר קומט פאָר זעהר אָפט דאָס געלע פיעבער, דיעזע געפעהרליכע קראנקהייט, וועלכע פערניכטעט א מענשען אין איייניגע שטונדען, און געגען וועלכער דיא וויסענשאפט האָט נאָך ביז אהער קיין מיטעל ניט אויסגעפונען. נור דיא עכטע אפריקאנישע נעגער קענען אויסהאלטען דעם מערדערישען קלימאט פון דאָקאר.

און דאָך איז דאָקאר א זעהר וויכטיגער האנדעלס פונקט אין אפריקא.

אלע נעגער פון טויזענדער מיילען ארום ברייננגען נאָך דאָקאר פּאלם אויל, עלפענבביין, גומי (ראָבער), אינדיגאָ, בוימוואָל און פיעלע אנדערע פּראָדוקטען. עס געפינען זיך אין דאָקאר שטענדיג אייניגע טויזענד נעגער פון דיא נעגענדען ארום, און ווען איינער וויל זיך בעקענען מיט פערשיעדענע נעגער פון וועסט אפריקא, קען ער האָבען דיא בעסטע געלעגענהייט דערצו אין דאָקאר.

קוים זיינען אונזערע רייזענדע אָנגעקומען אין דאָקאר, זיינען דאָראן און זאמבוקאָ געגאנגען צו דעם אגענט פון דער פראנצויזישער שיפס קאָמפּאניע און האָבען איהם געפרעגט:

— קען מען ניט קריעגען א שיף פון דאנען נאָך לאָאנגאָ?

—יעצט ניט, איז געווען דיא אנטוואָרט, עס געהן שיפען נאָך לאָאנגאָ העכסטענס איין מאָל אין מאָנאט, זיי זיינען אָבער אזוי אונרעגעלמעסיג און אזוי ניט זיכער, אז עס איז אונמעגליך צו זאָגען פאר געוויס, ווען אזא שיף וועט אָנקומען.

— ערוואָרטעט איהר וועניגסטענס אזא שיף?

— איך ערוואַרטע אַ פּאָרטוגעזישען דאַמפּפער ניט פריהער פון אכט טאָג פון היינט, איז געווען דיא אַנטוואָרט.

— געהן ניט שיפען פון דאָקאר אין אַן אַנדער פּאָרט שטאָדט, נעהענטער צו לאָאַנגאָ?

— עס געהט אַ שיף איין מאָל אין וואָך פון דאַנען נאָך פריטאַון, דיא הויפּט שטאָדט פון דעם לאַנד סיעררא לעאָנע, וועלכעס געהערט צו ענגלאַנד, אָבער פון דאָרט נאָך לאָאַנגאָ איז נאָך אַ ווייטער וועג און פון סיעררא לעאָנע נאָך לאָאַנגאָ איז פיעל שווערער צו בעקומען אַ שיף, וויא פון דאָקאר נאָך לאָאַנגאָ.

— אליזאַ, וואָס פאַר אַ ראַטה גיט איהר מיר? האָט זשאַק דאָראַן אויס־גערופען, איך מוז זיין אין לאָאַנגאָ וויא אם שנעלסטען.

— איך קען אייך גאָר ניט העלפען, האָט דער אַגענט געענטפערט, איהר מוזט בלייבען אין דאָקאר ביז עס וועט אָנקומען דיא שיף, וואָס געהט נאָך לאָאַנגאָ.

זשאַק דאָראַן האָט פערביסען מיט דיא ליפען און איז אוועקגעגאַנגען פון דעם אַגענט בייז און אונצופריעדען. ער האָט זיך געביסען דיא ליפען, וויא אַ לייב בייסט דיא אייזערנע שטאַנגען פון זיין שטייג. ער וויל זיי צובייסען, ער וויל זיי צוברעכען, זיי זיינען אָבער שטאַרקער פון איהם.

בלייבען אַ גאַנצע וואָך אין דאָקאר איז געווען דאָס שרעקליכסטע, וואָס האָט געקענט פּאַסירען. ביידע שוואָגערס, זשאַק דאָראַן און זאַמבוקאָ האָבען זאָגאַר ניט געוואָלט זעהן און בעטראַכטען דיא שטאָדט. צו וואָס טויג עס זיי? צו וואָס דארפען זיי עס? זיי דארפען דיא מיליאָנען פון קיאַמיל פּאַשאַ, אָבער ניט זעהן און בעטראַכטען דיא שטאָדט דאָקאר.

טרעגאָמעין און פראַנסואַ דאַגעגען זיינען געווען צופריעדען, וואָס זיי קענען זיך אביסעל אָברוהען, וואָס מען טרייבט זיי ניט ווייטער צו פאָהרען. זיי האָבען זיך אויסגערוהט אין האָטעל און זיינען דאַן ארומגעגאַנגען בע־טראַכטען דיא שטאָדט.

דיא זון האָט געברענט וויא פייער, טרעגאָמעין האָט געמוזט אָנטהאָן זיין טאַשענטוך אונטער זיין הוט אום זיך צו שיצען פון דער ברענענדער זון. זיי זיינען צוגעגאַנגען צום ברעג, ווייל זיי האָבען גערעכענט, אַז ביים מעער דאַרף עס זיין אביסעל קיהלער.

— אַך, וויא היים! האָט טרעגאָמעין אויסגערופען, איך וואָלט ניט גע־קענט לעבען אין דיעזע הייסע געגענדען.

— דאָס איז ניט היים, האָט פראַנסואַ געענטפערט. מיר וועלען ערשט האָבען היץ, ווען מיר וועלען קומען אויף דעם עקוואַטאָר. ערשט אין לאָאַנגאָ וועט איהר וויסען, וואָס עס הייסט היים.

— דאן וועל איך אין גאנצען צושמאָלצען ווערען, האָט דער עקס־קאפּיטאן פון א בארקע געזאָגט.

— איהר האָט ניט ווילענדיג געזאָגט א ווארהייט, האָט פראנסוא בעמערקט, אין דיא הייסע לענדער געפינט מען זעלטען א פעטען מענשען, אלע זיינען מאָגער, וויל דיא היץ צושמעלצט זייער שמאַלץ.

— דאן זיינען מיר וועניגסטענס זיכער, אז דיאווילדע נעגער וועלען אונז ניט אויפפרעסען . . . זיינען נאָך דאָ מענשען פרעסער אין דיא געגענדען ארום גווינעא ?

— ביי דיא ברעגעס פון מעער געווים ניט, האָט פראנסוא געענטפערט, ווייטער אין לאנד און אויף פיעלע אינזלען זיינען נאָך דאָ פיעלע נעגער פעלקער, וועלכע עסען מענשען־פלייש.

— פאר וואָס עסען זיי מענשען־פלייש ? האָט דער גוטער טרעגאָמעין געפרעגט.

— וויל זיי זיינען גרויסע פילאנטראָפּען, האָט געענטפערט פראנסוא.

דער איינפאכער מאטראָז פון א פראנצויזישער בארקע האָט אויסגעגלאָצט א פּאָר אויגען. ער האָט ניט פערשטאנען דעם וויץ. פראנסוא האָט געמוזט עס איהם ערקלעהרען :

— פילאנטראָפּ הייסט איינער, וועלכער האָט ליעב מענשען. דיא מענשען־פרעסער פון אפריקא עסען ניט מענשען, וויל עס פעהלט זיי אוים שפּייז, נאָר וויל זיי ליעבען מענשען־פלייש, וויל מענשען־פלייש איז ביי זיי דיא בעסטע דעליקאטעסע.

— עסען זיי אויך דאָס פלייש פון וויסע מענשען ?

— דאָס פלייש פון וויסע מענשען איז ביי זיי פיעל ליעבער, וויא דאָס פלייש פון א שווארצען.

— און אין אזעלכע געגענדען האָט דער וואהנזיניגער קיאמיל פאשא בעהאלטען זיינע מיליאָנען !

דערמיט האָט מען פערבראכט דיא צייט אין דאקאר, אָבער טרעגאָמעין און פראנסוא פלעגען וועניגסטענס ארומגעהן אין שטאָדט, זעהן און בעטראכטען אלעס, וואָס איז ווערטה צו זעהן און צו בעטראכטען.

לאנגווייליגער און טרויעריגער האָבען פערבראכט דיא צייט זשאק דאָראן און זיין ליעבער שוואָגער. זיי פלעגען זיך זעלטען ווייזען אויף דער גאס, נור אבענדס, ווען עס פלעגט ווערען עפּעס קיהלער, פלעגען זיי ארויסגעהן צום דאק זעהן, אויב עס איז ניט אָנגעקומען א שיף.

דאמאָלס איז ווערטה געווען צו בעטראכטען דיעזע צוויי מענשען. איינער פון זיי האָט געלעבט שטיל, רוהיג און גליקליך אין א קליין שטעדטעל אין פראנקרייך. ער איז געווען ניט רייך, אָבער ער האָט פערמאָגט אזוי פיעל געלד,

אז עס וואָלט געגוג געווען אויף זיין גאַנצען לעבען. אָבער דיא אויסזיכט, דיא האָפנונג צו בעקומען מיליאָנען האָט איהם פערפיהרט אזוי וויט, אין אזא היי־סע געגענד, וואו אן אייראָפּעער קען קוים אויסהאַלטען דיא היץ. ער האָט זיך ניט בעקלאָגט, האָט ניט ארויסגעוויזען זיין אונצופרידענהייט, נאָר האָט רוהיג און געדולדיג געוואַרט אויף א שיף, וועלכע זאָל איהם פיהרען אין נאָך א הייסערע, נאָך א ווילדערע געגענד.

דער צווייטער איז געווען א רייכער מאַן, וועלכער האָט ניט געהאט קיין פרוי און קיין קינד און האָט אַלזאָ גאָר ניט געדאַרפט דאָס געלד, און דאָך איז ער גע־פאָהרען זוכען נאָך מעהר געלד. צו וואָס? וואָס דאַרף אזא רייכער מאַן וויא זאַמבוקאָ נאָך דיא מיליאָנען פון קיאַמיל פאשא?

געלערענטע מענשען ווילען ערקלערען, אז דיעזער זאָנדערבארער דורשט נאָך געלד, דיעזעס שטרעבען, דיעזעס ווינשען און פערלאַנגען נאָך געלד, נאָך רייכטהום, דיעזעס ברענען נאָך פערמעגען איז דיא הויפּט שפּרינג־פעדער, דיא געהיימע קראַפט, וועלכע האָט בעשאַפען אונזער ציוויליזאַציאָן. מענשען, וועלכע דאַרפען גאָר ניט און פערלאַנגען גאָר ניט, טראַכטען ניט, קלערען ניט, אונטערנעהמען ניט, ריזיקירען ניט און דאַרום בלייבען זיי ווילד און אונווי־סענד.

דאָס איז פיליייכט אמת: דיא נויטה איז דער בעסטער לעהרער, אָבער נור דיא נויטה, ניט דער וואַהנזין פון געלד.

זעהר אָפט פלעגען ביידע שוואָגערס האַלטען פאָלגענדען געשפּרעך:

— וואָס וועלען מיר טהאָן, ווען מיר וועלען שוין קומען נאָך לאַאנגאָ?

— מיר וועלען דאַן זוכען א שיף נאָך דער בוכטע פון מאַיומבאַ.

— און ווען מיר וועלען קיין שיף ניט געפינען?

— דאַן וועלען מיר געהן צו־פוס נאָך מאַיומבאַ.

אז בן אָמאר און סואד פאשא פלעגען אויך אָפט זיך דורכרעדען און זיך בעקלעהרען, וואָס זיי טהון און צו וואָס זיי פאָהרען מיט דיא פראַנצויזען, איז זעלבסטפערשטענדליך. סואד פאשא האָט אַליץ געטראַכט, וואו מען נעהמט ערגעץ עטליכע גוטע רויבער, וועלכע זאָלען צונעהמען דיא מיליאָנען, ווען מען וועט זיי געפינען, און זאָלען זיי איהם אוועקגעבען.

אויף דיעזער ארט האָבען זיך אונזערע רייזענדע צוטהיילט אויף דריי אָבטהיילונגען אָדער דריי גרופּען: דיא צוויי שוואָגערס, דיא צוויי עגיפּטיאַנער און דיא צוויי איינפאַכע פראַנצויזען, וועלכע האָבען ווענינסטענס געוואָלט זעהן און זיך בעקענען מיט דיא לענדער, וועלכע זיי מוזען בעזוכען געגען זייער ווילען.

ענדליך איז אָנגעקומען דיא פּאָרטוגעזישע שיף, דער דאַמפּפער "סענ־

טרא", וועלכע איז געגאנגען נאך לאַנגא און סאן פּאָול דע לאַנדאַ, דיא הויפּט שטאָדט פון דער פּאָרטוגעזישער קאָלאָניע אין וועסט אפריקא.

דיא "סענטרא" איז געוועזן א קליינער דאמפּפער, וועלכער פלעגט געהן לאנגזאם. פון ריינליכקייט און בעקוועמליכקייט אויף איהם האָט גאָר קיין רעדע ניט געקענט זיין. אלע פּאָרטוגעזישע שיפען זיינען שמוציג און פערנאכלעסיגט, בעזאָנדערס אָבער שיפען, וועלכע געהן ביי די ברעגעס פון וועסט אפריקא. זיי פיהרען מייסטענס נעגער און פאר נעגער דארף מען ניט קיין בעזאָנדערע ריינליכקייט.

קוים איז דיא "סענטרא" אָנגעקומען האָט זשאק דאַראן גענומען קאיוטען פאר זיינע בעגלייטער. סואד פאשא האָט זיך בעזאָרגט מיט א קאיוטע פאר זיך און בן אָמאר'ען.

דיא "סענטרא" איז געשטאנען אין דאָקאר נור פיער און צוואנציג שטונדען. אין דיעזער קורצער צייט האָט זיא אויסגעלאָדען און אָנגעלאָדען איהרע וואארען. קיין טהייערע ארטיקלען פלעגט זיא ניט פיהרען און דארום פלעגט זיא זיך שנעל אויסלאָדען און אָנלאָדען.

דעם דריטען טאָג גאנץ פריה איז דיא "סענטרא" ארויסגעפאָהרען פון דאָקאר. אזוי וויא זיא איז געפאָהרען גאנץ נאָהענט צום ברעג, האָט זאָגאר דער אונגליקליכער בן אָמאר ניט שטארק געליטען פון דער זעע־קראנקהייט.

פון דעם דעק פון דער "סענטרא" האָט מען געקענט זעהן גאנץ דייטליך דיא בערג און דיא וועלדער פון יענע געגענדען, וועלכע מען איז פארבייגעפאָהרען.

דאָס וועטער איז געוועזן שעהן און עס וואָלט געוועזן רעכט אנגענעהם, ווען עס זאָל ניט געוועזן זיין אזוי היים. אין דיא קאיוטען איז געוועזן אונמעגליך צו בלייבען און דארום פלעגען אונזערע רייזענדע פערברענגען זייער צייט אויף'ן דעק. ליידער, האָבען אלע מאטראָזען, פאסאזשירען און דער שיפסקאפּיטאן גערעדט נור פּאָרטוגעזיש, א שפּראך, וועלכע ניט פראנסוא און ניט זאמבוקאָ האָבען פערשטאנען.

זשאק דאַראן האָט געהייסען פראנסוא, ער זאָל פּראָבירען רעדען מיט דעם שיפסקאפּיטאן פון דער "סענטרא" אויף ענגליש אָדער דורך צייכענס און זאָל איהם בעטען, פיללייכט וועט ער זיי ברייגגען אין דער בוכטע פון מאַיומבא, מען וועט איהם דערפאר גוט בעצאָהלען.

פראנסוא האָט גענומען זיין מעער־קארטע און איז געגאנגען צום שיפסקאפּיטאן. ער האָט איהם געוויזען דיא בוכטע פון מאיומבא און האָט איהם ערקלערט אויף אלע שפּראכען, וועלכע ער האָט געקענט, בעזאָנדערס אָבער אויף דער שפּראך פון צייכענס, אז ווען ער וועט זיי ברייגגען אין דער בוכטע פון מאיומבא, וועט ער איהם גוט בעצאָהלען.

דער שיפסקאפּיטאַן האָט אָבער דערפון ניט געוואָלט וויסען. ער איז גע־פאָהרען נאָך לאָאַנגאָ און האָט ניט געוואָלט אָבווייכען פון זיין וועג. זשאַק דאַראַן האָט זיך געבייזערט און האָט געשאָלטען און געזידעלט דעם שיפס־קאַפּיטאַן אויף פראַנצויזיש. דאָס האָט איהם אָבער זעהר ווייניג געהאָלפען.

דעם 5טען יולי זיינען זיי אָנגעקומען אין לאָאַנגאָ, וואו דיא שיף איז געשטאַנען נור איינינע שטונדען, דאַן איז זיא ווייטער געפאָהרען נאָך סאַן פּאָול דע לעאָנדאָ.

24טעם קאַפּיטעל.

## סואַד פּאַשאַ געפינט וואָס ער דאַרף

דאָס לאַנד לאָאַנגאָ געהערט זייט 1885 צו פראַנקרייך. דאַמאָלס, אין 1862 האָט עס געהערט צו אַן אַפריקאַנישען קעניג. אַזוי וויא עס איז אַ זעהר וויכטיג האַנדעלס לאַנד, פלעגען זיך דאָרט געפינען קאָנסולען און קויפלייטע פון פראַנקרייך, ענגלאַנד, האָלאַנד, דייטשלאַנד, שפּאַניען און פּאָרטוגאַל.

דאָס לאַנד איז אַזוי רייך, אַז עס וואַקסען דריי מאָל אין יאָהר רייז, מאַיס, טאַבאַק, צוקער־ראָהר און פיעלע אַנדערע פריכטע.

דיא שטאָדט לאָאַנגאָ אַליין, דיא הויפּט שטאָדט פון דעם קעניגרייך, גע־פינט זיך אין אַ וואַלד פון פּאַלמען, פייגענבוימער, גראַנאַט בוימער (מילגרוי־מען), באַנאַנעס, לימענע און אָראַנדזש בוימער, וויינגערטנער, פיין־עפּעל (אַנאַ־נאַס) גערטנער און אַלערליי ניס־בוימער. עס איז אייגענטליך גאָר קיין שטאָדט ניט, נאָר אַ ווילדער וואַלד פון אַלערליי זעלטענע פרוכט בוימער, צווישען וועלכע עס געפינען זיך צואוואָרפען, צוזעעט און צושפּרייט דיא וואָהנונגען פון דיא נעגער און פון איינינע אייראָפּעער.

דיא נעגער זיינען שוואַרץ, אָבער דאָך ניט אַזוי שוואַרץ, וויא דיא נע־גער ווייטער אין לאַנד. מיט זייער קערפּער־בוי, וויא מיט זייערע געזיכטסציגע, זיינען זיי מעהר עהנליך צו אַראַבער אָדער צו דיא שוואַרצע אידען פון אינדיען, וויא צו עכטע נעגער. זיי האָבען ניט דיא גראָבע ליפּען און דיא הויכע, אַרויסגעשטעקטע באַקען־ביינער, וויא דיא נעגער, זייער געזיכט איז שעהן און קיילעכדיג. עס איז זאָגאַר דאָ אַ מיינונג, אַז דיעזעס פּאָלק שטאַמט אָב פון דיא עשרת השבטים. בעוויזען איז עס ניט, מען דענקט נור אַזוי, ווייל מען האָט בעמערקט ביי דיעזען פּאָלק פיעלע זיטען, וועלכע זיינען עהנליך צו דיא אַלטע אידישע זיטען.

דער קעניג מעג טהאָן אין זיין לאַנד, וואָס ער וויל נור, אָבער זייט אייראָפּעאישע קאָנסולען האָבען זיך בעזעצט אין לאָאַנגאָ האָט מען איהם געגעבען צו פערשטעהן, אַז ער קען נור הערשען איבער זיינע אונטערטהאַנען,

איבער דיא אייראָפּעער אָבער האָט ער ניט צו בעפעהלען. א פּאָר ענגלישע און פראנצויזישע קריעגס־שיפען האָבען איהם געוויזען, אז פאר דיא קאנאָנען פון דיא אייראָפּעער מוז זאָגאר א נעגער קעניג האָבען רעספּעקט.

אמאָל, אין דיא פריהערע צייטען, איז לאָאנגאָ געווען א זעהר וויכטיגער שקלאפען מארק אין דער בוכטע פון גווינעא. פון לאָאנגאָ פלעגט מען ארויס־פיהרען הונדערטער טויזענדער נעגער שקלאפען נאָך נאָרד און זיד אמעריקא און דער קעניג פון לאָאנגאָ פלעגט זיין דער גרעסטער שקלאפען־הענדלער אין וועסט אפריקא. זייט דיא אייראָפּעאישע מעכטע האָבען פערבאָטען דעם שקלא־פען־האנדעל, האָט דער קעניג פערלאָרען זעהר פיעל פון זיינע איינקינפטע, אָבער ער, זיינע פּרינצען און זיינע מיניסטאָרען האלטען נאָך זעהר פיעל שקלאפען.

דיא הייזער אין לאָאנגאָ זיינען געבויט פון צווייגען פון בוימער און געדעקט מיט בלעטער פון פייגען־בוימער און פון דעם באָאבאב אָדער ברויט־בוים. זאָגאר דיא אייראָפּעער בויען זיך הייזער פון גאנץ דינע קלעצער און דעקען זיי צו מיט בלעטער פון בוימער און פון גרויסע גראָזען, וועלכע געפינען זיך נור אין יענע געגענדען.

דער באָאבאב איז איינער פון דיא מערקווירדיגסטע בוימער אין דער וועלט. מיר האָבען שוין געהאט א געלעגענהייט איהם צו בעשרייבען, ווען אונזערע רייזענדע זיינען געפאָהרען נאָך סאהאר. דאָרט אָבער זיינען דיעזע בוימער א זעלטענהייט, אין לאָאנגאָ וואקסען זיי איבעראל און דיא איינוואָה־נער בויען זיך זייערע הייזער אונטער דיעזע בוימער.

ווען דיא פראנצויזען זיינען אראָבגעגאנגען פון דער "סענטרא", האָבען זיי זיך געפונען אין א זעהר אונאנגענעהמער לאגע. אין לאָאנגאָ זיינען דא־מאָלס קיין האָטעלען ניט געווען. מען האָט ניט געהאט וואו צו פערפאָהרען און וואו אָבצושטייגען. אויף׳ן דאק האָבען זיך אפילו געפונען עטליכע אייראָ־פּעער, אָבער נור פּאָרטוגעזען.

אין יענער צייט פלעגט יעדער אייראָפּעאישער קאָנסול צוקומען צום דאק נור דאן, ווען א שיף פון זיין לאנד און פון זיין פאָלק פלעגט אָנקומען. ווען א פראנצויזישע שיף פלעגט אָנקומען, פלעגט דער פראנצויזישער קאָנסול און א פּאָר פראנצויזישע קויפלייטע צוקומען צום דאק אָבנעהמען דיא פּאָסט און דיא פראנצויזישע וואארע, וועלכע דיא שיף האָט מיטגעבראכט. פלעגט אָנקומען אן ענגלישע שיף, פלעגט דער ענגלישער קאָנסול און א פּאָר ענגלי־שע קויפלייטע קומען צום דאק נאָך בריעף און ענגלישע וואארע.

אזוי וויא דיא "סענטרא" איז געווען א פּאָרטוגעזישע שיף און אזוי וויא אין לאָאנגאָ געפינען זיך מעהר פּאָרטוגעזען, וויא אלע אנדערע אייראָפּעער, האָבען זיך געפונען אויף׳ן דאק, ווען דיא "סענטרא" איז אָנגעקומען, נור פּאָר־טוגעזען.

מען קען זיך אַלזאָ לייכט פאָרשטעלען אין וואָס פאר אן אונאנגענעהמער לאגע עס האָבען זיך געפונען אונזערע פראנצויזען, ווען זיי זיינען אראָבגעקומען פון שיף און האָבען בעגעגענט נור נעגער און פּאָרטוגעזען, מיט וועמען זיי האָבען זיך ניט געקענט צונויפריידען.

איינינע מינוטען זיינען זיי געשטאנען, האָבען זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען, האָבען פּראָבירט רעדען צו דיא מענשען ארום זיי, ווייזען, מאכען צייכענס, אז זיי דארפען א האָטעל — אומזיסט! קיינער האָט זיי ניט פער־שטאנען.

גאָר פּלוצלינג איז א קרעפּטיגער פּאָרטוגעזער מיט א ווילדען געזיכט צו־געקומען צו סואד פּאשא און האָט אָנגעהויבען צו רעדען מיט איהם אראביש. אָנפאנגס איז סואד פּאשא אָדער נאזים געוועזן זעהר פערוואונדערט און ער־שטוינט, וואָס מען האָט איהם דאָ דערקענט, באלד אָבער האָט דער פּאָרטוגע־זער איהם דערמאָנט, אז ער קען איהם פון עגיפּטען.

באראָסא — אזוי האָט געהייסען דער פּאָרטוגעזער — פלעגט אמאָל קו־מען אָפט נאָך עגיפּטען. ער האָט געדיענט אלס צווייטער אָפיציער אויף א פּאָרטוגעזישער שיף, וועלכע פלעגט ברייננען נאָך עגיפּטען שפּאנישע און פּאָרטוגעזישע ווייגען. סואד פּאשא׳ס פאָטער פלעגט אָפט קויפען ביי איהם וויינען און אויף דיעזער ארט האָבען זיי זיך בעקענט. באראָסא פלעגט אָבער דערביי אויך אביסעל שמוגלען, ארייג׳גנב׳ענען אין אלעקסאנדריע אייראָפּע־אישע וואארען אָהן צאָל. סואד פּאשא האָט דערפון געוואוסט און פלעגט מאַ־כען געשעפטען מיט דעם שמוגלער. שפּעטער האָט מען איהם געכאפּט און דיא עגיפּטישע רעגיערונג וואָלט איהם געווים שטרענג בעשטראָפט, אָבער סואד פּאשא האָט איהם געגעבען מיטעל און געלעגענהייט צו אנטלויפען.

— דאָס ערשטע, וואָס דוא קענסט טהאָן פאר אונז, איז: דוא זאָלסט אונז פערשאפען א האָטעל אָדער א גאסט־הויז, וואו מיר אלע זאָלען קענען בליי־בען עטליכע טעג, אָבער אין דיעזען גאסט־הויז זאָל מען ניט רעדען פראנצויזיש.

— דאָס איז גאנץ לייכט, מען קען אָבנעהמען אָדער זאָגאר אָבקויפען א גאנץ הויז, ווייל הייזער זיינען דאָ ביליג. איך קען אייך אָבער רעקאָמענדירען מיינעם א פריינד, א פּאָרטוגעזער, וועלכער האָט א גאנץ גוט הויז און וועלכער וועט אייך אויך פערזאָרגען מיט אלעס, וואָס איהר וועט דארפען, ווען מען וועט איהם גוט בעצאָהלען.

— אלזאָ, פיהר אונז צו דיין פריינד. ווען דיא דריי פראנצויזען, וועלכע פאָהרען מיט מיר, וועלען זיין פערזאָרגט, וועל איך ערשט מיט דיר רעדען, איך האָב מיט דיר נאָך א געשעפט צו מאכען.

— איך בין שטענדיג בערייט צו מאכען געשעפטען.

אזוי וויא סואד פּאשא האָט זיך ביז אהער געמאכט, אז ער פערשטעהט

ניט קיין פראנצויזיש, האָט ער געהייסען בן אָמאר׳ען, ער זאָל איבערגעבען זשאק דאַראן און זיינע בעגלייטער, אז ער האָט פאר זיי א גאסט־הויז.

דיא היץ איז געוואָרען שרעקליך, אונערטרעגליך. זשאק דאַראן און זיינע בעגלייטער זיינען געוועזן העכסט צופרידען, וואָס זיי האָבען דערווייל א דאך אונטער וועלכען זיך צו שיצען פון דער ברענענדער זון.

— ווען עס וועט ווערען אביסעל קיהלער, וועל איך געהן אויסזוכען דעם פראנצויזישען קאָנסול, האָט זשאק דאַראן געזאָגט צו זאמבוקאָ.

באראָסא האָט זיי אוועקגעפיהרט צו זיין פריינד און האָט איהם אָנגע־זאָגט, ער זאָל זיי בעהאנדלען זעהר פריינדליך. בעזונדערע צימערען, וויא אין א האָטעל, האָט ער זיי ניט געקענט געבען, דאָס איז ניט אין דער מאָדע אין לאָאנגאָ, אָבער ער האָט אָבגעגעבען א גאנצע שטוב פאר זשאק דאַראן מיט זיינע בעגלייטער און פאר בן אָמאר׳ען מיט זיין שרייבער האָט ער געפונען א קאמער.

קוים האָבען זיך דיא פראנצויזען געפונען אין זייער שטוב און מען האָט זיי אויפגענומען מיט דיא בעסטע אָראנזשען, אנאנאסען און אנדערע זעלטענע פרוכטען, האָט סואד פאשא געגעבען א וואונק זיין אלטען בעקאנטען באראָסא, אז ער האָט מיט איהם עפּעס צו רעדען, ער זאָלווארטען אויף איהם אונטער א בוים ניט ווייט פון דעם גאסט־הויז.

אייניגע מינוטען שפּעטער זיינען געשטאנען אונטער דעם געדיכטען שאָ־טען פון א גרויסען באָאבאב־בוים באראָסאָ און סואד פאשא און האָבען גע־רעדט גאנץ ערנסט.

— וואָס מאכסט דוא דאָ? האָט סואד פאשא געפרעגט זיין אלטען בע־קאנטען.

— איך האָב א קליינע שיף, אויף וועלכער איך פיהר אלערליי וואארע פון איין פּאָרט אין דעם אנדערען, האָט באראָסא געענטפערט.

— און דוא מאכסט גוטע געשעפטען?

— וויא א מאָל.

— ווילסט דוא מאכען א גוט געשעפט?

— געוויס! איהר קענט מיך גאנץ גוט, גנעדיגער הערר, און איהר ווייסט, אז איך בין צו יעדער צייט גרייט צו מאכען א גוט געשעפט.

— דוא ביסט נאָך אלץ דאָס, וואָס דוא ביזט געוועזן?

— איך האָב מיך ווייניג געענדערט, האָט דער פּאָרטוגעזער געענטפערט.

— און ביסט דוא גרייט אָנצופאלען אויף פיער מענשען און זיי אוועק־שיקען אהין, פון וואנען מען קומט שוין ניט צוריק?

— ערקלעהרט אייך דייטליכער, גנעדיגער הערר, האָט דער פּאָרטוגעזער געבעטען.

— דוא האָסט געזעהן, מיט וועמען איך בין געקומען אהער, האָט סואד פּאַשא געזאָגט. דאָס זיינען דריי פראנצויזען און א באנקיר פון טונים. דער פינפטער איז אן עגיפּטיאנער, וועלכער פאָהרט מיט מיר גיין עס הייסט, אז איך בין זיין שרייבער. דיעזע דריי פראנצויזען זוכען אן אוצר, וועלכער ליעגט בעגראָבען ערגעץ אויף אן אינזעל.

— וואו געפינט זיך דיעזער אינזעל?

— אין דער בוכטע פון מאיומבא.

— דיעזע געגענד איז מיר גוט בעקאנט. עס געפינען זיך אין יענער בוכטע פיעלע קליינע אינזלען.

— דיא פראנצויזען ווילען דינגען א שיף, א בארקע אָדער א באָאט נאָך מאיומבא. ווען זיי וועלען עס ניט קריעגען אין לאָאנגא, דענקען זיי צו געהן צופוס ביז מאיומבא און דאָרט דינגען אָדער קויפען א באָאט צו פאָהרען אויף זייער אינזעל. איך פערלאנג אלזאָ פון דיר, אז ווען זיי וועלען צוריקגעהן מיט זייער אוצר, זאָלסט דוא אָנפאלען אויף זיי און זאָלסט זעהן לויז צו ווערען פון זיי. צוערשט מוזט דוא לויז ווערען פון דיא פראנצויזען, וועט עס אָבער נויטהיג זיין, קענסט דוא אויך מיין עגיפּטיאנער בן אָמאר'ען אוועקשיקען צום טייפעל.

באראָסא האָט איינגעשטימט.

— קענסט דוא עס אָבער אליין אָבטהאָן? האָט סואד פּאשא געפרעגט.

— איך קען שוין געפינען א דוצען שטארקע קערלען, וועלכע וועלען טהאָן, וואָס איך וועל זיי הייסען, ווען איך וועל זיי נור גוט בעצאָהלען.

— דאן קענען מיר דיא גאנצע אנגעלעגענהייט אָבמאכען אין צוויי ווערטער.

— איך האָב א בעסערען פּלאן, האָט באראָסא געזאָגט.

— וואָס איז דיין פּלאן?

— איך האָב אייך שוין געזאָגט, אז איך האָב אן אייגענע שיף, א קליינע שיף, אויף וועלכער איך טראנספּאָרטיר וואארע פון איין פּאָרט אין דעם אנדערען. אמאָל פלעג איך ארומפאָהרען מיט מיין שיף און פלעג אויפקויפען שקלאפען ביי אלערליי קליינע קעניגע אין דער געגענד ארום. דאָס איז געווען א פרעהליכע צייט, ווען איך האָב פערדיענט פיעל געלד. עס פלעגען קומען פיעלע אמעריקאנער שיפען, וועלכע פלעגען ביי מיר אָבקויפען מיין לעבעדיגע וואארע. דיעזע צייט איז אָבער פאָראיבער זייט ענגלאנד האָט פערבאָטען דעם שקלאפען-האנדעל.

— דאָס דארף איך ניט וויסען, האָט איהם סואד פּאשא אונטערבראָכען. זאָג מיר דיין פּלאן.

— וויא וואָלט געווען, ווען אייערע פראנצויזען זאָלען אָבדינגען מיין שיף און איך זאָל זיי פיהרען אויף זייער אינזעל? זיי וועלען דאָרט אויסגראָבען

זייער אוצר, וועלען איהם אויפלאַדען אויף מיין שיף, און ווען מיר וועלען פּאָהרען צוריק נאָך לאַאנגאַ, וועל איך זעהן לויז צו ווערען פון זיי.

— דאָס איז א גוטער איינפאל! וויא פיעל מענשען האָסט דוא אויף דיין שיף?

— צוועלף.

— און קענסט דוא זיך אויף זיי פערלאָזען?

— וויא אויף זיך אליין. פאר געלד וועלען זיי דערוווערגען זייער אייגענע מוטער.

— וואוהין ווילסט דוא יעצט פּאָהרען?

— נאָך באראקא, א קליינע שטאָדט ניט ווייט פון מאיומבא.

— וועלכע וואארע פיהרסט דוא יעצט נאָך באראקא?

— דריי הונדערט זעק ניס און זעקס עלעפאנטען.

— עלעפאנטען? איז דאָס אויך א סאָרט וואארע?

— א האָלענדער קויפמאן האָט זיי געקויפט ביי דעם קעניג פון לאַאנגאַ און ער שיקט זיי נאָך באראקא, וואו עס דארף אָנקומען א גרויסער האָלענדישער דאמפּפער.

— דוא רעדסט ניט קיין פראנצויזיש?

— ניט א וואָרט.

— אלזאָ, וועט מיין פריינד בן אָמאר זיין דער דאָלמעטשער צווישען דיר און דיא פראנצויזען, ווייל איך האָב געמוזט זיך מאכען, אז איך פערשטעה ניט קיין פראנצויזיש.

— דאָס געהט מיך ניט אָן.

— עס געהט דיך יא אָן, דוא דארפסט זיך מאכען, אז דוא קענסט מיך טאקע פון עגיפּטען, אָבער דוא האלטסט מיך פאר אזא אָרימען מענשען, אז עס שטעהט דיר גאָר ניט אָן צו מאכען מיט מיר א געשעפט.

דיא אלטע בעקאנטע האָבען אלעס אָבגערעדט און זיינען זיך צוגאנגען.

ווען דיא היץ האָט אביסעל נאָכגעלאָזען און זשאק דאָראן מיט זאמבוקאָ האָבען געוואָלט געהן זוכען דעם פראנצויזישען קאָנסול, איז בן אָמאר צוגעקומען צו זיי און האָט זיי דערצעהלט, אז דער פּאָרטוגעזער, מיט וועמען זיין שרייבער האָט זיך בעקענט, האָט אן אייגענע שיף, וועלכע וועט מיט א פּאָר טעג שפּעטער אָבפּאָהרען נאָך באראקא, א שטאָדט ניט ווייט פון מאיומבא און עס איז אויך זעהר מעגליך, אז ווען מען וועט איהם גוט בעצאָהלען, וועט ער פּאָהרען מיט זיי אויף זייער אינזעל.

זשאק דאָראן און זיין שוואָגער זאמבוקאָ האָבען זיך אָנגעכאפּט אָן דיעזען פּאָרשלאג מיטביידע הענד. אויף אזא גוטער געלעגענהייט צו דערגרייכען זייער ציעל האָבען זיי זיך גאָר ניט גערעכט. זיי האָבען איהם געבעטען,

ער זאָל זיי באלד צושיקען דעם אייגענטהימער פון דער שיף און אין א גאנץ קורצער צייט האָט מען זיך אויך באלד אויסגעגלייכט וועגען דעם פרייז און אלעם אָבגערעדט און אָבגעמאכט.

מען האָט אָבגערעדט, אז דער פּאָרטוגעזישער שיפסקאפּיטאן זאָל זיי ברייגנען אויף זיין שיף נאָך דער שטאָדט באראקא אין דער בוכטע פון מאיומבא, און דאָרט זאָל ער זיי געבען זיין בעסטעס און גרעסטעס באָאט, אויף וועלכען זיי זאָלען פאָהרען אויף זייער אינזעל. ווען זיי וועלען אָבמאכען זייער געשעפט אויף דעם אינזעל, וועלען זיי צוריקפאָהרען נאָך באראקא, וואו דיא שיף ״פאָר־טא אלעגראָ״ — אזוי האָט געהייסען דיא שיף — וועטווארטען אויף זיי. זיי וועלען זיך אויפזעצען אויף דער שיף און וועלען צוריקפאָהרען נאָך לאָאנגאָ. דאָרט וועלען זיי בלייבען, ביז עס וועט אָנקומען דער ערשטער בעסטער פראַנצוי־זישער דאמפּפער, וועלכער געהט נאָך מארסעיל.

דער פּלאן איז געווען אזוי איינפאך, אזוי ריכטיג און אזוי לייכט אויס־צופיהרען, אז זשאק דאָראן האָט געטאנצט פאר פרייד, ווען ער האָט איהם אויסגעהערט, און אויך דער רוהיגער, איבערלעגטער, דורכגעטריבענער זאמ־בוקאָ איז געווען פּאָלשטענדיג איינפערשטאנדען מיט דיעזען פּלאן און ער האָט זאָגאר געדאנקט בן אָמאר׳ם שרייבער פאר דיעזער געפעליגקייט. דאָס איז געווען זעהר פיעל פאר זאמבוקאָ, א מאן, וועלכער האָט קיינמאָל ניט געקענט פערשטעהן, פאר וואָס האָבען מענשען אויסגעטראכט אזעלכע ווערטער, וויא ״דאנק״ און ״דאנקבאר זיין״.

דיא שיף האָט נאָך געדארפט בלייבען אין לאָאנגאָ צוויי טעג. דאָס איז געווען אביסעל צו לאנג פאר דעם אונגעדולדיגען זשאק דאָראן, אָבער אזוי וויא ער האָט קיין בעסער מיטעל ניט געהאט צו קומען צו זיין אינזעל, האָט ער געמוזט זיין געדולדיג און ווארטען.

פראנסוא און טרעגאָמעין זיינען געווען העכסט צופריעדען, וואָס זיי האָ־בען געקענט פערברייננגען אין לאָאנגאָ נאָך צוויי טעג. אין דיעזער צייט האָבען זיי וועניגסטענס געקענט בעטראכטען דיא געגענד, וועלכע ווערט אזוי זעלטען בעזוכט פון אייראָפּעער.

דעם אנדערען טאָג גאנץ פריה, איידער עס איז נאָך שטארק הייס גע־וואָרען, זיינען פראנסוא און טרעגאָמעין ארויסגעגאנגען שפּאציערען און בע־טראכטען דיא שטאָדט. עס איז געווען וואָס צו זעהן. ווער עס איז קיין מאָל ניט געווען אין דעם גאנץ ווילדען אפריקא, דער קען זיך קוים מאכען א פאָר־שטעלונג, וויא רייך דיא נאטור איז דאָרט. ארום יעדען הויז געפינט זיך א גאָר־טען, ריכטיגער געזאָגט, א ווילדער וואלד, אין וועלכען עס געפינען זיך אלערליי אפען (מאלפּעס) און אלערליי פּאָפּוגאיען און אנדערע זאָנדערבארע פויגעל.

אזוי וויא דיא גרויסע הייזער מיט דיא גרויסע גערטנער ארום געהערען

נור צו פּרינצען און פירסטען, קען מען געפינען אין אזא גאָרטען ווילדע און געלערענטע זעבראס, קוואוגאס און אלערליי טהיערע פון אפריקא. יעדער גאָר־טען איז א וואהרע מענאזשעריע, א זאמלונג פון אלערליי טהיערע.

איין מאָל האָט פראנסוא געזאָגט צו זיין פריינד טרעגאָמעין:

— ווייסט איהר, פריינד, אז מיר געפעהלט ניט דיעזער שיפסקאפּיטאן און דער גאנצער פּלאן, וועלכען דיעזער שרייבער פון דעם עגיפּטיאנער האָט אויסגעטראכט? מיר געפעהלט ניט דאָס געזיכט פון דיעזען באראָסא.

— דוא האָסט רעכט, פראנסוא, וואָס קענען מיר זיך אָבער העלפען? דיא קאשע איז אָבגעקאָכט, מיר מוזען זיא אויפעסען.

— איך דענק, אז עס וואָלט בעסער געווען פאר אונז צו פערזאמלען א קאראוואנע און צו געהן צו־פוס נאָך דער בוכטע פון מאיומבא, האָט פראנ־סוא ווייטער געזאָגט.

— בעטראכט נור דיעזע נעגער, דיעזע האלב־נעגער, און דוא וועסט זיך באלד איבערצייגען, אז מען קען זיי פיעל וועניגער טרויען, וויא דיא פּאָרטור־געזען.

— איהר האָט רעכט, טרעגאָמעין, א האלב־ציוויליזירטער מענש איז פיעל ערגער און פיעל געפעהרליכער פון א גאנץ ווילדען. ווען א מענש ווערט נור אביסעל פּאָלירט, אביסעל אָבגעשליפען פון דער ציוויליזאציאָן, ווען ער איז ניט דורכגעדרונגען, דורכגעווייקט פון דיא העכסטע פּרינציפּען פון דער מאָראל פון דער ציוויליזאציאָן, איז ער נור א ווילד טהיער, וואָס האָט אזוי פיעל ערפאהרונג אום לייכטער אריינצוקריגען זיין רויב. ער ווייס וויא אזוי אריינ־צונארען זיין אָפּפער און פערשלינגט איהם אין דער מינוט, ווען יענער ער־ווארטעט עס גאָר ניט. דיא אינדיאנער פון אמעריקא זיינען געווען דיא בעסטע און דיא עדעלסטע מענשען, איידער זיי האָבען זיך בעקאנט מיט דער שפּאנישער ציוויליזאציאָן. דיא נעגער אין אפריקא און דיא מאלאיען פעלקער פון אזיען זיינען געווען גוטע מענשען איידער זיי האָבען זיך בעקאנט מיט דער אייראָפּעאישער ציוויליזאציאָן. דיעזע העכסט געלויבטע און געריהמטע אייראָפּעאישע ציוויליזאציאָן האָט פערקריפּעלט און פערדאָרבען מיליאָנען מענשען, וויא דיא ציוויליזאציאָן פון דעם אלטען רוים האָט פערדאָרבען און פערקריפּעלט דיא אלטע היידען. מיר געפינען זיך יעצט צווישען נעגער, וועלכע האָבען זיך אָבגע־לערנט פון דיא אייראָפּעער אלע זייערע שוואכע און שלעכטע זייטען פון דער זאָגענאנטער ציוויליזאציאָן. זיי זיינען גרייט צו בעגעהן דאָס גרעסטע פער־ברעכען אום צו בעפריעדיגען זייער קלענסטען קאפּריז.

דער אלטער טרעגאָמעין האָט געשאָקעלט טרויעריג מיט'ן קאָפּ. ער איז צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען געווען אין אזעלכע לענדער, וואו דיא ציווי־ליזאציאָן האָט נור אָבגעלעקט, אָבגעגלעט דיא מענשען. ער האָט צום ערשטען

מאָל אין זיין לעבען געזעהן האלב־ווילדע, ריכטיגער נאָך, האלב־ציוויליזירטע מענשען.

לאנג ארומשפאציערען האָבען זיי ניט געקענט. דיא היץ איז באלד געוואָרען אזוי גרויס, אז קיין אייראָפּעער וואָלט זיא ניט געקענט אריבערטראָגען. ווען זיי וואָלטען געהאט ביי זיך א טערמאָמעטער, וואָלטען זיי געזעהן, אז ער וועיזט הונדערט גראד היץ אין שאָטען פון א בוים.

אייראָפּעער ווערען בוכשטעבליך צושמאָלצען פון אזא היץ. ווען זשאק דאָדאן און זיינע בעגלייטער וואָלטען זיך אָבגעוואויגען, וואָלטען זיי זיך איבערציינגט, אז זינט זיי געפינען זיך אין לאָאנגאָ, האָט יעדער פון זיי פערלאָרען עטליכע פונט. דער דיקער טרעגאָמעין האָט פערלאָרען מעהר אלס צעהן פונט פון זיין געוויכט.

ענדליך איז דיא שיף פארטיג געוואָרען צו איהר רייזע. פראנסוא אלס געלערענטער שיפסקאפּיטאן איז געשטאנען דערביי, ווען מען האָט ארויפגעפיהרט דיא זעקס עלעפאנטען אויף דער שיף און מען האָט זיי אריינגעפיהרט אין א שטאהל אין דער פאָדערזייט פון דער שיף. ער האָט געפונען, אז דאָס איז ניט פראקטיש און וויסענשאפטליך ניט ריכטיג.

דיא "פּאָרטאָ אלעגראָ" איז געווען א ניט גרויסע זעגעל־שיף. זעקס עלעפאנטען קענען וועגען פון אכציג ביז הונדערט טאָן. ווען מען לעגט אריין אזא שווערע לאסט אין פראָנט, אין דער פאָדערזייט פון א שיף, מוז מען אין דער הינטערזייט אָנלאָדען נאָך א שווערערע לאסט, וויל, אויב ניט, קען דיא ערשטע בעסטע גרויסע וועללע איבערקעהרען דיא שיף.

אלס געלערענטער שיפסקאפּיטאן האָט פראנסוא גוט געוואוסט, אז דיא גרעסטע אונגליקען אויף שיפען קומען דערפון, וואָס דיא לאדונג, דיא אָנגעלאָדענע שווערע זאכען, רוקען זיך איבער פון דער מיט פון דער שיף אָן א זייט. דיא שיף בויגט זיך אָן אין דער זייט, וואו זיא איז שווערער, און זיא קעהרט זיך איבער.

אלס געלערענטער שיפסקאפּיטאן האָט פראנסוא געוואוסט, אז אויף דאמפּף־שיפען האלט מען דיא קויהלען פוןביידע זייטען פון דעם דאמפּפער און מען ניצט זיי אוים בייטאָג פון איין זייט און ביינאכט פון דער אנדערער זייט, אום צו האלטען דיא שיף אין גלייכגעוויכט. דער אינזשיניער פון דער שיף מוז אויפפּאסען, אז דיא שיף זאָל שטענדיג האָבען אזוי פיעל שווערע זאכען פון איין זייט, וויא פון דער אנדערער זייט, און דארום מוז ער וויסען פאָראויס, וויא פיעל מאָן לאסט דיא שיף וועט פיהרען, אום זיי גלייך צו פערטהיילען פון ביידע זייטען פון דער שיף.

וואָס פראנסוא האָט יעצט געזעהן, האָט איהם גאנץ דייטליך געוויזען, אז דער שיפסקאפּיטאן פון דער "פּאָרטאָ אלעגראָ" האָט גאר קיין אידעע ניט

פון דיא ערשטע רעגעלען, וויא אזוי אנצולאדען א שיף. ער האט עס געוואלט זאגען, אבער ווען זאל ער עס זאגען? דער שיפסקאפיטאן וועט איהם ניט פערשטעהן, און זיין אנקעל זשאק דאראן איז צו פיעל בעשעפטיגט מיט זיינע מיליאנען, אום צו דענקען דאריבער, וויא אזוי מען דארף אנלאדען א שיף.

ענדליך האט פראנסוא זיך איבערלעגט, אז אזוי וויא דאס וועטער איז געוועהנליך שעהן אין דיעזער צייט פון יאהר, דאס מעער איז געוועהנליך רוהיג און דיא שיף געהט דאך נור ביי דיא ברעגעס, איז עס זעהר וואהרשיינליך, אז עס וועט קיין אונגליק ניט פאסירען.

נעגען אכט אוהר אין דער פריה איז דיא "פארטא אלעגרא" ארויסגע־פאהרען פון לאאנגא. דאס וועטער איז געווען שעהן און אויף דעם וואסער איז עס געווען אביסעל קיהלער, וויא אויף דעם פעסטען לאנד.

אין יענער געגענד אין אפריקא זיינען ניטא קיין פיער יאהרעס־צייטען: פריהלינג, זומער, הערבסט און ווינטער, וויא אין אונזערע געגענדען, נאר צוויי יאהרעס־צייטען: דיא רעגענסצייט און דיא טרוקענע צייט. דיא רעגענסצייט אדער "מאזיקא", וויא דיא נעגער רופען זיא, דויערט פון דריי ביז פינף מא־נאטען, געוועהנליך פון נאוועמבער ביז מערץ. דאמאלס רעגענט עס יעדען טאג, אפט רעגענט עס צוויי־דריי טעג נאכאנאנד. עס רעגענט אפט עמערווייז, עס גיסט און דיא דונערען און בליצען הערען גאר ניט אויף. איין שטורם ענדיגט זיך און עס הויבט זיך אן א צווייטער שטורם. אין דער טרוקענער צייט קומט א רעגען פאר זעהר זעלטען. עס קען אוועקגעהן פיערציג־פופציג טעג נאכאנאד אהן א טראפען רעגען.

יעצט, אין יולי, איז עס געווען אין דער מיט פון דער טרוקענער צייט, און מען האט געקענט פאראויסזאגען פאר געוויס, אז עס וועט אזוי גיך ניט רעגענען.

דיא שיף איז געפאהרען אזוי נאהענט צום ברעג, אז פון דעם דעק האט מען געקענט זעהן אלעס, וואס עס האט געלעבט און געשוועבט אויף דעם לאנד, אין דיא וועלדער, אויף דיא בערג, אין און ארום דיא טייכען. טויזענדער פויגעל זיינען געפלויגען אין דיא וועלדער און האבען זיך געדרעהט ארום דער שיף.

אין דיא וועלדער האט מען געקענט זעהן גאנצע ארמעען פון אלערליי אפען (מאלפעס), גרויסע און קליינע, לוסטיגע און ווילדע: דעם שרעקליכען באבון, וועלכער בילט וויא א הונד און קען צורייסען א מענשען, דעם ווילדען גארילא, וועלכער איז גרויס וויא א מענש, און דיא נעגער פון אפריקא האלטען איהם אויך פאר א פערשאלטענעם מענשען, און פיעלע אנדערע קליינע, לוסטיגע אפען, וועלכע האבען זאגאר פראבירט ווארפען ניס און פריכטע אויף דיא פאסאזשירען פון דער "פארטא אלעגרא".

געגען מיטאג איז דיא שיף פארבייגעפאהרען א טייך, וועלכער האט

ארויסגעגאָסען זיינע רוהיגע, אָבער שמוציגע וואסערען אין אטלאנטישען מעער. עס האָבען זיך געבאָדען און געשפּיעלט אין איהם א גאנצע הערדע (סטאדע) פון ניל פערד אָדער היפּאָפּאָטהאמוסען.

טרעגאָמעין האָט צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען געזעהן דיעזעס זאָנדערבארעס טהיער, וואָס לעבט אי אין וואסער און אי אויף דעם לאנד. עס שווימט שנעל וויא א פיש, אָבער עס עסט נור גראָז וויא א פערד. דיא נעגער פון אפריקא פאנגען זיי, טויטען זיי און פרעסען זייער פלייש. זיי דענקען, אז דאָס פלייש פון א יונגען היפּאָפּאָטהאמוס איז אזוי געשמאק וויא דאָס פלייש פון א יונגען שוויין.

— קוק! בעטראכט נור דיעזע זאָנדערבארע טהיערע, וויא זיי שפּיעלען זיך אין וואסער, האָט טרעגאָמעין געזאָגט צו זשאק דאָראן און האָט איהם געוויזען אויף דיא היפּאָפּאָטהאמוסען.

זשאק דאָראן האָט פערצויגען דיא אקסלען און האָט גאָר ניט געענטפערט. וואָס האָט ער זיך געקימערט וועגען דיא ווילדע טהיערע, ווען ער איז געוועזען זיכער, אז באלד, באלד וועט ער בעקומען דיא מיליאָנען פון קיאמיל פּאשא!

אזוי וויא דיא "פּאָרטאָ אלעגראָ" איז געוועזען א זעגעל-שיף און עס איז א גאנצען טאָג געוועזען זעהר וועניג ווינד, איז זיא געפאָהרען לאנגזאם.

ווען דיא זון איז אונטערגעגאנגען און עס איז נאכט געוואָרען, האָט זיך דיא סצענע געענדערט. אנשטאָט אפען, פויגעל און היפּאָפּאָטהאמוסען, האָבען זיך אָנגעהויבען צו בעווייזען לייבען, טיגער און לעאָפּארדען. ווען זיי זיינען געפאָהרען פון טונים נאָך אלזשיר, האָבען זיי נור געהערט דאָס ברומען פון א לייב, יעצט אָבער האָבען זיי געזעהן, וויא דער לייב איז צוגעקומען צום וואסער שטילען זיין דורשט און פון צייט צו צייט פלעגט א שרעקליכער לעאָפּארד אויסגלאָצען זיינע פייערדיגע אויגען אויף דיא פאסאזשירען פון דער "פּאָרטאָ אלעגראָ", גלייך וויא ער וואָלט געוואָלט ארויפשפּרינגען אויף׳ן דעק און זיי צורייסען.

געגען האלבע נאכט האָט זיך אָנגעהויבען א קאָנצערט פון געשרייען, ברומען און קרעכצען פון ווילדע טהיערע, אז זאָגאר בן אָמאר און סואד פּאשא האָבען ניט געקענט שלאָפען און זיינען ארויסגעקומען אויף דעם דעק.

דיא זעקס עלעפאנטען, וועלכע האָבען זיך געפונען אונטען אין שטאהל פון דער שיף, זיינען געוואָרען אונרוהיג. וואהרשיינליך האָבען זיי זיך דערשראָקען פון דיא געשרייען פון דיא ווילדע טהיערע אין דיא וועלדער, און זיי האָבען אָנגעהויבען צו טראָמפּעטען און צו טרעטען מיט דיא פיס אזוי שטארק, אז דיא קליינע שיף האָט אָנגעהויבען צו ציטערען.

פראנכוא האָט זאָגאר מורא געהאט, אז ווען אלע זעקס עלעפאנטען זאָלען זיך שטעלען אין איין זייט, קענען זיי אָנבייגען דיא שיף און זיא איבער־

קעהרען. עס האָט זיך אָבער ארויסגעוויזען, אז זיין שרעק איז געווען אומזיסט. דיא זעקס עלעפאנטען זיינען געווען צוגעשמידט מיט אייזערנע קייטען, דריי אין איין זייט און דריי אין דער אנדערער זייט פון דער שיף. זיי האָבען זיך אפילו געריסען און האָבען שטארק געטרעטען מיט זייערע שווערע פיס, אָבער זיי זיינען דאָך געבליבען יעדער אויף זיין אָרט.

קיינער פון דיא פאסאזשירען האָט ניט געקענט שלאָפען דיעזע נאכט. זאָגאר זשאק דאָראן און זיין שוואָגער זאמבוקאָ האָבען דיא גאנצע נאכט פערבראכט אויף'ן דעק און האָבען פון צייט צו צייט גערעדט שטילערהייט.

פיער טעג האָט געדויערט דיא רייזע. דער ווינד איז געווען אזוי שוואך, אז דיא שיף האָט געמאכט קוים צוויי מייל אין א שטונדע.

ענדליך איז דיא שיף אריינגעפאָהרען אין דער בוכטע פון מאיומבא און זשאק דאָראן האָט געקענט זעהן דורך זיין טעלעסקאָפ א גאנצע רייהע פון הונדערטער אינזלען צוזעעט און צוואָרפען אין דיעזער גרויסער בוכטע. אויף איינעם פון דיעזע אינזלען געפינען זיך זיינע מיליאָנען. אויף וועלכען אָבער? וועלכען פון דיעזע פיעלע אינזלען האָט קיאמיל פאשא אויסגעקליבען, אום דאָרט צו פערגראָבען זיינע מיליאָנען? אויף דיעזער פראגע האָט געקענט געבען א ריכטיגען ענטפער נור פראנסוא מיט זיינע קענטניסע און מיט דער הילף פון זיינע אסטראָנאָמישע אינסטרומענטען.

עס איז געווען זעקס אוהר אבענד. דיא זון האָט געהאלטען ביים אונטער־געהן, ווייל אין יענע געגענדען איז עס שטענדיג צוועלף שטונדען טאָג און צוועלף שטונדען נאכט. מען איז געווען אזוי נאָהענט פון דעם ברעג, אז מען האָט געקענט זעהן פייער אין דיא הייזער פון דער שטאָדט באראקא.

אלע פאסאזשירען זיינען געשטאנען אויף דעם דעק און האָבען געקוקט אויף דעם ברעג.

נאָר פלוצלונג האָט דיא שיף אָנגעהויבען צו ציטערען און צו שאָקלען זיך. מען וויים ניט, וואָס עס איז געשעהן. דיא עלעפאנטען האָבען זיך עפּעס דער־שראָקען אזוי שטארק, אז זיי האָבען זיך אָבגעריסען פון זייערע קייטען, האָ־בען אָנגעהויבען שרעקליך צו ברומען, צו שפרינגען און צו ווארפען זיך אין אלע זייטען.

דיא שיף האָט זיך אזוי געשאָקעלט, אז זאָגאר פראנסוא און טרעגאָ־מעין האָבען זיך געמוזט אָנהאלטען אָן דיא שטריק פון דיא זעגעל־בוימער.

— וואָס איז געשעהן? האָט געפרעגט טרעגאָמעין.

— וואָס טהוט זיך דאָ? האָט געפרעגט זשאק דאָראן.

אונטערדעסען איז אָנגעקומען דער שיפסקאפּיטאן באראָסא. ער איז געווען בלייך, וויא קאלך, און האָט געציטערט וויא אין פיעבער.

— וואָס קומט דאָ פאָר? האָט יעדער איהם גענומען פרעגען.

— דיא עלעפאנטען! איז געווען דיא אנטוואָרט.

וואָס איז געשעהען מיט דיא עלעפאנטען? פאר וואָס זיינען זיי גאָר פלוצלונג אזוי ווילד געוואָרען? דאָס האָט קיינער ניט געוואוסט און קיינער וואָלט עס אויך ניט געקענט ערקלערען.

דיא עלעפאנטען זיינען געוואָרען מיט יעדער מינוט ווילדער, אויפגערעגטער און אויפגערייצטער. זיי האָבען זיך אלע אָנגעשפארט אָן איין זייט און דיא שיף האָט זיך אזוי שטארק אָנגעבויגען, אז דאָס וואסער פון מעער האָט זיך אריינגעגאָסען אין דעם גרויסען פענסטער פון דער שטאהל, וואו דיא עלעפאנטען האָבען זיך געפונען. דיעזעס פענסטער האָט מען געמוזט האלטען אָפען, אום דיא עלעפאנטען זאָלען האָבען גענוג לופט.

אין אייניגע מינוטען איז דיא שיף געוואָרען פול מיט וואסער און האָט זיך אראָבגעלאָזען צום גרונד.

דיא שיף איז אונטערגעגאנגען.

## 25טעס קאפיטעל.

# אויף אן אינזעל

— ענדליך האָב איך אויך דורכגעמאכט א שיפברוך! האָט טרעגאָמעין אויסגערופען און האָט זיך אָבגעשאָקעלט און אָבגעטרייסעלט.

דיא "פאָרטאָ אלעגראָ" איז אונטערגעגאנגען גאָר ניט ווייט פון א קלייגעם אינזעל. ווען דער שיפסקאפיטאן, דיא מאטראָזען און דיא פאסאזשירען האָבען געזעהן, אז דיא שיף געהט אונטער, זיינען זיי אלע אראָבגעשפרונגען אין וואסער און זיינען צוגעשוואומען צום אינזעל.

צום גליק איז עס געווען אָנפאנג מאָנאט. דיא לבנה האָט טאקע געשיינט נור א קורצע צייט, אָבער דיעזע קורצע צייט איז געווען גענוג צו ווייזען דיא פעראונגליקטע, וואו זיי קענען זיך רעטען, און אלע האָבען זיך גערעטעט.

אלע זיינען ארויסגעקומען אויף דעם שטיינעריגען אינזעל און האָבען זיך אויסגעשטעלט אויף דעם ברעג. אזוי וויא עס איז געווען זעהר היים, איז יעדער געגאנגען לייכט אָנגעטהאָן און עס איז איהם לייכט געווען צו שווימען. אלע זיינען געווען נאס "אויסצודרעהען", וויא מען זאָגט, אָבער אין אזא הייסער געגענד קען עס ווייניג שאדען, ווען מען איז געצוואונגען זיך אָבצוּבאָדען אין מעער.

אייניגע מינוטען זיינען אלע געשטאנען וויא פערשטיינערט. אויף אזא אונגליק האָט זיך קיינער ניט געריכט. ענדליך האָט יעדער אָנגעהויבען צו קומען צו זיך און זיך אומצוקוקען, וואו ער איז ערגעץ אין דער וועלט.

ניט ווייט אין געלעגען דיא שיף אין וואסער. איהרע זעגעל־בוימער און זאגאר א טהייל פון איהרע זעגלען האבען ארויסגעשטעקט פון וואסער. עס איז געוועז ניט טיעף דארט, וואו זיא איז אונטערגעגאנגען. דיא עלעפאנטען זיי־נען דערטרונקען געווארען און אלע וואארען, וועלכע האבען זיך געפונען אויף דער שיף, זיינען אונטערגעגאנגען מיט איהר.

יעצט, ווען יעדער איז געקומען צו זיך, ווען יעדער האט געפיהלט, אז ער איז געראטעוועט און ער געפינט זיך אויף פעסטען לאנד, האט יעדער געמאכט זיין בעמערקונג, יעדער האט אויסגעדריקט, וואס ער האט געפיהלט.

טרעגאמעין האט זיך געפרעהט, וואס ער האט ענדליך איין מאל אין זיין לעבען דורכגעמאכט א שיפברוך און ער וויים שוין, וואס עס הייסט ליידען אן אונגליק אויף דעם מעער.

— וואו זיינען אונזערע אינסטרומענטען און אונזערע לאנד־קארטען ? האט זשאק דאראן געפרעגט זיין נעפע.

— זיי זיינען אונטערגעגאנגען מיט דער שיף, האט פראנסוא געענטפערט, איך האב קיין צייט ניט געהאט זיי ארויסצונעהמען פון דער קאיוטע.

— דאס הייסט אן אונגליק ! האט זאמבוקא אויסגערופען. פונקט אין דער צייט, ווען מיר געפינען זיך גאנץ נאהענט פון אונזער אינזעל, איז דיא שיף אונטערגעגאנגען. וואס וועלען מיר יעצט טהאן ?

— מיר וועלען פאהרען פון איין אינזעל צום אנדערען און זוכען אזוי לאנג ביז מיר וועלען אויסגעפינען דעם ריכטיגען אינזעל, האט זשאק דאראן גע־ענטפערט.

— פערדאמט ! האט געטראכט סואד פאשא. גראדע דאמאלס ווען מיין פלאן האט געקענט אויסגעפיהרט ווערען, האבען דיא פערדאמטע עלעפאנטען געזונקען דיא שיף !

— צום טייפעל ! האט געברומט דער שיפסקאפיטאן. דיא עלעפאנטען זיינען ניט געוועזן פערזיכערט און מען וועט נאך פון מיר פערלאנגען, איך זאל פאר זיי בעצאהלען.

— איך דענק, אז יעצט וועט מיין אנקעל זיך אבזאגען פון זיין פאנטאזיע צו זוכען דיא מיליאנען פון קיאמיל פאשא און מיר וועלען צוריקפאהרען נאך אונזער סען מאלא, וואו איך וועל הייראטהען מיין געליעבטע זשוליעט, האט געטראכט פראנסוא.

אזוי וויא דיא לבנה איז אונטערגעגאנגען און עס איז געווארען רעכט פינסטער, האט קיינער ניט געוואגט צו געהן ווייטער אויף דעם אינזעל. אויף אזא אינזעל אין אפריקא קענען זיך געפינען שלענג אדער ווילדע טהיערע. אלע האבען אלזא געמוזט בלייבען איבער נאכט אויף דעם ברעג, וואו זיי האָ־בען זיך געראטעוועט.

ווען מען האָט זיך אביסעל בערוהיגט, האָט מען אָנגעהויבען צו טראכטען וואָס מען זאָל ווייטער טהאָן. פון דעם אינזעל, אויף וועלכען זיי האָבען זיך גערעטעט, ביז צו דער שטאָדט באראקא איז געווען א שטרעקע פון אכט ביז צעהן מייל. דאָס איז א קלייניגקייט. וויא אזוי אָבער גיט מען צו וויסען אין שטאָדט, אז אויף דעם אינזעל געפינען זיך אונגליקליכע מענשען? שווימען ביז צו דער שטאָדט איז אונמעגליך. עס איז צו ווייט און פיליייכט געפינען זיך אין מעער דיא שרעקליכע היי־פיש, דיא מענשען פרעסער. שרייען? מען וועט זיי ניט הערען. געבען סיגנאלען? אָנצינדען א פייער אויף דעם אינזעל? ווער וויים, אויב מען וועט דערזעהן אין שטאָדט דאָס פייער? און ווען מען זאָל שוין יא דערזעהן אין שטאָדט דאָס פייער, ווער וועט וויסען, וואָס דאָס פייער בעדייטעט? מען וועט געוויס מיינען, אז פישער אָדער יעגער האָבען גע־מאכט א פייער, אום צו קאָכען זייער עסען.

מען האָט זיך ארומגעקוקט אויף דעם אינזעל ווייטער. עס זיינען דאָרט געוואקסען אלערליי בוימער. אין דער פינסטער אָבער האָט מען ניט געקענט זעהן, וואָס פאר בוימער דאָס זיינען.

פיליייכט איז גאָר דער אינזעל בעוואָהנט? פיליייכט געפינען זיך גאָר מענשען אויף דעם אינזעל?

אויף אלע דיעזע פראגען האָט קיינער ניט געקענט געבען קיין ריכטיגען ענטפער. זאָגאר שיפסקאפּיטאן באראָסא, וועלכער פלעגט אָפט קומען נאָך באראקא און איז געווען גוט בעקאנט מיט דיעזער געגענד, האָט ניט גע־וואוסט, וואָס פאר אן אינזעל דאָס איז. עס איז איהם קיינמאָל ניט אויסגעקו־מען צוצופאָהרען צו איינעם פון דיא פיעלע אינזלען אין דער בוכטע פון מאיומבא.

יעדער האָט געטראכט און געקלעהרט פאר זיך, וואָס ער זאָל ווייטער טהאָן, און יעדער איז געקומען צום בעשלוס, אז יעצט, ביינאכט קען מען גאָרניט טהאָן, מען מוזווארטען, ביז עס וועט טאָג ווערען. בייטאָג, ביי דער העלער שיין פון דער זון, וועט מען זעהן, וואָס מען קען טהאָן און וויא אזוי מען קען זיך רעטען.

פראנסוא האָט זאָגאר געמאכט א פּלאן, אז מען זאָל אויסזוכען שטיקער האָלץ, געפאלענע בוימער און מאכען פון זיי א פּלאָס. ווען זיי זאָלען האָבען העק און א זעג, וואָלט עס געווען גאנץ לייכט צו מאכען אזא פּלאָס, זיי האָבען אָבער קיין איינציגען אינסטרומענט ניט גערעטעט פון דער אונטערגעגאנגענער שיף. עס איז נאָך געווען א גליק, וואָס זשאק דאָראן, דער באנקיר זאמבוקאָ און טרענאָמעין האָבען געהאלטען זייער געלד אין א ביי־גארטעל אויף זייער קערפּער. מיט געלד קען מען דאָך עפּעס טהאָן זאָגאר אין באראקא, א נעגער־שטאָדט אין ווילדען אפריקא.

פון שלאָפען איז אלזאָ קיין רעדע ניט געווען. יעדער האָט זיך געזעצט אויף א שטיין, וואו ער האָט געקענט, און האָט זיך פערטראַכט.

געגען צעהן אוהר ביינאכט האָט אלעמען איבערראשט א זאָנדערבאַרער ליארם. מען האָט געהערט, אז ערגעץ געהט מען, שרייט מען, רעדט מען א ווילדע, אונבעקאנטע, אונפערשטענדליכע שפּראך. מען האָט געלאכט, געפייפט, געשריען, געקוויטשעט, געברומט, געקלאפּט, געבראָכען צווייגען, זיי געשליידערט אויף דער ערד און געמאכט אזא ליארם, אז דער טייפעל אליין וואָלט ניט געקענט אנטשלאָפען ווערען.

דיא פּראָוויזען און דיא צוויי עגיפּטיאנער האָבען זיך רעכט דערשראָקען. זיי האָבען ניט געוואוסט, וואָס דאָס איז, און זיי האָבען זאָגאר ניט געהאט מיט זיך קיין וואפען, מיט וואָס זיך צו פערטהיידיגען אין פאַל, ווען דאָס זאָלען זיין ווילדע נעגער, וועלכע ווילען אָנפאלען אויף זיי.

זיי האָבען קוים דערלעבט דעם טאָג, ווען עס האָט אָנגעהויבען ליכטיג צו ווערען. ערשט דאמאָלס האָבען זיי דערזעהן אויף דיא בוימער א גאנצע באנדע אפען, שימפּאנזעעס.

דער שימפּאנזע איז איינער פון דיא גרעסטע און פון דיא שטארקסטע אפען. ער איז הויך כמעט וויא א מענש, שטארק, קרעפטיג, געשיקט און קלוג. ווען מען כאפּט איהם יונגערהייט, קען מען איהם אויסלערנען צו טהאָן פיעלע ארבייטען. ער עסט ביי א טיש מיט א לעפעל, א גאָפּעל און א מעסער. ער קעהרט אויס דיא שטוב און ווען מען האלט איהם אויף א שיף, קען מען איהם ארויפשיקען אויף דעם העכסטען זעגעל־בוים ער זאָל צורעכט מאכען דעם זעגעל. זיין געזיכט איז זעהר עהנליך צום געזיכט פון א מענשען און אלע זיינע גליעדער זיינען עהנליך צו דיא גליעדער פון א מענשען; דיא נעגער רופען איהם דער וואלד־מענש און זיי זיינען פעסט איבערצייגט, אז דאָס איז א מענש, וועלכער איז עפּעס ברוגז געוואָרען אויף דיא מענשען און וויל מעהר מיט זיי ניט רעדען.

אזוי וויא דער שימפּאנזע האָט זעהר לאנגע הענד און פיס, ריכטיגער נאָך, ער האָט פיער לאנגע הענד, ווייל זיינע פיס זיינען אויך הענד, געהט ער געוועהנליך אויף אלע פיער, דאָס הייסט, ער קלעטערט אויף דיא בוימער און בענוצט דערביי אלע זיינע פיער הענד. ווען מען לערענט איהם אָבער, געהט ער אויף צוויי פיס וויא א מענש.

ערשט יעצט האָבען זיך דיא פּראָוויזען ארומגעקוקט, אז איבער זייערע קעפּ, אויף דיא העכסטע בוימער געפינט זיך א באנדע פון פיערציג־פופציג שטיק שימפּאנזעעס. זיי האָבען עס געמאכט דעם ליארם ביי נאכט. זיי האָבען עס אָבגעגעבען פּאָריגע נאכט דעם העכסט אונאנגענעהמען קאָנצערט.

אונטערדעסען האָט זיך דער הונגער געלאָזט פיהלען. נעכטען האָט מען

קיין אבענד־ברויט ניט געגעסען, ווייל מען האָט געוועכנט צו עסען אין באַ־ראקאָ. א גאנצע נאכט איז מען ניט געשלאָפען, מען האָט אלזאָ אָנגעהויבען צו פיהלען הונגער.

וואָס עסט מען אָבער?

— ווען עס געפינען זיך אויף דיעזען אינזעל אזוי פיעל שימפּאנזעס, מוזען זיי דאָך האָבען וואָס צו עסען, האָט פראנסוא געזאָגט צו זיך אליין. ווען דיא שימפּאנזעס האָבען וואָס צו עסען, דארף א מענש אויך האָבען וואָס צו עסען.

ער האָט אויך רעכט געהאט. אויף דעם אינזעל האָבען זיך געפונען אלער־ליי פריכטע, פון וועלכע די שימפּאנזעס האָבען זיך דערנעהרט, ווען זיי האָבען אָבער פּראָבירט עסען דיעזע פריכטע, האָבען זיי זיך איבערצייגט, אז אום צו עסען דיעזע פריכטע רויהערהייט, מוז מען האָבען דעם מאָגען פון א שימפּאנזע. א מענש מוז קאָכען אָדער באקען דיעזע פריכטע, אנדערש קען ער זיי ניט עסען.

יעדער האָט אָנגעהויבען צו זוכען ביי זיך א שוועבעלע, אָבער זייערע שוועבעלעך האָבען ניט געטויגט; זיי זיינען פערנעצט געוואָרען. צום גליק, האָבען זיי געפונען עטליכע גאנצע שוועבעלעך ביי סואד פּאשא. ער פלעגט רויכען, וויא אלע עכטע טערקען, און דארום פלעגט ער שטענדיג האלטען שווע־בעלעך אין א בלעכענער שאכטעל.

מען האָט באלד צונויפגעקליבען טרוקענע בלעטער און גאנץ דארע גראָ־זען און מען האָט געמאכט א פייער. יעצט, ווען מען האָט שוין געהאט פייער, האָט מען אָנגעהויבען צו רייסען דיא גרויסע רונדע פריכטע פון דעם ברויט־בוים. דיעזע פרוכט איז גאנץ גוט צום עסען און זאָגאר גאנץ געשמאק, ווען מען קאָכט זיא אָדער מען באקט זיא, דיא נעגער צוקלאָפּען זיא, צושטויסען זיא, מאכען פון איהר א סאָרט טייג און באקען עס וויא מען באקט ברויט.

קוים אָבער האָט מען אָנגעהויבען צו רייסען דיעזע פרוכט פון דיא ביי־מער, האָט זיך אָנגעהויבען א געשריי, א געוואלד, און שטיקער האָלץ האָבען אָנגעהויבען צו פאלען אויף דיא קעפּ פון דיא אונגליקליכע מענשען.

— וואָס איז דאָס? ווער ווארפט עס אויף אונז מיט שטיקער האָלץ? האָט טרעגאָמעין געפרעגט.

— דאָס טהוען דיא שימפּאנזעס, האָט פראנסוא געענטפערט, זיי זיינען זעהר ניט צופריעדען, וואָס מיר שטערען זיי און נעהמען אוועק ביי זיי זייער ברויט, און זיי פּראָטעסטירען אויף זייער ארט.

— וויא עס ווייזט אויס, ווייסען דיעזע חברה־לייט ניט, אז מען דארף אויפ־נעהמען א פרעמדען פריינדליך, האָט טרעגאָמעין געשפּאסט.

— איז דאָ עפּעס א געפאהר? האָט בן אָמאר געפרעגט.

— געוויס איז דאָ א געפאהר, האָט פראנסוא געענטפערט, א שימפאנזע קען באפּען א שטיין און ווארפען אויף אייך, ער איז זעהר שטארק און זעהר ווילד.

— ווען מיר זאָלען האָבען וואפען, וועניגסטענס איין גוטע ביקס, וואָל־טען מיר זיי אָנגעלערענט, זיי זאָלען ווייטער זיין העפליכער צו פרעמדע מענשען, האָט טרעגאָמעין געשפּאסט, לײדער האָבען מיר ניט קיין וואפען, און, וויא עס ווייזט אויס, האָבען דיעזע חברה־לייט זיך פעסט ענטשלאָסען אונז צו פערטרייבען פון זייער אינזעל.

קוים האָט ער דאָס אויסגערעדט, האָט מען דערהערט הויך אין דיא צוויי־גען פון דיא בוימער א ווילדען געשריי, גלייך וויא עס וואָלטען גערעדט פופציג נעגער מיט איין מאָל, און א גרויסע צווייג איז אראָבגעפאלען גאנץ נאָהענט פון באראָסא.

דער פּאָרטוגעזער, וועלכער איז געווען גוט בעקאנט מיט דיעזע געגענ־דען און מיט דעם כאראקטער פון דיעזע אפען, האָט עפּעס געזאָגט צו זיינע מאטראָזען אויף פּאָרטוגעזיש. דיא מאטראָזען האָבען אויפגעהויבען שטיינער פון דער ערד, האָבען געציעלט און זיי געוואָרפען אויף דיא שימפאנזעס.

דאָס האָט געווירקט. דיא שימפּאנזעס האָבען געזעהן, אז מען פערטהיי־דיגט זיך און מען ווארפט גאָר מיט שטיינער, זיינען זיי שטיל געבליבען.

באראָסא האָט דאן צוגערופען סואד פאשא און האָט אָנגעהויבען מיט איהם צו רעדען. זיי האָבען גערעט איבער וואָס צו רעדען. סואד פאשא׳ס גאנ־צער פּלאן איז פערניכטעט געוואָרען דורך דעם אונגליק, וואָס האָט פּאסירט דער "פּאָרטאָ אלעגראָ". זיי האָבען יעצט גערעדט, בעסער געזאָגט, אָבגע־רעדט, וואָס זיי זאָלען ווייטער טהאָן אום צו בעקומען קיאמיל פאשא׳ס מי־ליאָנען.

אזוי וויא זיי האָבען ביידע גערעדט, האָט מען דערהערט א געשריי:

— פראנסוא! פראנסוא! קום נור אהער!

דאָס האָט גערופען זשאק דאראָן.

קוים האָט פראנסוא צייט געהאט צוצולויפען צו זיין אָנקעל, האָט מען געהערט שרייען:

— גילדאס! גילדאס!

זשאק דאראָן האָט עס גערופען זיין פריינד.

טרעגאָמעין איז צוגעקומען צו איהם.

— נו, וואָס פערלאנגט איהר, אָנקעל?

— הער מיך אויס אויפמערקזאם, פראנסוא, האָט זשאק דאראָן געזאָגט.

— איך הער אייך, ליעבער אָנקעל.

— אין דעם דאָקומענט, וועלכען מיר האָבען געפונען אין דער בוכטע פון

אַמאַן, שטעהט עס דייטליך, אז דער צווייטער אינזעל געפינט זיך אין דער בוכטע פון מאיומבא. איז עס אזוי?

— געוויס, ליעבער אָנקעל.

— קענסט דוא אויסגעפינען גאנץ גענוי, וואו עס געפינט זיך אונזער אינזעל?

— אָהן מעער־קארטען און אָהן אינסטרומענטען איז עס אונמעגליך, האָט פּראנסוא געענטפערט, נאָך מיין מיינונג מוזען מיר יעצט פאָהרען צוריק נאָך לאָאנגא, דאָרט זיך אויפזעצען אויף דעם ערשטען בעסטען דאמפּפער, וועלכער געהט נאָך פראנקרייך, און פאָהרען אהיים.

— אויף קיין פאל! האָט זשאק דאָראן אויסגערופען פול צאָרן.

— אויף קיין פאל! האָט ווידערהאָלט זיין ליעבער שוואָגער זאמבוקאָ.

— אָבער וואָס דען קענט איהר טהאָן? האָט פראנסוא געפרעגט.

— מיר וועלען געוויס באלד געפינען א מיטעל, וויא אזוי צו פאָהרען נאָך באראקא אָדער נאָך דער קליינער שטאָדט מאיומבאַ, דאָרט וועלען מיר דינגען אָדער קויפען א באָאט און מיר וועלען ארומפאָהרען פון איין אינזעל צום אנדערען, ביז מיר וועלען געפינען אונזער אינזעל.

— דאָס געפעהלט מיר גאָר ניט.

— עס קען זיין, אז עס געפעהלט דיר ניט, עס איז אָבער דאָס איינציגע מיטעל צו געפינען אונזער אינזעל. זאָג אליין: וויא פיעל אינזלען געפינען זיך דען אין דיעזער בוכטע? פינף? זעקס? צעהן? קענען מיר דען ניט אויספאָרשען און אויסזוכען אלע צעהן אינזלען, ביז מיר וועלען געפינען אונזער אינזעל? איז עס דען שווער צו געפינען דעם אָרט, וואו קיאמיל פּאשא האָט פערגראָבען זיינע מיליאָנען? וויסען מיר דען ניט, אז אויף דעם שטיין, אונטער וועלכען עס ליעגען דיעזע מיליאָנען, איז אויסגעקריצט א דאָפּעל "קיי".

— דאָס וועט זיין א לאנגע און שווערע ארבייט, האָט פראנסוא בעמערקט.

— איך וויים ניט, פאר וואָס מיר זאָלען שוין ניט אָנהויבען צו זוכען. פילייכט איז עס גאָר דיעזער אינזעל, אויף וועלכען עס געפינען זיך דיא מיליאָנען?

אין דער צייט, ווען זיי האָבען גערעדט, האָבען זיך בעוויזען עטליכע פּישער שיפלעך, וועלכע זיינען ארויסגעפאָהרען פון באראקא אָדער מאיומבא כאפּען פיש אין דער בוכטע.

באראסא האָט אויסגעטהאָן זיין העמד, האָט עס צוגעבונדען צו א לאנגען שטעקען, וועלכען ער האָט אָבגעבראָכען פון א בוים, און האָט דערמיט געגעבען א צייכען צו דיא פּישער, אז אויף דעם אינזעל געפינען זיך מענשען, וועלכע בעטען הילף. ער איז געוועזען גוט בעקאַנט מיט דיא זייטען פון דיא

נעגער, וועלכע האָבען געוואָהנט אין יענער געגענד, און דארום האָט מען אויך באלד פערשטאנען זיינע סיגנאלען.

צוויי פישער־שיפלעך זיינען צוגעקומען צום אינזעל.

— אָנקעל, האָט פראנסוא געזאָגט, אָנקעל, איך זעה, אז עס קומען אָן פישער־שיפלעך, לאָמיר זיך אויפזעצען אויף זיי און לאָמיר פאָהרען נאָך באראקא אָדער אן אנדער שטאָדט.

— אויף קיין פאל! האָט אויסגערופען זשאק דאָראן, מיר זיינען אויף דיעזען אינזעל און מיר מוזען איהם אויספאָרשען.

— אויף קיין פאל! האָט געברומט זאמבוקאָ.

פראנסוא האָט ניט געהאט וואָס צו ענטפערען. ער האָט געזעהן, אז זיין אָנקעל האָט רעכט: ווען דער צופאל האָט זיי פערוואָרפען אויף אן אונבעוואָהנ־טען אינזעל אין דער בוכטע פון מאיומבא, ווארום זאָלען זיי דען ניט אויספאָר־שען דיעזען אינזעל?

— זאָלען דיא מאטראָזען פון דער "פאָרטאָ אלעגראָ" זיך אויפזעצען אויף דיעזע פישער שיפלעך! האָט זשאק דאָראן ווייטער געזאָגט. זיי זיינען הונ־געריג, זיי ווילען עסען א גוטען מיטאָג אין באראקא, מיר קענען דאָ בלייבען און זוכען.

טרעגאָמעין האָט איינגעזעהן, אז עס איז גאָר ניט צו מאכען מיט זיין אלטען פריינד, און ער האָט געזאָגט:

— וויא אזוי אָבער קענען מיר בלייבען דאָ אליין? דיא מאטראָזען וועלען דאָך פערשטעהן, אז עס איז ניט אומזיסט.

— זיי שטעהען יעצט אלע אויף׳ן ברעג און ווארטען אויף דיא פישער־שיפלעך, האָט זשאק דאָראן געענטפערט. לאָמיר זיי לאָזען ווארטען! לאָמיר זיך שטילערהייט אוועק׳גנב׳ענען פון זיי און זוכען דעם צייכען פון קיאמיל פאשא.

מיט דיעזע ווערטער איז ער אויפגעשטאנען פון דעם שטיין, אויף וועלכען ער איז געזעסען, און איז ווייטער געגאנגען. זאמבוקאָ איז איהם נאָכגעגאנגען, נור סואד פאשא איז געבליבען אייניגע מינוטען און האָט עפּעס געזאָגט צום שיפסקאפיטאן באראָסא, דאן איז ער אויך נאָכגעלאָפען נאָך דיא איבעריגע.

26טעם קאפיטעל.

## געפונען

וויא פערקאָכט זשאק דאָראן איז געווען אין זיינע מיליאָנען, האָט ער דאָך רעכט געהאט, ווען ער האָט ערקלעהרט, אז דיא הונגעריגע מאטראָזען פון ד'ער

"פאָרטאַ אַלעגראַ" וועלען זיך וועניג קימערען וועגען דעם, וואָס זייערע פּאסאַ־זשירען זיינען ערגעץ פערשוואונדען געוואָרען.

זיי זיינען אַלע געשטאנען אויף׳ן ברעג און האָבען געוואַרט מיט אונגע־דולד אויף דער מינוט, ווען דיא פישער־שיפלעך וועלען צוקומען און זיי אויפ־נעהמען. זיי האָבען דאָך ניט געוואוסט, אז עס קען זיין, אז אויף דיעזען אינזעל געפינען זיך מיליאָנען.

זיי האָבען דארום זיך גאָר ניט אומגעקוקט, וואָס זייערע פּאסאזשירען זיי־נען אוועקגעגאנגען ווייטער. גאנץ אנדערש האָבען געהאנדעלט דיא שימפּאנ־זעעס. זיי האָט עס שטארק פערדראָסען, וואָס דיא צוויי־פיסיגע טהיערע, דיא מענשען, ערלויבען זיך אַבצונעהמען זייער אינזעל. זיי זיינען געוואָרען אונרו־היג און האָבען אָנגעהויבען צו ברומען און צו שרייען.

— זיי רעדען צווישען זיך! האָט טרעגאָמעין אויסגערופען, איך קען שווערען, אז זיי רעדען און זיי פּראָטעסטירען פאר וואָס מיר קומען זיי שטע־רען אויף אן אינזעל, וואו זייערע עלטער־עלטערען האָבען געלעבט. שאדע, וואָס איך פערשטעה ניט זייער שפּראך, איך וואָלט זיי ערקלעהרט, אז מיר דאר־פען ניט זייער לאנד.

דער גוטער טרעגאָמעין האָט ניט געוואוסט, אז א געלערענטער מאן מיט׳ן נאָמען גארנער, וועלכער האָט א לאנגע צייט געוואָהנט אין דיא וועלדער פון אַפריקא, האָט בעהויפּטעט, אז ער האָט אויסגעלערענט דיא שפּראך פון דיא אפען, און ער האָט זאָגאר אָנגעשריעבען א בוך וועגען דיעזער שפּראך. גארנער בעהויפּטעט, אז דיא אפען האָבען א גאנץ גוט אויסגעארבייטע שפּראך, וועלכע ער קען רעדען און דיא אפען פערשטעהען איהם גאנץ גוט.

טרעגאָמעין האָט אָבער דערפון ניט געוואוסט און ער האָט ניט געקענט רע־דען מיט דיא אויפגערעגטע, אונרוהיגע שימפּאנזעעס, דערפאר אָבער האָבען זיי מיט איהם גערעדט און דערצו, אויף א שפּראך, וועלכע ער האָט גוט פער־שטאנען: **זיי האָבען אויף איהם געוואָרפען פריכטע און צווייגען פון בוי־מער.** עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז זיי ציעלען ניט גוט, אָבער זיי פלעגען דאָך אמאָל טרעפען.

מען האָט געמוזט געהן זעהר לאנגזאם. דער וואלד איז געוואָרען געדיכ־טער, דיא גראָזען זיינען געוואָרען גאנץ הויך, אז א מענש וואָלט לייכט געקענט זיך בעהאלטען אונטער זיי, און דערצו זיינען זיי געוואָרען אזוי געדיכט, אז יעדער האָט געמוזט ארויסנעהמען זיין מעסער און זיך דורכשניידען א וועג.

עס איז געוואָרען צעהן אָדער עלף אוהר. דיא היץ איז געוואָרען שרעקליך. דיא זון האָט געברענט, וויא פייער, און עס איז געווען אונמעגליך צו שטעהן איינינע מינוטען אויף א פרייען פּלאץ, ניט אונטער דעם שוץ פון א בוים. טרע־גאָמעין האָט געבעטען, מען זאָל זיך אָברוהען אביסעל.

— קום ווייטער! עס איז יעצט קיין צייט ניטאָ זיך אָבצורוהען! האָט דאָ־ראַן געשריען ווי א וואהנזיניגער.

דיא שימפּאנזעעס האָבען געמיינט, אז ער בייזערט זיך אויף זיי, און זיי האָבען איהם געוואָלט ווייזען, אז זיי האָבען מעהר אורזאכען צו זיין אין כעס און האָבען אָנגעהויבען צו וואַרפען אויף דיא פראנצויזען מיט שטיקער האָלץ און זאַגאַר מיט שטיינער.

— וואו נעהמען זיי דען שטיינער? האָט פראנסוא געפרעגט.

ער איז עס באַלד געוואָהר געוואָרען. דער וואַלד האָט זיך געענדיגט און זיי זיינען ארויסגעקומען אין א ווילדער געגענד, וועלכע איז געוועזען בעדעקט מיט גרויסע און קליינע שטיינער.

— דאָ דאַרף עס זיין, וואו קיאמיל פּאשא האָט פערגראָבען זיינע מי־ליאָנען, האָט זשאק דאָראַן אויסגערופען.

עס איז געוועזען א רעכט זאָנדערבארע געגענד, אונגעפעהר א מייל דיא לענג און דיא ברייט. קיין גרעזעלע, קיין בוימעלע, קיין שפּור פון א מענשען. דאָס גאנצע שטיק לאַנד איז געוועזען בעדעקט מיט שטיינער, גרויסע און קליינע. אייניגע זיינען געוועזען טיעף פערגראָבען אין זאמד, אנדערע זיינען געלעגען גאנץ פריי.

— דאָ דאַרף עס זיין! האָט זשאק דאָראַן אויסגערופען. קיאמיל פּאשא האָט ניט געקענט געפינען א בעסערען פּלאַץ פאר זיינע מיליאָנען, וויא דאָ, אין דיע־זער ווילדער, שטיינעריגער געגענד.

יעצט האָט מען אָנגעהויבען צו זוכען דעם דאָפּעל "קיי", דעם צייכען, וועלכער דאַרף זיך געפינען אויף דעם שטיין, אונטער וועלכען עס ליעגען בע־גראָבען דיא מיליאָנען.

מען האָט געזוכט אומזיסט. דיא שימפּאנזעעס זיינען זיי ניט נאָכגעגאַנ־גען אין דיעזער שטיינעריגער געגענד אויף דעם אינזעל. זיי זיינען בעסער געבלי־בען שטעהן אין וואַלד, געשיצט אונטער דעם שאָטען פון דיא געדיכטע בוימער. נור פון צייט צו צייט פלעגט זיך איינער ארויס׳גנב׳ענען, פלעגט אויפהויבען א שטיין פון א פּאָר פונט און פלעגט איהם א שליידער טהאָן אויף דיא מענשען, דאַן פלעגען אלע אפען מיט איין מאָל אָנהויבען צו קוויטשען, צו ברומען און צו פלוידערען, גלייך וויא זיי וואָלטען ערקלעהרט, אז זייער קאמעראד האָט גוט געטראָפען.

אזוי איז פערגאנגען א שטיק צייט. טרעגאָמעין איז געוואָרען אזוי מיעד, אז ער איז בוכשטעבליך אנידערגעפאלען אויף א שטיין און האָט געקרעכצט:

— איך קען שוין ניט אויסהאַלטען דיא היץ.

פלוצלונג האָט מען דערהערט א געשריי:

— אָט איז עס! אָט איז דער צייכען!

דאָס האָט אויסגערופען בן אָמאר.

אַלע זיינען צוגעלאָפען צו איהם און האָבען געפרעגט:

— ווער? וואו? וואו איז דער צייכען?

— אָט איז ער! האָט בן אָמאר געקייכט און געוויזען אויף א שטיין.

אַלע האָבען זיך צוגעקוקט און האָבען דערזעהן, אז גראדע אויף דעם שטיין, אויף וועלכען דער דיקער טרעגאָמעין האָט זיך אנידערגעזעצט, איז פון דער אנ־דערער זייט געווען גאנץ דייטליך אויסגעקריצט דער דאָפעל "קיי".

זשאק דאַראן האָט זיך ארויפגעוואָרפען אויף דעם שטיין, וויא א וואהנ־זיניגער. ער וואָלט איינגעשלונגען דעם שטיין, ווען ער וואָלט עס נור געקענט. ער האָט געוואָלט איהם ארומנעהמען, אָבער דער שטיין איז געווען צו גרויס פאר איהם.

איניגע מינוטען זיינען אַלע געשטאנען וויא פערשטיינערט און האָבען געקוקט אויף דיעזען זאָנדערבארען צייכען.

ווען זיי זיינען געקומען אביסעל צו זיך, האָבען זיי ערשט זיך געשטעלט דיא פראגע:

— וויא אזוי גראָבט מען אויס דיא מיליאָנען? זיי האָבען דאָך ניט קיין אינסטרומענטען מיט זיך, קיין גראָב־אייזען, קיין האק און קיין אנדערע אינ־סטרומענטען.

זשאק דאַראן האָט געוואָלט גראָבען דיא ערד מיט דיא הענד, ער האָט זיך אָבער באלד איבערצייגט, אז דאָס איז אונמעגליך.

פראנסוא האָט זיי אויסגעהאָלפען.

— מיר האָבען אונזערע טאשען מעסערס, האָט ער געזאָגט, צוויי פון אונז מוזען צוריקגעהן אין וואלד, אויסברעכען עטליכע שטארקע צווייגען, זיי פער־שניצען, מאכען זיי שארף און גראָבען מיט זיי.

אזוי האָט מען געטהאָן. אין א קורצער צייט האָט מען זיך געמאכט אינ־סטרומענטען פון האָלץ און מען האָט אָנגעהויבען מיט זיי צו גראָבען.

עס איז געווען א לאנגע און שווערע ארבייט. מעהר וויא א שטונדע האָ־בען אַלע פינף געארבייט מיט אַלע זייערע קרעפטען און האָבען אוועקגעגראָבען דיא ערד און דיא שטיינער.

— אָט איז עס! איך האָב עס! האָט זשאק דאַראן אויסגערופען.

ער האָט אוועקגעקייקעלט א גרעסערען שטיין און עס האָט זיך בעוויזען אונטער איהם א קליינע הייל.

— אָבער גאָט אין הימעל! וואָס איז דאָס? האָט פראנסוא אויסגערופען.

אנשטאָט פעסלעך מיט גאָלד איז געלעגען אין דער קליינער הייל נור אן אייזערנע שאכטעל, אביסעל גרעסער פון דער שאכטעל, וועלכע זיי האָבען גע־פונען אויף דעם אינזעל אין דער בוכטע פון אָמאן, אָבער ניט מעהר.

זשאק דאַראַן און זאמבוקאַ זיינען בלייך געוואָרען וויא קאַלך.

— וויעדער א שווינדעל! האָט טרעגאַמעין געברומט.

סואד פאשא האָט געקריצט מיט דיא צייהן פאר צאָרן און פערדרוס.

זאמבוקאַ איז געוועזן דער ערשטער, וועלכער איז געקומען צו זיך און האָט אויפגעהויבען דיא ניט שווערע שאכטעל. זיא איז ניט געוועזן פערשלאָסען און ער האָט זיא געעפענט.

אין דער שאכטעל זיינען געלעגען נור עטליכע שטיקלעך איינגעוויקעלטע פאפיער און א געל שטיקעל פארמעט.

זשאק דאַראַן האָט אויסגעכאפט דאָס קעסטעלע, האָט ארויסגענומען דאָס שטיק פערגאמענט און האָט אָנגעהויבען צו לעזען:

"דער מערידיאַן פון דעם אינזעל נומער דריי איז פופצעהן גראד עלף מינוט אָסט (מזרח), דיא הערען דאַראַן און זאמבוקאַ ווערען געבעטען, זיי זאָלען זיך נאָטירען דיעזען מערידיאַן אין דער געגענווארט פון דעם אדוואָקאט בן אָמאר, דאן זאָלען זיי אויפזוכען דאָקטאָר טירקאָמעל אין דער שטאָדט דענבאר, שאָטלאנד, וועלכער וועט זיי איבערגעבען דעם פאראלעל פון דעם דריטען אינזעל".

ווען א דונער וואָלט געווען אריינגעגאנגען אין דער ערד לעבען זיי, וואָלטען זיי ניט געווען אזוי איבערראשט, וויא יעצט, ווען דאַראַן האָט פאָרגעלעזען דיעזען זאָנדערבארען דאָקומענט.

— אזוי? אָנשטאָט איינצוטהיילען זיין פערמעגען צווישען צוויי יורשים האָט קיאמיל פאשא עס איינגעטהיילט צווישען דריי, און אנשטאָט צוואנציג מיליאָן וועט יעדער בעקומען עפּעס וועניגער פון זיעבען מיליאָן? דאָס איז אבשייליך! האָט געשריען זאמבוקאַ.

— און ווען מיר וועלען קומען צום אינזעל נומער דריי, וועט מען אונז שיקען אויף א אינזעל נומער פיער! האָט פראנסוא בעמערקט.

אזוי וויא קיינער האָט ניט געענטפערט, האָט פראנסוא ווייטער געזאָגט:

— ליעבער אָנקעל! דוא זעהסט דאָך, אז דיין עגיפּטישער פאשא מאכט דיך צום נאר, אלזאָ לאָז איהם צו־רוה מיט זיינע מיליאָנען און לאָמיר בעסער פאָהרען אהיים.

— ער האָט רעכט, זשאק, האָט טרעגאָמעין אונטערשטיצט, דוא זעהסט דאָך שוין גאנץ גוט, אז מען פיהרט דיך ארום איבער דער וועלט, וויא א קליין אינגעלע, ווען מען וויל אָבנארען. דיין קיאמיל פאשא איז געוועזן א שפּאסמאכער און ווייטער גאָר ניט.

— שווייגט דאָך! לאָזט מיך ענדיגען לעזען! האָט זשאק דאַראַן געשריען אויסער זיך.

אלע זיינען געבליבען שטיל און האָבען אויסגעשטרעקט זייערע העלזער.

זשאק דאראן האט ווייטער געלעזען:

"אזוי וויא דיא מענשען, וועלכע וועלען אויפזוכען דיעזען אינזעל, יועלען האבען געוויסע אויסגאבען, און אזוי וויא אום ווייטער צו פאהרען און צו זוכען דעם אינזעל נומער דריי, וועלען זיי ווייעדער דארפען געלד, לעג איך אריין אין דיעזער שאכטעל צוויי דימאנטען, איינעם פאר הערר דאראן און דעם צוויי־טען פאר הערר זאמבוקא. דיעזע צוויי דימאנטען זיינען אזוי פיעל ווערטה, אז זיי קענען דעקען אלע אויסגאבען און רייזע־קאסטען. פון דיעזע צוויי דימאנטען קענען זיי אורטהיילען, וואס פאר א ווערטה עס האבען דיא דימאנטען, וועלכע געפינען זיך אין דיא פעסלעך".

זאמבוקא איז אויפגעשפרונגען, גלייך וויא א שלאנג וואלט איהם א ביס געטהאן, און האט אויסגערופען:

— דימאנטען? וואו זיינען דיא דימאנטען?

זשאק דאראן האט לאנגזאם און פארזיכטיג צונומען דאס איינוויקעל־פאפיער און האט אויך גאנץ פארזיכטיג ארויסגענומען צוויי גרויסע, שעהנע גלענצענדע דימאנטען.

זאמבוקא האט אויסגעכאפט איינעם און האט אנגעהויבען איהם צו בע־טראכטען. ער איז געווען א קענער אויף דימאנטען. ער האט איבערגעהאלטען גענוג דימאנטען אין זיינע הענד. ניט איין מאל האט מען ביי איהם פערזעצט אדער געגעבען צו בעהאלטען (אלס פקדון) דימאנטען.

— זיי זיינען עכט, האט ער געמורמעלט, יעדער איז ווערטה ביז צעהן טויזענד פראנק.

— מיך האט דיא געשיכטע שוין געקאסט מעהר אלס צוועלף טויזענד פראנק, האט זשאק דאראן געמורמעלט.

אזוי וויא זאמבוקא האט אריינגעשטעלט זיין דימאנט אין זיין ביי־גאר־טעל, האט זיין ליעבער שוואגער געטהאן דאסזעלבע.

— דיא געשיכטע ווערט קאמיש אדער ערנסט, האט טרעגאמעין געזאגט, וויא צו זיך אליין, איך ווייס שוין גאר ניט וואס צו דענקען פון אייער פאשא. איך וואלט קיין מאל ניט געגלויבט, אז א פאשא זאל קענען מאכען אזוי פיעל שפאס פון ערנסטע פראנצויזען.

פראנסוא האט פערצויגען דיא אקסלען און האט געמאכט א גרימאסע. סואד פאשא האט געמאכט פון זיינע הענד צוויי פויסטען, גלייך וויא ער וואלט געוואלט זיך שטעלען שלאגען מיט אלעמען. בן אמאר האט אויסגעגלאצט דיא אויגען, האט געקוקט אויף אלעמען מיט שטוינען, פערוואונדערונג, אי־בערראשונג, צארן, שפאט און פעראכטונג. ער האט זיך געפיהלט זעהר שטארק בעליידיגט: קיאמיל פאשא שרייבט אויסדריקליך, אז ער, בן אמאר, זאל זיין

דערביי, ווען מען וועט עפענען דאָס אייזערנע קעסטעלע, און דאָך האָט קיאמיל פאשא פאר איהם ניט אָנגעגרייט דעם קלענסטען דימאנט.

דאָס איז שרעקליך! דאָס האָט ער ניט פערדיענט! האָט דען קיאמיל פאשא ניט פערשטאנען, אז אזא רייזע דארף קאָסטען געלד? ווארום אלזאָ האָט ער איהם, דעם אָרימען בן אָמאר'ען, אזוי ביטער בעליידיגט?

אייניגע מינוטען זיינען אלע געשטאנען וויא פערשטיינערט. יעדער איז געווען פערטיפט אין זיינע געדאנקען און אין זיינע בעטראכטונגען.

פראנסוא איז געווען דער ערשטער, וועלכער איז געקומען צו זיך און ער האָט געזאָגט:

— ליעבער אָנקעל, דוא זעהסט דאָך שוין יעצט, אז פון דיא 20 מיליאָן איז געוואָרען נור זעקס מיליאָן, עס איז אלזאָ מעהר אלס זיכער, אז ווען מיר וועלען געפינען דעם אינזעל נומער דריי, וועט פון דיא זעקס מיליאָן ווערען נור דריי מיליאָן, צו וואָס אלזאָ זאָלען מיר זיך ווייטער פלאגען? לאָמיר בעסער פאָהרען אהיים און פערגעסען קיאמיל פאשא מיט זיינע מיליאָנען.

— אויף קיין פאל ניט! האָט זשאק דאָראן אויסגערופען. מען הייסט אונז פאָהרען נאָך שאָטלאנד, לאָמיר פאָהרען נאָך שאָטלאנד. איך וועל ניט אָבשטעהן און וועל מיך ניט אָבזאָגען פון מיינע מיליאָנען, זאָגאר ווען עס וועט נויטהיג זיין, איך זאָל פאָהרען צום נאָרד פאָל אָדער אין עק וועלט, וויא מען זאָגט. עס זיינען מיינע מיליאָנען און איך מוז זיי בעקומען!

— מיין ליעבע שוועסטער טאליסמא, וועלכע האָט געוואַרט ביז אהער און האָט ניט געהייראטה, קען ווארטען נאָך א יאָהר און נאָך צוויי יאָהר, ביז איהר וועט קריעגען דיא מיליאָנען, האָט זאמבוקאָ געזאָגט גאנץ ערנסט. אונזער קאָנטראקט בלייבט אין זיין פולער קראפט און איהר בלייבט מיין געליעבטער שוואָגאר.

ווען זשאק דאָראן וואָלט געקענט פערברענען דעם באנקיר זאמבוקאָ מיט א בליק, וואָלט ער עס געוויס געטהאָן, און ער האָט אויך פרובירט. אזוי וויא זיין בליק האָט אָבער זעהר וועניג געווירקט אויף דעם באנקיר, האָט זשאק דאָראן אָנגעהויבען צו קריצען מיט דיא צייהן פאר צאָרן און פערדרוס.

— מיר מוזען יעצט צוריקגעהן צום ברעג, האָט זשאק דאָראן געזאָגט שטרענג, מיר וועלען זיך אויפזעצען אויף דעם ערשטען בעסטען פישער־באָאט, וועלכעס וועט אונז ברייננגען נאָך באראקא אָדער מאיומבא, דאָרט וועלען מיר זוכען א שיף, וועלכע זאָל אונז ברייננגען צוריק נאָך לאָאנגא, דאן וועלען מיר זיך אויפזעצען אויף דער ערשטער ענגלישער שיף, וועלכע געהט נאָך לאָנדאָן אָדער גלאזגאָ.

קיינער האָט איהם ניט געענטפערט. מען האָט דאָך געמוזט טהאָן וויא

ער האט פערלאנגט, ווייל מען האט דאך ניט געקענט בלייבען אויף דיעזען קליי־נעם אינזעל.

אויף'ן וועג צום ברעג האבען דיא פראנצויזען זיך איבערצייגט, וויא אונ־אנגענעהם עס איז דורכצוגעהן אהן ערלויבניס אן אינזעל, וועלכער איז בע־וואהנט פון שימפאנזעעס.

דיעזע קלוגע אפען (מאלפעס) האבען אבגערעדט און אויסגעטראכט א פלאן, וויא אזוי אנצולערנען דיא פרעמדע, וועלכע ערלויבען זיך צו קומען אויף זייער אינזעל. זיי האבען גאנץ ערנסט און גאנץ קלוג אטאקירט דיא רייזענ־דע. זיי האבען געווארפען אויף זיי שטיינער און שטיקער האלץ. איין שטיין האט געטראפען זאמבוקא'ן אין קאפ און האט איהם געמאכט א בייל וויא אן איי דיא גרויס.

דערביי האבען דיא שימפאנזעעס אזוי געליארעמט, אזוי געשריען, אזוי געמיועט, געקרעכצט, געברומט און געקריצט מיט דיא צייהן, אז עס איז געוועזען גאנץ דייטליך, וויא זיי וואלטען געזאגט: „אויב איהר וועט ניט אוועק־געהן פון אונזער אינזעל מיט גוטען, וועלען מיר אייך ארויסטרייבען מיט גע־וואלד".

מיט שווערער מיה האבען דיא זעקס גאלד־זוכער זיך דורכגעשלאגען דורך דעם וואלד און זיינען צוגעקומען צום ברעג. זיי זיינען געקומען פונקט צו דער רעכטער מינוט. דיא פארטוגעזישע מאטראזען זיינען שוין אלע געזעסען אין צוויי קליינע פישער־שיפלעך, וועלכע האבען נור וואס געוואלט אבפאהרען.

בוראסא האט געבעטען דיא פישער, נעגער פון מאיומבא, זיי זאלען צושיקען נאך א שיפעל פאר זיינע איבריגע פאסאזשירען.

א שטונדע שפעטער איז אנגעקומען א שיפעל און האט אויפגענומען דיא זעקס גאלד־זוכער.

27טעס קאפיטעל.

## דאקטאר טירקאמעל

אין יענער צייט האבען געוואהנט אין דעם שטעדטעל מאיומבא נור צוויי אייראפעער, אגענטען פון גרויסע האנדעלס הייזער אין לאנדאן.

דיעזע צוויי אגענטען פלעגען אויפקויפען דיא פראדוקטען פון דעם לאנד: רייז, גומי (ראבער), קאקאס אויל, קאפירא (געטריקענטע קאקאס נים), עלע־פאנט־ביין און גאלדשטויב.

דיא נעגער פון מאיומבא האבען דאמאלס נאך ניט געוואוסט פון גאלדענע, קופערנע און זילבערנע מטבעות, וויא מען געברויכט אין ציוויליזירטע לענדער. אלס געלד פלעגען זיי נעהמען שטיקער ציץ פון ענגלישע פאבריקען און פיעלע

ענגלישע וואארען. ווען א נעגער האט געבראכט צום אגענט א שטיק עלע־פאנט־ביין, פלעגט ער דערפאר בעקומען אזוי פיעל און אזוי פיעל איילען וואארע.

אז דיא נעגער פלעגען וויסען זיך צו דינגען און צו פאדערען וואס מעהר פאר זייערע פראדוקטען, איז זעלבסטפערשטענדליך. מען קען אבער זאגען, אז דאס איז געווען א שטיל, רוהיג, פלייסיג פאלק, וויל אין דער גאנצער שטאדט האבען זיך געפונען נור צוויי ווייסע מענשען און דאך האט זיי קיינער ניט בעאונרוהיגט און קיין נעגער האט זיך ניט ערלויבט זיי צו טהאן שלעכטס.

נאך מעהר, דער קלימאט פון מאיומבא איז זעהר שלעכט פאר אן אייראָ־פעער, בעזאנדערס פאר א מענשען, וועלכער איז ניט געוואהנט צו איהם. דיא שטאדט געפינט זיך אין א טהאל, אין וועלכער דיא היץ איז שרעקליך. דער שטארקסטער אייראפעער קען ניט אויסהאלטען אין דיעזער געגענד מעהר וויא צוויי יאהר. זיין לעבער ווערט געשוואלען און זיין געזיכט ווערט געל. ער מוז דאן צוריקפאהרען נאך אייראפא, זיך ערהאלען.

דיא האנדעלס הייזער וויסען עס גאנץ גוט און זיי שיקען יעדעס יאהר העכסטענס יעדע צוויי יאהר פרישע מענשען, וועלכע זיינען וועניג בעקאנט מיט דיא איינוואהנער, און דאך האט זיך נאך קיינמאל ניט געמאכט, אז דיא נע־גער זאלען בערויבען אן אגענט.

יעצט געהערט דיעזע געגענד צו פראנקרייך, דאמאלס האט זיא געהערט צו א נעגער־קעניג, וועלכער האט געוואהנט אין מאיומבא. ווען עס פלעגט אנקומען א נעגער אגענט פון ענגלאנד, פלעגט ער מוזען זיך פארשטעלען פאר'ן קעניג און איהם ברייגנען א פרעזענט פון דער קאמפאניע.

אמאל פלעגט אזא אגענט בריינגען דעם קעניג ווירקליך א זעלטענע זאך: א גוטען זייגער, א שפיעל־קאסטען און דאסגלייכען. צומאל אבער פלעגט א גוטער, גלענצענדער צילינדער הוט זיין א גאנץ גוטער פרעזענט. מען קען זיך לייכט פארשטעלען, וויא קאמיש עס פלעגט זיין פאר אן אייראפעער, וועלכער פלעגט קומען נאך מאיומבא, און האט בעזוכט דעם קעניג, איהם צו געפינען זיצענדיג אויף א טהייערען סאמעטענעם שטוהל, האלב נאקעט, גאנץ באָרפוס און מיט א צילינדער הוט אויף'ן קאפ.

דאס פישער־שיפעל האט געבראכט אונזערע רייזענדע נאך מאיומבא, און אזוי וויא דיא צוויי ענגלענדער אין מאיומבא זיינען דערווייל געוואהר געוואָרען, אז אייראפעער האבען געליטען שיפברוך אין דער בוכטע, זיינען זיי צוגעקומען צום ברעג, האבען אויפגענומען רעכט פריינדליך זשאק דאראן מיט זיינע בעגלייטער און האבען זיי גענומען צו זיך.

דיא ענגלענדער זיינען פון דער נאטור ניט זעהר גאסט־פריינדליך, אבער

אין א פרעמדען לאנד צווישען האלב־ווילדע מענשען האָבען זיי זיך געוויזען אלס זעהר גאסט־פריינדליך. זיי האָבען געבראכט דיא פראנצויזען צו זיך אהיים, האָבען יעדען אָבגעגעבען א צימער און זיי געגעבען עסען און טרינקען.

דאָס איז געוועזען דאָס וויכטיגסטע, ווייל זשאק דאָראן מיט זיינע מענשען האָבען זייט פיער און צוואָנציג שטונדען גאָר ניט געגעסען. מען האָט זיי גע־געבען דיא בעסטע און זעלטענסטע פריכטע.

דער אנאנאס (פיין עפעל), וועלכער ווערט אזוי געשעצט אין אייראָפּא און אמעריקא, וואקסט דאָרט גאנץ ווילד. גאנצע פעלדער, גאנצע שטרעקען לאנד זיינען בעדעקט מיט אנאנאסען. דיעזע פרוכט איז אויך א געבאָרענע אפריקאנערין. דיא שקלאפען־הענדלער, וועלכע פלעגען ברייננגען שקלאפען פון אפריקא נאָך אמעריקא, האָבען זיא געבראכט נאָך אמעריקא, וואו זיא האָט זיך אָנגענומען און האָט זיך גוט צוואוואקסען.

דער אנאנאס איז אויך א זאָנדערבארע פרוכט. מען דארף נור לאָזען א שטיקעל שאָלעכץ פון איהם אויף דער ערד און עס צוואוואקסט זיך דערפון א גאנצער גאָרטען.

דעם ערשטען טאָג זיינען אלע גערעטעטע אָבגעשלאָפען אין דעם שאָטען פון זייערע געצעלטען, דעם צווייטען טאָג האָט זשאק דאָראן און זאמבוקאָ געבעטען דעם ענגלענדער, ער זאָל זוכען פאר זיי א שיף נאָך לאָנאנגאָ, און פראנסוא מיט טרעגאָמעין'ען זיינען געגאנגען בעטראכטען דיא שטאָדט.

פראנסוא איז אמאָל פארבייגעפאָהרען דיא בוכטע פון גווינעא, אָבער ער איז דאָ אין ערגיץ ניט אָבגעשטיגען. יעצט, ווען דער צופאל האָט איהם גע־בראכט אהער, האָט ער געוואָלט בעקאנט ווערען מיט יעדער שטאָדט און מיט יעדען שטעדטעל, ווייל דאָס קען איהם צוניץ קומען אלס שיפסקאפּיטאן פון לאנגע רייזען.

עס איז אָבער געוועזען ניט פיעל וואָס צו זעהן אין מאיומבא. מען רופט עס שטאָדט, אין דער ווארהייט געפינען זיך דאָרט אייניגע הונדערט שטיבע־לעך פון בוימער, געדעקט מיט דיא גרויסע בלעטער פון באנאנעס, פּיזאנג און פּאלמען, בעזאָנדערס אָבער פון דער פּעכער פּאלמע.

דיא איינוואָהנער געהען גאנץ נאקעט. זיי טראָגען נור א סאָרט גארטעל ארום דיא לענדען. פרויען טראָגען דעם גארטעל אביסעל לענגער, ביז דיא קניע, דער גאנצער אויבער קערפּער און דיא פיס בלייבען נאקעט.

דער הויפּט עסען זיינען פריכטע, אָבער דיא נעגער מאכען אויך ברויט פון הירזש און גערשטען. דערמיט בעשעפטיגען זיך נור פרויען. דער הירזש אָדער גערשטען ווערט ארויפגעשאָטען אויף א שטיין און מען קלאפּט אויף איהם מיט א צווייטען שטיין אזוי לאנג, ביז עס ווערט פון איהם א סאָרט גאנץ גראָבע מעהל. דיעזע מעהל ווערט אויסגעמישט מיט וואסער, ביז עס ווערט

א טייג, און פון דעם טייג מאכט מען דינגע פלעצלעך, א סאָרט מצות, און מען באקט זיי אויף צוגליהטע שטיינער.

אזא ברויט קריצט שטארק אונטער דיא ציינער און ווען עס ליעגט אוועק א טאָג אָדער צוויי, ווערט עס הארט, וויא א שטיין.

אזוי וויא דער קלימאט איז זעהר הייס און דיא הייזער זיינען אייגענט־ליך געמאכט נור אום זיך צו שיצען פון א רעגען, ווערען אלע ארבייטען גע־טהאָן אין דרויסען. מען לעבט אונטער'ן פרייען הימעל, מען עסט אונטער'ן פרייען הימעל, מען טרינקט אונטער'ן פרייען הימעל און מען טהוט אלעס וואָס מען דארף אונטער'ן פרייען הימעל. דאָס וואָרט "שעהמען זיך" שטעהט נאָך ניט אין דעם ווערטערבוך פון דיא נעגער.

— זיי לעבען, וויא דיא ערשטע מענשען אין גן עדן, האָט טרעגאָמעין בעמערקט.

— זיי לעבען וויא דיא בהמות, האָט פראנסוא געברומט.

— פאר וואָס וויא דיא בהמות? האָט טרעגאָמעין געפרעגט, ווייל זיי דארפען ניט קיין געלד? ווייל זיי ווייסען נאָך ניט פון שעהנע קליידער? ווייל זיי דארפען ניט קיין רייך מעבעל? ווייל זיי קענען ניט און ווייסען ניט פון פיעלע בעדירפניסע, וויא ציוויליזירטע מענשען?

— גאנץ געוויס!

— איז דיין אָנקעל א שטארק ציוויליזירטער מענש, ווייל ער יאָגט זיך אזוי נאָך רייכטהום, וועלכעס ער דארף ניט? האָט טרעגאָמעין געפרעגט מיט פערדרוס. איז דער באנקיר זאמבוקאָ א ציוויליזירטער מענש, ווייל ער האָט מיליאָנען, וועלכע ער קען ניט געברויכען און זוכט נאָך צו בעקומען דיא מיליאָ־נען פון קיאמיל פּאשא?

— מיין אָנקעל און זאמבוקאָ זיינען אויסנאהמען, האָט פראנסוא געענט־פערט, זיי זיינען קראנק, זיי האָבען דאָס געלד־פיעבער אָדער גאָלד־פיעבער, זיי...

— אזוי? האָט טרעגאָמעין אויסגערופען. זיי זיינען קראנק? זייער קראנק־הייט הייסט ציוויליזאציאָן! איך בין מקנא דיעזע האלב־ווילדע נעגער, וועלכע ווייסען נאָך ניט פון אייער קראנקהייט ציוויליזאציאָן.

אין דיעזער מינוט האָבען זיי דערזעהן, וויא פיעלע נעגער געהן האסטיג צו א בערגעל, און זיי זיינען זיי נאָכגעגאנגען.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום בערגעל, האָט זיך זיי פאָרגעשטעלט א זאָנ־דערבאר בילד. אויף א גראָבען קלאָץ אונטער א געדיכטען בוים איז געזעסען א דיקער נעגער. זיינע פעך־שווארצע האָר האָבען שוין אָנגעהויבען גרוי צו ווערען, אָבער ער איז נאָך געווען שטארק און קרעפטיג. ער איז געווען נאקעט, וויא אלע נעגער ארום איהם, אָבער אויף'ן קאָפּ האָט ער געטראָגען א שפּאָגעל־נייעם גאנץ גוטען צילינדער־הוט. פון דעם האלז איז ארא‌בגעהאנגען אויף דער

ברוסט א גאָלדענער זייגער אויף א דינער גאָלדענער קייט. עס האָט אויסגעוויזען, אז ער טראָגט א מעדאַל אָדער אן אָרדען. ארום דיא לענדען איז געווען ארומגע־וויקעלט א סאָרט גארטעל פון א ביליגען ענגלישען בוימוואָל שטאָף, אָבער זיינע פיס זיינען געווען גאנץ נאקעט.

— וואָס איז דאָס פאר א קלאָון (פּאיאץ)? האָט טרעגאָמעין געפרעגט.

— מיר דאכט, אז דאָס איז דער קעניג פון מאיומבא, האָט פראנסוא גע־ענטפערט.

לעבען דעם קעניג איז געשטאנען א נעגער מיט א בלויזען קאָפּ, מיט נא־קעטע פיס, מיט א נאקעטען קערפּער, אָבער אָנגעטהאָן אין א אַלטען רויטען מונדיר פון אן ענגלישען גענעראַל מיט אַלטע פערגאָלדעטע, שווערע עפּאָלעטען.

— גאָט אין הימעל! וואו זיינען מיר ערגעץ אין דער וועלט? האָט טרעגאָמעין אויסגערופען, זיינען מיר אין א דול־הויז?

— שווייגט, אַלטער פריינד! פערגעסט ניט, אז איהר שטעהט פאר א קע־ניג! האָט פראנסוא געזאָגט און האָט א ציה געטהאָן דעם אַלטען טרעגאָמעין ביים ארבעל.

— אָבער ווער איז דען דער צווייטער קלאָון מיט דיא גאָלדענע עפּאָלעטען?

— דאָס איז געוויס א פּרינץ, פיליכט גאָר דער קראָנפּרינץ, פיליכט איז עס א גענעראַל אָדער א מיניסטער.

טרעגאָמעין האָט געוואָלט ארויסלאָזען א געלעכטער, אָבער פראנסוא האָט איהם צוריקגעהאלטען און האָט געזאָגט שטילערהייט:

— לאָמיר זעהן, אויב דיעזע ניט ציוויליזירטע מענשען זיינען גליקליך.

זיי זיינען צוגעגאנגען אביסעל נעהענטער און האָבען בעטראכט דיא פערזאמעלטע. עטליכע הונדערט נעגער זיינען געשטאנען ארום זייער קעניג.

איינינע מינוטען שפּעטער האָט מען צוגעפיהרט צום קעניג אונזער בעקאנ־טען שיפסקאפּיטאן באראָסא.

דער קעניג האָט איהם עפּעס געפרעגט און עס איז געווען דייטליך, אז ער איז עפּעס בייז, עפּעס אונצופריעדען. באראָסא האָט עפּעס געענטפערט, עפּעס געמאכט מיט דיא הענד, עפּעס געוויזען אויף דאָס מעער.

אזוי וויא דיא פראנצויזען האָבען ניט פערשטאנען א וואָרט פון דער נע־גער־שפּראך, האָבען זיי ניט געקענט פערשטעהן, וואָס דאָ קומט פאָר. ערשט ווען זיי זיינען געקומען אויף זייער קוואַרטיר, האָט בן אָמאר געפרעגט דעם שיפסקאפּיטאן באראָסא, וואָס דער קעניג האָט פערלאנגט פון איהם.

— ער האָט פערלאנגט פון מיר א פּרעזענט און טריבוט (מס), האָט באראָסא ערקלערט, איך האָב איהם געזאָגט, אז מיין שיף איז אונטערגעגאנגען און איך האָב גאָר ניט. דער קעניג אָבער האָט דערפון ניט געוואָלט וויסען.

— און מיט וואָס האָט זיך דיא גאנצע געשיכטע געענדיגט?

— איך האָב געמוזט איהם שענקען מיין שיף, האָט באראָסא געענדיגט, ער וועט הייסען זיינע מענשען זיא ארויסשלעפען פון וואסער און צונעהמען אלעס וואָס ער וועט דאָרט געפינען.

— און ווער איז דער קלאָון מיט דיא גאָלדענע עפּאָלעטען? האָט טרעגאָ־מעין געפרעגט.

בן אָמאר האָט זיין פראגע איבערזעצט אין אראביש און באראָסא האָט גע־ענטפערט:

— דאָס איז דער קראָנפּרינץ.

— אלזאָ, וויא קומט צו איהם א מונדיר פון אן ענגלישען גענעראל?

באראָסאָ האָט זיך צולאכט און האָט געענטפערט:

— איהר ווייסט געוויס ניט, אז די הייזער אין ענגלאנד, פראנקרייך און פּאָרטוגאל, וועלכע האנדלען מיט דיא נעגער אין אפריקא, קויפען אָב אלטע אוניפאָרמען פון אָפיציערען, גענעראלען, אדמיראלען און זאָגאר דיפּלאָמאטען און פיהרען זיי אוועק נאָך אפריקא, וואו זיי פערקויפען דיזע אלטע קליי־דער צו קעניגע, פירסטען, פּרינצען און מיניסטאָרען. עס האָבען זיך געפונען קלוגע אייראָפּעער, וועלכע האָבען זאָגאר איינגערעדט דיא אפריקאנישע הער־שער, אז מען איז קעניג אָדער פּרינץ נור דאן ווען מען טראָגט אזא מונדיר. דיזע קלוגע אייראָפּעער האלטען זיך אָן זייער שפּריכוואָרט: "קליידער מאכען לייט", און דיא אונוויסענדע נעגער גלויבען עס. קעניג בינגאָ, דער הערשער פון מאיומבא, איז פעסט איבערצייגט, אז ער איז קעניג נור דאן, ווען ער טראָגט דעם צילינדער הוט אויף'ן קאָפּ, און זיין זוהן ווערט קראָנפּרינץ נור דאן, ווען ער טהוט אָן דעם אלטען מונדיר פון אן ענגלישען גענעראל.

ווען איהר זאָלט פאָהרען אביסעל ווייטער אין לאנד, וואָלט איהר געזעהן דיא מערקווירדיגסטע קאָסטיומען. איהר וועט טרעפען א קעניג אָנגעטהאָן אין א מונדיר פון אן אדמיראל מיט איין עפּאָלעט. מען האָט איהם איינגערעדט, אז עס איז א גרויסע עהרע צו טראָגען א ראָק מיט איין עפּאָלעט. איהר קענט טרעפען א קעניג אָדער א פּרינץ אין דיא קליידער פון א פּאשא און זאָגאר אין דעם מונדיר פון א לאָנדאָנער פּאָליציסט.

ווער עס איז ניט געוועזען אין אפריקא, דער קען זיך גאָר קיין בעגריף ניט מאכען, וואָס פאר גרויסע געשעפטען מען פלעגט דאָ מאכען מיט אלטע קליי־דער פון אייראָפּעאישע אָפיציערען, גענעראלען און מיניסטאָרען.

— דאָס זיינען אייערע גליקליכע מענשען, אלטער פריינד! האָט פראנסוא געזאָגט צו טרעגאָמעין, ווען בן אָמאר האָט זיי איבערזעצט באראָסאָ'ס ער־קלערונג.

— זיי וואָלטען געוועזען גליקליך, ווען דיא אייראָפּעער זאָלען זיי ניט בעגליקען מיט זייער ציוויליזאציאָן, האָט דער אלטער טרעגאָמעין געברומט.

אין דער צייט, ווען באראָסא האָט אונטערהאנדעלט מיט'ן קעניג און פראנסוא מיט זיין אלטען פריינד זיינען ארומגעגאנגען בעטראכטען לאנד און לייט, האָבען זשאק דאַראן און זיין שוואָגער זאמבוקאָ געזוכט מיטעל, וויא אזוי צוריק צו קומען נאָך לאָאנגאָ, וואו זיי וועלען געווים קריגען א שיף נאָך אייראפּאַ.

עס האָט זיך אָבער ארויסגעוויזען אז אין מאיומבא קען מען קיין שיף און קיין באָאט פאר צוויי וואָכען ניט קריגען. אזוי לאנג האָט זשאק דאַראן ניט געוואָלט ווארטען. מען האָט אלזאָ בעשלאָסען, אז דיא פראנצויזען זאָלען דינגען עטליכע נעגער און זאָלען מיטנעהמען דיא מאטראַזען פון דער "פּאַרטאָ אלעגראָ". אלע זאָלען געהן צופוס נאָך באראקא, וואו זיי וועלען געווים קריגען א באָאט אָדער א שיף נאָך לאָאנגאָ.

מען האָט אָנגעגרייט לעבענס מיטעל און מען האָט געדונגען צוואנציג נעגער, בעוואפענט מיט זעהר שלעכטע ביקסען. דעם פיערטען טאָג איז מען ארויסגעגאנגען פון מאיומבא.

ערשט יעצט זיינען דיא פראנצויזען געוואָהר געוואָרען, וואָס עס הייסט געהן צו־פוס אין דיא ווילדע וועלדער פון אפריקא. מיט א זעגעל־שיף און מיט א גוטען ווינד געדויערט דיא רייזע פון מאיומבא נאָך באראקא איינציגע שטונ־דען, צו־פוס איבער דיא וועלדער און דיא זומפּען האָט דיעזע רייזע געדויערט פינף טעג.

דאָס ערגסטע איז, וואָס קיין פערד קען ניט לעבען אין יענער געגענד. עס געפינט זיך דאָרט א פליעג, וועלכע דיא אפריקאנער רופען טעזעטעזע. ווען עט־ליכע טעזעטעזע־פליגען צובייסען א פערד, ווערט עס קראנק און עס קראפירט אין א קורצער צייט. בעמערקענסווערטה איז עס, וואָס דער ביס פון דער טע־זעטזע שאדעט וועניג אנדערע בהמות: קיה, אָקסען, שעפּסען און ציעגען. זאָ־גאר דער עזעל קען איבערטראָגען דיעזען ביס, נור דאָס פערד קען איהם ניט אויסהאלטען.

דיא נעגער פון מאיומבא האלטען זעהר וועניג בהמות. עס איז זעהר שווער צו האלטען בהמות אין א זומפּיגער געגענד, וואו עס געפינען זיך פיעלע וויל־דע טהיערע, בעזאָנדערס דער געפעהרליכער לעאָפּארד.

בייטאָג, אין דער גרויסער היץ, האָט מען געמוזט זיך בעהאלטען אונ־טער דעם שאָטען פון געדיכטע בוימער. מען איז געגאנגען נור פארנאכט, ביי־נאכט און גאנץ פריה.

דיא וועגען אין מאיומבא זיינען זעהר שלעכט, דאָס הייסט, עס זיינען גאָר קיין וועגען ניטאָ. דיא איינוואָהנער בענוצען דעם שמאָלען וועג, וועלכען עלעפאנטען טרעטען אוים מיט זייערע שווערע פיס. אמאָל פלעגען זיך געפינען

פיעלע ווילדע עלעפאנטען אין יענער געגענד. מען האָט זיי אָבער פערניכטעט, ווייל די איירעפּעער צאָהלען גאנץ גוט פאר דיא צוויי גרויסע צייהן פון דעם "ער"־עלעפאנט — עלעפאנטביין רופען עס דיא איירעפּעער.

טרעגאָמעין האָט ניט איין מאָל זיך פערשאָלטען דאָס לעבען, וואָס ער דארף געהן צו־פוס אין דיא וועלדער פון מאיומבא. ער איז מאָגער געוואָרען, צו־שמאָלצען געוואָרען פון דיא גרויסע היצען.

ערשט אויף דעם פינפטען טאָג נאָך זייער אָברייזע פון מאיומבא זיינען זיי אָנגעקומען אין באראקא. אלע זיינען געווען שרעקליך מיעד, צובראָכען און נידערגעשלאָגען. זייערע קליידער זיינען געהאנגען פון זיי אָבגעריסען, צו־שונדען פון דיא דערנער. זייערע שיך און שטיוועל זיינען אזוי צוריסען געוואָ־רען, אז עס איז געווען א שאנדע זיי צו טראָגען.

מען האָט געמוזט זיך אויסרוהען אין באראקא און זיך פערשאפען נייע קליידער.

דאָס מאָל אָבער האָט דאָס גליק א שמייכעל געטהאָן צו זיי. עס האָט זיך גראָד געפונען אין באראקא א זעגעל־שיף, וועלכע איז געגאנגען נאָך לאָאנגאָ, און זיי האָבען זיך ארויפגעזעצט אויף דיעזער שיף.

אין לאָאנגאָ האָבען זיי אויך ניט געדארפט לאנג ווארטען. צופעליגערווייזע איז אָנגעקומען אן ענגלישער דאמפּפער, וועלכער האָט זיי מיטגענומען נאָך הולל, ענגלאנד.

אויף דער רייזע נאָך ענגלאנד האָט גאָר ניט פאסירט. אן ענגלישער דאמפּ־פער איז געוועהנליך גאנץ פּינקטליך. עס איז וואהר, אז דער "דענדי" — אזוי האָט געהייסען דער דאמפּפער — איז געווען נור א פראכט־שיף, ער האָט געפיהרט נור וואארע און קיינע פאסאזשירען, אָבער פאר עטליכע ענגלישע פונט האָט דער שיפסקאפּיטאן אויסגעזוכט קאיוטען פאר אלע זעקס גאָלד־זוכער און דעם 5טען אויגוסט איז מען אָנגעקומען אין הולל.

פראנסוא און טרעגאָמעין האָבען געוואָלט בלייבען אין הולל א פּאָר טעג אום צו קויפען אנדערע קליידער. זאָגאר אין דעם הייסען מאָנאט אויגוסט קען מען ניט געהן אין ענגלאנד אין דיעזעלבע קליידער, אין וועלכע מען קען געהן אין מאיומבא אָדער אין לאָאנגאָ. זשאק דאָראן און זיין ליעבער שוואָגער זאמבוקאָ האָבען דערפון ניט געוואָלט וויסען: ווען מען פאָהרט זוכען מיליאָנען, דארף מען זיך ווייניג קימערען וועגען שעהנע אָדער אנשטענדיגע קליידער.

מיט דעם ערשטען בעסטען צוג זיינען זיי אוועקגעפאָהרען נאָך דענבאר אין שאָטלאנד, וואוהין זיי זיינען אָנגעקומען זעקס אוהר פארנאכט און זיינען אָבגעשטיגען אין א גוטען האָטעל.

דענבאר איז א קליינע שטאָדט, זיא צעהלט יעצט נור פינף טויזענד איינ־וואָהנער. אין 1862 האָט זיא געצעהלט נור דריי טויזענד פינף הונדערט איינ־

וואָהנער. זיא געפינט זיך ביים מעער, אָבער גרויסע שיפען קומען אהין זעלטען: זיי האָבען ניט וואָס צו טהאָן אין דעם אָרימען דענבאר.

קוים האָט מען אָבגעגעסען, איז זשאק דאַראן און פראנסוא צוגעגאנגען צום אייגענטהימער פון דעם האָטעל און האָבען איהם געפרעגט, אויב ער קען זיי זאָגען וואו דער דאָקטאָר טירקאָמעל וואָהנט.

אזוי וויא זשאק דאַראן האָט ניט גערעדט קיין ענגליש, האָט פראנסוא געמוזט דיענען אלס דאָלמעטשער.

ווען דער אייגענטהימער פון דעם האָטעל האָט דערהערט, אז דיא פרעמדע פרעגען זיך צו א דאָקטאָר טירקאָמעל, האָט ער זיי אָנגעקוקט מיט שטוינען און פערוואונדערונג. עס איז געווען דייטליך, אז ער האלט זיי פאר פעררינקט.

— מיר האָבען א נויטהיג געשעפט צו דאָקטאָר טירקאָמעל, האָט פראנסוא ערקלעהרט.

— א געשעפט צו דאָקטאָר טירקאָמעל? האָט דער אייגענטהימער פון דעם האָטעל איבערגעפרעגט, גלייך וויא ער וואָלט ניט ריכטיג געהערט, וואָס מען רעדט צו איהם.

פראנסוא האָט עס גוט בעמערקט און האָט געפרעגט איינפאך:

— וואָהנט דאָ אין דער שטאָדט א דאָקטאָר מיט׳ן נאָמען טירקאָמעל?

— יא, איז געווען דיא אנטוואָרט.

— און קענט איהר אונז זאָגען, וואו ער וואָהנט? האָט פראנסוא ווייטער געפרעגט.

— איך קען עס אייך זאָגען, אָבער...

— וואָס אָבער?

— אָבער ער וועט אייך ניט אויפנעהמען, ער וועט אייך ניט אריינלאָזען אין שטוב.

— מיר האָבען אָבער א זעהר וויכטיג געשעפט אָבצומאכען מיט איהם.

— א געשעפט? דאָקטאָר טירקאָמעל מאכט ניט קיין געשעפטען.

— ער קען דערביי פערדיענען געלד, האָט פראנסוא אויסגערופען.

דער אייגענטהימער פון דעם האָטעל האָט זיך צולאכט און האָט אויסגערופען:

— דאָקטאָר טירקאמעל מאכט ניט קיין געשעפטען און ער וועט געוויס ניט וועלען אייער געלד.

— ווער וויל עס ניט פערדיענען פיעל געלד?

— איך זעה ארויס, אז איהר קענט גאָר ניט דאָקטאָר טירקאָמעל. ווען איהר זאָלט קומען צו איהם אלס א קראנקער און בעטען, ער זאָל אייך העלפען אלס דאָקטאָר, וואָלט ער אייך פילייכט אויפגענומען, וועט איהר אָבער קומען צו איהם וועגען געשעפטען, וועגען געלד, וועט ער אייך ארויסטרייבען.

— מיר מוזען איהם אָבער דאָך זעהען!

— יעצט ביינאכט נעהמט ער קיינעם ניט אויף, געהט צו איהם מאָרגען אום אכט אוהר אין דער פריה, פיליכט וועט ער אייך אויפנעהמען און וועט רעדען מיט אייך.

ער האָט זיי געגעבען דיא אדרעסע פון דאָקטאָר טירקאָמעל און האָט זיי דערביי ערקלעהרט, אז דאָס איז איינער פון דיא זאָנדערבארסטע מענשען, וועל־כע געפינען זיך אויף דער וועלט.

דאָקטאָר טירקאָמעל איז א געלערענטער. מיט פיעלע יאָהרען צוריק, ווען ער איז נאָך געווען א יונגער מאן, האָט ער זיך ערוואָרבען א גוטע פּראקטיק אלס דאָקטאָר. ער האָט אויסקורירט פיעלע שווערע קראנקהייטען און מען האָט אָנגעהויבען צו קומען צו איהם פון דער גאנצער געגענד.

זייט פופצעהן יאָהר איז איהם געקומען אין קאָפּ א ווילדע אידעע, אז מען קען אויסהיילען אלע מעגליכע קראנקהייטען דורך ספּיריטיזמוס; גייסטער פון יענער וועלט קומען און זאָגען, וויא אזוי מען זאָל אויסהיילען פערשיעדענע קראנקהייטען. ער האָט אָנגעהויבען צו הייסען זיינע פּאציענטען פאסטען, זיך פּייניגען, אוועקשענקען זייער פערמעגען צו אָרימע לייט, געהן ביינאכט אויף דיא קברים פון זייערע עלטערען און נאָך אזעלכע ווילדע זאכען.

דיא פּאציענטען זיינען זיך צולאָפען, דאָס האָט איהם אָבער ווייניג געקי־מערט. ער איז זאָגאר געווען צופריעדען דערפון, ווייל ער האָט איצטער געהאט מעהר צייט זיך צו בעשעפטיגען מיט זיינע ביכער, מיט זיינע פאָרשונגען און מיט זיינע גייסטער.

דאָס אלעס איז פראנסוא געוואָהר געוואָרען און האָט עס איבערגעגעבען זיין אָנקעל און זאמבוקאָ. עס איז ביי זיי געבליבען, אז מאָרגען אום אכט אוהר אין דער פריה זאָלען זיי דריי, זשאק דאָראן, זאמבוקאָ און פראנסוא געהן צו דאָקטאָר טירקאָמעל און ארויסקריגען פון איהם דעם פּאראָלעל פון דעם אינזעל נומער דריי.

דעם אנדערען טאָג גאנץ פריה זיינען זשאק דאָראן, זאמבוקאָ און פראנ־סוא געגאנגען צו דאָקטאָר טירקאָמעל. דיא שוואָגערס האָבען געמוזט מיטנעה־מען פראנסוא, ווייל ער האָט גערעדט ענגליש און האָט געמוזט דיענען אלס דאָלמעטשער.

דאָקטאָר טירקאָמעל האָט געוואָהנט אין א גאנץ קליינעם הויז אם ענדע פון דער שטאָדט. דאָס הויז איז געווען ארומגערינגעלט פון א קליינעם, אָבער שטארק פערנאכלעסיגטען גאָרטען. אמאָל האָבען אין דיעזען קליינעם גאָרטען געוואקסען בלומען און עס האָט זיך געפונען אין איהם א קיאָסק, א געצעלט, וואו מען פלעגט קענען זיצען אין א הייסען זומער טאָג אונטער דעם שאָ־טען פון אן אלטען בוים, דער איינציגער בוים אין גאנצען גאָרטען. היינט איז

אַלעם געווען פערנאַכלעסיגט, פערוויילדעט, פערוואַקסען מיט ווילדע גראָזען און מיט דערנער.

דאָס הויז אליין איז געווען אלט, אביסעל איינגעבויגען און שרעקליך פערנאַכלעסיגט. ווען מען האָט בעטראַכט דאָס אָרימע שטיבעלע, האָט מען געקענט זאָגען: "דער דלות פייפט פון אַלע זייטען".

זאמבוקאַ האָט איינינע מינוטען בעטראַכט דאָס אָרימע שטיבעלע און האָט געזאָגט צו זיין שוואָגער:

— מיר דאכט, אז מען קען אָבקויפען דעם גאנצען דאָקטאָר מיט זיין שטי־בעלע פאר איינינע טויזענד פראַנק.

זשאַק דאָראַן האָט איינגעשטימט און ער האָט בעמערקט:

— איך קען מיר אָבער גאָר ניט ערקלעהרען, וויא קומט דיעזער דאָקטאָר צו קיאמיל פּאשא? וואָס האָט אזא מענש געקענט טהאָן פאר קיאמיל פּאשא? פאר וואָס האָט קיאמיל פּאשא איהם איבערגעלאָזען א טהייל פון זיין פערמעגען?

— איך בין זיכער, אז ער אליין וועט אונז אלעם דערצעהלען, האָט דער קלוגער זאמבוקאָ געענטפערט. א מענש, וועלכער לעבט אין אזא אָרימען, איינ־געפאלענעם שטיבעלע, וועט אויסזאָגען אלעם פאר א פּאָר טויזענד פראַנק.

פראַנסואַ, אלס דאָלמעטשער, האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טהיר. קיינער האָט ניט געענטפערט. מען האָט געמוזט אָנקלאַפּען צום צווייטען און זאָגאר צום דריטען מאָל. ענדליך האָט זיך געעפענט דיא טהיר און אן אלטע פרוי מיט א רויטען טוך אויף'ן קאָפּ האָט זיך בעוויזען און האָט געפרעגט:

— וואָס דאַרפט איהר?

— מיר ווילען זעהן דעם דאָקטאָר, האָט פראַנסואַ געענטפערט.

— דער דאָקטאָר נעהמט ניט אויף קיין קראַנקע, איז געווען דיא אנט־וואָרט.

— מיר זיינען ניט קיין פּאציענטען.

— טאָ פאר וואָס זיינט איהר געקומען שטערען דעם דאָקטאָר?

— מיר האָבען צו רעדען מיט איהם וועגען א זעהר וויכטיגען געשעפט.

— געשעפט? האָט דיא אלטע פרוי געפרעגט פערוואונדערט.

— יא, מיר ווילען מיט איהם מאַכען א געשעפט.

— דער דאָקטאָר מאַכט ניט קיין געשעפטען, האָט דיא פרוי געזאָגט פינסטער.

זיא האָט זיך צוגעקוקט צו דיא געזיכטער פון זאמבוקאָ און דאָראַן און זיי זיינען איהר שטארק ניט געפעהלען, זיא האָט שוין געוואָלט פערמאַכען דיא טהיר און זיי ניט אריינלאָזען. פראַנסואַ האָט עס פערשטאַנען און ער האָט געזאָגט:

— לאָזט אונז אריין, ליעבע פרוי, דער דאָקטאָר וועט זיין העכסט צופרי־דען צו הערען פון דעם געשעפט, וואָס מיר ווילען מאכען מיט איהם.

דיא אלטע פרוי האָט געטראכט איניגע מינוטען, דאן האָט זיא געזאָגט:

— איך וועל איהם פרעגען, אויב ער וויל אייך אויפנעהמען.

מיט דיעזע ווערטער האָט זיא פערמאכט די טהיר. איינינע מינוטען שפע־טער איז זיא צוריקגעקומען און האָט זיי איינגעלאדען אין שטוב.

— איך האָב אייך דאָך געזאָגט, אז דיעזען דאָקטאָר קען מען גאַנץ ביליג אָבקויפען, האָט זאמבוקאָ געזאָגט צו זיין שוואָגער, מיט אזא אָרימאַן וועלען מיר באלד פערטיג ווערען.

דיא אלטע פרוי האָט זיי געהייסען ארויפגעהן דיא טרעפ. דאָס ארבייטס־צימער פון דאָקטאָר טירקאָמעל האָט זיך געפונען אין דער דאכשטוב.

דיא אלטע, אָבגעניצטע, אויסגעדיענטע הילצערנע טרעפ האָבען געצוי־טערט און געקרעכצט אונטער דיא שווערע טריט פון דיא דריי שטארקע מע־נער און עס האָט זיך אויסגעוויזען, אז זיי זיינען גרייט איינצופאלען יעדע מינוט. דאָקטאָר טירקאָמעל האָט זיי בעגעגענט אויף דיא טרעפ.

— וואָס פערלאַנגט איהר פון מיר? האָט דער דאָקטאָר געפרעגט.

— מיר ווילען מיט אייך רעדען, האָט פראַנסוא געענטפערט.

— איבער וואָס?

— איבער זעהר א וויכטיגען געשעפט.

— איך מאך ניט קיין געשעפטען, האָט דער דאָקטאָר געענטפערט קורץ און שארף.

— וואָס הייסט עס? פאר וואָס לאָזט ער אונז ניט אריין אין זיין צימער? דאָס איז דאָך ניט העפליך! האָט זשאק דאַראַן אויסגערופען אויף פראַנצויזיש.

— איהר זייט פראַנצויזען? האָט דער דאָקטאָר געפרעגט אביסעל פער־וואונדערט.

— יא, מיר זיינען פראַנצויזען, האָט פראַנסוא געענטפערט.

— און איהר געהערט געוויס צו דער פראַנצויזישער אקאדעמיע פון ווי־סענשאפטען? האָט דער דאָקטאָר געפרעגט אויף פראַנצויזיש.

— מיר געהערען ניט צו דער אקאדעמיע פון וויסענשאפטען, האָט זשאק דאַראַן געזאָגט, דאָך אלס פרעמדע דארפט איהר אונז אויפנעהמען.

דאָקטאָר טירקאָמעל האָט זיי ענדליך אריינגעלאָזט.

פראַנסוא האָט בעטראכט דיא וואָהנונג פון דאָקטאָר טירקאָמעל. דיא גאַנצע וואָהנונג איז בעשטאַנען פון צוויי צימערען: א גרויסען און א קליינעם. אין דעם קליינעם צימער איז געשטאַנען אן אלט הילצערן בעט. דאָס איז אלזאָ געווען דאָס שלאָף־צימער. אין דעם גרויסען צימער איז געשטאַנען אן אלט־מאָדישער גרויסער שרייב־טיש, אויף וועלכען עס זיינען געווען אָנגעוואָרפען

אין א שרעקליכער אונאָרדנונג ביכער, פּלעשלעך, גלעזעלעך,ביינער פון מענ־שען און טהיערע און אלערליי זאכען, וועלכע זיינען געווען פראנסוא פרעמד און ער האָט ניט פערשטאנען צו וואָס זיי טויגען און צו וואָס מען דאַרף זיי.

לעבען שרייב־טיש זיינען געשטאנען א גרויסער אלטמאָדישער פּאָטער־שטוהל פון דעם דאָקטאָר און דריי אלטמאָדישע בענקלעך פאר בעזוכער.

דאָס גאנצע צימער האָט אויסגעוויזען וויא א ביבליאָטהעק, ווייל אוי־סער אויף דיא פּאָליצעס האָבען זיך געוואלגערט ביכער אויף דעם באָדען און ארום דעם שרייב־טיש זיינען געלעגען גאנצע באטערעען פון גרויסע, שווערע, אלטע ביכער.

דאָקטאָר טירקאָמעל איז געווען א מאן פון א יאָהר זעכציג, מיט לאנגע ווייסע האָר, מיט א לאנגער ווייסער באָרד. ער האָט געהייסען זיינע געסט זיך זעצען, האָט זיך אליין געזעצט אין זיין גרויסען שטוהל און האָט געזאָגט ערנסט און פינסטער:

— יעצט, מיינע הערען, ערקלערט מיר, וואָס איהר דאַרפט צו מיר.

פראנסוא האָט יעצט דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע פון קיאמיל פּאשא, פון זיינע מיליאָנען, פון זיין טעסטאמענט און פון זייער לאנגער רייזע אין אפ־ריקא. דער דאָקטאָר האָט אָנגעשפּארט זיין גרויען קאָפּ אָן ביידע הענד און האָט אויסגעהערט.

זשאק דאָראן און זאמבוקאָ האָבען ערווארטעט, אז דער דאָקטאָר וועט שטעלען פראגען און וועט וועלען אויספאָרשען, וויא פיעל מיליאָנען קיאמיל פּאשא האָט פערגראָבען אויף זיין אינזעל, דער דאָקטאָר אָבער האָט געשוויגען, גלייך וויא דיא גאנצע געשיכטע וואָלט איהם גאָר ניט אָנגעגאנגען.

זשאק דאָראן האָט עס ניט געקענט אויסהאלטען.

— זאָגט מיר, דאָקטאָר, זייט איהר אמאָל געווען אין עגיפּטען?

— ניין, איז געווען דיא אנטוואָרט.

— זיינט איהר פּיליכט געווען אין סיריען? אין פּאלעסטינא? אין קאָנ־סטאנטינאָפּאָל?

— ניין.

— זיינט איהר פּיליכט געווען אין אלעפּפּא?

— ניין.

— איז אייער פּאָטער געווען אין יענע לענדער?

— עס קען זיין.

— "עס קען זיין" איז ניט קיין ענטפער! האָט זשאק דאָראן זיך געקאָכט.

— דאָס איז דער איינציגער ענטפער, וועלכען איך קען אייך געבען, האָט דער דאָקטאָר געענטפערט.

— אלזא, ערלויבט מיר נאך א פראגע, האט פראנסוא געבעטען גאנץ העפליך.

— אויב איך וועל קענען, וועל איך אייך ענטפערען.

— האט איהר אמאל ערהאלטען א בריעף פון קיאמיל פאשא?

— יא.

— איז געשטאנען אין יענעם בריעף, אז עס געפינט זיך ערגעץ א געוויסער אינזעל, וועלכער געפינט זיך אויף אזא און אזא פאראלעל?

— יא.

— איז געשטאנען אין יענעם בריעף, אז א געוויסער זשאק דאראן און א געוויסער זאמבוקא וועלען קומען צו אייך מיט א בריעף פון קיאמיל פאשא וועגען דיעזען אינזעל?

— יא.

דאקטאר טירקאמעל האט געזאגט זיינע "יא'ס" לאנגזאם, פינסטער, ערנסט, ניט ווילענדיג. עס איז געווען דייטליך, אז דיא גאנצע געשיכטע איז איהם רעכט אונאנגענעהם.

— נו, הערר דאקטאר, יעצט שטעהן פאר אייך זשאק דאראן און זאמבוקא, האט פראנסוא געזאגט, זיי האבען ביי זיך דעם בריעף פון קיאמיל פאשא, אין וועלכען ער הייסט זיי קומען צו אייך און נעהמען ביי אייך אייער בריעף. ווען איהר האט דעם בריעף פון קיאמיל פאשא, ווייסט איהר דאך געוויס, אז עס האנדעלט זיך וועגען מיליאנען. וואהרשיינליך ווייסט איהר אויך, אז איהר זייט דער דריטער יורש.

דער דאקטאר האט געשוויגען איניגע מינוטען, גלייך וויא ער וואלט זיך איבערלעגט וואס צו ענטפערען, ענדליך האט ער געפרעגט:

— וואס וועט איהר טהאן, ווען איך זאל אייך געבען קיאמיל פאשא'ס בריעף?

— מיר וועלען באלד פאהרען אויף יענעם אינזעל און אויסגראבען דיא מיליאנען, האט זשאק דאראן אויסגערופען.

— און וואס וועט איהר טהאן מיט דיא מיליאנען, ווען איהר וועט זיי אויסגראבען?

— מיר וועלען זיי צוטהיילען אויף דריי גלייכע טהיילען. איין טהייל וועט איהר נעהמען און צוויי טהיילען וועלען מיר נעהמען.

— און וואס וועט איהר טהאן מיט אייערע מיליאנען?

— יעדער וועט טהאן, וואס ער וועט וועלען.

דאקטאר טירקאמעל איז אויפגעשטאנען, האט אויפגעהויבען ביידע הענד און האט געזאגט מיט א שטימע פון א פראפעט פון דיא אלטע צייטען:

— ארימע, פערפיהרטע, אונגליקליכע מענשען! איהר יאגט זיך נאך רייכ־

טהימער אום זיי צו פערשוועגדען, אום זיי צו פערשליידערען אין דער וועלט און צו מאכען דיא מענשען נאך עלענדער, נאך אונגליקליכער. רייכטהום איז דאס אונגליק פון אונזער ציוויליזאציאן.

— ערלויבט מיר, הערר דאקטאר! האט זאמבוקא געוואלט איהם אונטערברעכען.

— איך ערלויב גאר ניט! האט דער דאקטאר אויסגערופען, איך זעה, אז איהר ווילט מיך ניט אויסהערען, דארום וויל איך אייך שטעלען נור איין פראגע: ווילט איהר זיך ענטשליסען אוועקצוגעבען אלע מיליאנען, וועלכע מיר וועלען אויסגראבען, אויף א גוטער זאך, וועלכע קען ברענגען נוצען אלע מענשען?

— איך פערשטעה ניט אייער פראגע, דאקטאר, האט זאמבוקא געזאגט פינסטער, מיר זיינען דריי גלייכע יורשים, יעדער וועט נעהמען זיין טהייל און טהאן מיט זיין געלד וואס ער וועט געפינען אם בעסטען פאר זיך.

— ווייסט איהר, הערר דאקטאר, וויא פיעל מיליאנען קיאמיל פאשא האט אונז איבערגעלאזען? האט זשאק דאראן געשריען. 20 מיליאן!

— דאס קימערט מיך גאנץ ווענינ, האט דער דאקטאר געענטפערט רוהיג, וואס מעהר מיליאנען, אלץ בעסער פאר אלע מענשען.

— איהר קענט עס אבער פון אונז ניט פערלאנגען, מיר זאלען אייך אוועקגעבען אונזערע מיליאנען!

— איך פערלאנג עס גאר ניט, האט דער דאקטאר געענטפערט, איך דארף ניט קיין געלד.

— ווייסט איהר, אז מיר קענען אייך צווינגען, איהר זאלט אונז ארויסגעבען קיאמיל פאשא'ס בריעף? האט זיך זשאק דאראן געקאכט.

— דאס ווייס איך ניט, איך בין ניט קיין אדוואקאט.

— אבער איהר זייט דאך מאראליש פערפפליכטעט, אונז אבצוגעבען אונזער טהייל, האט פראנסוא בעמערקט.

— מאראליש פערפפליכטעט? האט דער דאקטאר איבערגעפרעגט. מאראליש פערפפליכטעט בין איך נור צו דער מענשהייט, ווייל דיא מענשהייט האט מיר פערשאפט דאס וויסען און דאס קענען און דיעזע אלע ביכער, וועלכע מאכען מיך גליקליך, און ווייל איך בין מאראליש פערפפליכטעט צו דער מענשהייט, וויל איך עפעס טהאן פאר דער מענשהייט. איך וויל אבקויפען א גרויסען אינזעל אין וועלט-מעער און דארט אומזיסט היילען אלע מענשען, וועלכע ליידען פון שווינדזוכט. איך וויל זיי קורירען נאך א גאנץ נייער מעטאדע, וועלכע איך האב געלערענט פון אן אינדישען הייליגען. איך קען עס ניט טהאן אין דיעזע לענדער, וואו דיא לופט איז פערראונרייניגט און פערפעסטעט פון דעם רויך און דעם דאמפף פון דיא פאבריקען. דיא מענשהייט איז מא־

ראליש פערפּפּליכטעט עס צו טהאָן, ווייל דיעזע פאבריקען, וועלכע בעשאַ־פען רייכטהימער, נעהמען אוועק ביי דיא מענשען זייער געזונדהייט.

דאָקטאָר טירקאָמעל האָט אָנגעהויבען צו ערקלערען, וויא אזוי דיא שווינד־זוכט, דיעזע שרעקליכע פּעסט פון דער נייעסטער ציוויליזאציאָן, פאָדערט אלע מאָל מעהר אָפּפער, מיט יעדען יאָהר שטארבען מעהר מענשען פון דיעזער קראנקהייט, ווייל עס ווערען אלע מאָל מעהר פאבריקען.

פראנסוא האָט איהם אויסגעהערט מיט פערגניגען. דער דאָקטאָר האָט זיך ארויסגעוויזען אלס גרויסער געלערענטער. עס קען זיין, אז ער איז געווען א פאנטאסט, א טרוימער, א מענש, וועלכער האָט זיך איינגעבילדעט, אז ער קען אויסהיילען דיא שווינדזוכט, אָבער מען האָט געמוזט צוגעבען, אז ער איז אַן ערנסטער געלערענטער.

זשאק דאָראן האָט אָבער גאָר ניט געוואָלט וויסען פון דעם דאָקטאָר'ס פּלענער. ער האָט איהם דארום אונטערבראָכען און האָט געזאָגט בייז, האסטיג, אונרוהיג:

— ווייסט איהר, אז מען קען אייך פערקלאָגען אין א געריכט און אייך לאָ־זען ארעסטירען?

— פאר וואָס?

— פאר וואָס איהר גיט אונז ניט ארויס דעם בריעף. עס איז אונזער געלד און איהר מוזט אונז אוועקגעבען אונזער טהייל ירושה.

— איהר האָט א טעות, מיינע הערערען פראנצויזען, האָט דער דאָקטאָר גע־ענטפערט גאנץ רוהיג, איך בין טאקע ניט קיין אדוואָקאט, איך ווייס אָבער גאנץ גוט, אז איך בעגעה דערמיט ניט קיין פערברעכען. איידער אייך אוועק־צוגעבען דאָס געלד, איהר זאָלט עס פערשווענדען און מאכען נאָך מעהר קראנקע און אונגליקליכע מענשען, זאָלען בעסער קיאמיל פאשא'ס מיליאָנען פערפוילט ווערען דאָרט, וואו זיי זיינען בעגראָבען.

זשאק דאָראן איז אויפגעשפּרונגען, וויא א וואהנזיניגער, האָט געמאכט פון זיינע ביידע הענד צוויי שטארקע פויסטען, איז צוגעגאנגען נעהענטער צום דאָקטאָר, האָט אויסגעשטרעקט זיינע ביידע פויסטען און האָט געזאָגט:

— ענטפערט מיר קורץ און שארף: ווילט איהר אונז ארויסגעבען קיאמיל פאשא'ס בריעף אָדער ניט?

— ניין, האָט דער דאָקטאָר געענטפערט.

— ניין? האָט דאָראן איבערגעפרעגט און א ווייסער שוים האָט זיך בעוויזען אויף זיינע בלייכע ליפּען.

— ניין, האָט געזאָגט דער דאָקטאָר רוהיג און קאלטבלוטיג.

זשאק דאָראן איז צוגעלאָפען צו איהם און האָט געשריען ניט מיט זיין קול:

— איהר ווילט אונז ניט געבען דעם בריעף מיט גוטען? נו, וועלען מיר איהם נעהמען ביי אייך מיט בייזען!

מיט דיעזע ווערטער האָט ער זיך ארויפגעוואָרפען אויף׳ן דאָקטאָר און האָט געוואָלט איהם דערווארגען. פראנסוא האָט איהם צוריקגעהאַלטען מיט אַלע זיינע קרעפטען.

דער דאָקטאָר האָט גוט פערשטאנען, אז דיעזע מענשען זיינען פעהיג איהם צו טויטען און צו זוכען אין זיינע צימערען אזוי לאנג, ביז זיי וועלען געפי־נען דעם בריעף. ער האָט דארום געזאָגט גאנץ רוהיג:

— אייער מיה איז אומזיסט. איך האָב ניט קיאמיל פאשא׳ס בריעף.

— איהר האָט איהם ניט? וויא איז דאָס מעגליך? וואו איז ער דען? האָבען דאָראן און זאמבוקאָ אויסגערופען מיט איין קול.

— איך האָב איהם פערברענט.

זשאק דאָראן האָט אָנגעהויבען צו קייכען, גלייך וויא עס וואָלט איהם גע־טראָפען דער שלאג.

— ער האָט איהם פערברענט! האָט ער געקייכט. דער... טויגעניכטס! וויא... אזוי... פערברענט מען עס... א בריעף... וועלכער... איז ווערטה... צוואנציג מיליאָן! צוואנציג מיליאָן!... עס איז... ארויסצוזאָגען... מיט׳ן מויל... צוואנציג מיליאָן!...

— יעצט, מיינע העררען, קענט איהר אייך געהן געזונדערהייט, האָט דער דאָקטאָר געזאָגט ערנסט און פינסטער.

מיט דיעזע ווערטער האָט ער זיי געוויזען דיא טהיר.

זשאק דאָראן איז געבליבען שטעהן גלייך וויא א בליץ וואָלט איהם גע־טראָפען. זאמבוקאָ האָט זאָגאר אָנגעהויבען צו וויינען, נאָר פראנסוא איז גע־בליבען רוהיג. ער איז געוועזען העכסט צופריעדען דערפון.

ביידע שוואָגערס זיינען געווען אזוי דערשלאָגען און אזוי צובראָכען, אז פראנסוא האָט געמוזט זיי נעהמען אונטער דיא אָרם און זיי אראָבפיהרען פון דיא טרעפ.

28טעם קאפיטעל.

## סוֹאַד פאַשא געפינט וואָס מען זוכט

זשאק דאָראן איז, אמת, געוועזען א פאָלקאָמען געזונדער מענש, אָבער דער שטארקסטער מענש, אן אייזערנער מענש וואָלט אויך ניט געקענט אויסהאַלטען אזוי פיעל איבערראשונגען, אויפרעגונגען און ענטטוישונגען.

דער שטארקער קערפער פון זשאק דאָראן האָט געקענט איבערטראָגען דיא לאנגע און שווערע רייזען אין אָמאן און אין לאָאנגאָ, דעם שיפברוך אין דער

בוכטע פון מאיומבא, אָבער ער האָט ניט געקענט אויסהאַלטען דיא לעצטע ענט־טוישונג, ווען א קלוגער מענש האָט זיך אָבגעזאָגט פון זיינע מיליאָנען און האָט ניט געוואָלט ארויסגעבען דיא מיליאָנען, וועלכע געהערען איהם, זשאק דאָראן, און זיין ליעבען שוואָגער.

פראנסוא האָט קוים געבראכט זיין אָנקעל אין האָטעל. זשאק דאָראן האָט זיך געלעגט אין בעט און איז קראנק געוואָרען, ערנסט קראנק געוואָרען. מען האָט גערופען א דאָקטאָר, וועלכער האָט ערקלעהרט, אז דאָראן האָט א נערווען־פיעבער, אַלזאָ א זעהר געפעהרליכע קראנקהייט.

דער דאָקטאָר האָט געטהאָן אַלעס, וואָס ער האָט געקענט און געדארפט טהאָן אין אזא פאל. אָבער ער האָט זיך זעהר געוואונדערט, ווען ער פלעגט בע־זוכען דעם קראנקען און פלעגט הערען, וויא דער קראנקער רעדט פון היץ און שרייט, מען זאָל איהם אָבגעבען זיינע מיליאָנען.

— מיינע מיליאָנען! מיינע צוואנציג מיליאָן! פלעגט שרייען דער קראנ־קער. דער טייפעל! פאר וואָס וויל ער מיר ניט אָבגעבען מיינע מיליאָנען?

זעלבסטפערשטענדליך, אז פראנסוא האָט באלד דערצעהלט זיין פריינד טרעגאָמעין, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דעם הויז פון דאָקטאָר טירקאָמעל און אז דער דאָקטאָר וויל ארויסגעבען זיין דאָקומענט נור דאן, ווען דיא יורשים פון קיאמיל פאשא וועלען אָבגעבען דאָס גאנצע געלד אויף א האָספּיטאל פאר שווינדזיכטיגע.

— נו, יעצט דענק איך, האָט זיך דיא גאנצע געשיכטע געענדיגט, האָט טרעגאָמעין געזאָגט.

— איך דענק אויך אזוי, האָט פראנסוא בעמערקט, דאָקטאָר טירקאָמעל איז א משוגענער פאנאטיקער, מיט איהם וועט מען גאָר ניט מאכען. ער דארף ניט קיין געלד און לאכט פון דיא מענשען, וועלכע יאָגען זיך נאָך געלד, גלייך וויא דאָס גאנצע לעבען פון א מענשען וואָלט בעשטאנען נור אין געלד.

— איך זעה גאָר ניט איין, פאר וואָס דו האלטסט איהם פאר א משוגענעם. דוא זעהסט דאָך, אז ער וואָלט געקענט פערדיענען פיעל געלד אלס דאָקטאָר און ער וויל עס ניט. ער וויל בעסער גרינדען א האָספּיטאל פאר שווינדזיכטיגע.

— ער איז אַלענפאַלס ניט אזוי וויא אנדערע מענשען. אָבער גלויבט איהר דען ווירקליך אין דיא מיליאָנען פון קיאמיל פאשא?

— איך וויל זאָגען דיא ווארהייט, האָט טרעגאָמעין געענטפערט, אָנפאנגס האָב איך געדענקט, אז דער טערקישער פאשא האָט גאָר קיין מיליאָנען ניט גע־האָט. זייט מען האָט אָבער געפונען דיא צוויי דימאנטען אויף דעם אינזעל אין דער בוכטע פון מאיומבא, האָב איך אָנגעהויבען צו גלויבען אין דיעזע מיליאָנען.

— און גלויבט איהר, אז זיי געפינען זיך ווירקליך אויף דעם דריטען אינ־זעל?

— פאר געוויס ווייס איך עס ניט. עס איז דייטליך, אז דיעזער קיאמיל פא־שא האט געהאט געוויסע אבזיכטען מיט זיינע מיליאָנען. מען זעהט דאך, אז ער האט עס אזוי געמאכט, אז זיינע יורשים זאָלען מוזען ארומפאָהרען א לאנגע צייט און ליידען אלערליי אונאנגענעהמליכקייטען, איידער זיי וועלען בעקומען דיעזע מיליאָנען. איך דענק זאָגאר, אז דיעזער דאָקטאָר טירקאָמעל ווייס פיעל מעהר פון דיעזע מיליאָנען, וויא מיר אלע. עס קען זעהר זיין, אז ער איז געווען גוט בעקאנט מיט קיאמיל פאשא און זיי האָבען עפּעס אָבגערעדט וועגען דיעזע מיליאָנען.

— איהר האט רעכט, פריינד, האט פראנסוא לאנגזאם געזאָגט, עס איז זעהר מעגליך, אז קיאמיל פאשא האט געוואָלט געבען א לעהרע א געוויסע צאָהל מענשען און זיי ווייזען, וואָס עס ווערט פון א רייכטהום, וועלכעס מען האט אָנגעזאמעלט מיט מיה, מיט נויט, שוויים, מיט אלערליי גערעכטע און אונגע־רעכטע מיטעל. דיא וועלט־געשיכטע לערענט אונז, אז א דינאסטיע, א קעניגלי־כע פאמיליע, מיט אנדערע ווערטער, א געוויסע סומע עהרע דויערט אויך ניט זעהר לאנג, רייכטהום אָדער א געוויסע סומע געלד געפינט זיך אויך אין גע־וויסע הענד ניט זעהר לאנג.

— אלזאָ וויא לאנג וועט דויערען דיא דינאסטיע פון דיא ראָטהשילדס? האט טרעגאָמעין געפרעגט.

— דיא ראָטהשילדס זיינען נאָך א גאנץ יונגע דינאסטיע, האט פראנסוא געענטפערט, זייער רייכטהום האט זיך אָנגעהויבען אין 1800, יעצט צעהלען מיר 1862, דיא דינאסטיע פון דיא ראָטהשילדס איז אלזאָ אלט נור אונגע־פעהר 62 יאָהר. דינאסטיען פון קעניגע, מיט אנדערע ווערטער, מאגנאטען פון עהרע דויערען פיעל לענגער. דיא וועלט־געשיכטע לערענט אונז, אז אייניגע קע־ניגליכע דינאסטיען האָבען גערויערט פינף ביז זעקס הונדערט יאָהר.

— אלזאָ, דענקסט דוא ניט זעהר פיעל פון קיאמיל פאשא'ם מיליאָנען?

— איך האָב נעכטען ביינאכט אוועקגעשיקט א בריעף צו מיין געליעב־טער זשוליעט, אז מיר וועלען באלד צוריקקומען אהיים און יעצט וועלען מיר שוין קענען הייראטהען, ווייל איך בין פעסט איבערצייגט, אז יעצט וועט שוין מיין אָנקעל אויסגעהיילט ווערען פון זיין מאניע (שגעון) נאָכצולויפען נאָך קיאמיל פאשא'ם מיליאָנען.

פראנסוא האט יעצט געפונען פאר נויטהיג צו דערצעהלען בן אָמאר'ען אלעס וואָס עס האט פאסירט אין דעם הויז פון דאָקטאָר טירקאָמעל. ער האט איהם ערקלעהרט, אז יעצט איז אלעס פערלאָרען. קיאמיל פאשא'ס בריעף וועגען דעם אינזעל נומער דריי איז פערברענט און יעצט מוז יעדער פאָהרען אהיים אָהן דיא מיליאָנען.

וואָס עס איז שפּעטער פאָרגעקומען צווישען בן אָמאר'ען און סואד פאשא,

זוים קיינער ניט. פראנסוא האָט גערעכענט, אז קוים וועט ער דערצעהלען דעם עגיפּטיאנער, אז מען האָט מעהר ניט צו דענקען פון קיאמיל פאשא'ס מיליאָנען, וועט ער באלד אוועקפאָהרען נאָך עגיפּטען, בן אָמאר אָבער און זיין שרייבער נאזים זיינען געבליבען אין האָטעל.

אונטערדעסען איז זשאק דאָראן געלעגען קראנק. פראנסוא און טרעגאָמעין זיינען ארומגעגאנגען ארום איהם, וויא א געטרייע מוטער ארום איהר קראנקען קינד. זיי פלעגען איהם לעגען אייז צום קאָפּ, זיי פלעגען איהם איינגעבען מעדיצין און זיי פלעגען צורעכט מאכען זיין געלעגער.

זשאק דאָראן פלעגט אימער ריידען פון היץ, זיך בייזערען, שילטען און שרייען, פאר וואָס מען גיט איהם ניט אָב זיינע מיליאָנען; ער וויל פערהייראטהען זיין ניכטע זשוליעט מיט א פרינץ און זיין נעפע פראנסוא מיט א פרינצעסין.

צום גליק, האָט זשאק דאָראן'ס שטארקער קערפּער אויסגעהאלטען דיא קראנקהייט. דער דאָקטאָר האָט געטהאָן אלעס וואָס ער האָט געקענט און ער האָט אויך באלד איינגעזעהן, אז ביי אזא שטארקען קערפּער וועט ער לייכט בעהערשען דיא קראנקהייט.

— דעם קערפּער וועל איך אויסהיילען, איך וויים אָבער ניט, אויב איך וועל זיין אים שטאנד אויסצוקורירען דעם גייסט, האָט דער דאָקטאָר אמאָל געזאָגט צו פראנסוא, א נערווען פיעבער לאָזט אמאָל איבער א טרויעריגען שטעמפּעל אויף דעם קראנקען, איך קען ניט גאראנטירען, אז דער קראנקער וועט בלייבען גייסטיג געזונד.

ענדליך איז געקומען דער קריזים. דיא קראנקהייט האָט געבראָכען. זשאק דאָראן איז געווען אים שטאנד צו דערקענען פראנסוא, טרעגאָמעין און זאָגאר זיין שוואָגער זאמבוקאָ.

זיין שוואָגער? יעצט איז עס געווען א גרויסע פראגע, אויב דיעזע צוויי מענער וועלען נאָך אמאָל ווערען שוואָגערס און אויב דיא ניט שעהנע און ניט יונגע יונגפרוי טאליסמא זאמבוקאָ וועט נאָך אמאָל קענען פערהייראטהע ווערען. דער קלוגער זאמבוקאָ האָט זיך געהאלטען פעסט אָן זיין פרינציפּ, אז זיין שוועסטער קען הייראטהען נור א מאן מיט פיעלע מיליאָנען. זיא קען דאָך ניט הייראטהען אָן אָרימען אלטען פראנצויז.

זשאק דאָראן איז געוואָרען בעסער, פיעל בעסער. ער פלעגט שוין קענען זיצען אויף'ן בעט און עסען, וואָס דער דאָקטאָר האָט איהם פערשריבען, אָבער גראָד יעצט האָבען פראנסוא און טרעגאָמעין געמוזט בלייבען לעבען איהם. מיט זיי פלעגט ער רעדען, זיי פלעגט ער דערצעהלען פון זיינע נייע פּלענער און זיי פלעגט ער פּאָלגען, ווען זיי פלעגען איהם הייסען עסען, נעהמען מעדיצין אָדער זיך לעגען אָברוהען.

טרעגאָמעין האָט גוט געוואוסט, אז דענבאר איז ניט ווייט פון עדינבורג, דיא הויפט שטאָדט פון שאָטלאנד און דיא געוועזענע הויפט שטאָדט פון דיא שאָטלענדישע קעניגע. אין עדינבורג האָט געלעבט דיא קעניגין מאריא סטיוארט, וועלכע איז בעריהמט אין דער וועלט־געשיכטע מיט איהר טרויעריגען טויט אויפ'ן עשאפאָט אין ענגלאנד. אין עדינבורג האָט געלעבט מאריא סטיוארט'ס זוהן יעקב דער זעקסטער, וועלכער איז שפּעטער געוואָרען קעניג איבער גאנץ ענגלאנד אונטער דעם נאָמען יעקב אָדער דזשיימס דער ערשטער.

טרעגאָמעין און פראנסוא האָבען זעהר געוואָלט פאָהרען נאָך עדינבורג — אין גאנצען איין שטונדע רייזע פון דענבאר — אום צו זעהן דעם אלטען קע־ניגליכען שלאָס פון דיא קעניגע פון שאָטלאנד, אָבער דאָס איז געווען אונמעגליך, ווייל זיי האָבען ניט געקענט אוועקגעהן פון דעם קראנקען.

דערווייל איז מען געוואָהר געוואָרען אין דענבאר, אז עס זיינען גע־קומען פרעמדע, פראנצויזען און טערקען, וועלכע האָבען געוואָלט געבען דאָק־טאָר טירקאָמעל זעהר פיעל געלד און ער האָט זיך ענטזאגט דערפון.

ווער עס האָט פערברייטעט דיעזע נאכריכט, פון וואנען מען איז געוואָהר געוואָרען פון דיעזער געשיכטע, איז אונמעגליך צו זאָגען.

און מערקווירדיג, קוים האָט מען אָנגעהויבען צו רעדען דערפון אין דיא גאסען, איז דאָקטאָר טירקאָמעל געוואָרען בעליעבט און שטארק פּאָפּולער אין דער גאנצער געגענד. עס האָבען אָנגעהויבען צו קומען צו איהם קראנקע פון דער גאנצער געגענד. ארום זיין הויז פלעגען אָפט שטעהן רעדלעך מענשען. יעדער האָט געוואָלט זעהן דעם זאָנדערבארען מאן, וועלכער האָט זיך אָבגע־זאָגט פון מיליאָנען. ווען א דאָקטאָר זאָגט זיך אָב פון מיליאָנען, מוז ער זיין א גרויסער געלעהרטער אָדער אביסעל משוגע.

דאָקטאָר טירקאָמעל פלעגט אויפנעהמען נור זעהר וועניג קראנקע. ער פלעגט בעהאנדלען נור ווירקליך קראנקע. קוים האָט ער בעמערקט, אז איי־נער האָט זיך נור געמאכט קראנק און איז געקומען צו איהם נור אוים נייגיע־ריגקייט, פלעגט ער גאנץ איינפאך איהם הייסען ארויסגעהן פון זיין הויז.

אין א שעהנעם פריהמאָרגען איז דאָס הויז פון דאָקטאָר טירקאָמעל גע־בליבען געשלאָסען. עס זיינען געקומען פיעלע פּאציענטען, האָבען געקלאפט אין דער טהיר, אָבער קיינער האָט זיי ניט געענטפערט.

זיי האָבען געווארט ביז 11 א זייגער. קיינער האָט זיך ניט געוויזען. דיא פענסטער און דיא טהיר פון דעם הויז זיינען געבליבען פערמאכט. עס זיינען זיך אויך צונויפגעקומען פיעלע מענשען און מען האָט אָנגעהויבען צו רעדען, אז מען מוז רופען פּאָליציי, אויסברעכען דיא טהיר און זעהן, וואָס דאָרט טהוט זיך.

ווען עס איז געוואָרען 12 א זייגער און דיא טהיר פון דאָקטאָר טירקאָמעל'ס

הויז איז אלץ געבליבען פערמאכט, האָט מען אָנגעהויבען איבערצוטראכטען, אז עפּעס איז געשעהן, און מען האָט געשיקט רופען א פּאָליציסט.

דער פּאָליציסט האָט אויסגעבראָכען דיא טהיר און איז אריינגעקומען אין דאָקטאָר טירקאָמעל׳ס צימער. א שרעקליך בילד האָט זיך איהם פאָרגע־שטעלט: אלע קאסטענס און אלע שופלאָדען זיינען געווען געעפענט, אויפ־געריסען מיט געוואלד. אלעס אין צימער איז געווען צואוואָרפען און צוריסען. דער שרייב־טיש איז געווען איבערגעקעהרט, דיא ביכער, שריפטען און אינסטרו־מענטען זיינען געלעגען צוריסען און צובראָכען אויף דעם פוסבאָדען. דיא ווע־ניגע און ניט רייכע קליידער פון דעם דאָקטאָר טירקאָמעל זיינען געלעגען אויף דיא ביכער מיט דיא קעשענעס אויסגעקעהרט, א בעוויזז, אז מען האָט שטארק געזוכט אין דיעזע קעשענעס.

אין זיין קליינעם אָרימען שלאָף־צימער איז געלעגען דאָקטאָר טירקאָמעל אויף זיין בעט, דיא הענד און דיא פיס געבונדען. ער איז געווען גאנץ נאקעט. עס איז געווען דייטליך, אז מען האָט פון איהם אראָבגעריסען זיינע אָרימע קליידער מיט געוואלד. אין זיין מויל האָט געשטעקט א גרויסע שטיק האָלץ, א שפּרייז־האָלץ, ער זאָל ניט קענען שרייען.

ער האָט נאָך געלעבט, דאָס הייסט, ער האָט נאָך גאנץ שוואך געאָ־טהעמט.

מען האָט באלד ארויסגענומען דאָס שפּרייז־האָלץ פון זיין מויל און מען האָט איהם אָנגעהויבען צו רייבען און איהם צו מינטערען. מען האָט אויך באלד גערופען א דאָקטאָר.

ווען דיא פּאָליציי און דער דאָקטאָר האָבען געמינטערט און גריבען דעם האלב־טויטען דאָקטאָר טירקאָמעל, האָבען זיי דערזעהן מיט שטוינען און פער־וואונדערונג, אז אויף זיין רעכטער פּלייצע זיינען איינגעשטאָכען ציפערען. מען האָט געקענט לעזען גאנץ דייטליך: 17, 91.

וואָס זיינען דאָס פאר ציפערען? וואָס בעדייטען זיי?

ווען מען האָט אָבגעמינטערט דעם דאָקטאָר און ער איז אזוי ווייט געקור־מען צו זיך, אז ער האָט געקענט רעדען, האָט מען איהם געפרעגט, וויא קומט עס, וואָס ער איז טאטואירט? וואָס בעדייטען דיעזע ציפערען?

ער האָט געענטפערט, אז ווען ער איז נאָך געווען א קינד פון א יאָהר צעהן, האָט זיין פאָטער איינגעשטאָכען אויף זיין פּלייצע דיעזע ציפערען.

— אָבער וואָס בעדייטען זיי? צו וואָס האָט אייער פאָטער עס געטהאָן?

אויף דיעזער פראגע האָט דער דאָקטאָר ניט געוואלט ענטפערען.

דאָס איז געווען דער פּאראלעל פון דעם אינזעל, אויף וועלכען קיאמיל פּא־שא האָט פערגראָבען זיינע מיליאָנען.

די פּאָליציי האָט דאַן געפרעגט: וואָס איז פאָרגעקומען אין זיין הויז? ווער האָט איהם געבונדען?

דאָקטאָר טירקאָמעל האָט דערצעהלט, אז פאָריגע נאַכט, ווען ער איז געזעסען ביי זיין שרייב־טיש און האָט געארבייט, איז צוגעקומען פון הינטען א שטארקער מאַן מיט שווארצע האָר און מיט א ברוינעם געזיכט און איז אָנגעפאלען אויף איהם. צוערשט האָט ער איהם ארייגעשטעלט א שפּרייז־האָלץ אין מויל, דאַן האָט ער איהם געבונדען די הענד אויף׳ן רוקען און האָט איהם אריינגעוואָרפען אין זיין בעט.

ער האָט ניט געקענט שרייען, ווייל דער רויבער האָט איהם פערשטעלט דאָס מויל מיט׳ן שפּרייז־האָלץ. ער האָט זיך ניט געקענט ראנגלען מיט׳ן רויבער, ווייל דער רויבער איז א יונגער מאַן און ער, דער דאָקטאָר, איז אַן אלטער, שוואַכער מענש. אויסער דעם איז ער געווען אזוי איבערראַשט פון דעם פּלוצלונגען איבערפאַל, אז אין די ערשטע עטליכע מינוטען האָט ער גאָר ניט געוואוסט, וואָס עס טהוט זיך מיט איהם.

שפּעטער האָט ער געזעהן, וויא דער רויבער האָט געזוכט אין אלע שופלאָדען און אין אלע זיינע פּאַפּיערען. ער האָט געזעהן אלעס וואָס דער רויבער האָט געטהאָן און האָט זיך ניט געקענט ריהרען.

ענדליך, ווען דער רויבער האָט ניט געפונען, וואָס ער האָט געזוכט, האָט ער אָנגעהויבען צו זוכען אין די קליידער, וועלכע דער דאָקטאָר האָט געטראָגען אויף זיך, דערביי האָט ער דערזעהן די ציפערען, וועלכע זיינען איינגעשטאָכען אויף זיין רעכטער פּלייצע. קוים האָט ער זיי דערזעהן, האָט ער זיי פערשריבען און איז זיך רוהיג אוועקגעגאנגען.

דער אלטער פרוי, דער איינציגער דיענערין פון דעם דאָקטאָר, האָט דער רויבער געגעבען א שטארקען זעץ איבער׳ן קאָפּ און זיא איז געפאלען אין אָנמאַכט. ווען די פּאָליציי איז געקומען, האָט מען זיא געפונען ליעגען אויף איהר געלעגער אזוי דערשראָקען, אז זיא האָט מורא געהאט זיך אויפצוהויבען.

די פּאָליציי האָט ווייטער אויסגעפרעגט דעם דאָקטאָר, ווער עס איז געווען ביי איהם, און אויב ער ווייס פון א מענשען, וועלכער אינטערעסירט זיך מיט דיעזע ציפערען. דער דאָקטאָר האָט געענטפערט, אז מיט עטליכע טעג צוריק זיינען ביי איהם געווען צוויי פראַנצויזען און אן איטאליענער אָדער מאַלטעזער, וועלכע האָבען איהם געבעטען, ער זאָל זיי ארויסגעבען דיעזע ציפערען.

יעצט האָט די פּאָליציי שוין געוואוסט, ווער דער רויבער איז. מען האָט באלד געפונען זשאַק דאַראַן, פראַנסואַ, טרעגאָמעין און זאמבוקאַ. מען האָט זיי געפרעגט, אויב זיי זיינען געווען ביי דאָקטאָר טירקאָמעל, זיי האָבען עס ניט געלייקענט. אלזאָ איז דאָך איינער פון זיי געווען דער רויבער.

זשאַק דאַראַן האָט בעוויזען, אז ער איז קראַנק געווען און קען נאָך יעצט

ניט ארויסגעהן אויף דער גאס. פראנסוא, טרעגאַמעין און זאַמבוקאַ האָבען בעוויזען, אז זיי זיינען ניט ארויסגעגאנגען פון האָטעל. אז בן אָמאר האָט ניט געקענט זיין דער רויבער, האָט יעדער איינגעזעהען. ער איז געוועזן זעהר שוואך פון דער לאנגער רייזע און ער פלעגט זעלטען זיך ווייזען אין קאָרידאָר פון האָטעל.

אָבער נאזים, דער שרייבער פון בן אָמאר — וואו איז נאזים? נאזים איז פערשוואונדען געוואָרען.

עס איז אלזאָ דייטליך, אז נאזים איז עס געוועזן דער רויבער, וועלכער האָט עס אוועקגערויבט ביי דאָקטאָר טירקאָמעל זיין געהיימנים. דעם מערי־דיאן פון דעם אינזעל האָט ער געוואוסט, ווייל ער האָט עס געהערט פון זשאק דאָראן אויף דעם אינזעל אין דער בוכטע פון מאיומבא, יעצט איז ער געוואָהר געוואָרען דעם פּאראלעל.

דאָס איז געווען קלאָר און דייטליך פאר פראנסוא און טרעגאַמעין. דיא פּאָליציי פון דענבאר האָט עס אָבער ניט געוואָלט גלויבען און מען האָט גע־בראכט דאָקטאָר טירקאָמעל אין האָטעל, ער זאָל דערקענען דעם רויבער. ער האָט איהם ניט דערקענט. דיא פּאָליציי האָט אלזאָ ניט געקענט ארעסטירען קיינעם פון אונזערע בעקאנטע.

ביז אהער האָט פראנסוא און טרעגאַמעין ניט געוואָלט אויסזאָגען זשאק דאָראן וואָס סואד פּאשא אָדער נאזים האָט אָבגעטהאָן; ווען דיא פּאָליציי האָט אָבער געבראכט דאָקטאָר טירקאָמעל אין האָטעל און זשאק דאָראן האָט דערזעהן דאָקטאָר טירקאָמעל מיט פּאָליציי, האָט מען איהם אלעס געמוזט דער־צעהלען.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען, וואָס דער אָרימער זשאק דאָראן האָט געפיהלט, ווען ער איז געוואָהר געוואָרען, אז בן אָמאר'ס שרייבער, דיעזער שטי־לער, פערטראכטער נאזים בן אבדאללאה, וועלכער קען קיין צוויי ניט צעהלען, האָט זיי אלע אָבגענארט. ער האָט ארויסגעקראָגען פון דאָקטאָר טירקאָמעל זיין געהיימנים און איז אנטלאָפען מיט איהם. יעצט איז ער שוין אין וועג און פאָהרט שוין אויף'ן אינזעל.

זאמבוקאַ האָט געטאנצט פאר צאָרן און פערדרוס. יעצט וועט ער ניט בעקומען א סענט פון דיא צוואנציג מיליאָן און זיין שוועסטער טאליסמא וועט שוין קיין מאָל ניט הייראטהען. ווען דאָס זאָל געוועזן פאסירען אין טונים, וואָלט ער שוין געפינען מיטעל צו כאפען דעם רויבער, עס האָט אָבער פאסירט אין ענגלאנד, אין א לאנד וואו ער קען זיך זאָגאר ניט צוזאמענרעדען מיט דיא מענשען, וועלכע זיינען איהם שטאנד נאָכצולויפען אזא טויגעניכטס.

וועניגער איבערראשט איז געווען פראנסוא. ער האָט שטענדיג געהאלטען

דיעזען נאזים פאר דעם גרעסטען טויגעניכטס און האָט איהם קיין מאָל ניט געטרויט.

אז אלע זיינען אָנגעפאלען אויף דעם אונשולדיגען בן אָמאר׳ען, איז גאנץ נאטירליך. זיי האָבען איהם חושד געווען, אז ער האָט געוואוסט פון אלעס. צום אונגליק נאָך, האָט זיך בן אָמאר ארויסגעכאפּט און האָט אויסגערופען:

— אך, סואד! סואד!

— אזוי? אייער שרייבער הייסט גאָר ניט נאזים? האָט פראנסוא גע־פרעגט.

יעצט האָט דער בלאָטער געפּלאצט און אלע זיינען געוואָהר געוואָרען, אז בן אָמאר׳ס שרייבער איז גאָר סואד פאשא, דער זוהן פון מוראד ביי, קיאמיל פאשא׳ס נעפע.

וויא שוואך זשאק דאָראן איז געווען, איז ער דאָך אויפגעשטאנען און האָט צוגערופען זיין נעפע.

— האָסט דוא געקויפט נייע לאנד־קארטען, פראנסוא? האָט ער איהם געפרעגט.

— יא, אָנקעל.

— האָסט דוא געקויפט נייע אינסטרומענטען?

— יא, אָנקעל.

— דער מערידיאן פון דעם דריטען אינזעל איז 15 גראד 11 מינוט אָסט (מזרח). איז עס אזוי?

— יא, אָנקעל.

— און דער פאראלעל איז 17 גראד 91 מינוט נאָרד, אזוי שטעהט עס אויף דער פלייצע פון דאָקטאָר טירקאָמעל?

— יא, אָנקעל.

— אלזאָ נעהם דיינע לאנד און מעער־קארטען און זאָג מיר, וואו דארף זיך געפינען דער אינזעל נומער דריי.

פראנסוא האָט ארויפגעלעגט אויף׳ן טיש א גרויסע קארטע און האָט געזאָגט:

— דער דריטער אינזעל איז שפּיצבערגען.

— שפּיצבערגען? דער קעלטסטער אינזעל אויף דער וועלט? האָט זשאק דאָראן אויסגערופען.

פראנסוא האָט געשוויגען.

— וויא איז דאָס מעגליך? וויא קומט קיאמיל פאשא אזוי ווייט אין נאָרד? שפּיצבערגען איז דאָך צעהן מאָנאט אין יאָהר בעדעקט מיט אייז. שפּיצבערגען, וואו עס וואָהנט ניט קיין מענש? שפּיצבערגען, וואו עס געפינען זיך דיא שרעקליכסטע אייז־בערען?

— יא, ליעבער אָנקעל, האָט פראנסוא געזאָגט שטילערהייט.

— דאַן מוזען מיר פאָהרען נאָך שפּיצבערגען, האָט זשאק דאָראַן געזאָגט גאַנץ ערנסט. געה און פרעג זיך אָן, אויב מען קען קריעגען א שיף נאָך שפּיצבערגען.

פראנסוא איז געבליבען שטעהן וויא פערשטיינערט. דארויף האָט ער זיך ניט געריכט.

— געה, מיין פריינד, און זוך א שיף, האָט זשאק דאָראַן געבעטען. איך וויל ניט, אז דיעזער פערדאמטער סואד פאשא זאָל קומען פאר אונז און זאָל צונעהמען דיא מיליאָנען.

— און דוא, טרעגאָמעין, געה און זאָג בן אָמאר׳ען, אז ער מוז פאָהרען מיט אונז נאָך שפּיצבערגען, דיא קעלטסטע געגענד אין דער וועלט. לאָז ער אויך וויסען, וואָס עס הייסט א רייזע צום נאָרד פאָל.

— ניט צום נאָרד פאָל, נאָר צום קעלט פאָל, ווייל אין דער נאָרד זייט פון שפּיצבערגען געפינט זיך דער קעלטסטער פונקט אין דער נאָרד העלפט פון דער וועלט.

— עס איז נאָך גוט, וואָס דיעזער קיאמיל פאשא האָט ניט געקענט פערגראָבען זיינע מיליאָנען אויף דער לבנה, האָט פראנסוא געברומט, זאָנסט וואָלטען מיר נאָך געמוזט פאָהרען אויף דער לבנה.

29טעם קאפּיטעל.

# אויף שפּיצבערגען

דער בעסטער וועג צו פאָהרען נאָך שפּיצבערגען איז איבער נאָרוועגען. דיא טאפּפערע און פעהיגע פישער פון נאָרוועגען פאָהרען אָפט נאָך שפּיצבערגען אום צו פאנגען וואלפיש, זעע-הינד (סיעל, אויף ענגליש) און דעם וואלראָס, וועלכער האָט גרויסע צייהן און דיעזע צייהן זיינען אזוי טהייער, וויא עלעפאנטביין.

דיא פישער פון נאָרוועגען מאכען זעהר פיעל פיש-טראָן און פיש-אויל (קאָד ליווער אויל אויף ענגליש). דער פיש-אויל פון נאָרוועגען ווערט בעטראכט אלס דער בעסטער אין דער וועלט און ווערט געברויכט זעהר פיעל אין דער מעדיצין.

עס איז וואהר, אז אין נאָרד אמעריקא, בעזאָנדערס אויף דעם אינזעל ניופאונדלענד מאכט מען אויך זעהר פיעל פיש-אויל, אָבער דיעזער פיש-אויל ווערט בעטראכט אלס שוואכער, ניט אזוי גוט וויא דער נאָרוועגישער פיש-אויל.

דער פיש־אויל ווערט געצויגען פון דעם לעבער פון א געוויסען פיש, וועלכער הייסט "קאד" אויף ענגליש, "טריאַסקא" אויף רוסיש, "קאַבעליאו" אויף דייטש. דאָס פלייש פון דעם קאד־פיש איז גאנץ גוט צום עסען. מען עסט עס פרישערהייט און אויך געזאלצענערהייט. מעהר ווערטה האָט אָבער דער לעבער פון דיעזען פיש, וויל נור דער לעבער ווערט געברויכט אום צו מאכען פון איהם דיא מעדיצינישע פיש־אויל.

ווען מען פאנגט דעם פיש, עפענט מען איהם אויף און מען נעהמט ארויס דעם לעבער. מען לעגט איהם אריין אין א פאס מיט לעבער און מען לעגט ארויף אויף דעם פאס שטיינער. פון דעם געוויכט פון דיא שטיינער ווערט אויסגע־פּרעסט דער ערשטער, בעסטער פיש־אויל. ער איז ווייס וויא וואסער און זעהר לייכט צום טרינקען.

ווען מען האָט אָבגעצאפּט דעם ערשטען בעסטען פיש־אויל, ווארפט מען אריין דעם לעבער אין א קעסעל און מען ווארימט איהם אביסעל. דאן פּרעסט מען איהם ווידער. עס קומט ארויס א צווייטער סאָרט פיש־אויל, וועלכער איז שוין אביסעל געלבליך. ער איז ניט אזוי אנגענעהם צום טרינקען, וויא דער ערש־טער סאָרט, אָבער ער ווערט נאָך בעטראכט אלס גוטער פיש־אויל.

ווען דער צווייטער סאָרט ווערט אויסגעפּרעסט, הויבט מען אָן צו קאָכען דעם לעבער און מען בעקומט דעם דריטען סאָרט, א דונקעל ברוינעם, געדיכטען פיש־אויל, וועלכען עס איז זעהר אונאנגענעהם צו טרינקען.

היינט ווערט דער דריטער סאָרט זעלטען געברויכט אלס מעדיצין. אמאָל אָבער פלעגט פיש־אויל זיין אזוי טהייער, אז ניט רייכע מענשען פלעגען מו־זען געברויכען נור דיעזען סאָרט. היינט געברויכט מען דיעזען סאָרט נור אלס שמירעכץ פאר מאשינען און אום וויך צו מאכען לעדער.

נאָרוועגען פיהרט א זעהר וויכטיגען האנדעל מיט פיש־אויל און מיט אנדערע פיש־פּראָדוקטען. דאָס לאנד איז אָרים, עס געפינט זיך ווייט אין נאָרדען, צפון־זייט, פון אייראָפּא. דער זומער געדויערט נאָר דריי־פיער מאָ־נאטען און עס קען וואקסען נור גערשטען און האָבער. דיא איינוואָהנער מוזען אלזאָ מאכען א לעבען פון דעם ים.

דיא וויכטיגסטע האנדעלס־שטאָדט אין נאָרוועגען, נאָך דער הויפּט־שטאָדט קריסטיאנא, איז בערגען. דיא שטאָדט בערגען צעהלט נור זעכציג טויזענד איינוואָהנער, אָבער זיא פיהרט דעם גרעסטען פיש־האנדעל אין דער וועלט. מען האנדעלט, דאָס הייסט, מען פערקויפט פאר אויסלאנד אלערליי סאָרטען פיש און פיש־פּראָדוקטען: הערינג, קיליען, סארדינען, פיש־אויל, פיש־ביין, פערשיעדענע פיש־קלעען און אין דער נייעסטער צייט דיא ביינער און דיא קעפּלעך פון דיא פיש, וועלכע ווערען געברויכט אלס א זעהר גוט מיטעל צו מיסטיגען פעלדער.

אין נאָרוועגען געפינט זיך אויך דיא שטאָדט האמערפעסט, וועלכע איז בע־מערקענסווערטה דערמיט, וואָס זיא איז דיא לעצטע שטאָדט אין נאָרדען (צפון) פון אייראָפּא. אין האמערפעסט איז פינף מאָנאטען טאָג און פינף מאָנאטען נאכט, און דיא איבריגע צוויי מאָנאטען פון דעם יאָהר איז דאָ טאָג און נאכט. דיא איינוואָהנער פון האמערפעסט ווייסען, אז אין ווינטער מוזען זיי זיך פאָרבערייטען אויף א לאנגער נאכט, וועלכע דויערט גאנצע פינף מאָנאטען, דערפאר אָבער האָבען זיי אים זומער א לאנגען טאָג, וועלכער דויערט גאנצע פינף מאָנאטען. מען זעהט, וויא דיא זון דרעהט זיך ארום אין הימעל אין אלע זייטען און געהט ניט אונטער.

דיא שטאָדט האמערפעסט צעהלט נור 2,300 איינוואָהנער. עס איז אלזאָ א קליין שטעדטעלע, אָבער אלע גרויס־מעכטע פון אייראָפּא האָבען זייערע קאָנסולען אין האמערפעסט. זיי טהון עס ניט אוים פערגניגען. אלע לענדער, וועלכע האָבען א גרויסע האנדעלס־פלאָטע, מוזען האָבען א קאָנסול אין האמערפעסט, ווייל דאָס מעער איז דאָרט זעהר אונרוהיג און עס קומען פאָר ניט זעלטען אונגליקען אויף׳ן מעער, דארום מוז יעדעס לאנד, וועלכעס האָט פיעלע האנדעלס־שיפען, האלטען א קאָנסול אין האמערפעסט, וועלכער זאָל העלפען און בעשיצען זיינע לאנדסלייט אין פאל פון נויט.

האמערפעסט איז נאָך מערקווירדיג דערמיט, וואָס אלע זיינע איינוואָה־נער לעבען נאָר פון מעער. אויף דעם לאנד ארום וואקסען נור איניגע גראָזען. מעהל און אנדערע לעבענס־מיטעל ווערען בעצויגען פון דיא גרויסע שטעדט, ריכטיגער נאָך, פון אנדערע לענדער, ווייל דאָס לאנד נאָרוועגען איז ניט אים שטאנד ארויסצוגעבען אזוי פיעל ברויט־שטאָפען, אז עס זאָל זיין גענוג פאר אלע איינוואָהנער. זיי מוזען אלזאָ לעבען פון דעם מעער.

קוים ענדיגט זיך דיא לאנגע ווינטער־נאכט פון פינף מאָנאטען, פאָהרען ארוים דיא איינוואָהנער אויף זייערע קליינע, אָבער שטארקע שיפען אין מעער כאפען פיש און טויטען זעע־הינד און וואלראָסע. ווען זיי האָבען געכאפט פיעל פיש און האָבען גענוג פעל פון זעע־הינד און צייהן פון וואלראָסע, פאָהרען זיי מיט זייער וואארע נאָך בערגען. דאָרט פערקויפען זיי זייער פיש־וואארע און קויפען איין מעהל און אנדערע לעבענס־מיטעל אויף דעם לאנגען ווינטער.

פראנסוא האָט יעצט געמאכט זיין רעכנונג: פון דענבאר נאָך בערגען איז אין גאנצען א שטרעקע פון פיער הונדערט מעער־מייל. פון ענגלאנד קען מען צו יעדער צייט קריעגען א שיף נאָך בערגען. פון בערגען נאָך האמערפעסט איז א שטרעקע פון זעקס הונדערט מייל, אָבער אין זומער צייט קען מען אָפט קריעגען א דאמפפער, וועלכער פאָהרט צווישען דיעזעביידע שטעדט. פיעלע רייכע מענער פון אייראָפּא און אמעריקא מאכען דיעזע רייזע אלס זומער־רייזע,

אלס פערגניגענס־רייזע. פיעל שווערער איז אָבער צו קריגען א שיף פון האמער־פעסט נאָך שפּיצבערגען, א שטרעקע פון זעקס הונדערט מייל, וואו מען פאָהרט שוין איבער דעם אייז־מעער און דיא רייזע קען אמאָל זיין רעכט געפעהרליך. דאמפּף־שיפען געהען קיין מאָל ניט פון האמערפעסט נאָך שפּיצבערגען. מען וועט אלזאָ מוזען דינגען א פישער־שיף, א זעגעל־שיף, אָבער אויף דיא מאטראָ־זען פון האמערפעסט מעג מען זיך פערלאָזען. זיי זיינען גוט בעקאנט מיט דעם אייז־מעער און זיי ווייסען שוין וויא אזוי צו פיהרען זייער שיף דורך דיא אייז־בערג און אייז־פעלדער פון יענע קאלטע געגענדען.

די פראגע איז נור: וואו נעהמט מען דאָס נויטיגע געלד? זשאק דאָראן האָט שוין אויסגעגעבען זיין גאנצעס געלד. טרעגאָמעין האָט מיטגענומען ניט זעהר פיעל געלד און ער האָט שוין אויסגעגעבען אלעס. דיא רייזע פון האמערפעסט נאָך שפּיצבערגען וועט קאָסטען פיעל געלד, ווייל מען וועט מוזען דינגען א שיף מיט א פעהיגען שיפסקאפּיטאן, מיט פעהיגע מאטראָזען: מען קען דאָך ניט פאָהרען אויף דעם אייז־מעער אויף א שיפעלע וויא דיא "פּאָרטאָ אלעגראָ" איז געווען, מיט אזא אונוויסענדען שיפסקאפּיטאן, וויא באראָסא, וועלכער האָט זאָגאר ניט געוואוסט, וויא אזוי מען דארף אָנלאָדען א שיף. מען מוז אלזאָ האָבען א שטארקע שיף און פעהיגע מענשען און דאָס קאָסט פיעל געלד.

אלזאָ, וואו נעהמט מען געלד?

צום גליק האָבען זיי געהאט מיט זיך א מאן, וועלכער האָט געקענט בע־קומען אין לאָנדאָן וויא פיעל געלד ער האָט נור געוואָלט, ווען ער האָט נור אונטערגעשריעבען זיין נאָמען. דאָס איז געווען דער באנקיר זאמבוקאָ. איהם אליין האָט מען אפילו ניט געקענט אין לאָנדאָן, אָבער דיא באנק אָוו ענגלאנד וואָלט געצאָהלט טויזענדער פונט אויף זיין טשעק.

זאמבוקאָ האָט אָבער גאָר ניט בעדארפט פאָהרען נאָך לאָנדאָן. דענבאר איז ניט ווייט פון עדינבורג, דיא הויפּט שטאָדט פון שאָטלאנד און דיא באנק אָוו סקאָטלאנד האָט אָנגענומען זיין טשעק וויא מזומן געלד און האָט איהם געגעבען מיט פערגניגען צוויי טויזענד פונט.

פון עדינבורג זיינען זיי געפאָהרען נאָך ליטה, א פּאָרט שטאָדט אין שאָט־לאנד, וואו עס געפינען זיך שטענדיג נאָרוועגישע שיפען. דאָס מאָל זיינען זיי געווען אזוי גליקליך, אז ווען זיי זיינען אָנגעקומען אין ליטה, האָבען זיי גע־טראָפען א דאמפּף־שיף, וועלכע איז געגאנגען נאָך בערגען.

דיא הויפּט זאך איז געווען, זיי זאָלען אָנקומען פריהער פאר סואד פּא־שא. אלזאָ, האָט מען זיך געמוזט איילען. ליידער, איז דער "וויקינג", אזוי האָט געהייסען דער דאמפּפער, ערשט דעם אנדערען טאָג אָבגעגאנגען נאָך בערגען. וויא אונגעדולדיג זשאק דאָראן און זיין שוואָגער זיינען געווען, האָבען זיי דאָך געמוזט ווארטען נאָך א טאָג.

זשאק דאַראן איז געפאַלען אויף א גוטען געדאנק: ער וועט זוכען פילייכט וועט ער קענען דינגען א שיף, וועלכע זאָל איהם פיהרען דירעקט נאָך שפּיצבערגען, דאן וואָלט ער געוואונען פיעל צייט און וואָלט פערשפּאָרט דיא מיה צו זוכען אין יעדער שטאָדט א שיף.

עס האָט זיך אָבער ארויסגעוויזען, אז קיין שיפסקאפּיטאן האָט ניט געוואָלט ריזיקירען זיין שיף און פאָהרען נאָך שפּיצבערגען. מען האָט אלזאָ געמוזט זיך ארומשלעפּען פון שטאָדט צו שטאָדט: פון ליטה נאָך בערגען, פון בערגען נאָך האמערפעסט און פון האמערפעסט נאָך שפּיצבערגען

דעם אנדערען טאָג איז דער "וויקינג" ארויסגעפאָהרען פון ליטה. דיא רייזע איז געווען א גליקליכע. אויף׳ן צווייטען טאָג זיינען זיי אָנגעקומען אין בערגען און האָבען באלד געפונען א גרויסען דאמפּפער מיט רייכע אייראָפּעער, וועלכע זיינען געפאָהרען זעהן דאָס לאנד, וואו דיא זון געהט ניט אונטער. דיעזער דאמפּפער איז געגאנגען ביז האמערפעסט.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען, וואָס פאַר גרויסע אויגען זאמבוקאָ און בן אָמאר האָבען געמאכט, ווען זיי האָבען דערזעהן צום ערשטען מאָל, וויא דיא זון דרעהט זיך ארום הימעל און געהט ניט אונטער. מען זעהט, וויא זיא געהט ארום אלע פיער זייטען פון דער וועלט: מזרח, מערב, צפון און דרום און פערשווינדעט גאָר ניט. עס איז וואהר, אז מען זעהט זיא מאכען שטענדיג א לאנגען שאָטען פון אלע זאכען, אזוי וויא ביי אונז אין דער פריה און פאר נאכט.

טרעגאָמעין איז געווען העכסט ענטציקט, ווען ער האָט עס דערזעהן.

— עס איז ווערטה צו פאָהרען נאָך נאָרוועגען נור אום צו זעהן דיא זון, האָט ער געזאָגט צו פראנסוא. יעצט פערשטעה איך, פאר וואָס מען רופט נאָרוועגען דאָס לאנד פון דער מיטנאכטס־זון: מען זעהט דאָ דיא זון אין מיטען דער נאכט, וויא אין מיטען טאָג.

דיא שיף איז געבליבען שטעהן אויף זעקס שטונדען אין דראָנטהיים, איינער פון דיא עלטסטע שטעדט אין נאָרוועגען. אין איהר האָט געלעבט דער היילינגער אָלאף, דער ערשטער קעניג פון נאָרוועגען, וועלכער האָט אָנגענומען דאָס קריסטענטהום. דערפאר האָט מען איהם געמאכט פאר א היילינגען און דערפאר ווערען דיא קעניגע פון שוועדען און נאָרוועגען געקרוינט אין דראָנטהיים.

זשאק דאַראן און זאמבוקאָ האָבען ניט געוואָלט אראָבגעהן זעהען דיעזע ניט גרויסע, אָבער מערקווירדיגע אלטע שטאָדט. פראנסוא און טרעגאָמעין זיינען אראָבגעגאנגען בעטראכטען דיא שטאָדט.

דיא גאנצע שטאָדט בעשטעהט נור פון איייניגע גאסען, וועלכע זיינען געפלאסטערט מיט שפּיציגע, שארפע שטיינער.

— דאָס איז א שטאָדט פאר שוסטער! האָט טרעגאָמעין אויסגערופען,

דאָ צורייסט מען געווים א פּאָר שטיוועל א טאָג. פאר וואָס האָבען דיא קלוּ־גע דראנטהיימער ניט אויסגעפּלאַסטערט זייערע גאסען מיט צובראָכענע פלע־שער ?

— בערוהיגט זיך, מיין פריינד, דיא דראנטהיימער טראָגען שיך מיט הילצערנע זוילען, האָט פראנסוא גענטפערט.

פיעל איז ניט געווען וואָס צו זעהן אין דראנטהיים. עס איז דאָרט דאָ א מארק פון גרינע זאכען און פריכטע, אָבער דיעזע ארטיקעל ווערען געבראכט פון ענגלאנד. אינטערעסאנט איז נור דער פיש־מארק, ווייל דיא איינוואָהנער פיהרען האנדעל מיט פיש און פיש־פּראָדוקטען. אויף דיעזען פיש מארק קען מען שוין געפינען פיש־ביין פון א גאנצען וואל־פיש. עס ליעגען אָנגעלעגט גאנצע הויפענס מיט פעסער הערינג. מען קען דאָרט געפינען אלע מעגליכע סאָרטען פיש : פרישע, געטריקענטע, געזאלצענע און גערויכערטע.

אין אייראָפּא און אין אמעריקא רויכערט מען יעצט פיש און פלייש דורך בעמישע מאטעריאלען און אין א גאנץ קורצער צייט ווערט עס גערויכערט, דאָס הייסט, עס בעקומט דיא פארב פון גערויכערטע זאכען, אָבער ניט דעם רעכטען געשמאק. אין נאָרוועגען רויכערט מען ווירקליך דיא פיש : מען האלט זיי אין רויך פון א פייער עטליכע טעג, ביז זיי ווערען דורך און דורך גערויכערט — "רייף, צייטיג", וויא מען רופט עס.

פראנסוא און טרעגאָמעין האָבען יעצט געהאט דיא בעסטע געלעגענהייט צו זעהן, וויא מען רויכערט פיש. זיי האָבען געקויפט א פּאָר גערויכערטע פלאָנדרעס, און ווען זיי האָבען זיי שפּעטער געגעסען, האָבען זיי ערשט פערשטאַ־נען, וואָס עס הייסט גערויכערטע פיש.

פראנסוא האָט נאָך צייט געהאט אָנצושרייבען א בריעף צו זיין געליעבטער זשוליעט און איהר צו מעלדען, אז ער האָפט אין צוויי מאָנאטען ארום צוריק־צוקומען.

אין אבענד איז דער דאמפּפער ווייטער געפאָהרען. ווען איך זאָג "אין אבענד", מיין איך ניט, ווען עס איז נאכט געוואָרען, ווייל אין יענער צייט און אין יענער געגענד וויים מען ניט פון נאכט. אָבער אום דאָך צו האלטען א רעכנונג פון דער צייט, רופען דיא מענשען 12 שטונדען טאָג און דיא אנדערע 12 שטונדען נאכט. עס איז רעכט קאָמיש צו רופען נאכט א צייט, ווען דיא זון שיינט גאנץ העל, אָבער מען מוז דאָך וויסען וויא פיעל טעג עס איז אין מאָנאט און דארום בערעכענט מען דיא טעג אין דעם מאָנאט נאָך דעם זייגער.

דעם אנדערען טאָג, דאָס הייסט, נאָך׳ן זייגער , איז דיא שיף פאָרבייגע־פאָהרען דעם בעריהמטען מאלסטראָם, איינער פון דיא גרעסטע וועלט וואונדער.

דער מאלסטראָם איז א געוויסער אָרט אין מעער, וואו דאָס וואסער רוישט, קאָכט, זידט און דרעהט זיך, וויא אין א קעסעל. וועה איז דער שיף,

וועלכע קומט צו צו נאָהענט צום מאלסטראָם! ער כאפט זיא אריין אין זיין קאָבענדען קעסעל, דרעהט זיא ארום און צוברעכט זיא, גלייך וויא זיא וואָלט געוועזען א קינדער־שפיעלצייג.

קיין לעבעדיגער מענש האָט נאָך ניט געזעהן גאנץ נאָהענט דעם מאל־סטראָם. דאָס רוישען און קאָכען פון דעם מאלסטראָם הערט מען מיילען ווייט ארום און ווען א שיפסקאפיטאן דערהערט דיעזעס שרעקליכע רוישען, אנט־לויפט ער מיט זיין שיף, וויא פון דעם טייפעל.

פראנסוא איז שוין אמאָל געוועזען ניט ווייט פון דעם מאלסטראָם, טרעגאָ־מעין אָבער האָט נור געהערט פון איהם.

— עס איז נאָך גוט, וואָס קיאמיל פאשא האָט ניט פערגראָבען זיינע מיליאָנען אין דעם מאלסטראָם, האָט טרעגאָמעין בעמערקט.

וואָס ווייטער מען איז געפאָהרען נאָך נאָרדען, אלץ מעהר האָט מען אָנ־געהויבען צו פיהלען, אז דאָס אייז־מעער איז ניט ווייט. עס האָט אָנגעהויבען קיהל צו ווערען.

עס איז געוועזען אין מאָנאט אויגוסט. אין סעפטעמבער הויבט זיך שוין אָן דער ווינטער אין יענע געגענדען. מען האָט שוין אָנגעהויבען צו פיהלען דעם ווינטער און דיא פאסאזשירען האָבען שוין געמוזט זיך אָנטהאָן אין גאנץ ווארעמע קליידער. אין דער פריה פלעגט שוין זיין רעכט קאלט.

ערשט יעצט האָט פראנסוא זיך דערמאָנט, אז עס קען זיין, זיי וועלען קומען צו שפעט. דאָס אייז־מעער וועט שוין זיין געשלאָסען, דאָס הייסט פער־פראָרען.

— וואָס וועלען מיר טהאָן, ווען מיר וועלען קומען אין האמערפעסט און מיר וועלען געפינען, אז דאָס אייז־מעער איז געשלאָסען? האָט ער געפרעגט וויא זיך אליין.

טרעגאָמעין, וועלכער האָט געהערט דיעזע פראגע, האָט געענטפערט:

— דאָן וועלען מיר מוזען איבערווינטערען אין האמערפעסט.

— בלייבען זיבען־אכט מאָנאטען אין האמערפעסט? איבערלעבען און איבערטראָגען א לאנגע נאכט פון פינף מאָנאטען? דאָס איז שרעקליך! דאָס איז אונמעגליך!

— צום טייפעל מיט קיאמיל פאשא און מיט זיינע מיליאָנען! האָט טרעגאָמעין אויסגערופען. א שעהנער איינפאל! אונז לאָזען זיך בראָטען אין דער היץ פון דער בוכטע פון מאיומבא און דאן אונז לאָזען פרירען אין הא־מערפעסט אָדער אין דעם אייביגען אייז פון שפיצבערגען! וואָס האָט איהם געצוואונגען צו פערגראָבען זיינע מיליאָנען אין אזעלכע ווילדע געגענדען?

ענדליך זיינען זיי אָנגעקומען אין האמערפעסט און זיינען אָבגעשטיגען אין האָטעל "נאָרד פאָל".

פראנסוא און טרענאַמעין האָבען געוואָלט בעטראַכטען דיעזע מערקוויר־דיגע שטאָדט, דיעזע זאָנדערבארע שטאָדט, וועלכע געניסט אזא לאַנגען טאָג אין אזא לאַנגע נאַכט, דיעזע שטאָדט, וואו מען פיטערט דיא בהמות מיט פיש, ווייל ברויט איז זעלטען און עס קאָסט זעהר טהייער. אָבער זשאק דאָראן האָט זיי ניט געלאָזען אוועקגעהן. ניט ער איז ניט זאמבוקאָ האָבען פערשטא־נען א וואָרט נאָרוועגיש, אלזאָ וויא אזוי וועט ער זיך צונויפרעדען מיט א נאָרוועגיער? פראנסוא אָבער רעדט ענגליש, א שפּראַך, וועלכע איז זעהר עהנליך צו נאָרוועגיש. ווער עס רעדט ענגליש, דער קען זיך לייכט צונויפריידען מיט א נאָרוועגיער. אויסער דעם רעדען אלע נאָרוועגישע שיפסקאפּיטאנען און מאט־ראָזען גאנץ געלויפיג ענגליש.

מען איז אלזאָ באלד אראָבגעגאנגען צו דיא דאקס און מען האָט געזוכט א שיף. זיי האָבען אויך באלד געפונען, וואָס זיי האָבען געזוכט. זיי האָבען גע־פונען א בארקע מיט׳ן נאָמען "קראָן", וואָס האָט בעלאַנגט צום שיפסקאפּיטאן אָלאף, וועלכער האָט זיך אונטערגענומען זיי צו ברייגגען נאָך שפּיצבערגען און צוריק אין צייט פון איין און צוואנציג טעג, זעלבסטפערשטענדליך, ווען זיי וועלען בלייבען אין שפּיצבערגען נור א קורצע צייט, ניט לענגער פון דריי טעג.

זשאק דאָראן האָט זיך ניט לאנג געדונגען מיט׳ן שיפסקאפּיטאן אָלאף, ער האָט איהם געגעבען וויא פיעל ער האָט פערלאַנגט, ווען ער וועט נור ארויס־פאָהרען אזוי שנעל וויא מעגליך.

— איך מוז ארויספאָהרען נאָך מאָרגען, האָט קאפּיטאן אָלאף געענטפערט, דיא צייט איז קורץ, אין סעפּטעמבער געהן שוין גרויסע אייז־בערג און אייז־פעלדער אויף דעם אייז־מעער צווישען האמערפעסט און שפּיצבערגען. עס קען זיין, אז ענדע סעפּטעמבער זאָל דאָס אייז־מעער שוין זיין פערפראָרען. מיר מוזען זיך אלזאָ איילען, איך מוז זיך אָבער פאָרבערייטען. איך מוז מיטנעהמען פּראָוויאנט און אנדערע נויטהיגע זאכען אויף דער רייזע אויף דעם אייז־מעער. איהר אליין מוזט קויפען אין האמערפעסט שווערע פעלצען, ווייל וואָס ווייטער מיר וועלען פאָהרען, אלץ קעלטער וועט עס ווערען.

מען האָט אלעס אָבגערעדט און אָבגעמאכט. יעצט ערשט האָבען פראנ־סוא און טרענאַמעין צייט געהאט צו בעטראכטען דיא שטאָדט. אויף א פרייען פּלאַץ פאר דעם פּאָרט איז געשטאנען א זייל פון ווייסען מארמאָר מיט דיא וואפּען (הערב) פון דעם קעניגרייך נאָרוועגען, מיט אן אויפשריפט, אז דיעזען זייל האָט אויפגעשטעלט קעניג אָסקאר דער ערשטער אלס אנדענקען דערפון וואָס געלערענטע מענער האָבען אויסגעמאָסטען דעם מערידיאן פון האמערפעסט ביז סולינא, א שטאָדט אויף דער דאָנוי, וואו דיעזער טייך פאלט אריין אין שווארצען מעער.

זאָנסט איז ניטאָ פיעל וואָס צו זעהן אין האמערפעסט. דיא שטאָדט איז קליין, דיא הייזער זיינען נידעריג, אום זיי זאָלען זיין ווארעם אין דעם שרעקליכען ווינטער.

דעם אנדערען טאָג אין דער פריה זיינען דיא פאסאזשירען אראָבגעגאנגען צום דאק און האָבען געפונען דיא "קראָן" פערטיג צו דער רייזע.

— ווי לאנג וועט דויערען דיא רייזע? האָט זשאק דאָראן געפרעגט.

— ווען מיר וועלען האָבען א גוטען ווינד, קענען מיר אין זעקס טעג אָנקומען אין שפיצבערגען, האָט קאפיטאן אָלאף געענטפערט.

אין דיזער מינוט האָט ער זיך אומגעקוקט און האָט דערזעהן בן אָמאר׳ען מיט זיין רויטען פעס אויף׳ן קאָפּ, מיט זיינע לייכטע עגיפטישע קליידער.

— ביי גאָט! וואָס טהוט איהר? האָט ער אויסגערופען, וויא קענט איהר עס וואגען צו פאָהרען נאָך שפיצבערגען אין אזעלכע לייכטע קליידער? איהר וועט דאָך פערפרארען ווערען!

בן אָמאר האָט איהם ניט פערשטאנען, אָבער פראנסוא האָט איהם ערקלערט, אז ער מוז קויפען א שווערען פעלץ, זאָנסט וועט ער ניט אויסהאלטען דיא שווערע קעלט.

עס האָט ניט געהאָלפען, מען האָט געמוזט צוריקגעהן אין שטאָדט און קויפען א פעלץ פאר בן אָמאר׳ען.

אום צעהן אוהר איז דיא "קראָן" ארויסגעפאָהרען פון האמערפעסט.

דאָס מאָל האָט שוין דאָס שיקזאל אליין זיך דערבארימט איבער זשאק דאָראן. דיא רייזע איז געווען א גליקליכע. קאפיטאן אָלאף איז געווען א פעהיגער שיפסקאפיטאן, וועלכער איז געווען בעקאנט מיט דעם אייז־מעער, וויא מיט זיין שטאָדט האמערפעסט. זיינע עלף מאטראָזען זיינען געווען פישער, וועלכע האָבען פערבראכט זייערע יאָהרען אין דיזע קאלטע געגענדען, און דיא הויפּטזאך איז געווען, וואָס דער ווינד האָט געטריבען זייער שיף גלייך נאָך שפיצבערגען.

שפיצבערגען איז ניט אן אינזעל, נור א גאנצע גרופּע אינזלען, ריכטיגער נאָך, דריי גרויסע אינזלען און זעהר פיעל קליינע. דער נאָמען שפיצבערגען צייגט, אז אלע אינזלען זיינען בעדעקט מיט הויכע בערג. שפיצבערגען איז גרעסער פון דייטשלאנד, אָבער אין דייטשלאנד וואָהנען מעהר אלס 52 מיליאָן מענשען און אויף שפיצבערגען וואָהנט קיינער ניט.

צו וואָס פאר א לאנד געהערט שפיצבערגען? צו אמעריקא אָדער צו אייראָפּא? ועמען געהערט עס? ועמען קימערט עס? קיינער דארף ניט דיזעס לאנד, וועלכעס איז בעדעקט מיט אייביגען שנעע און מיט אייביגען אייז. אויף דיא זיד־אָסט אינזלען ווייזען זיך נאָך אמאָל אין מאָנאט יוני און יולי אייניגע גראָזען, דיא נאָרד אינזלען אָבער זיינען שטענדיג בעדעקט מיט אייז און שנעע.

דיא ענגלענדער בעהויפּטען, אז קאפיטאן ווילאָבוי האָט ענטדעקט דיזע

אינזלען אין 1553. דיא רוסען און דיא האָלענדער בעהויפטען, אז קאפיטאן בער־רענטס, וועלכער איז געוועזן א האָלענדער און האָט געדיענט אלס שיפסקאפּיטאן אין רוסלאנד, האָט ענטדעקט דיזע אינזלען אין 1596, ווייל ער האָט דאָרט פערבראכט א ווינטער.

א רייזע נאָך שפּיצבערגען איז אמאָל געוועזן א שווערע אויפגאבע, היינט איז עס א שפּאציער און מען קען זאָגען פאר געווים, אז עטליכע יאָהר שפּעטער ווע־לען שיפסקאָמפּאניעס פעראנשטאלטען עקסקורסיאָנען נאָך שפּיצבערגען, וויא זיי פעראנשטאלטען עקסקורסיאָנען נאָך עגיפּטען, סיריען, פּאלעסטינא. רייכע מענשען וועלען עס בעטראכטען אלס א פערגעניגען צו מאכען א זומער־רייזע נאָך שפּיצבערגען, וואו מען קען זיך פערזאָרגען מיט קעלט אויף א גאנץ יאָהר.

דעם 4טען יוני 1897 איז פּראָפעסאָר אנדרעא אוועקגעפאָהרען פון א קליי־נעם אינזעל פון שפּיצבערגען אין א לופט באלון און איז מעהר ניט צוריקגעקומען.

פון אונזערע רייזענדע האָבען נור פראנסוא און טרעגאָמעין זיך אינטערע־סירט מיט שפּיצבערגען. זשאק דאָראן און דיא איבריגע האָבען געהאט אין זינען נור דיא מיליאָנען.

בן אָמאר האָט זיך געשעצט גליקליך, וואָס ער האָט געהאט א פּעלץ, ווייל אין דרויסען אויף דער פרייער לופט איז שוין אזוי קאלט, אז אין אייראָפּא וואָלט מען שוין געמוזט הייצען אין אויוועז.

אזוי וויא פראנסוא האָט יעצט געוואוסט גאנץ גענוי דעם מערידיאן און דעם פּאראלעל און דערצו האָט ער נאָך געהאט דיא בעסטע לאנדקארטען, איז עס איהם געווען זעהר לייכט אויסצוגעפינען דעם אינזעל, אויף וועלכען קיא־מיל פּאשא האָט פערגראָבען זיינע מיליאָנען. שיפסקאפּיטאן אָלאף איז שוין אזוי פיעל מאָל געווען אין שפּיצבערגען, אז ער האָט געקענט יעדען קליינעם אינזעל.

פראנסוא האָט געוויזען דעם שיפסקאפּיטאן אָלאף, וואו דער אינזעל געפינט זיך, און דיא "קראָן" איז צוגעשוואומען צו איהם, וויא א פיש.

עס איז געווען א קליינער, ניט גאנץ הויכער אינזעל, וועלכער איז אין גאנ־צען געווען בעדעקט מיט אלערליי שטיינער. ווען דיא "קראָן" איז צוגעקומען און האָט אראָבגעלאָזען איהר אנקער, האָט שיפסקאפּיטאן אָלאף געהייסען זיינע מאטראָזען אראָבלאָזען דאָס קליינע באאט, אויף וועלכען עס האָבען זיך אויפגע־זעצט זשאק דאָראן, זאמבוקאָ, פראנסוא, טרעגאָמעין און בן אָמאר. צוויי קרעפטיגע מאטראָזען האָבען גערודערט דאָס באאט.

אין איניגע מינוטען זיינען אלע פּאסאזשירען ארויס אויף׳ן אינזעל, נור דיא נאָרוועגישע מאטראָזען זיינען געבליבען אין באאט. זשאק דאָראן און זאמ־בוקאָ זיינען געווען דיא ערשטע, וועלכע זיינען ארויסגעשפּרונגען אויף דאָס לאנד. א גאנצער וואָלקען פון אלערליי פויגעל האָט זיך אויפגעהויבען, ווען דיא

פּאסאזשירען זיינען ארויפגעגאנגען אויף׳ן אינזעל. עס איז געווען דייטליך, אז דיא איבערגעשראָקענע פויגעל לעבען דאָ זייט יאָהרען און האָבען דאָ אויסגעבריהט זייערע קינדער. פּלוצלונג זיינען געקומען צוויי־פיסיגע טהיע־רע — מענשען — און האָבען זיי פערטריבען פון זייערע שטילע, זיכערע וואָהנונגען.

אין ערטער איז דער אינזעל געווען בעדעקט מיט שנעע און אייז; אין ער־טער זיינען דיא נאקעטע שטיינער געלעגען פאר דיא רייזענדע צושפּאָלטען, צוריסען פון דער קעלט. עס איז געווען דייטליך, אז זעלטען, זעהר זעלטען איז א מענש געקומען אויף דיעזען אינזעל. און צו וואָס זאָל אהער קומען א מענש? וואָס האָט ער דאָ צו טהאָן? וואָס קען ער זוכען אויף דיעזע טרויע־ריגע, פערווילדעטע, קאלטע אינזלען, וואו דאָס אייז ווערט קיין מאָל ניט צו־שמאָלצען?

מען האָט אָנגעהויבען צו זוכען דעם שטיין מיט דעם דאָפּעל "קיי". מען האָט ניט לאנג געדארפט זוכען. דער אינזעל איז געווען אזוי קליין, אז אין א שטונדע צייט האָט מען איהם געקענט ארומגעהן אין דער לענג און אין דער ברייט.

דאָס מאָל איז זשאק דאָראן געווען אזוי גליקליך, אז ער האָט דער ער־שטער אויסגעפונען דעם שטיין מיט דעם דאָפּעל "קיי".

— אָט איז עס! האָט ער אויסגערופען און האָט געציטערט פאר פרייד און אויפרעגונג.

— ענדליך האָבען מיר אונזערע מיליאָנען! האָט זאמבוקאָ אויסגערופען.

יעצט האָבען זיי מיטגענומען אלע נויטהיגע אינסטרומענטען, בעזאָנדערס אָבער ברעכאייזענס.

זשאק דאָראן האָט אויפגעהויבען זיין ברעכאייזען מיט זיין גאנצער קראפט און האָט איהם אריינגעשלאָגען צווישען דיא שטיינער. זאמבוקאָ האָט איהם נאָכ־געטהאָן. דיא שטיינער האָבען נאָכגעגעבען. צוויי גרויסע שטיינער האָבען זיך אויפגעהויבען און מען האָט דערזעהען אונטער זיי א סאָרט הייל.

— ענדליך! האָט אויסגערופען זשאק דאָראן.

— ענדליך האָבען מיר דאָך דיא מיליאָנען, האָט געזאָגט זאמבוקאָ.

אלע פינף האָבען אוועקגעקייקעלט דיא צוויי גרויסע שטיינער.

פּלוצלונג האָבען דאָראן און זאמבוקאָ א ציטער געטהאָן און זיינען גע־בליבען שטעהן וויא פערשטיינערט: אָנשטאָט פעסלאך מיט גאָלד און דימאנטען איז געלעגען אין דער הייל אן אייזערנע שאכטעל.

— ווידער אן אייזערנע שאכטעל! האָט טרעגאָמעין געברומט.

דיא שאכטעל איז געווען גאנץ עהנליך צו דיא צוויי, וועלכע מען האָט גע־

פונען אויף דיא אינזלען אין דער בוכטע פון אַמאַן און אין דער בוכטע פון מאָ־יומבא.

בן אַמאר האָט געציטערט פאַר קעלט. ער איז ניט געוואָהנט געווען צו אזא קעלט און דער פעלץ האָט איהם ניט גענוג געוואַרעמט.

אייניגע מינוטען זיינען אלע געשטאַנען וויא פערציטערט. ענדליך איז זשאק דאָראן געקומען צו זיך, האָט אויפגעהויבען זיין ברעכאייזען מיט זיין גאַנצער קראַפט און האָט צובראָכען דאָס קליינע, פעררָאָסטעטע אייזערנע קעס־טעלע.

אין דעם קעסטעלע איז ווידער געלעגען נור א שטיקעל פּאַרמעט. פּראַנסוא און טרעגאַמעין האָבען געזוכט אין דעם קעסטעלע, פיליכט וועלען זיי דאָרט ווידער געפינען א פּאָר דימאַנטען, אָבער אין קעסטעלע האָט זיך געפונען נור א קליין שטיקעל פּאַרמעט.

— זאָגאר ניט א קליינער דימאַנט אום צו דעקען דיא רייזע־קאָסטען, האָט טרעגאַמעין געברומט.

פּראַנסוא האָט ארויסגענומען דאָס שטיקעל פּאַרמעט, האָט עס צונומען און האָט געלעזען אין דער הויך:

"איך פיהל מיך פערפפליכטעט צו דריי מענשען, וועלכע האָבען עפּעס אויפגעטהאָן פאַר מיר. דיעזע דריי מענשען זיינען דער פּראַנצויז דאָראן, דער באַנקיר זאמבוקאָ און דער שאָטלענדער טירקאָמעל.

"איך האָב זיי געצוואונגען צו פאָהרען אויף דריי אינזלען אין פערשיעדענע געגענדען פון דער וועלט, ווייל איך האָב גערעכענט, אז אויף דער לאַנגער רייזע וועלען זיי זיך בעקענען, וועלען זיך בעפריינדען, וועלען זיך בעראַטהען און וועלען בעשליסען, וואָס זיי זאָלען טהאָן מיט מיינע מיליאָנען.

"ווען דיעזע דריי מענער מיט דעם אדוואָקאט בן אַמאר פון קאירא וועלען קומען אהער, זאָלען זיי וויסען, אז דער לעצטער אינזעל, וואו איך האָב ווירקליך פערגראָבען מיינע מיליאָנען, געפינט זיך — געאָמעטרישעם געזעץ —

דיא לעצטע ווערטער זיינען געווען אָבגעמעקט. וויא עס ווייזט אויס, איז צוגעקומען וואסער צו דעם אייזערנעם קעסטעלע און האָט פערדאָרבען דעם דאָקומענט. דיא לעצטע ציילען, דיא וויכטיגסטע, זיינען געווען פערמעקט און פערשמיערט, אז פּראַנסוא האָט זיי ניט געקענט לעזען.

— לעז דייטליכער! האָט זשאק דאָראן געשריען וויא וואהנזיניגער.

— איך קען ניט לעזען, עס איז אָבגעמעקט, האָט פּראַנסוא געענטפערט.

זאמבוקאָ האָט ארויסגעכאַפּט פון פּראַנסוא'ס הענד דאָס שטיק פּאַרמעט, אָבער ער האָט אויך ניט געקענט לעזען. ער האָט אָבער אויסגעפונען נאָך א וואָרט "פּאָל".

— נאָרד פּאָל? האָט פּראַנסוא איבערגעפרעגט.

זשאק דאַראַן האָט ארויסגעכאַפּט דעם דאָקומענט פון די הענד פון זיין שוואָגער זאמבוקאָ און האָט אליין פּראָבירט לעזען, אָבער אויך ער האָט ניט געקענט מעהר לעזען, וויא זיין שוואָגער זאמבוקאָ.

פּלוצלונג האָט ער א ציטער געטהאָן און איז אנידערגעפאַלען אין אונמאכט.

30טעם קאַפּיטעל.

# זשוליעט געפינט וואָס קלוגע מענער האָבען ניט געקענט געפינען

מען האָט מעהר ניט געהאַט וואָס צו טהאָן אויף שפּיצבערגען. מען האָט געמוזט טראָגען זשאק דאַראַן אויף די הענד צוריק אין באָאט און פון דאָרט אויף די „קראַן״.

מען איז צוריק געפאָהרען נאָך האַמערפעסט. שטיל, טרויעריג, אונאנגע־נעהם איז געווען דיעזע רייזע. זשאק דאַראַן איז געלעגען אין זיין קאַיוטע האַלב קראנק, האַלב פערצווייפעלט. זאמבוקאָ האָט מיט קיינעם ניט געוואָלט רעדען א וואָרט. בן אָמאר האָט געציטערט פון קעלט אין זיין פּעלץ. נור פראנסוא און טרעגאָמעין פלעגען פון צייט צו צייט ארויסגעהן אויף׳ן דעק און זיך צו־קוקען, וויא דער בראַווער שיפּסקאַפּיטאַן אָלאַף קעמפּפט מיט די גרויסע שטי־קער אייז, וועלכע זיין שיף האָט בעגעגענט.

— נו, וואָס זאָגסט דוא יעצט, פראנסוא ? האָט טרעגאָמעין געפרעגט.

— איך האָב קיין מאָל ניט געגלויבט אין דיעזע מיליאָנען, האָט פראנ־סוא געענטפערט.

— איך האָב אויך ניט פיעל געגלויבט, אָבער זייט מען האָט געפונען די צוויי דימאנטען אויף דעם אינזעל לעבען מאיומבא, האָב איך אָנגעהויבען צו דענקען, אז קיאַמיל פּאשא האָט ווירקליך ערגעץ פערגראָבען מיליאָנען.

עס איז געוואָרען מיט יעדען טאָג קעלטער, און נור די אַלטע נאָרוועגי־שע מאַטראָזען, וועלכע זיינען געוואָהנט געווען צו אַזעלכע קעלטען, האָבען גע־קענט שטעהן אויף׳ן דעק און טהאָן זייער ארבייט.

דעם 5טען סעפּטעמבער איז די „קראַן״ אָנגעקומען נאָך האַמערפעסט און אונזערע פּאסאזשירען האָבען דערזעהן מיט שטוינען, אז די גאנצע גע־גענד ארום איז שוין בעדעקט מיט א טיעפען שנעע. זיי האָבען געמוזט דינגען שליטענס איינגעשפּאנט מיט רענטהיערע (אזעלכע הירשען), וועלכע זאָלען זיי פיהרען נאָך דראָנטהיים, וואו מען קען שוין קריעגען פּאָסט פערד מיט פּאָסט שליטענס נאָך בערגען.

דאָ האָט זיך אָבער פאָרגעשטעלט א נייע שוויעריגקייט. בן אָמאר האָט מעהר קיין געלד ניט געהאט מיט וואָס צו פאָהרען אהיים. ער האָט אויסגעגעבען זיין גאנצעם פערמעגען.

ער האָט געוואָלט זיך ווענדען צו זיין קאָנסול, ער זאָל איהם אויסהעלפען, אָבער אין האמערפעסט געפינט זיך ניט קיין טערקישער קאָנסול. פראנסוא האָט זיך דערבארעמט אויף איהם און האָט ערקלעהרט, אז ער וועט בעצאָהלען בן אָמאר׳ס רייזע־קאָסטען ביז פאריז.

יעצט איז מען געפאָהרען נאָך שנעלער. אין בערגען האָט מען זיך אויפגעזעצט אויף א דאמפּף־שיף נאָך קאָפּענהאגען אין דענעמארק און פון דאָרט האָט מען זיך אויפגעזעצט אויף א דאמפּפער נאָך ענגלאנד.

אין לאָנדאָן האָט זיך זשאק דאָראן אָבגערעכענט מיט זיין שוואָגער. ער האָט פערקויפט דעם דימאנט, וועלכען ער האָט געפונען אויף דעם אינזעל לעבען מאיומבא, און האָט בעקומען פאר איהם צוואנציג טויזענד פראנק. דאָס איז יעצט געווען זיין גאנצעם פערמעגען. פון דיעזע צוואנציג טויזענד פראנק האָט ער בעצאָהלט פופצעהן טויזענד צו זאמבוקאָ און פינף טויזענד פראנק זיינען איהם געבליבען.

ער איז ארויסגעפאָהרען פון סען מאלאָ אלס רייכער מאן אין דער פעס־טער האָפנונג, אז ער וועט באלד ווערען א מיליאָנער, און איז צוריקגעקומען אהיים פערצווייפעלט און אָרעם.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען וויא פרעהליך און וויא גליקליך נאנאָן און איהר טאָכטער זשוליעט האָבען זיך געפיהלט, ווען זשאק דאָראן און פראנ־סוא זיינען צוריקגעקומען. נאנאָן איז געווען זיכער, אז איהר ברודער האָט אהיים געבראכט דיא מיליאָנען, און זשוליעט איז געווען גליקליך וויעדער צו זעהן איהר געליעבטען. זיי זיינען אפילו באלד געוואָרען געוואָהר פון דער גאנצער ווארהייט, אָבער דאָס האָט זיי ווייניג געקימערט.

יעצט האָט שוין זשאק דאָראן איינגעוויליגט, אז פראנסוא זאָל הייראטהען זשוליעט.

זייט זיי זיינען צוריקגעקומען פון זייער רייזע, האָט זיך זשאק דאָראן צו־ריקגעצויגען אין זיין צימער און פלעגט זיך זעלטען ווייזען אויף דער גאס. ער פלעגט מיט קיינעם ניט רעדען און קיינעם ניט וועלען זעהן. דער איינציגער מענש, מיט וועמען ער פלעגט נאָך אמאָל רעדען, איז געווען דער אלטער טרע־גאָמעין. וואָס דיעזע ביידע מענער פלעגען רעדען צוזאמען, האָט קיינער ניט געוואוסט.

דיא האָכצייט פון פראנסוא און זשוליעט איז פאָרגעקומען שטיל, רוהיג, אָהן פיעל צערעמאָניעס און אָהן ליארם.

איניגע טעג נאָך זייער האָכצייט האָט פראנסוא געלעזען אין אן ענגלי־

שער צייטונג, אז מען האָט אַרעסטירט סואד פּאשא אין גלאזגאָו און מען האָט איהם געבראכט נאָך דענבאר, וואו דאָקטאָר טירקאָמעל האָט איהם דערקענט, אז דאָס איז דער מאן, וועלכער איז אויף איהם אָנגעפאלען ביינאכט און האָט איהם געבונדען. מען האָט איהם פעראורטהיילט צו דריי יאָהר געפענגניס מיט שווערער ארבייט.

פראנסוא האָט באלד געפונען בעשעפטיגונג אלס שיפּסקאפּיטאן פון א גרויסען דאמפּפער, וועלכער האָט געמאכט רייזען צווישען מארסעיל און קאל־קוטא. צופעליגערווייזע אָבער האָט אויף דיעזען דאמפּפער געפּלאצט דער קעסעל און עס האָט געדארפט געדויערען א געוויסע צייט ביז מען וועט אריינשטעלען א נייעם קעסעל און רעפּארירען דיא שיף.

דערווייל האָט פראנסוא צייט געהאט צו טראכטען איבער פערשיעדענע זאכען.

איין מאָל האָט איהם זיין אָנקעל זשאק דאָראן געשיקט רופען און האָט געזאָגט צו איהם:

— הער נור, פראנסוא, דוא האָסט יעצט צייט. דוא קענסט טראכטען און קלעהרען. נא דיר דעם דאָקומענט, וועלכען מיר האָבען געפונען אין שפּיצבער־גען. שטודיר איהם, בעטראכט איהם, פיליייכט וועסט דוא דאָך געפינען, וואו עס ליעגט ערגעץ דער פיערטער אינזעל, וואו קיאמיל פּאשא האָט פערגראָבען זיינע מיליאָנען.

— ליעבער אָנקעל, איהר זעהט דאָך אליין, אז דיעזער דאָקומענט איז ליי־דער אזוי פערדאָרבען געוואָרען פון דער צייט, פון דער פייכטקייט און פון דער קעלט אויף שפּיצבערגען, אז עס איז אונמעגליך איהם צו פערשטעהן, האָט פראנסוא געענטפערט.

— פּרוביר עס דאָך, פראנסוא! האָט זשאק דאָראן געבעטען מיט א ווייכער, וויינענדער שטימע. פּרוביר עס, מיין פריינד.

פראנסוא האָט פּרובירט לעזען נאָך אמאָל:

— דער פיערטער אינזעל געפינט זיך — געאָמעטרישעס געזעץ — פּאָל —

דיא ווערטער צווישען "געפינט זיך" און "געאָמעטרישעס געזעץ" זיינען געוועזען אָבגעמעקט. דיא ווערטער צווישען "געאָמעטרישעס געזעץ" און "פּאָל" זיינען ווידער געוועזען אָבגעמעקט.

פראנסוא האָט אָנגעהויבען צו קלעהרען און האָט געזאָגט:

— וואָס הייסט דען א געאָמעטרישעס געזעץ? איך האָב שטודירט געאָ־מעטריע, איך קען אָבער אויף קיין פאל ניט פערשטעהן, וואָס פאר א געאָמעטרי־שעס געזעץ קען מיר ערקלערען, וואו עס געפינט זיך דער אינזעל נומער פיער... דאן זיינען ווידער אָבגעמעקט עטליכע ווערטער און עס שטעהט דאָס וואָרט "פּאָל". וואָס הייסט עס? וויא קומט דער פּאָל צו א געאָמעטרישען געזעץ?

האָט קיאמיל פּאשא פערגראָבען זיינע מיליאָנען ביים נאָרד פּאָל? איז דאָס מעגליך? מיר ווייסען דאָך, אז דערווייל איז נאָך קיין מענש ניט צוגעקומען צום נאָרד פּאָל; וויא אזוי האָט קיאמיל פּאשא מיט א זעגעל־שיף געקענט צוקומען צום נאָרד פּאָל? וויא קענען מיר וואגען מאכען אזא טהייערע און געפעהרליכע רייזע, ווען מיר ווייסען ניט גענוי, וואו צו זוכען דיעזען אינזעל? ווייסט איהר דען ניט, ליעבער אָנקעל, אז ארום דעם נאָרד פּאָל געפינען זיך מיליאָנען אינזלען?

— פון דעסטוועגען זוך, טראכט און קלעהר, פיליכט וועסט דוא דאָך אויס־געפינען, וואו דער פיערטער אינזעל געפינט זיך.

ניט־ווילענדיג האָט פראנסוא מיטגענומען דעם זאָנדערבארען דאָקומענט, ניט־ווילענדיג האָט ער אויסגעלעגט אויף זיין ארבייטס־טיש אלערליי לאנד און מעער־קארטען, אלערליי אינסטרומענטען און א גרויסען גלאָבוס, אויף וועלכען עס איז געווען גענוי אויסגעשטעלט יעדער אינזעל אין רעליעף (בולט). אזעלכע גלאָבוסען קאָסטען זעהר טהייער, אָבער ווען איינער וויל גוט אויסשטודירען אונ־זער ערד, מוז ער האָבען אזא גלאָבוס.

פראנסוא אלס געלערענטער שיפסקאפּיטאן פון לאנגע רייזען, האָט געהאט אזא גלאָבוס. ער איז געשטאנען אויף זיין ארבייטס־טיש און יעדעס מאָל, ווען ער האָט געדארפט מאכען א פּלאן פון א לענגערער רייזע, פלעגט ער בע־טראכטען דעם וועג אויף דיעזען גלאָבוס.

איין מאָל איז ער געזעסען פערטראכט אין זיין צימער און האָט געקוקט אויף זיין גלאָבוס. פאר איהם אויף זיין טיש איז געלעגען דאָס אלטע געלע, אונטען פערמעקטע שטיקעל פּארמעט, וועלכעס זיי האָבען געפונען אויף דעם אינזעל אין שפּיצבערגען.

פראנסוא האָט געזוכט דעם אינזעל נומער פיער.

זשוליעט איז ארייגעקומען אין זיין צימער און האָט זיך געזעצט לעבען איהם. זיא האָט געזעהן, אז איהר מאן איז עפּעס שטארק פערטראכט, און זיא האָט געוואָלט איהם צערשטרייען.

— דערצעהל מיר עפּעס, מיין ליעבער מאן, פון אייער רייזע נאָך קיאמיל פּאשא׳ס מיליאָנען, האָט זיא געבעטען.

פראנסוא האָט גענומען דעם גלאָבוס און האָט אָנגעהויבען איהר צו וויי־זען, וויא אזוי זיי זיינען געפאָהרען און וואו זיי זיינען געפאָהרען. ער האָט איהר געוויזען, וויא אזוי זיי זיינען ארויסגעפאָהרען פון סען מאלאָ נאָך עגיפּטען; וויא זיי זיינען געפאָהרען איבער דאָס רויטע מעער ביז אדען און פון אדען ביז מאָסקאט; וויא זיי זיינען געפאָהרען מיט א קאראוואנע פון מאָסקאט נאָך סאהאר און דאָרט, אין דער בוכטע פון אָמאן, האָבען זיי געפונען דעם אינזעל נומער איינס.

— אזוי? דאס איז געווען אייער אינזעל נומער איינס? האט זשוליעט איי־בערגעפרעגט, וויא א נייגיעריג קינד.

— דאס איז דער אינזעל נומער איינס, האט פראנסוא ערקלערט, פון דאנען זיינען מיר ווייטער געפאהרען מיט א שיף נאך אלזשיר און נאך טו־ניס, פון דארט זיינען מיר געפאהרען נאך דער בוכטע פון מאיומבא.

פראנסוא האט איבערגעדרעהט דעם גלאבוס און האט איהר געוויזען דיא בוכטע פון מאיומבא, וואו זיי האבען געפונען דעם צווייטען אינזעל מיט דיא צוויי דימאנטען.

— אלזא, דאס איז אייער אינזעל נומער צוויי? האט זשוליעט איבער־געפרעגט.

— יא, מיין ליעבע פרוי, האט פראנסוא געענטפערט.

ער האט ווידער אויסגעדרעהט דעם גלאבוס און האט איהר געוויזען, וואו עס געפינט זיך דיא שטאדט דענבאר אין שאטלאנד און וויא זיי זיינען פון דארט געפאהרען נאך האמערפעסט און נאך שפיצבערגען.

זשוליעט האט בעטראכט דעם גלאבוס, גלייך וויא זיא וואלט פער־שטאנען קאסמאגראפיע אדער דיא וויסענשאפט, וויא אזוי דיא ערד געפינט זיך אין דער וועלט צווישען דיא אנדערע שטערען.

פראנסוא האט ווייטער ערקלעהרט:

— איך קען אויף קיין פאל ניט פערשטעהן, פאר וואס דיעזער זאנדער־בארער פאשא האט אויסגעקליבען גראדע דיעזע דריי אינזלען.

— וויא איך זעה, זייט איהר געפאהרען א קיילעכדיגען וועג, וויא א ראד אדער וויא א צירקעל, האט זשוליעט בעמערקט, דאס מוז דאך האבען עפעס א זין.

פראנסוא איז אויפגעשפרונגען, וויא א וואהנזיניגער, האט ארומגענומען זיין פרוי און האט אנגעהויבען זיא צו קושען.

— גוטע, ליעבע זשוליעט, האט ער אויסגערופען, דוא האסט מיט דיין איינ־פאכען פערשטאנד מיר ענטדעקט א גרויסע געהיימניס. דוא קענסט זיך גאר ניט פארשטעלען, וואס דוא האסט מיך יעצט געלערענט און וואס דוא האסט מיר ענטדעקט.

— וואס איז דאס? האט זשוליעט געפרעגט.

פראנסוא האט איהר ערקלערט:

— עס איז דא א געוויסע אקסיאמע אדער לעהרע אין דער געאמעטריע, אז ווען מען מאכט א צירקעל אין א דריי־עק, אז דיא שפיצען זאלען ארויסשטע־קען, מוז דער מיטעלפונקט אדער "פאל" וויא ער הייסט אויף פראנצויזיש, זיין גלייך ווייט פון אלע דריי־עקען.

— אלזא, האט פראנסוא ווייטער פארטגעזעצט, דאס מיינט קיאמיל פא־

שא'ס דאָקומענט: "געאָמעטרישעם געזעץ" און "פּאָל", יעצט ווייס איך שוין קלאָהר און דייטליך, וואו עס געפינט זיך דער אינזעל נומער פיער, און דאָס האָט מיר אויסגעזאָגט מיין ליעבע פרוי, מיין טהייערע זשוליעט.

אזעלכע זאכען קומען ווירקליך פאָר. זשוליעט, וועלכע האָט קיין מאָל ניט געלערענט קיין געאָמעטריע, האָט מיט איהר שארפען אויג און מיט איהר קלאָרען פערשטאנד בעסער דערזעהן, אז דיא דריי אינזלען בילדען א דריי־עק און דיא רייזע צו זיי בילדעט א צירקעל.

פראנסוא האָט באלד געשיקט רופען זיין פריינד טרעגאָמעין און האָט איהם דערצעהלט וויא אזוי זיין קלוגע געליעבטע פרוי האָט איהם .ערקלערט דעם דאָ־קומענט פון קיאמיל פאשא.

— ביסט דוא זיכער, אז דאָס מאָל האָסט דוא ווירקליך געטראָפען? האָט טרעגאָמעין געפרעגט.

טרעגאָמעין האָט אויך זעהר וועניג פערשטאנען געאָמעטריע און דארום איז איהם געוועזען ניט גאנץ קלאָר, וויא אזוי מען מאכט א קרייז פון א דריי־עק און מען געפינט אוים זיין מיטעלפּונקט אָדער "פּאָל".

— איך בין אזוי זיכער, אזוי וויא איך בין זיכער, אז עס איז יעצט טאָג, האָט פראנסוא געענטפערט.

— ביסט דוא אָבער אויך זיכער, אז דאָרט געפינט זיך א אינזעל?

— אויף מיינע מעער־קארטען געפין איך דאָרט ניט קיין אינזעל, אָבער דאָס בעווייזט גאָר ניט. עס זיינען דאָ פיעלע קליינע אינזלען, שטיינער, וועלכע שטעקען ארויס פון מעער, וועלכע געפינען זיך ניט אויף דיא מעער־קארטען.

— וואו דארף זיך געפינען דיעזער אינזעל נומער פיער?

— אין מיטעללענדישען מעער, ניט ווייט פון דעם אינזעל סיציליען.

— דאן איז עס גאָר ניט ווייט פון סען מאלטאָ?

— אין אכט טעג קענען מיר פאָהרען הין און צוריק.

— דאן לאָמיר פאָהרען! האָט טרעגאָמעין אויסגערופען.

— דיא פראגע איז, זאָל איך עס דערצעהלען דעם אָנקעל?

— געוויס! עס איז דאָך זיין געלד.

פראנסוא און טרעגאָמעין זיינען ארויפגעגאנגען צו זשאק דאָראן אין צימער און האָבען איהם דערצעהלט, וואָס זיי האָבען געוואוסט. זיי האָבען גערעכענט, אז זשאק דאָראן וועט אויפשפּרינגען און וועט אויסרופען: "לאָמיר פאָהרען! לאָמיר פאָהרען!" זשאק דאָראן איז אָבער דאָס מאָל געבליבען גאנץ רוהיג. דיא נאכריכט, אז פראנסוא האָט אויסגעפונען דעם אינזעל נו־מער פיער, האָט איהם ניט איבערראשט. ער האָט זיי גאָר ניט געענטפערט און האָט מעהר ניט געוואָלט רעדען פון זיינע 20 מיליאָן.

31טעס קאפיטעל.

## וואו געפינען זיך דיא צוואנציג מיליאן?

עטליכע טעג זיינען פערגאנגען, זייט פראנסוא האט אויסגעפונען און גענוי אויסגערעכענט, וואו עס געפינט זיך דער אינזעל, אויף וועלכען קיאמיל פאשא האט פערגראבען זיינע מיליאנען.

זשאק דאראן איז געווארען לעבעדיגער, פרעהליכער, מונטערער. ער האט זאגאר אנגעהויבען ארויסצוגעהן שפאציערען און פלעגט יעדען טאג געהן צו דיא דאקס, אבער ער האט מיט קיינעם ניט גערעדט אווארט איבער דעם אינזעל און איבער זיינע צוואנציג מיליאן.

וואס זאל עס הייסען? וואס זאל עס בעדייטען? וויא קומט עס, וואס דערזעלבער זשאק דאראן, וועלכער האט ביז אהער געציטערט און געפלא־טערט, ווען ער פלעגט רעדען פון זיינע מיליאנען, איז פלוצלונג געווארען אזוי רוהיג, אזוי קאלטבלוטיג און אזוי גלייכגילטיג?

יעצט האט שוין פראנסוא בעקומען דאס גאלד־פיעבער; יעצט האט ער שוין געברענט צו פאהרען זוכען דיעזע מיליאנען, אבער ער האט עס ניט געקענט טהאן אהן זיין אנקעל, וועלכער איז דאך געוועזן דער ריכטיגער, געזעצ־ליכער יורש פון דיעזע מיליאנען.

פראנסוא האט איבערגערעדט מיט זיין שוויגער־מוטער נאנאן און האט זיא געבעטען, זיא זאל רעדען מיט איהר ברודער.

— מיין ליעבער זוהן, לאז דיא מיליאנען ליעגען, וואו זיי זיינען ער־געץ, האט דיא שטילע און גוטע נאנאן געענטפערט, דוא זעהסט דאך, אז מיר זיינען אלע געוועזן אונגליקליך, ווען איהר האט זיך נאכגעיאגט נאך דיעזע מיליאנען.

אויך זיין פרוי זשוליעט האט געזאגט צו איהם:

— וואס דארפען מיר דיעזע מיליאנען? קענען מיר דען ניט גליקליך זיין אהן דיא מיליאנען פון דעם פאשא?

דאס גאלד־פיעבער איז א זאנדערבארע קראנקהייט. ווען מען בעקומט זיא, מוז מען זיא דורכמאכען, דורכלעבען און דורכליידען.

פראנסוא האט זיא יעצט בעקומען און ער האט געליטען פון איהר, שרעקליך געליטען.

ער האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און האט ענדליך דערמאנט זיין אנקעל און איהם געפרעגט:

— דענקט איהר צו פאהרען אויף דעם אינזעל?

— וואס פאר אן אינזעל? האט זשאק דאראן געפרעגט.

— דער אינזעל נומער פיער.

— א אינזעל נומער פיער? וואָס איז דאָס פאר אן אינזעל?

עס איז געווען דייטליך, אז זשאק דאַראן איז שוין פאָלקאָמען אויסגע־היילט געוואָרען פון זיין קראנקהייט.

פראנסוא האָט אָבער יעצט אזוי שטארק געליטען פון דעם גאָלד־פיעבער, אז ער האָט געבעטען טרענאָמעין, זיין שווינגער־מוטער און זיין פרוי, זיי זאָלען זעהן איבעררייידען זיין אָנקעל, ער זאָל נאָך דאָס איינע מאָל פאָהרען זוכען דיא צוואנציג מיליאָן.

זשאק דאַראן האָט ענדליך נאָכגעגעבען.

— יא, אָנקעל, איך וויל מיך איבערצייגען, אויב דיעזע געשיכטע מיט דיא 20 מיליאָן איז דאָך וואהר, האָט פראנסוא געזאָגט.

— איך וועל דיר צוליעב טהאָן און וועל פאָהרען מיט דיר.

זשאק דאַראן איז געווען אן עהרליכער מאַן. ער האָט ניט געוואָלט בע־שווינדלען דיא אנדערע יורשים פון קיאמיל פאשא. ער האָט געשריעבען בריעף צו זאמבוקאָ, דאָקטאָר טירקאָמעל און בן אָמאר, זיי זאָלען קומען נאָך סען מאלאָ און זאָלען צוזאמען מיט איהם פאָהרען זוכען דיא מיליאָנען.

זאָנדערבאר! קיינער האָט יעצט ניט געוואָלט קומען. יעדער האָט געענטפערט: „ווען איהר וועט געפינען דיא מיליאָנען, שיקט אונז אָב אונזער טהייל".

אין דעצעמבער 1862 זיינען אָנגעקומען דיא אנטוואָרטען פון אלע דריי און פראנסוא האָט זיך ענטשלאָסען באלד ארויסצופאָהרען.

מען האָט באלד געפונען א קליינעם דאמפפער, וועלכען מען האָט אָבגעדונגען אויף צעהן טעג, מעהר האָט דיא רייזע ניט געדארפט דויערען.

אזוי וויא אין יענע געגענדען איז עס רעכט ווארים אין דעצעמבער און דאָס מיטעללענדישע מעער ווערט קיין מאָל ניט פערפראָרען און מען ווייס דאָרט ניט פון קיין אייז, האָט מען בעשלאָסען, אז זשוליעט זאָל מיטפאָהרען און פראנסוא זאָל זיין דער שיפסקאפּיטאן.

דיא רייזע איז געווען א גליקליכע, דאָס וועטער איז געווען שעהן און עס איז געווען א פערגניגען צו זיצען אויף'ן דעק.

פיער טעג שפּעטער איז מען געקומען אויף דעם אָרט, וואו עס האָט זיך געדארפט געפינען דער אינזעל מיט דיא מיליאָנען, אָבער מען האָט דאָרט קיין אינזעל ניט געפונען.

— וואָס זאָל דאָס הייסען? וואָס זאָל דאָס בעדייטען? האָט פראנסוא אויסגערופען איין מאָל נאָך דעם אנדערען.

צוויי טעג נאָכאנאנד איז מען ארומגעפאָהרען אויף דעם זעלבען אָרט, מען האָט געזוכט אין אלע זייטען, אָבער מען האָט גאָר ניט געפונען.

אויף׳ן דריטען טאָג האָט מען בעגעגענט עטליכע איטאַליעניִשע פישער. פראנסוא האָט צוגערופען אן אלטען פישער און האָט איהם געפרעגט:

— פון וואנען ביסט דוא, אלטער מאן?

— איך בין פון דזשורדשענט, איז געווען דיא אנטוואָרט.

— פאָהרסט דוא אָפט כאפען פיש אין דיעזער געגענד?

— זייט פיערציג יאָהר, האָט דער אלטער געענטפערט, ווען איך בין נאָך געווען א אינגעל פון פופצעהן יאָהר, פלעגט מיין פאָטער מיך מיטנעהמען אויף זיין פישער־באָאט. מיר פלעגען אמאָל דאָ כאפען סארדעלען, היינט פאנגען מיר אנדערע פיש, ווייל דיא סארדעלען זיינען פערשוואונדען געוואָרען.

— ווייסט דוא ניט, אויב עס געפינט זיך ניט ערגעץ דאָ א גאנץ קליינער אינזעל?

דער אלטער מאן האָט געטראכט אייניגע מינוטען, איידער ער האָט געענטפערט, ענדליך האָט ער געזאָגט:

— יא, אמאָל איז דאָ געווען אן אינזעל. איך קען זיך יעצט ניט דערמאָהנען, אויב עס איז געווען אין 1829 אָדער שפעטער, איז גאָר פלוצלונג אין איין נאכט ארויסגעשפרונגען אן אינזעל, ריכטיגער נאָך, א שפיץ פון א בארג, פון דעם מעער. איך בין עטליכע מאָל צוגעקומען צו דיעזען אינזעל. ער איז בעשטאנען פון נאקעטע שטיינער. קיין בוים, קיין בלאט און קיין גרעזעלע. וויא לאנג דיעזער אינזעל איז געשטאנען, געדענק איך ניט מעהר, איך וויים נור, אז איין מאָל איז דיעזער אינזעל פערשוואונדען געוואָרען. אזוי וויא מען האָט ניט געוואוסט פון וואנען ער איז געקומען, אזוי האָט מען ניט געוואוסט, ווען און וויא אזוי ער איז פערשוואונדען געוואָרען.

— קענסט דוא מיר ווייזען, וואו דיעזער זאָנדערבארער אינזעל האָט זיך געפונען?

— געוויס, מיין העהר.

דער אלטער פישער האָט איהם צוגעפיהרט צו דעם אָרט, וואו דיעזער אינזעל איז אמאָל געשטאנען.

פראנסוא האָט גענומען זיין מעער־קארטע און האָט אויסגערעכענט. עס איז וואהר! עס איז ריכטיג! ער געפינט זיך יעצט פונקט אויף דעם אָרט, וואו קיאמיל פאשא׳ם אינזעל האָט זיך געפונען מיט איין און דרייסיג יאָהר צוריק. דיא צוואנציג מיליאָן זיינען פערגראָבען טיעף אין מעער אונטער זיין שיף.

ערשט יעצט האָט פראנסוא זיך דערמאָהנט, אז אין יענער געגענד אין מיטעללענדישען מעער ארבייטען נאָך היינט אויך געהיימע קרעפטען, וועלכע טרייבען ארויס פון דער ערד אינזלען, וויא א קינד, וועלכער מאכט שעהנע

בלאָזען פון זייפענוואסער. עס הויבט זיך אויף א שעהנע, גלענצענדע בלאָזע, וועלכע שטעהט אייניגע אויגענבליקע, דאן פּלאצט זיא און פערשווינדט.

ניט אומזיסט דערצעהלט מען פון א גרויסען לאנד, וועלכעס האָט געהייסען אטלאנטא און וועלכעס איז איינגעזונקען געוואָרען, פערשוואונדען געוואָרען.

מען דערצעהלט פון שטעדט און דערפער, וועלכע זיינען איינגעזונקען געוואָרען און אונטערגעגאנגען. דיא פישער פון סיציליען דערצעהלען, אז ניט ווייט פון זייער אינזעל איז אמאָל איינגעזונקען געוואָרען א גאנצע שטאָדט און יעצט, ווען זיי פאָהרען איבער דיעזער שטאָדט פארנאכט, הערען זיי נאָך, וויא דיא גלאָקען פון דיא קלויסטערס קלינגען און רופען צום געבעט.

אויב דאָס איז וואהר, קען מען יעצט ניט זאָגען, אָבער וואהר איז עס, אז אין יענער געגענד קומען אָפט ארויס אינזלען אין מעער, וועלכע שטעהען א געוויסע צייט, דאן פערשווינדען זיי; זיי ווערען איינגעזונקען.

פראנסוא איז געוועזען פערצווייפעלט. זיין פרוי איז געקומען צו איהם, האָט איהם ארומגענומען און האָט געזאָגט:

— בערוהיג דיך, ליעבער פראנסוא! צו וואָס דארפסט דוא דיא מיליאָנען פון דעם משוגע'נעם פאשא? מיר זיינען יונג און אונזער יונגענד איז ווערטה מיליאָנען.

— אהיים! אהיים! האָט קאָמאנדירט זשאק דאָראן.

— מען מוז בעצאָהלען דעם פישער פאר זיין מיה, האָט טרעגאָמעין בעמערקט.

זשאק דאָראן האָט געגעבען דעם אלטען פישער א גאָלד־שטיק.

ווען דער פישער האָט געזאָלט אראָבגעהן אויף זיין באָאט, האָט ער געזאָגט:

— מיינע קאמעראדען האָבען מיר דערצעהלט, און איך אליין האָב מיך איבערצייגט, אז זייט אייניגע יאָהר האָט עס ווידער אָנגעהויבען צו קאָכען און צו רוישען אויף דעם אָרט, וואו דער אינזעל האָט זיך געפונען. דאָס איז א בעוויז, אז דיעזער אינזעל קען אמאָל ווידער ארויסקומען, וויא דאמאָלס אין 1829.

זשאק דאָראן האָט געשאָקעלט טרויעריג מיט'ן קאָפּ און האָט בעמערקט:

— עס קען זיין, אז אמאָל, הונדערטער יאָהרען שפּעטער, וועט איינער געפינען אן אוצר — קיאמיל פאשא'ס מיליאָנען — איך גלויב אָבער ניט, ער זאָל זיין גליקליך מיט דיעזע מיליאָנען. ניט גאָלד און ניט דימאנטען מאכען א מענשען גליקליך, גליק איז אונזער געוויסען, אונזער צופריעדענהייט. גליק געפינט זיך אין אונזער הארצען.

**ע נ ד ע.**